שלום-עליכם

# פונעם יאריד

געשריבן אין די יאָרן 1913 — 1916




ווארשע — ניו-יאָרק
1966



SZOLEM-ALEJCHEM

# Z JARMARKU

Okładkę projektował: R. CHOF

הילע — ר. כאַף

Red. techniczny: SZ. LICHTENSZTEJN

טעכנישער רעדאַקטאָר — ש. ליכטענשטיין



WYDAWNICTWO „IDISZ BUCH", WARSZAWA, UL. NOWOGRODZKA 5

Nr zam. 627. Nakład 3.000 egz. Druk ukończono w maju 1966 r.
Ark. druk. 30, wyd. 24. Papier druk sat. III kl. 61×86, 70 g.
Druk. Prasowe Zakłady Graficzne RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8.
M-22



פּאָרטרעט פון שלום־עליכם. גראַווויר פון מאָלער ע. גאָרשמאַן.

## מײַנע קינדער —

אַ מתּנה.

טײַערע ליבע קינדער מײַנע —

אײַך װידמע איך דאָס װערק פֿון מײַנע װערק, דאָס בוך פֿון מײַנע ביכער, דעם שיר־השירים פֿון מײַן נשמה. איך װײס, אַז מײַן בוך איז װי יעדעס מענטשנס װערק, ניט רײן פֿון חסרונות. נאָר װער קען װיסן אַזױ װי איהר װאָס עס קאָסט מיך? איך האָב אַװעקגעגעבן און אַרײַנגעלײגט אין דעם בוך דאָס בעסטע װאָס איך פֿאַרמאָג — מײַן האַרץ. לײענט דאָס פֿון צײַט צו צײַט. אפֿשר װעט איהר, אָבער אײַערע קינדער, דערפֿון עפּעס לערנען — װי אַזױ ליב צו האָבן אונזער פֿאָלק און צו שעצן מײַנע גײַסטיקע אוצרות װאָס ליגן צעװאָרפֿן אין אַלע פֿינסטערע װינקעלעך פֿון אונזער גרױסן גלות אױף דער גרױסער װעלט. דאָס װעט זײַן דער בעסטער לױן פֿאַר מײַנע העכער דרײַסיק יאָר געטרײַע אַרבײט אױפֿן פֿעלד פֿון אונזער מאַמע־לשון און ליטעראַטור —

אײַער פֿאָטער — דער פֿערפֿאַסער

[illegible]

דעצ. 1916 ניו־יאָרק

# די געשיכטע פונעם בוך „פונעם יאַריד" אין קורצן

דאָס מזל פון א בוך איז ווי דאָס גליק פון א מענטשן. עס באַדאַרף פריער פארשווארצט ווערן, דורכגיין אלע שבעה מדורי גיהנום, ביז עס דערזעט די ליכטיקע וועלט.

דאָס בוך „פונעם יאַריד" איז נאָך נישט אלט קיין טאָג. עס איז ערשט היינט ארויס פון דרוק — און האָט שוין הינטער זיך א גאנצע היסטאָריע. דערלויבט מיר זי אייך דערציילן אין קורצע ווערטער.

דער ערשטער, וואָס האָט מיר אויפגעגעבן די אידעע ברייט און אלזייטיק צו באשרייבן די פארגאנגענע פופציקיאָריקע עפּאָכע פון אונ־דזער יידישן לעבן אין גלות, איז דווקא א ייד פון א גאנץ יאָר, א ייד, וועלכן דער פארשטאָרבענער משורר י. ל. גאָרדאָן האָט געקרוינט מיטן נאָמען „קורא נכבד". אים קען די גאנצע וועלט. ער איז אוגדזער אן אָדעסער משכיל, היינט אין אמעריקע, א ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, און זיין אמתער נאָמען איז א ב ר ה ם א ל י ה ו ל ו ב א ר ס ק י. ווי אן עכטער חסיד און אן אמתער גוטער פריינד, איז ער פאר עטלעכע יאָרן געקומען צו מיר ספּעציעל אין דער שווייץ און אויפגעגעבן מיר א פּלאַן: היות אזוי ווי איך האָב דורכגעמאכט א גאנ־צע עפּאָכע און בין אויסגעוואַקסן, קאָן מען זאָגן, אינאיינעם מיט דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור — טאָמער וואָלט איך גענומען אויף זיך די טרחה צו פארקערפּערן די אויבנדערמאנטע עפּאָכע אין דער פאָרם פון א גרויסן ראָמאַן?

די אידעע איז מיר אריין אין קאָפּ. און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָר אין אַן אנדער פאָרם. אין דער פאָרם פון אן אויטאָביאָגראַ־פיע, אָדער ראָמאַן־ביאָגראַפיע.

עס איז אוועק עטלעכע יאָר אַרבעט. דאָס בוך האָט גענומען וואקסן אַ קאַפּיטל נאָך א קאַפּיטל. נאָר וואָס קומט ארויס? א בוך האָט פיינט ליגן. א בוך האָט ליב, אז מע דרוקט עס און מען לייענט עס. ס'איז געקו־

מען צום דרוקן — איז נישטאָ ווו. דרוקן אויף אייגענע אחריות — פעלט א יידישן מחבר פּאָדעם. דרוקן אין א זשורנאל—איז די יידישע ליטעראטור נאָך נישט אויסגעוואַקסן, זי זאָל האָבן א מאָגאַטשריפט, ווי ביי לייטן *). עטלעכע מאָל האָב איך די ארבעט מיט א ביטער הארץ געמוזט אוועקלייגן. אזוי האָט זיך עס געצויגן ביז איך בין מגולגל געוואָרן מיטן צווייטן גלות אין אמעריקע. און אָט איז ערשט אוועק איין יאָר, האָב איך שוין „אריבער־געמופּט" מיטן „יאַריד" אין א צווייטער ווינונג. און ערשט אָט דאָ האָט די „וואָרהייט" געפונען פאר ראציאָנאַל די ערשטע צוויי טיילן „פונעם יאַריד" ארויסגעבן אין א באזונדער בוך־פאָרם אין צוויי בענדער.

זעען די געדאנקען געדרוקטערהייט אין בוך־פאָרם, באקומט דער פארפאַסער מער מוט אויף צו גיין ווייטער זיין וועג, וועלכן ער האָט אויסדערוויילט. און דער וועג איז נאָך גענוג גרויס. די עפּאָכע הייבט ערשט אָן צו צעוואַקסן זיך. די בילדער הייבן ערשט אָן צו וועבן זיך, די געשעענישן הייבן ערשט אָן צו אנטוויקלען זיך, און געשטאלטן פון מענטשן לאנג־פארשוואונדענע, און טיפן פון פארשוינען נאָך לעבעדיקע און גאנץ בכבודיקע בעטן זיך אויף פּאַפּיר...

לאָמיר האָפן, אז מיר וועלן דערפירן אונדזער ארבעט צו א מעג־לעכן סוף.

שלום־עליכם

פעברואַר 1916, ניו־יאָרק.

---

*) אין אָריגינאַל קומען דאָ עטלעכע איבערגעשטראָכענע שורות, וועלכע לייענען זיך דייטלעך אזוי: „בלייבט איבער ווידעראמאָל א גאזעט און אָבער־אמאָל א צייטונג. זאָגן די וואַרשעווער צייטונגען, אז זיי האָבן קיין פּלאַץ נישט פאר גרויסע ווערק, פעליעטאָנען גיט זיי, סקיצן, נאָוועלן".

אָנמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש

## .1

צו וואָס ראָמאַנען,
ווען דאָס לעבן איז אַ ראָמאַן?

# פאַרוואָס עפּעס „פונעם יאַריד”?

אַ מין הקדמה. — פאַרוואָס דער מחבר האָט זיך גענומען שרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיע. — שלום=עליכם דער שרייבער דערציילט די געשיכטע פון שלום=עליכם דעם מענטשן.

„פונעם יאַריד” קאָן הייסן פונעם לעבן, וואָס איז געגליכן צו אַ יאַריד. יעדערער איז אַ בעלן דעם מענטשנס לעבן צו פאַרגלייכן צו עפּעס אַ זאַך. למשל איינער אַ סטאָליער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער מענטש איז געגליכן צו אַ סטאָליער, אַ סטאָליער לעבט און לעבט און דערנאָך שטאַרבט ער — אַזוי איז אַ מענטש אויך”... פון אַ שוסטער האָב איך געהערט אַ מיינונג, אַז דעם מענטשנס לעבן איז געגליכן צו אַ פּאָר שטיוול: כל זמן די פּאָדעשוועס טראָגן זיך, זענען די שטיוול — שטיוול, און אַז די פּאָדעשוועס טראָגן זיך אָפּ איז — מיטן קאָפּ אין דער ערד. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ בעל=עגלה זאָל פאַרגלייכן דעם מענטשן צו להבדיל אַ פערד. דעריבער וואָלט גאָר קיין חידוש נישט געווען, ווען אַזאַ מענטש ווי איך, וואָס האָב אָפּגעטאָרעראַמט אַ האַלב מאה יאָרן און גייט באַשרייבן די געשיכטע פון זיין לעבן — זאָל אים איינפאַלן צו פאַרגלייכן זיין פאַרגאַנגענהייט צו אַ יאַריד.

דער אמת איז אָבער נישט אַזוי: פונעם יאַריד — מיינט מען דאָס דעם צוריקקוּמען, אָדער דעם סך=הכל, דעם רעזולטאַט פונעם גרויסן יאַריד. אַ מענטש, אַז ער פאָרט אויפן יאַריד, איז ער פול מיט האָפענונגען, ווייסט נאָך אַליץ נישט וואָס פאַר אַ

מציאות ער וועט דאָרט איינהאַנדלען. פליט ער דעריבער פייל אויסן בויגן, העגדום־פעגדום — טשעפעט אים נישט, ער האָט קיין צייט נישט! פאָרט ער אָבער צוריק, פונעם יאַריד, ווייסט ער שוין וואָס ער האָט דאָרטן געהאַנדלט און — „ער האָט צייט“. ער קאָן זיך שוין אָפּגעבן א דין־וחשבון, און ער האָט שוין די מעגלעכקייט אויך די וועלט באַקאַנט צו מאַכן מיט די דאָזיקע רעזולטאַטן, דערציילן פּאַוואָלינקע, נישט געכאַפּט, אַלצדינג: מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפן אויפן יאַריד און וואָס ער האָט געזען און וואָס ער האָט געהערט.

א סך מאָל האָבן מיך מיינע גוטע פריינד אויפגעפאָדערט, פאַרוואָס זאָל איך מיר נישט נעמען די מי צו באַקענען דעם עולם מיט דער געשיכטע פון מיין לעבן? האָב איך געפאָלגט מיינע גוטע פריינד און האָב זיך עטלעכע מאָל גענומען צו דער אַרבעט, און אַלעמאָל אַוועקגעלייגט די פען, ביז... עס איז געקומען די צייט, איך האָב זוכה געווען נאָך פאַר פופציק יאָר צו באַגעגענען זיך פנים אל פנים מיט זיין מאַיעסטעט, מיטן מלאך־המות, גאָרנישט אויף קאַטאָוועס. איך האָב זיך שיר־שיר נישט אַריבער־געפּעקלט אַהין, פון וואַנען מען קאָן קיין בריוול נישט שרייבן, קיין זאַך נישט אַריבערשיקן און אפילו קיין גרוס נישט איבערגעבן. קורץ, איך האָב געהאַלטן ביים אָפּזאָגן די עטלעכע גילדן. האָב איך צו מיר אַזוי געזאָגט: „אַצינד איז די רעכטע צייט. כאַפּ אַריין און שרייב, וואָרום קיינער ווייסט נישט וועמענס מאָרגן עס איז. דו וועסט מאַכן א שטאַרב, וועלן קומען מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי קענען דיך און ווייסן דיך, און וועלן אויסטראַכטן זאַכן, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. צו וואָס טויג עס דיר? אַמער נעם שוין בעסער אַליין, דו קענסט זיך בעסער פון אַלעמען, און דערצייל ווער דו ביסט, שרייב דיין אויטאָביאָגראַפיע!...

עס איז אָבער גרינג אויסצורעדן — „שרייבן אַן אויטאָביאָגראַפיע“, אַן אמתע לעבנסגעשיכטע, נישט קיין אויסגעטראַכטע! דאָס הייסט אַזוי גוט, ווי אָפּגעבן דין־וחשבון פון מיין גאַנצן לעבן פאַר מיין לעזער, זאָגן ווידוי פאַר דער גאַנצער וועלט. איר ווייסט? שרייבן אַן אויטאָביאָגראַפיע און מאַכן א צוואה איז כמעט אַלץ איינס... איז איין מאָל אַוועק. און נאָך א זאַך: עס איז שווערלעך פאַר א מענטשן, וואָס רעדט פון זיך אַליין, ער זאָל זיך קאָנען אויפהייבן צו אַזא מדרגה, אַז ער זאָל ביישטיין קעגן דעם נסיון, נישט וועלן אויספּיינען זיך פאַרן פובליקום, באַווייזן זיך פאַר א ווילן בחור, וואָס סע קומט אים א קניפּ אין בעקל. איך האָב צוליב

דעם אויסגעקליבן א באזונדערע פאָרם אויטאָביאָגראפיע: די פאָרם פון א ראָמאַן, פון א ביאָגראפישן ראָמאַן. עס וועט אויסקומען, אז איך וועל רעדן פון זיך זעלבסט, ווי פון א דריטער פערזאָן. דאָס הייסט: איך, *שלום-עליכם דער שרייבער*, וועל אייך דערציילן די ריכטיקע ביאָגראפיע פון *שלום-עליכם דעם מענטשן*, אָן צערעמאָניעס, אָן באפוצעכצן און צאצקערייען, ווי עס וואָלט אייך דערציילט, למשל, א זייטיקער פארשוין, א ווילד-פרעמדער, נאָר אזעלכער, וואָס איז געווען מיט אים אומעטום, אזעלכער, וואָס איז דורכגעגאנגען מיט אים אלע שבעה מדורי גיהנום. און דערציילן וועל איך עס אייך ביסלעכווייז, שטיקלעכווייז, איינגעטיילט אין באזונדערע מעשיות אָדער עפּיזאָדן, איין עפּיזאָד נאָך דעם אנדערן. און דער וואָס גיט כוח דעם מענטשן, ער זאָל געדענקען אלצדינג, וואָס מיט אים האָט פּאסירט אין זיין לעבן, זאָל מיר בייסטיין, אז איך זאָל נישט דורכלאָזן חלילה קיין זאך, וואָס מיר האָט געטראָפן און וואָס קאָן האָבן אן אינטערעס, און קיין פארשוין, וואָס איך האָב וועגן באגעגנט אויף דעם גרויסן יאריד, וואָס איך האָב דורכגעמאכט אין די פופציק יאָר פון מיין לעבן.

## .2

# די שטאָט

דאָס קליינע שטעטעלע וואָראָנקאָ — א מין כתרילעווקע. — א לעגענדע פון מאַיעפּעס צייטן. — אַן אַלטע קלויז, אַן אַלטער בית־עולם, צוויי יאַרידים.

אויפגעצויגן געוואָרן און געוואַקסן איז דער העלד פון דעם דאָזיקן ביאָגראַפישן ראָמאַן אין סאַמע כתרילעווקע, וואָס איז שוין א ביסל באַקאַנט אויף דער וועלט. געפינען געפינט זיך עס, אויב איר זייט נייגעריק צו וויסן, אין מאַלאָראָסיע, אין פּאָלטאַווער גובערניע, נישט ווייט פון דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט פּערעיאַסלאַוו, און הייסן הייסט עס נישט כתרילעווקע, נאָר וואָראָנקאָ. פאַרשרייבט דאָס אייך.

אייגנטלעך, וואָלט איך באַדאַרפט אָנרופן דעם נאָמען פון דער שטאָט, וווּ ער איז געבוירן, און די דאַטע, ווי עס פירן זיך אַלע ביאָגראַפישע שרייבער. בין איך מיר אָבער מודה, אַז דאָס אינטערעסירט מיך נישט. מיך אינטערעסירט דווקא אָט דאָס קליינע כתרילעווקע, אָדער וואָראָנקאָ, ווייל קיין אַנדער שטאָט אויף דער וועלט האָט זיך אים אַזוי נישט איינגעגעסן אין זכרון, ווי אָט דאָס געבענטשטע כתרילעווקע־וואָראָנקאָ, און קיין אַנדער שטאָט אויף דער וועלט האָט נישט געהאַט אַזויפיל חן אין זיינע אויגן, אַזוי אַז ער קאָן עס נישט פאַרגעסן און וועט עס נישט פאַרגעסן אייביק און אייביק.

און באמת גערעדט, וועלכע שטאָט אויף דער גרויסער וועלט, עס מעג זיין אָדעס, אָדער פּאַריז, אָדער לאָנדאָן, אָדער אפילו ניו־יאָרק, קאָן זיך באַרימען מיט אַזאַ גרויסן ברייטן מאַרק און מיט אַזויפיל יידישע קלייטן און קלייטלעך, טישן, טישלעך און שטעלעכלעך, מיט גאַנצע בערג פרישע שמעקנדיקע עפּעלעך און באַרלעך, דיניעס און קאַווענעס, וואָס ציגן און חזירים האָבן חשק צו גענייסן פון זיי צו יעדער צייט, און די מאַרקווייבער פירן מיט זיי שטענדיקע מלחמות, און מיר, חדר־ייננ־

לעד, האָבן אוודאי און אוודאי חשק צו געניסן פון די אלע גוטע זאַכן און קאָנען צו זיי נישט גרייכן?...

וועלכע שטאָט פאַרמאָגט אזא אַלטן איינגעהויקערטן בית־מדרש מיט אזא שיינעם געשניצטן ארון־קודש מיט צוויי לייבן, וואָס זעען אויס ווי פויגלען, ווען נישט די לאַנגע צינגער און די שופרות, וואָס זיי האַלטן אין מויל און בלאָזן? אינעם דאָזיקן אלטן בית־מדרש, דערציילן אלטע יידן, האָבן זיך אונדזערע זיידעס אמאָל פאַרשלאָסן פאַר מאַזעפען, ימח שמו, געזעסן דריי טעג מיט דריי נעכט אָנגעטאָן אין טלית ותפילין און געזאָגט תהילים — און דורך דעם ניצול געוואָרן פונעם טויט. די זעלבע אלטע יידן דערציילן, אז דער אלטער רב נאָך האָט דאָס בית־מדרש געבענטשט, סע זאָל קיינמאָל נישט ברענען — ברענט דאָס נישט, עס מעג זיין וואָס פאַר א שרפה עס וויל זיך!

וועלכע שטאָט פאַרמאָגט אזא באָד, וואָס שטייט באַרג־אַראָפּ, סאַמע ביים ברעג טייך, און פאַרמאָגט אזא ברונעם, וואָס זיינע וואַסערן נעמען זיך קיינמאָל נישט אויס? און דער טייך אליין — ווו האָט איר נאָך אזא טייך אויף דער וועלט, ווו דורות און דורות חדר־יינגלעך, שקצים, באָדן זיך און פּאַליאָסקען זיך, לערנען זיך שווימען, כאַפּן פישלעך און מאַכן קונצן, וואָס איז כדאי צו זען? וועגן דער דאָזיקער אלטער באָד, וואָס שטייט אויף חידושים, האָבן אויך אלטע יידן צו דערציילן און דערציילן. מע האָט דאָרט געפונען אמאָל א געהאָנגענעם גוי, וואָס האָט זיך אָנגעשיכורט און אליין זיך אויפגעהאָנגען, איז דערפון ארויס א בלבול, אז דאָס האָבן אים יידן אויפגעהאָנגען, האָט די שטאָט געהאַט אויף זיך נאָכדעם א פעקל, מע האָט געוואָלט שמייסן די שענסטע באַלעבאַטים, אָדער מע האָט זיי טאַקע געשמיסן — איך וויל נישט אזוי ווייט גריבלען זיך, ווייל איך האָב פיינט טרויעריקע מעשיות, זיי מעגן זיין אפילו פון פאַרצייטן...

וועלכע שטאָט פאַרמאָגט אזא הויכן באַרג אויף יענער זייט בית־מדרש, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט כמעט ביז דער כמאַרע, און וואָס אויף יענער זייט — אלע ווייסן עס — ליגט באַהאַלטן אן אוצר נאָך פון כמיעלניצקים צייטן? דעם אוצר האָט מען — אזוי דערציילן אלטע יידן — וויפל מאָל גענומען זיך גראָבן, און מע האָט אלעמאָל געמוזט אוועקלייגן די ארבעט, וואָרום גראָבנדיק האָט מען געפונען ביינער, הענט און פיס און קעפּ פון מענטשן אין תכריכים — משמעות, אז דאָס זענען געווען יידן, און אפשר גאָר קדושים... ווער ווייסט?

וועלכע שטאָט פאַרמאָגט אַזעלכע פיינע באַלעבאַטים, וואָס זענען, דאַכט זיך, אַלע מער נישט ווי קליינע קרעמערלעך און שענקערס, וואָס לעבן, דאַכט זיך, נאָר פונעם גוי און איינס פון דאָס אַנדערע, און פונדעסטוועגן פירן זיי זיך אַלע באַלעבאַטיש, יעדער האָט זיך זיין הײם, זיין משפּחה און זיין אָרט אין בית־מדרש — אין מזרח־וואַנט אָדער אין שפּיגל־באַנק, וואָס מאַכט עס אויס? — און טאָמער איז ער אַליין נישט אַזאַ גרויסער יחסן און אַ גביר, האָט ער אַ קרוב אַ מיוחס אָדער אַ גביר, וואָס ער לאָזט אים פון מויל נישט אַרויס און דערציילט פון אים אַזעלכע גוזמאות, אַז דער קאָפּ דרייט זיך אַזש?...

און אַזאַ אַלטן בית־עולם, אַזאַ גרויסן און אַזאַ רייכן און אַזאַ אַלטן בית־עולם, ווו דער גרעסטער טייל קברים איז שוין פאַרוואַקסן געוואָרן מיט גראָז, אַזוי, אַז מע ווייסט שוין גאָרנישט, צי דאָרטן זענען דאָ ביינער פון מענטשן, אָדער ניין? פון דעם דאָזיקן בית־עולם איז שוין דווקא יאָ פאַראַן וואָס צו דערציילן, און הווקא נישט אַזעלכע פריי־לעכע מעשיות, און טאַקע גאָר שרעקלעכע זאַכן — פאַרשטייט זיך, פון אַמאָל, פון פאַרצייטן. נאָר אַקעגן נאַכט איז נישט כדאי צו רעדן פון בית־עולמים...

אַ קליין שטעטעלע אָט דאָס וואָראָנקאָ, נאָר אַ שיינס, מלא חן. איר קאָנט דורכשפּאַצירן דאָס גאַנצע שטעטל, אין דער לענג און אין דער ברייט, אין איין האַלבער שעה, אויב איר זענט בכוח און האָט פיס. אָן אַ באַן, אָן אַ ים, אָן אַ רעש. מיט צוויי יאַרידים סך־הכל דורכן יאָר, „קראַסנע טאָרגעס“ און „פּאָקראָווע“ — פון ייִהנס וועגן געמאַכט געוואָרן. ייִדן זאָלן לייזן געלט און האָבן פּרנסה. אַ קליין, קליין שטעטעלע, דער־פאַר איז דאָס אָבער פול מיט אַזעלכע שיינע מעשיות און לעגענדעס, וואָס מע וואָלט פון זיי אַליין געקאָנט אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך. איך ווייס, אַז מעשיות און לעגענדעס האָט איר ליב. דאָס איז ביי אייך, אייגנט־לעך, דער גאַנצער עיקר... קאָנען מיר אָבער נישט: מיר דאַרפן זיך האַלטן שטרענג אין די ראַמען פון אַ ביאָגראַף און מיר מוזן אייך פרי־ער באַקאַנט מאַכן, ווי דער שטייגער איז, מיט די עלטערן פונעם העלד, מיט זיינע טאַטע־מאַמע. זייט צופרידן, וואָס איך הייב אָן גלייך פון זיינע טאַטע־מאַמע, און נישט פון זיין זיידן און עלטער־זיידן, ווי אַנדערע ביאָגראַפן טוען.

.3

# טאַטע־מאַמע

א וואָראָנקאָווער נגיד מיט א סך פרנסות. — א כאַליאַסטרע קינדער. — פרומע די דינסטמויד געוועלטיקט איבער זיי. — דער העלד איז א נאָכמאַכער, א קונדס.

א הויכער, מיט א שטענדיק פאַרזאָרגט פּנים, מיט א ברייטן, ווייסן, געקנייטשטן שטערן, מיט א שיטער שמייכלענדיק בערדל, א באַלעבאָס א ייד און א בעל־תּפילה, א למדן און א בעל־תּנ״ך, א פרומער און א בעל־לשון־קודש, א חסיד פון טאַלנער רבין און א ליבהאָבער פון מאַפּו, סלאָנימסקי און צעדערבוים, א חקרן, א בורר און א בעל־עצה און א שפּילער אין שאָך און א מבין אויף פּערל און בריליאַנטן — אָט דאָס וועט זיין די ריכטיקע פיזיאָנאָמיע פון דעם העלדס פאָטער, רב נחום וועוויקס, וואָס האָט גערעכנט זיך אין שטאָט פאַרן גרעסטן נגיד.

וויפל אזא נגיד פון וואָראָנקאָ האָט געקאָנט פאַרמאָגן — איז שווער צו זאָגן; נאָר געשעפטן האָט ער געהאַט א גוזמא: ער איז געווען א פּאָסעסאָר, צוגעשטעלט בוראַקעס אין „זאַוואָד“, געהאַלטן די זעמסקע פּאָטשט, געהאַנדלט מיט תּבואה, געגרוזעט בערלינעס אויפן דניעפּר, געהאַקט וואַלד און געשטעלט אָקסן אויף דער בראַהע, נאָר פּרנסה האָט מען געצויגן פון דער „שניט־קראַם“. עס רעדט זיך נאָר אזוי א „שניט־קראָם“. דאָרט האָט זיך געפונען אויך יצלניק, און באַקאַליי, און היי און האָבער, און היימישע רפואות פאַר גויים און גויעס, און אייזנוואַרג אויך. אין „שניט־קראַם“ האָט זיך דער טאַטע נישט אריינגעמישט. דאָס האָט געפירט אינגאַנצן די מאַמע, א יידענע אן אשת־חיל, א גיכע טוערין און מיט סכנות א שטרענגע צו אירע קינדער. אין קינדער זענען געווען היפּשלעך, אריבער א טוץ, און פון אלערליי ווקס

און פון אלערליי פארב: קינדער מיט שווארצע הערעלעך, מיט בלאָנדע און מיט געלע.

קיין גרויסן צימעס האָט מען מיט דעם קליינוואַרג, געווייגלעך, נישט געמאכט. דאָס הייסט, שטארק בענקען האָט מען נאָך זיי נישט געבענקט, און אז זיי זאָלן, חס=ושלום, נישט געווען קומען אויף דער וועלט, וואָלט אויך געווען אָן אן אומגליק; נאָר אז זיי זענען שוין דאָ, איז — „מהיכא=תיתי, ווען מאכן זיי קאליע? זאָלן זיי זיין מיט יאָרן“... ווער ס׳האָט זיך געקאָנט אויסדרייען פון פאָקן און פון מאָזלען און פון אלע איבעריקע קינדערישע שלעק און פורעניותן, דער איז אויסגעוואקסן און אוועק אין חדר אריין, פריער צו נטע=לייב דרדקי, דערנאָך צו רב זרחל דעם גמרא=מלמד. און ווער עס האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם בעל=דבר מיט די טויזנט אויגן, וואָס לאָקערט אויף קליינע עופהלעך, דער האָט זיך באצייטנס אָפּגעטראָגן אהין, פון וואנען ער איז געקומען. האָט מע׳ פארהאָנגען די שפּיגלען, און טאטע=מאמע האָבן זיך אוועקגעזעצט שבעה, אראָפּגעוואָרפן די שיך פון די פיס און שטארק=שטארק געוויינט. אזוי לאנג געוויינט, ביז מע האָט אויפגעהערט. געזאָגט דעם פסוק: „ה׳ נתן וה׳ לקח“, אויסגעווישט די אויגן, אויפגעשטאנען פון דער ערד און פארגעסן... אנדעריש איז עס אוממעגלעך געווען אין דעם גרויסן טאַרראַם מיטן יאַריד פון אריבער א טוץ קינדער, צווישן זיי איינער א בעל=הביתל שוין, וואָס סע שיט זיך אים א בערדל, און איינס א זויגעדיקס, נאָך ביי דער ברוסט.

א גרויס בריהשאפט איז עס געווען פון דער מאמען אויסצוהאָרעווען אזא כאַליאַסטרע און אויסצושטיין אלעמענס קראנקהייטן. וואָרום אזוי פלעגט א קינד קריגן פעטש מיט קלעפּ מיט בוכענצעס, ווייל ס׳איז אין דעם אריין. נאָר טאָמער חלילה איז עמעצער קראנק געוואָרן, אזוי איז שוין די מאמע נישט אָפּגעטראָטן פון בעטל: „א מכה דער מאמען!“ איז דאָס אָבער געזונט געוואָרן און געשטעלט זיך אויף די פיסלעך — „אין חדר אריין, דו שייגעץ איינער, אין חדר אריין!“...

אין חדר האָבן געלערנט אלע פון פיר יאָר ביז.... כמעט ביז דער החתונה. און פון דער גאנצער כאַליאַסטרע קינדער האָט זיך אויסגעצייכנט אלס גרויסער שקאָץ דער מיטלסטער, דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראפיע, מיטן נאָמען שלום, אָדער שלום נחום וועוויקס.

מען באדארף זאָגן דעם אמת, אז גאָר קיין שלעכט ייִנגל איז דאָס נישט געווען, אָט דער שלום נחום וועוויקס, און לערנען האָט ער זיך

געלערנט בעסער פון אלע קינדער, נאָר פּעטש, קולעקעס, מיט קלעפּ, מיט שמיץ, נישט פאַר אייך געדאַכט, האָט ער אויך געקראָגן מער פון אלע. מסתמא איז ער ווערט געווען.

— אָט וועט איר זען, יידן, אז פון דעם קינד וועט קיין גוטס נישט ארויס! דאָס וואַקסט עפּעס א גאָרנישט מיט א נישט, דער שוואַרציאָר ווייסט וואָס, אַ שטויבער, אַ סאַמאָוואָליץ, אַ זולל-וסובאניק, אַן איוואַן פּאָפּערילע, אַן אויסווירפלינג, א משומד און א כל-בוניק, און וואָס אין דער קאָרט!...

אַזוי האָט אים אַטעסטירט פרומע די דינסטמויד, אַ בלינדע אויף אַן אויג און א געשטופּלטע, נאָר זייער א קארגע און א געטרייע דינסט. א געטרייע און אַן איבערגעגעבענע און אַן ערלעכע דינסט. זי האָט געהרגעט-געשלאָגן די קינדער, זיי געזשאַלעוועט עסן, אכטונג געגעבן, זיי זאָלן זיין גוט און פרום און ערלעך און כשר צו גאָט און צו לייט. און מחמת די מאמע איז געווען אַן אשת-חיל, שטענדיק אין קראָם, האָט פרומע די מויד געפירט די שטוב ביד רמה. און „דערצויגן" די קינדער, ווי א מאַמע. זי האָט זיי געוועקט, געוואַשן, געצוואָגן, געזאָגט מיט זיי ברכה, געפּאַטשט, געגעבן אָנבייסן, אָפּגעפירט אין חדר, געבראַכט פון חדר, געפּאַטשט, געגעבן עסן, געלייענט מיט זיי קריאת-שמע, ווידער געפּאַטשט און באַלייגט שלאָפן, אַלע איינציינעם, ס'זאָל אייך צו קיין חרפּה נישט זיין, טאַקע מיט איר אין איין בעט. די קינדער אין בעט — און זי ביי זיי צופוסנס.

א שטיקל גלות איז געווען פאַר די קינדער אָט די פרומע די מויד, און א יום-טוב איז געווען פאַר זיי פרומעס חתונה — לאַנג לעבן זאָל אידעלע-גנב מיט דער היטישקע געקרייזלטע האָר, אָנגעשמירט מיט געגדזנשמאַלץ, און מיט דער צונויפגעוואַקסענער נאָז, וואָס מע קאָן זי קיינמאָל נישט אויסשנייצן, מע זאָל זיין, דאַכט זיך, מיט אַכצן קעפּ. לאַנג לעבן זאָל ער, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען (אָט א משוגענער!) חתונה האָבן פאַר דער בלינדער פרומען. און חתונה האָט ער פאַר איר געהאַט נישט גלאַט אַזוי, נאָר מחמת „ליבע": ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, הייסט עס, מיט סכנת-נפשות. נישט צוליב דעם, וואָס זי האָט נאָר איין אויג און איז געשטופּלט — חס וחלילה! נאָר צוליב דעם, וואָס ער טוט א שידוך מיט רב נחום וועוויקס. א קלייניקייט — אזא שידוך! חיה-אסתר אליין (די מאמע) האָט געפראַוועט די חתונה, געווען די גאַנצע מחותנתטע, געבאַקן לעקעך, אראָפּגעבראַכט קלעזמער

פון בערעזאַן, געטאנצט, געהוליעט ביז טאָג און געוואָרן הייזעריק, ווי די וואנט.

אוי וויי, וואָס חברה האָט זיך דעמלט אָנגעלאכט און אָנגעטאנצט! די שמחה איז געווען נישט אזוי צוליב דעם, וואָס א פייפער א גנב נעמט א בלינדע מויד, נאָר איבער דעם, וואָס מע ווערט פטור פון „פרומע די מויד" אויף אייביק און אייביק! און אגב האָט מען זיך טאקע אָנגעלאכט אויך אויף דעם, וואָס „דער שייגעץ" האָט קאָפּירט דאָס גליקלעכע פּאָר — דעם חתן, ווי ער פייפט מיט דער נאָז, און די כלה, ווי זי קוקט אויפן חתן מיט איין אייגל און באלעקט זיך, ווי א קאַץ, אז זי האָט א נאַש גע- געבן סמעטענע.

קאָפּירן, נאָכמאכן, איבערקרימען — דערויף איז אונדזער שלום געווען איין מזיק! האָט ער דערזען עמעצן דאָס ערשטע מאָל, אזוי האָט ער שוין געפונען אויף אים עפּעס א חסרון, אָדער אזוי א „לעכעריקס", און ער האָט זיך שוין אָנגעבלאָזן ווי א פּאכיר, און ער האָט אים שוין נאָכגעמאכט. און חברה שקצים האָבן געלאכט, און טאטע-מאמע האָבן צוגעשטעלט א בענקעלע פארן רבין, אז „דער שייגעץ מאכט נאָך דער גאנצער וועלט, ווי א מאלפּע — מע באדארף אים אָפּגעווינען דערפון!"

און דער רבי האָט זיך גענומען אים „אָפּגעווינען" דערפון — עס האָט אָבער וויניק וואָס געהאָלפן.... עפּעס א „נישט-גוטער" האָט זיך פארקליבן אין דעם קינד, א מין ליץ, וואָס דער גאנצער וועלט מאכט ער נאָך און אלעמען קרימט ער איבער, אָבער אלעמען, אפילו דעם רבין אליין, ווי ער שמעקט טאבעקע און ווי ער גייט דריבנינטשקע מיט די קליינע פיסעלעך, און די רביצין, ווי זי פּיסקלט זיך, רויטלט זיך און בלינצלט מיט אן אייגל, בשעת זי דארף נעמען ביים רבין אויף שבת און קאָן נישט אויסרעדן „שבת", נאָר „סאַבעס" — און פעטש זענען גע- פלויגן, און קלעפּ האָט מען געטיילט, און שמיץ האָט מען געציילט, איי שמיץ! סטייטש שמיץ!

בקיצור — ס'איז געווען א לעבן.

.4

# שמואליק דער יתום

מעשיות, פאנטאזיעס און חלומות. — קבלה און כישוף.

פאראן פנימער, וואָס זענען באשאפן געוואָרן פון גאָט אויף צו פארכישופן אייך מיטן ערשטן קוק. „האָב מיך ליב!“ — אזוי שרייט צו אייך דאָס דאָזיקע פנימל, און איר באקומט דאָס ליב, איר ווייסט נישט פארוואָס.

אָט אזא מין חנעוודיק פנימל האָט געהאט שמואליק דער יתום, א יינגל אָן א טאטן, אָן א מאמען, וואָס אויפגעהאלטן האָט ער זיך ביים רב.

צו אים איז דאָס צוגעקלעפט געוואָרן שלום נחום וועוויקס, דער העלד פון דער דאָזיקער אויטאָביאָגראפיע, פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבן זיך באקענט, זיך געטיילט מיט אים מיט די אָנבייסנס און מיט די מיטאָגס האלב אויף האלב און געוואָרן חבר — אָבער וואָס חבר הייסט! נפש אחת — איין לייב, איין נשמה! פארוואָס? איבער זיינע מעשיות.

קיינער האָט נישט געהאט אזויפיל מעשיות אויף צו דערציילן, וויפל שמואליק. האָבן מעשיות אויף צו דערציילן איז אָבער נאָך נישט אינגאנצן. דאָס דערציילן אליין איז אויך א זאך. דערציילן א מעשה דארף מען קענען. און שמואליק האָט געקענט דערציילן מעשיות אזוי, ווי קיינער נישט!

פון וואנען האָבן זיך צו דעם משעקאוון בחור מיט די רויטע בעקלעד און מיט די פארחלומטע אויגן גענומען אזויפיל מעשיות, און אזעלכע שיינע, רייכע מעשיות, מיט אזעלכע זעלטענע פאנטאסטישע בילדער? צי האָט ער זיי ווו געהערט אמאָל דערציילן? אָדער דאָס איז געווען די

זיין קאָפּ אויסגעטראכט, לויטער פאנטאזיעס? עד היום קאָן איך דאָס נישט באַגרייפן. איך ווייס נאָר איין זאך: עס האָט זיך ביי אים געגאָסן ווי פון א קוואל, נאָר פון אזא קוואל, וואָס שעפּט זיך נישט אויס קיינמאָל. און געגאַנגען איז דאָס ביי אים גלאַט, ווי אויף בוימל, און געצויגן האָט זיך עס ווי א לאַנגער זיידן־פאָדעם. און זיס איז געווען די שטים, זיס די שפּראך, זיס ווי צוקער. און די בעקלעך רויט, און די אויגן פארחלומט און נאַסלעך, ווי איבערגעצויגן מיט א דין רויכל.

פארקליבן זיך פריייטיק נאָך האלבן טאָג, אָדער שבת נאָכן עסן, אָדער יום־טוב פארנאכטלעך, אויפן הויכן וואָראָנקאָווער באַרג, וואָס „דער שפּיץ זיינער דערגרייכט כמעט ביז דער כּמאָרע", האָבן זיך ביידע חברים אוועקגעלייגט מיטן פּנים אראָפּ צום גראָז, אָדער מיטן פּנים ארויף צום הימל, און שמואליק האָט גענומען דערציילן א מעשה נאָך א מעשה: א מעשה פון א בן־מלך מיט א בת־מלכה, א מעשה פון א רב מיט א רביצין, א מעשה פון א פּרינץ מיט א פלעגהוגט, א מעשה פון א פּרינצעסין אין א קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, א מעשה פון צוועלף גזלנים אין וואלד, א מעשה פון אן אָקרענט, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט אויפן פּארגליווערטן ים. מעשיות פונעם פּאַבסט, וואָס האָט געפירט וויכוחים מיט די גרעסטע רבנים, און מעשיות פון חיות, פון שדים און פון רוחות און פון בּל־ליצנים, פון מכשפים, שרעטעלעך, וואָוקעלאַקעס, פּיפּערנאָטערס, האלב־מענטש, האלב־חיה, און א מעשה מיט א הענגלייכטער פון פּראָג — און יעדע מעשה האָט געהאט איר טעם מיט איר ריח, און א באַזונדער כּישוף איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיי אלע.

דער חבר, שלום נחום וועוויקס, האָט געהאלטן אָפן מויל און אויערן, קיין אויג נישט אראָפּגעלאָזט פונעם דאָזיקן טשעקאווען בחורל מיט די רויטע בעקלעך און מיט פארחלומטע נאַסלעכע אויגן.

— פון וואנען ווייסטו דאָס אלצדינג, שמואליק?

— נארעלע, דאָס איז נאָך גאָרנישט. למאי איך ווייס, ווי אזוי מע צאַפּט ויין פון דער וואנט? און בוימל פון דער סטעליע?

— ווי אזוי צאַפּט מען דאָס ויין פון דער וואנט? און בוימל פון דער סטעליע?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך אויך בלאָטע! איך ווייס אפילו, ווי אזוי מע מאכט פון זאמד גאָלד און פון שערבלעך דימענטן מיט בריליאַנטן.

— ווי אזוי מאכט מען דאָס?



שלום־עליכם און זיין פרוי צו זייער חתונה (קיעוו 1883)

— ווי אזוי? דורך קבלה. דער רב איז דאָך א בעל־קבלה. ווער ווייסט עס נישט? ער שלאָפט דאָך קיינמאָל נישט.

— וואָס רעדן טוט ער?

— ביינאכט, ווען אלע שלאָפן, איז ער אויף. זיצט ער אליין און פארנעמט זיך מיט קבלה.

— און דו זעסט אלצדינג, וואָס ער טוט?

— ווי קאָן איך זען, נארעלע, אז איך שלאָף?

— פון וואנען־זשע ווייסטו, אז ער פארנעמט זיך מיט קבלה?

— ווער ווייסט עס נישט? דאָס ווייסט דאָך א מינדסט קינד. פרעג וועמען דו ווילסט. דאָס וואָס דער רב קען, בערעלע, קען קיינער נישט. וויל ער — זענען אָפן פאר אים אלע צוועלף ברונעמס מיט קוועקזילבער און אלע דרייצן גערטנער פון סאמע זאפראן, און גאָלד מיט זילבער, מיט דימענטן, מיט בריליאנטן — כחול הים, אזויפיל, אז עס גלוסט זיך אזש נישט!...

— פארוואָס־זשע ביסטו תמיד הונגעריק? און פארוואָס האָט ער נישט אויף שבת?

— אזוי, וואָרום ער וויל נישט. ער וויל בעסער אָפּקומען אויף דער וועלט, תשובה טאָן. ער איז א בעל־תשובה. ער זאָל וועלן, וואָלט ער גע־ווען רייך, ווי קורח; טויזנט האָטשילדס וואָלט ער פארשטעקט אין גארטל. וואָרעם ער ווייסט, ווי אזוי מע ווערט רייך. פאר אים איז אנטפּלעקט אלצדינג. ער ווייסט אפילו דאָס אָרט, וווּ דער אוצר ליגט באהאַלטן.

— וווּ ליגט דער אוצר באהאלטן?

— חכם! פון וואנען זאָל איך ווײסן? ווען איך זאָל ווײסן, וווּ דער אוצר ליגט, וואָלט איך דיר שוין לאנג געזאָגט. איך וואָלט אין מיטן ביי־נאכט געקומען צו דיר און וואָלט דיך אויפגעוועקט פון שלאָף: „קום, שלום, צום אוצר, וועלן מיר צונויפזשעבערווען דאָס גאָלד פולע זשמע־ניעס און אָנשטופּן פולע קעשענעס!“

און האָט שמואליק אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אוצר, אזוי האָבן די פארחלומטע אויגן ביי אים זיך אָנגעצונדן, די רויטע בעקלעך צעפלאמט, און אליין האָט ער זיך אזוי צעהיצט און צעברענט און צעפלאקערט, אז ער האָט אויך דעם חבר זיינעם אָנגעוואַרעמט, צעהיצט, צעברענט און צע־פלאקערט. שמואליק האָט גערעדט, און זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, האָט אים געקוקט אין מויל אריין און מיט דאָרשט געשלונגען יעדעס וואָרט.

.5

## אוצרות

וואָס איז אַן אוצר? — אַ לעגענדע פון כמיעלניצקיס צייטן. — וונדער־שטיינער.

אַז ס׳איז פאַראַן אַן אוצר דאָ ביי אונדז אין אונדזער שטעטל — אין דעם איז דאָך קיין ספק נישט.

פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונדז אַן אוצר? פון כמיעלניצקין. כמיעלניצקי האָט אים דאָ באַגראָבן נאָך פאַרצייטן. טויזנטער יאָרן האָבן מענטשן געזאַמלט אוצרות מיט אוצרות, ביז ס׳איז געקומען כמיעלניצקי און האָט עס באַשטאָט.

— ווער איז געווען כמיעלניצקי?

— כמיעלניצקי, ווייסטו נישט? נאַרעלע, כמיעלניצקי — דאָס איז געווען אַ רשע, אַ המן, נאָך פאַר כמיעלניצקיס צייטן... דאָס ווייסט דאָך אַ מינהסט קינד! האָט אָט דער כמיעלניצקי דער רשע, דער המן, אָנגעראַבעוועט, הייסט עס, מילי־מיליאָסן גאָלד ביי די אַמאָליקע פריצים און ביי די רייכע יידן, און האָט דאָס אַלצדינג געבראַכט צו פירן אַהער צו אונדז, קיין וואָראָנקאָ — און דאָ האָט ער עס איינמאָל ביינאַכט אויף יענער זייט בית־מדרש באַהאַלטן, אַקעגן דער שיין פון דער לבנה, באַהאַלטן, טיף־טיף אין דער ערד באַגראָבן, און ס׳איז מיט גראָז באַוואַקסן און מיט כישוף פאַרכישופט, אַזוי, אַז קיין בן־אדם זאָל עס נישט געפינען.

— און ס׳איז פאַרפאַלן לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק?

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס׳איז פאַרפאַלן לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק? און צו וואָס האָט גאָט באַשאַפן די קבלה? די בעלי־קבלה, נאַרעלע, האָבן אויך דערצו אַן עצה.

— דהיינו, וואָסער אַן עצה?

— זיי ווייסן שוין. זיי האָבן א שפּרוך אזעלכן, און א פּסוק פאַראַן אזעלכער אין תהילים, וואָס מען דאַרף אים זאָגן פערציק מאָל פערציק...

— וואָסער א פּסוק?

— ע, נאַרעלע, איך זאָל וויסן דעם פּסוק! און אפילו איך זאָל שוין וויסן, איז דאָס אויך נישט אזוי גרינג. מע באַדאַרף פאַסטן פערציק תע־ניתים, אָפּזאָגן אלע טאָג פערציק קאַפּיטלעך תהילים, און אויפן איין־און־פער ציקסטן טאָג, באלד נאָכדעם, ווי די זון האָט זיך געזעצט, באַדאַרף מען זיך ארויסגנבענען אזוי קונציק, אז קיין בן־אדם זאָל זיך נישט באגעגענען — וואָרום טאָמער חלילה דערזעט מען דיך, באַדאַרף מען אָנהייבן נאָך אמאָל צו פאַסטן פון אָנהייב פערציק תעניתים — און ערשט דעמלט, אז ס'וועט דיר אָפּגילטן, קיינער וועט דיך נישט באגעגענען, זאָלסטו אוועק־גיין אין א פינצטערער נאכט אין אָנהייב חודש אויף יענער זייט בית־מד־רש באַרג־אַראָפּ, און דאָרטן אָפּשטיין פערציק מינוט אויף איין פוס, ציילנ־דיק פערציק מאָל פערציק, און אויב ס'וועט נאָר נישט זיין קיין טעות אי־נעם ציילן, וועט זיך דיר דער אוצר אנטפּלעקן פון זיך אליין...

און שמואליק דער יתום גיט צו פאַרשטיין גאַנץ ערנסט זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, דעם סוד פונעם אוצר מיט א שטיל קול, אלע מאָל שטילער, ווי אויסגעלייענט פון א בוך, נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף א רגע־לע אפילו:

—און אנטפּלעקן וועט זיך דיר דער אוצר דורך א פייערל, א קליין פייערל. און אז דאָס פייערל וועט זיך דיר באַווייזן, באַדאַרפסטו גלייך צוגיין צו דעם, צום פייערל הייסט עס, זאָלסט נאָר קיין מורא נישט האָבן פאַר אָפּבריען זיך, וואָרום דאָס פייערל איז מער נישט אויף צו באַלייכטן, ברענען ברענט עס נישט, און דו באַדאַרפסט זיך נאָר אָנבויגן און זשע־ברעווען מיט ביידע זשמעניעס (שמואליק באַווייזט מיט ביידע הענט, ווי ער זשעברעוועט) גאָלד און זילבער און דימענטן און בריליאַנטן, און שטיי־נער אזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „כדכד“, און אזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „ישפה“...

— וואָס איז דער חילוק?

— איי, נאַרעלע, ס'איז א גרויסער חילוק! „כדכד“ איז אזא שטיין, וואָס לייכט אין דער פינצטער, ווי א סטרינעווע ליכט, און „ישפה“ האָט אין זיך א כוח: עס מאַכט פון שוואַרץ ווייס, פון רויט געל, פון גרין בלוי, פון נאַס טרוקן, פון הונגעריק זאַט, פון אַלט יונג, פון טויט לעבעדיק... מען באַדאַרף נאָר מיט אים געבן א רייב אין דער רעכטער לאַץ פון דער

קאפּאָטע און א זאָג: „ס'זאָל מיר ארויסגיין און ארויסגיין א רעכטער אָנבייסן!“ — גייט ארויס א זילבערנע טאַץ, און אויף דער טאַץ צוויי פּאָר געבראָטענע טייבעלעך מיט פרישינקע פּלעצלעך פון געבייטלטער מעל, פערווי סאָרט. אָדער: „ס'זאָל מיר ארויסגיין און ארויסגיין א גוטער וואַרעמעס!“ — באווייזט זיך א גאָלדענע טאַץ מיט כלערליי מינים עסנווארג און פּאַטראַוועס, מעדני=מלך, געבראָטענע צונגען מיט געפילטע העלדזלעך, וואָס זייער געשמאקער ריח צעגייט זיך אין אלע אברים, און פרישע צוגעברענטע געפלאָכטענע קוילעטשן וואַקסן אוים פאר דיינע אויגן. און ווייז לרוב פונעם בעסטן סאָרט, און ניסלעך, און באָקסערן, און צוקערקעס לרוב — אזויפיל, אז סע גלוסט זיך שוין אזש נישט!

און שמואליק קערעוועט אָפּ דעם קאָפּ אין א זייט און שפּייט אוים, און זיין חבר זעט נאָך זיינע פארשמאכטע ליפּן און נאָך זיין בלאס פּנים מיט די פארחלומטע אויגן, אז ער וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון א שטיקל געבראָטענער צונג, א געפילט העלדזל, אָדער כאָטש א שטיקל קוילעטש... און ער גיט זיך האָם וואָרט, אז מאָרגן, אם ירצה השם, טראָגט ער אים ארויס אין קעשענע עטלעכע ניסלעך, א פּאָר באָקסערן מיט א צוקערקעלע, וואָס ער וועט ארויסלקחענען, מחילה, ביי דער מאמען אין קליישל. און דערוויל בעט ער שמואליקן, ער זאָל דערציילן נאָך און נאָך. און שמואליק לאָזט זיך לאנג נישט בעטן. ער ווישט אָפּ די ליפּן און דערציילט נאָך און נאָך.

— ...און אז דו האָסט זיך גוט אָנגעזעטיקט מיט די אלע מיני מאכלים און פארטרונקען מיט די בעסטע ווייגען, נעמסטו און טוסט א רייב מיטן שטיינדעלע און א זאָג: „ס'זאָל מיר ארויסגיין און ארויסגיין א ווייכער געלעגער!“ — באווייזט זיך דיר א בעטל פון עלפנביין, מיט גאָלד באפּוצט, מיט אן איבערבעט — ווייך ווי פּוטער, און מיט זיידענע קישעלעך ציקאָפּנס, און מיט אן אטלעסענער קאָלדרע איבערגעדעקט. ציסטו זיך אוים און ווערסט אנטשלאָפן, און עס חלומען זיך דיר מלאכים מיט כרובים, מיט שרפים, מיטן גן=עדן העליון, מיטן גן=עד התחתון... אָדער, אז נישט טוסטו א רייב מיטן שטיינדעלע, הייבסטו דיך גאָר אויף אין דער הייך ביז דער כמארע, און אריבער דער כמארע, און דו פליסט זיך, ווי אן אָדלער, הויךהויך! ווייט=ווייט!...

צי האָט דער אָרעמער יתום מיט זיינע ווונדערלעכע מעשיות זיך ווען אָפּגערופן נאָכדעם אין די שרייבעכצן פון זיין חבר שלום, בעת שלום נחום וועוויקס איז געוואָרן א „שלום=עליכם“ — דאָס איז שווער צו זאָגן.

איין זאך איז געווים: זיין פאנטאזיע האָט ער געמאכט רייכער, זיין השגה ברייטער, און שמואליקס חלומות און שמואליקס טרוימען וועגן אוצרות, ווונדער־שטיינער און נאָך אזעלכע גוטע זאכן טראָגט ער ביי זיך טיף אין הארצן נאָך עד היום. אפשר אין אן אנדער פאָרם, אפשר אין אנדערע געשטאלטן — נאָר ער טראָגט זיי, ער טראָגט זיי ביז צום היינטיקן טאָג.

6

# דער רבֿ אין גן־עדן

די פֿריינדשאַפֿט פֿון דוד מיט יהונתן. — דער לויתן מיטן שור־הבר. — ווי זעען אויס די צדיקים אויף יענער וועלט.

די שיינע וווּנדערלעכע מעשׂיות פֿון שמואליק דעם יתום האָבן זיין יונגן חבֿר אינגאַנצן פֿאַרכישופֿט און געבראַכט דערצו, אַז די פֿרינצן מיט די פֿרינצעסינס זענען אים געגאַנגען צו חלום, געוועקט, געשלעפּט ביי די אַרבל: „שטיי אויף, שלום, טו דיך אָן און קום מיט אונדז!"... און נישט נאָר אין חלום — אויך אויף דער וואָר האָט ער זיך געפֿונען כמעט שטענדיק צווישן פּרינצן און פּרינצעסינס, ערגעץ אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אָדער אויפֿן פֿאַרגליווערטן ים, אָדער אויף אַ ווייספּע, וווּ עס געוועלטיקן ווילדע מענטשן, אָדער גאָר אין גן־עדן התחתון, וווּ עס געפֿינען זיך צוועלף ברונעמס מיט קוועקזילבער און דרייצן גערטנער פֿון זאַפֿראַן, און גאָלד און זילבער וואַלגערט זיך, אַזוי ווי מיסט; אָדער ער הייבט זיך אויף, מיטן שטיינדעלע „ישפֿה", גאָר אין דער הייך, אויף יענער זייט כמאָרעס... עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אָנגעהויבן אָנרופֿן די אַלע זאַכן ביים נאָמען און זען זיך מיט זיי אויף יעדן טריט און שריט.

עטלעכע צונויפֿגעלייגטע באַלקנס אין הויף אייגנס אויף דאָס אַנדערע זענען שוין געווען גענוג פֿאַר אים, ער זאָל זיך אַרויפֿכאַפּן אויף זיי גאַנץ הויך און זיך פֿאָרשטעלן, אַז דאָס איז אַ „ווייספּע", און ער איז דער פּרינץ, און די גענדז מיט די קאַטשקעס, וואָס שפּאַצירן אַרום אין הויף — דאָס זענען די ווילדע מענטשנפֿרעסער, און ער איז איבער זיי דער מלך, וואָס קאָן זיי טרייבן וווּהין ער וויל און קאָן טאָן מיט זיי וואָס ער וויל, וואָרום זיי זענען דאָך זיינע אונטערטעניקע... עס איז גענוג געווען אַ שטיקל גלאָז טאָמער האָט ער געפֿונען, זאָל עס ווערן ביי אים פֿאַרוואַנדלט אין

א טייערן וואונדערשטיין, א מין „כדכד“... א שטיינדעלע, א פּראָסט, פון דער ערד אויפגעהויבן — קאָן עס אפשר זיין דאָס שטיינדעלע „ישפה“ — ווער ווייסט? פילט ער זיך נישט, נעמט און טוט דאָס א רייב, אז קיינער זעט נישט, אין דער רעכטער לאַץ, און א זאָג, ווי שמואליק זאָגט: „ס'זאָל מיר ארויסגיין און ארויסגיין...“

מער פון אלץ אָבער האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין אים שמואליקס מעשיות וועגן „אוצרות“. ער איז געווען מער ווי זיכער, אז נישט היינט איז מאָרגן, נאָר אן אוצר מוז זיך אים אנטפּלעקן. דאָס גאנצע גאָלד וועט ער, געוויינלעך, אוועקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דער טאַטע וועט שוין נישט דארפן זיין אזוי פארזאָרגט און פארטראָגן אין די געשעפטן. די מאַמע וועט פארשפּאָרן פירן גאנצע טעג אין קלייט. מיט דעם כּוח פונעם שטיין „ישפה“ וועט ער זיי אויסבויען א פּאַלאַץ פון קרישטאָל, ארומגערינגלט מיט א גאָרטן פון סאַמע זאַפראַן. און אין מיטן גאָרטן וועט זיך געפינען א ברונעם פון קוועקזילבער. א פלעגהונט וועט היטן דעם אריינגאַנג, און פּיפּערנאָטערס, שרעטעלעך מיטווילדע קעץ וועלן זיך דראַפּען אויף די ביימער. און ער, דער פּרינץ אליין, וועט אויסטיילן פון זיין ברייטער האַנט די וואָראָנקאָווער אָרעמעלייט נדבות, גרויסע נדבות און קליינע נדבות, איטלעכן אזא נדבה, ווי ער פאַרדינט.

עס איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די צוויי געליבטע חברים, שלום נחום וועוויקס און שמואליק דער יתום, זאָלן ווען אמאָל זיך דארפן צעשיידן אויף אייביק און אייביק. ערשטנס, גלאט למאי זאָלן זיך חברים שיידן? און אויסער דעם, האָבן זיי זיך געשווירן ביידע ביי גאָט און איבערגעשלאָגן מיט א ציצה, אז איינער אָן דעם צווייטן זאָל נישט אוועקפאָרן קיינמאָל אין ערגעץ נישט, און אז וואָס ס'זאָל זיך מיט זיי נישט טרעפן און וו זיי זאָלן נישט מגולגל ווערן, זאָלן זיי תמיד זיין איין נפש, איין נשמה. דאָס איז געווען א ליבשאפט, ווי צווישן דוד מיט יהונתן. גייט ריכט זיך אויף אזא מעשה, אז דער רב, וואָס איז טאקע געווען אפילו א ייד א זקן, איך האָבן מורא, אויב נישט א בן-שבעים, וועט נעמען אין וועט זיך פּלוצעם אין מיטן דערינען אוועקלייגן גאָר און וועט מאכן א שטארב, און דער יתום שמואליק וועט אוועקפאָרן מיט דעם רבס אלמנה ערגעץ אין א קליין שטעטל, ווייס איך וווהין, ערגעץ אין כערסאנער גובערניע, און אז שמואליק זאָל פארשווונדן ווערן, גלייך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל קיין שמואליק אויף דער וועלט נישט געווען!

מאָלט אייך, נישט אזוי גיך טוט זיך עס, ווי' עס רעדט זיך. נישט אזוי גרינג לייגט זיך אוועק א רב און שטארבט־אַוועק. דער רב, וואָס איז געווען תמיד א „חלוש", א קראנקער מענטש פון פאסטן תעניתים און פון גלאט נישט עסן, האָט זיך אויף דער עלטער אוועקגעלייגט אין בעט, אָפּגעלעגן א געליימטער העכער א יאָר, אָן עסן, אָן טרינקען, און נאָר גע־לערנט און נאָר געדאַוונט און געראַנגלט זיך מיטן מלאך־המות. שמואליק האָט דערציילט פאר זיין חבר און געשווירן מיט כל השבועות, אז אלע פארנאכט, בין מנחה למעריב, פליט אריין דורך א שפארינקעלע פון א פענצטער דער „בעל־דבר", שטעלט זיך אוועק ביים רב צוקאָפּנס און וואַרט, טאָמער וועט ער אויפהערן „זאָגן", וועט ער אים מאכן „כיק"... איז אָבער דער רב קליגער פון אים; ער הערט נישט אויף צו „זאָגן" אפילו אויף א רגע כמימרא; אָדער ער לערנט אָדער ער דאַוונט.

— ווי אזוי זעט ער אויס?

— ווער?

— דער „בעל־דבר".

— פון וואנען זאָל איך וויסן?

— דו זאָגסט, אז ער קומט, האָסטו מסתמא אים געזען.

— נאַרעלע! ווער עס זעט דעם „בעל־דבר", דער קאָן נישט לעבן מער. היינט ווי אזוי האָב איך אים געקאָנט זען?

— פון וואנען־זשע ווייסטו, אז ער קומט?

— ניין! וואָס דען וועט ער טאָן? ער וועט וואַרטן אויף כבוד?...

און אז דער רב איז געשטאָרבן, איז פאר די צוויי חברים געווען א יום־טוב. דער רב האָט געהאט אזא שיינע לוויה, ווי עס קאָן זיך פארגינען צו האָבן נאָר א רב אין א קליין שטעטל. די קלייטן האָט מען געשלאָסן און די חדרים האָט מען צעלאָזט, און די גאנצע „שטאָט" איז אים גע־נאנגען באַגלייטן.

אויף צוריקוועגס זענען די פארליבטע חברים, „דוד ויהונתן", גע־ווען די לעצטע שבלעצטע. מע האָט זיך גענומען פאר די הענט און מע איז געגאנגען פּאַוואָליע, בכדי מע זאָל זיך קאָנען גוט אָנרעדן. און רעדן איז געווען פון וואָס. פונעם רבס טויט און פון זיין קומען אויף יענער וועלט, ווי אזוי מע וועט אים דאָרטן באגעגענען ביי די טויערן פון גן־עדן, און ווי אזוי מע וועט אים אויפנעמען, און ווער וועלן זיין די, וואָס וועלן אים מקבל־פּנים זיין.

אלצדינג האָט שמואליק געוווּסט, אפילו וואָס ד אָ ר ט ן טוט זיך.
און פון אלצדינג האָט ער גערעדט אזוי, גלייך ווי ער וואָלט געווען דערביי.
עס איז אויסגעקומען אזוי, אז דער רב איז גאָרנישט געשטאָרבן. ער האָט
זיך נאָר איבערגעטראָגן אין אן אנדער וועלט, אין א בעסערער וועלט, ווו
מען האָט געוואַרט אויף אים מיטן לויתן און מיטן שור=הבר און מיטן
יין=המשומר און מיט אלע גוטע זאכן פון גן=עדן. אָ, דאָרט וועט ער ערשט
אָנהייבן צו וויסן פון א לעבן, א ניי לעבן, א גליקלעך לעבן, אין א פראכט=
פולן גן=עדן. אינאיינעם מיט אזעלכע מאגנאטן, ווי אברהם, יצחק און יעקב,
און יוסף הצדיק, און משה מיט אהרנען, און דוד המלך, און שלמה המלך,
און אליהו הנביא, און דער רמב"ם, און דער בעל=שם=טוב, און דער רי=
זשינער — ווי לעבעדיקע האָט זיי שמואליק אָפגעמאָלט, און ווי לעבעדיקע
זענען זיי געשטאנען פאר די אויגן, יעדער מיט זיין געשטאלט און מיט
זיין פנים און מיט זיין אויסזען: אברהם אבינו — א זקן מיט א ווייסער
באָרד, יצחק — א לאנגער און א דאַרער, יעקב אבינו — א קראנקער און
א סוטולעוואטער, יוסף — א „קראסאוועץ", משה רבינו — א נידעריקער
ווּקס, נאָר א ברייטער שטערן, אהרן הכהן — דווקא א הויכער מיט א
לאנגן יאַמשאָוון שטעקן, דוד המלך — מיט א פידל, שלמה המלך —
מיט א גאָלדענער קרוין, אליהו הנביא — אן אָרעם יידל, דער רמב"ם —
אן אויסגעפוצטער מיט א קיילעכיקער באָרד, דער בעל=שם=טוב — א פראָס
טער ייד מיט א פראָסטן שטעקן, דער ריזשינער — א שיינער ייד אין א
זיידענער זשופּעצע...

עס האָט אזש אָנגענומען א חשק צו זען זיך מיט די דאָזיקע אלע
לייט; עס האָט זיך פשוט געגלוסט זיין מיט זיי דאָרטן אין גן=עדן, פאר=
זוכן כאָטש א שטיקל פונעם לויתן מיטן שור=הבר, כאָטש א טראָפּן פונעם
יין=המשומר. עס איז געווען באמת מקנא צו זיין דעם רב, ווי ער לעבט
דאָס איצט דאָרטן א גוטן טאָג, נאָר פארגעסן, אז מען האָט אים נאָר=וואָס
אראָפּגעלאָזט אין אן ענגן פינצטערן קבר, און אז מע האָט אים פארשאָטן
מיט קלעפּיקער שווארצער ערד און צוגעקלאפּט מיט הילצערנע לאָפּעטעס,
און אז שמואליק אליין טאקע האָט געזאָגט נאָך אים קדיש. וואָרום דער
רב איז געשטאָרבן אָן קינדער — נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיי
שום יידן געדאכט.

## 7

# שמואליק ווערט פֿארשוואונדן

דוד מיט יהונתן צעשיידן זיך אויף אייביק. — דער סוד פֿונעם אוצר. — פֿאר־לוירן א חבר.

די גאנצע וואָך, וואָס די רביצין איז געזעסן שבעה נאָכן רב, האָט שמואליק דער יתום ארומגעבלאָנקעט איינער אליין איבער דער שטאָט, ווי אן אמתער יתום, וואָס איז נאָך מער פֿאריתומט געוואָרן. זיין גאנצער ארויסקוק איז געווען אויף דעם פֿארנאכט, ווען מע צעלאָזט די קינדער פֿון די חדרים — דעמלט וועט ער זיך קאָנען זען מיט זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, וואָס איז צו אים נאָך מער צוגעבונדן געוואָרן זינט דער רב איז געשטאָרבן. עס האָט זיך געפֿילט אינסטינקטיוו, אז די צוויי געליבטע חברים, „דוד ויהונתן", באדארפֿן זיך באלד צעשיידן. ווי אזוי דאָס וועט געשען — האָבן זיי נאָך אליין נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן. זיי האָבן דעריבער אויסגענוצט יעדן פֿארנאכט אויף צו פֿארברענגען אינאיי־נעם, זיין וואָס נעענטער אייגס נעבן דאָס אנדערע.

א גליק, וואָס ס'איז זומער, און זומער לערנט מען נישט ביינאכט אין חדר. קאָן מען דעריבער זיך פֿארקלייבן אינצווייען ביי נחום וועוויקס אין גאָרטן, און האָרטן, אונטער א בארגבוים, אָפּזיצן א שעה און צוויי און דריי און שמועסן; אָדער אז נישט, קאָן מען זיך דורכגיין פֿון דער שטאָט ארויס, העט־ווייט אויף יענער זייט מילן, אבי שקצים זאָלן נאָך נישט באַ־פֿאלן און נישט אָנרייצן די הינט אויף די „פֿארשאָלטענע זשידוהעס".

דאָרט, פֿון יענער זייט מילן, האָבן די צוויי חברים, שמואליק דער יתום און שלום נחום וועוויקס, געקאָנט זיך אָנרעדן וויפֿל זייער הארץ גלוסט. און רעדן איז געווען פֿון וואָס. איין זאך האָט זיי אינטערעסירט ביידן: וו אָ ס וו ע ט ז יי ן וו יי ט ע ר? וואָס וועט זיין, טאָמער פֿאָרט

שמואליק אוועק? ווארום געהערט האָט שמואליק זאָגן, אז די רביצין קלייבט זיך ערגעץ אין בערסאנער גובערניע. זי האָט דאָרט א שוועסטער, שרייבט איר די שוועסטער, זי זאָל קומען צו פאָרן. איז ווי באלד די רביצין פאָרט — פאָרט שמואליק אויך. וואָס וועט ער דאָ טאָן איינער אליין? ער האָט דאָך אפילו נישט ווו דעם קאָפּ אָנצושפארן!...

פארשטייט זיך, אז ער פאָרט נישט אויף לאנג, און יעדנפאלס — נישט אויף שטענדיק. לאָז ער נאָר קומען אהין, אזוי זעצט ער זיך באלד לערנען „קבלה“, און ווי נאָר ער דערגייט דעם „סוד“, אזוי קומט ער צו פאָרן צוריק אהער, קיין וואָראָנקאָ, און נעמט זיך צו דער ארבעט — אויפ־זוכן דעם אוצר. ער וועט פאסטן פערציק תעניתים, אָפּזאָגן אלע טאָג פער־ציק קאפּיטלען תהילים, און אויפן איין־און־פערציקסטן טאָג כאפּט ער זיך ארויס בסוד, אז קיינער זאָל נישט וויסן, ציילט אָפּ פערציק מאָל פער־ציק, שטייענדיק אויף איין פוס פערציק מינוט אויפן זייגער...

— ווו האָסטו א זייגער?

— איצט האָב איך נישט, דעמלט וועל איך האָבן.

— ווו וועסטו נעמען?

— ווו וועל איך נעמען? איך וועל גנבענען! וואָס האָט דאָס צו דיר?

שלום קוקט זיין חבר שמואליקן אין די אויגן אריין. ער האָט מורא, טאָמער האָט ער אים אָנגערירט מיט א וואָרט, און ער וועט חלילה ווערן ברוגז. שמואליק איז אָבער נישט אזא חבר, וואָס מיט איין וואָרט זאָל מען פארלירן ביי אים איגגאנצן. און שמואליק הערט נישט אויף צו דערציילן מעשיות, וואָס עס וועט זיין אמאָל, אמאָל, אז ביידע חברים וועלן אויס־וואקסן און ווערן גרויסע, וואָס זיי וועלן אויפטאָן אין דער דאָזיקער שטאָט, און ווי גליקלעך זיי וועלן מאכן די וואָראָנקאָווער יידן. און עס גיסט זיך ביי אים, ווי ריינער בוימל. און עס ציט זיך ביי אים, ווי גוטער האָניק. און עס ווילט זיך גאָרנישט אוועקגיין אין דער וואָרעמער, זומערדיקער, פאר־כישופטער נאכט. נאָר מע מוז, מע מוז גיין אהיים שלאָפן — אנישט, קאָן מען כאפּן א מיאוסן פּסק!... און מע געזעגנט זיך אָפּ: „ביז מאָרגן, ביז מאָרגן!“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז אוועקגעגאנגען א מאָרגן און נאָך א מאָרגן, און נאָך א מאָרגן — נישטאָ שמואליק! ווו איז ער? — ער איז אוועקגעפאָרן. אויפ־געהויבן זיך אינאיינעם מיט דעם רבס אלמנה און אוועקגעפאָרן אין כער־סאנער גובערניע. ווען? ווי אזוי? אפילו נישט געזעגנט זיך?!...

א פארלוירענער, א צערודערטער איז געבליבן זיין חבר שלום איי=
נער אליין, עלנט ווי א שטיין. אוועקגעפאָרן זיין בעסטער, זיין ליבסטער און
זיין טייערסטער. אוועקגעפאָרן! פינצטער געוואָרן די גאנצע וועלט: וואָס
מיר וועלט, אז ס'איז נישטאָ שמואליק! און דער איבערגעבליבענער עלנ=
טער חבר האָט דערפילט א מאָדנע ענגשאפט אין האלדז, און אין נאָז
האָט אים אָנגעהויבן צו קיצלען און אין הארצן צו שטיקן. האָט ער זיך
פארקליבן ווייט=ווייט אין א ווינקעלע און לאנג=לאנג געוויינט.

ווי מיינט איר: לעבט ער נאָך ערגעץ, אָט דער טשעקאווער שמואליק
מיט די פארחלומטע אויגן און מיט זיין שיין, חנעוודיק לשון, וואָס גיסט
זיך ווי ריינער בוימל און ציט זיך ווי גוטער האָניק? וווּ איז ער, און וואָס
איז ער, למשל, אצינד — א מגיד? א רב? א מלמד? א סוחר? א קרע=
מער? א מעקלער? אָדער גאָר אן אָרעמאן, אן עני ואביון? אָדער אפשר
האָט עס אים פארטראָגן אינעם גאָלדענעם לאנד, אין אמעריקע, און ער
„מאכט א לעבן"?... אָדער אפשר ליגט ער שוין דאָרטן, וווּ מיר וועלן אלע
ליגן איבער הונדערט יאָר און די ווערעם וועלן פון אונדז הנאה האָבן?...

ווער עס ווייסט עפּעס, ווער עס האָט גע=
הערט פון אים — זאָל זיך אָפּרופן.

8

# מאיר מעדוועדעווקער

א נייער חבר, וואָס קען זינגען. — חדר־ייִנגלעך קונדסים מאַכן טעאַטער־שפּיל. — פון א באָרוועסן יונג א קונדס וואַקסט אויס א באַרימטער ארטיסט.

לאַנג זאָרגן זיך און באַקלאָגן דעם פאַרלוירענעם שמואליקן האָט זיין געטרייער חבר נישט באַדאַרפט. גאָט האָט אים ממלא געווען און גיך צוגעשיקט א נייעם חבר.

אזוי איז דאָס געווען: וויבאַלד דער אַלטער רב איז געשטאָרבן, איז דאָך דאָס שטעטל געבליבן אָן א רב. על־כּן האָט נחום וועוויקס אַוועקגעוואָרפן אַלע געשעפטן און איז אַוועקגעפאָרן אין א צווייט שטעטל, קיין ראַקיטנע, וווּ עס האָט זיך געלאָזט הערן איבער דער וועלט א רב, א שם־דבר, מיטן נאָמען ח יי ם מ ע ד וו ע ד ע וו ק ע ר. אָט דעם רב האָט דאָס נחום וועוויקס אַראָפּגעבראַכט קיין וואָראָנקאָ, און דאָס שטעטל האָט זיך מיט אים משמח געווען, וואָרום חוץ דעם וואָס ער איז געווען א גרויסער למדן און א ירא־שמים און א יודע־נגן, איז ער נאָך געווען דערצו א גרויסער אָרעמאַן אויך, האָט ער שוין אין איינוועגס צוגעקנעלט מיט די באַלעבאַטישע קינדער (פון דער עלטערער כּתה).

פונדעסטוועגן האָט מען חלילה דעם מלמד רב זרחלען אינגאַנצן נישט אָפּגעזאָגט. ווי נעמט מען דאָס און מע קוילעט אָפּ א יידן גלאַט אזוי פון פּרנסה? איז רב זרחל פאַרבליבן מלמד אויף תנ"ך און אויף שרייבן (יידיש און רוסיש, און דייטש, און פראַנצויזיש, און לאַטיין, וועלכע נישט די קינדער, נישט דער רבי האָבן פאַרשטאַנען מיט וואָס מע עסט דאָס), און גמרא האָט מען געלערנט ביים נייעם רב. און כאָטש שלום נחום וועוויקס איז געווען טאַקע נאָך אַלץ א שייגעץ און נישט געוואָלט וואַקסן אין דער הייך, נאָר פונדעסטוועגן האָט מען אים אַריינגענומען אין דער גרויסער

כתה, ווארום אז דער נייער רב האָט אים פאַרהערט א פרשה חומש מיט רש"י, האָט ער אים דערלאַנגט א קניפּ אין בעקל: „א רעכטער שקאָץ!" — און דעם פאָטער האָט ער געגעבן א זאָג, אז ס'איז אן עבירה פאַר גאָט איבערלאָזן אזא שקאָץ אויף טרוקענעם תנ"ך; מע באַדאַרף אים א נעם טאָן צו גמרא. „נישקשה, ס'וועט אים גאָרנישט שאַטן".

פאַרשטייט מען, אז דער פאָטער איז געווען מלא גדולה, און דער „שקאָץ" אליין איז נישט געווען אזוי צופרידן מיט דער גמרא, איז ער אָבער דערפאַר געווען ביי זיך גדולדיק, וואָס ער זיצט אינאיינעם מיט די גרויסע, און געבלאָזן פון זיך, פאַרריסן די נאָז — א קלייניקייט!

אראָפּגעקומען איז רב חיים דער רב פון ראַקיטנע נישט אליין, נאָר מיט צוויי זין: איינער א בעל־הביתל שוין, מיט א קנאָפּ אין גאָרגל, מיטן נאָמען אברהמל, וואָס האָט געהאַט א קול־נגינה און געקענט שיין דאַווענען פאַרן עמוד, און דער אנדערער, מאירל, האָט נאָר געהאַט א שיין קול אויף צו זינגען און אויך א קנעפּל אין גאָרגל, נאָר צום לערנען האָט ער געהאַט א שייטהאָלץ, נישט קיין קאָפּ. און נישט אזוי נאָר א גראָבער קאָפּ, ווי א גרויסער שייגעץ, און מיט אים איז דאָס שלום נחום וועוויקס געוואָרן אינגיכן חבר. א ראַקיטנער יינגל און דעם רבס א זון — מיט דער האַנט קאָן מען אים נישט אָוועקמאַכן. דערצו האָט דער מאירל געהאַט א מעלה: ער האָט געזונגען לידלעך, און נאָך וואָסערע לידלעך! האָט ער אָבער צו דער מעלה געהאַט א חסרון — א טבע פון אן אמתן אַרטיסט: ער האָט פיינט געהאַט זינגען גלאַט אזוי אומזיסט. איר ווילט הערן זינגען — באַצאָלט, זייט מוחל! א גראָשן א לידל. און אז ס'איז נישטאָ קיין געלט, איז אן עפּל אויך גוט. פאַר נויט — א האַלבער עפּל, א פּאָר פלוימען, א שטיקל צוקערקע — קיין אומזיסט איז נישטאָ! דערפאַר האָט ער אָבער געזונגען אזעלכע לידלעך, מיט אזא זיס קול און מיט אזא געפיל, אז א כפרה, כ'לעבן, אלע היינטיקע סאָבינאָווס, קאַרוזאָס, שאַליאַפּינס סיראַטאַס און די אלע איבעריקע מנגנים פון דער וועלט!

„גיי איך ארוים אויף דער ווילנער גאַס,
הער איך א קול מיט א גרוים געשריי:
אוי־וויי! —
מע ווייגט אזוי..."

אלע יונגלעך האָרכן, גאַפן, גייען אוים פון זיסקייט, און ער — גאָרנישט! יאָסעלע סאָלאָוויי! היינט זיינע שטיקלעך פון דאַווענען! אמאָל,

אז דער רבי, טאקע זיין פֿאָטער, דער רב, רב חיים הייסט עס, האָט זיך ארויסגעכאַפּט אויף א רגעלע אין דרויסן, האָט זיך מאיר אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט, דעם טישטעך אָנגעטאָן פֿאַר א טלית, זיך גע־נומען ביים גאָרגל מעשה חזן און ארויסגעלאָזט א געשריי פֿון די סליחות: „אל מלך יושב" — גיד־גיד, און אויסגעלאָזט אויף א קול: „ויקרא־א ב־ש־ם!" — קומט אָן דער רבי:

— וואָס איז דאָס? חזנישע שטיק וועסטו פּראַווען? אנו, משומד, לייג דיך נאָר אוועקעט אויפֿן בענקעלע אָט אזוי...

און עס הייבט זיך אָן אן עקזעקוציע.

נישט נאָר אין נגינה אליין האָט זיך אויסגעצייכנט מאירל מעדוועדעווקער. ער האָט געהאַט נאָך א חולאת: שפּילן, פֿארשטעלן זיך, מאכן אָנשטעלן: „מכירת־יוסף", „יציאת־מצרים", „עשר מכות", „משה רבינו מיט די לוחות", און נאָך און נאָך אזעלכע אָנשטעלן.

למשל, ער האָט זיך פֿארשטעלט פֿאַר א גזלן, מיט א גרויסן שטעקן אין האַנט און מיט דער רביצינס קאָלאָדאַטשמעסער, אריינגעשטעקט אין דעם רבינס גאַרטל, און דווקא באָרוועס, און מיט אונטערגעקאַטשעטע הויזן, און אויגן, רבונא דעמלא כולא — טאַקע ווי ביי א גזלן! שלום נחום וועוויקס איז געווען דער ייד, דער אביון, מיט א גראָבן שטעקן אין האַנט, מיט א קישעלע פֿאַר א האָרב, איבערגעקערט דאָס היטל אויף דער לינקער זייט, גייט ער נעבעך בעטן א נדבה. פֿארבלאָנדזשעט אין וואלד. דער וואלד — דאָס זענען די ייִנגלעך. און שלום נחום וועוויקס דער אביון גייט צווישן די ביימער, אָנגעשפּארט אויף זיין גראָבן שטעקן, זוכט א וועג און באַגעגנט זיך מיט — מאיר דעם גזלן! כאַפּט ארויס דער גזלן דאָס מעסער פֿון גאַרטל און זינגט צו אים א ליד, און דווקא אויף רוסיש, אין לאָזט אוים:

„דאוואי דיע־ע־ענגי,

דאוואי דיע־עע־ענגי!"

בעט זיך ביי אים נעבעך דער אָרעמאַן, שלום, מיט טרערן, ער זאָל זיך דערבארעמען אויב נישט אויף אים, איז אויף זיין ווייב און קינדער. זי וועט בלייבן אן אלמנה, און די קינדער יתומים. כאַפּט אים דער גזלן, מאיר, פֿארן גאָרגל און טוט אים א וואַרף אין דער ערד אריין — קומט אָן דער רבי, און עס הייבט זיך אָן א חתונה:

— מילא דער (ער באַווייזט אויף זיין אייגענעם זון) איז א שייגעץ,
א משומד, א מומר להכעיס. אָבער דו, נחום וועוויקס יינגל, ווי קומסטו זיך
גלייכן צו אים, צו אָט דעם משומד?

דער רבי, רב חיים דער רב, איז, אפּנים, געווען א שטיקל נביא: אין
א סך יאָרן ארום האָט זיין מאיר מעדוועדעווקער, וואָס איז געוואָרן נאָכ־
דעם דער באַרימטער אַרטיסט מעדוועדיעוו, געוווּמען און האָט טאַ־
קע, ווי עס רעדט זיך, אויסגעביטן דאָס רענדל... כאָטש דאָס מוז מען צי־
געבן, אז די מצווה פון כיבוד אב האָט ער מקיים געווען, ווי דער בעסטער
ייד און אויפן שענסטן אַרט: ער האָט געקויפט פאַר זיין אַלטן, אָרעמען
טאַטן אן אייגענע דירה אין ראַקיטנע, האָט אים „אָפּגעשאָטן מיט גאָלד“,
געקומען צו אים אַלע זומער צו־גאַסט, געבראַכט מתנות פאַר דער גאַנ־
צער משפּחה, און רב חיים דער רב, וואָס האָט נישט געוווּסט, וואָס פאַר
א שפּיצל זיין זון האָט אים אָפּגעטאָן, בכדי ער זאָל זיך קאָנען אָנרופן
„אַרטיסט אימפּעראַטאָרסקיך טעאַטראָוו“, האָט געהאַט א גליקלעכע עלֿ־
טער... נאָר מיר קערן זיך אום צוריק צו זיין קינדהייט, בעת מאיר מעד־
וועדעווקער האָט גאָרנישט געוווּסט, און אפילו נישט געחלומט, אז ער
וועט אמאָל הייסן מיכאיל יעפימאָוויטש מעדוועדיעוו און וועט
מרעיש עולם זיין און איבערקערן וועלטן.

.9

# פארלוירן נאָך א חבר

מע טרייסלט בארלעך און מע כאפּט שמיץ. — מע לערנט זיך גנבענען. — תשעה־
באָב ביים גלח אין גאָרטן. — די עקזעקוציע.

עס איז קיין חידוש נישט, וואָס די צוויי חברה־לייט, מאיר מעהוועדעווע־
קער און שלום נחום וועוויקס האָבן זיך צוגעבונדן איינס צום אנדערן און
געוואָרן נפש אחת. עפּעס האָט זיך געפונען א מחותנעשאפט צווישן זייערע
נשמות און א מין פאָרגעפיל, אז עפּעס וועט פון זיי אמאָל אויסוואקסן.
און זייער פאָרגעפיל האָט זיי נישט אינגאנצן אָפּגענארט: אין א יאָר
צוואנציק ארום, אז די צוויי האָבן זיך באגעגנט (דאָס איז געווען אין ביע־
לאצערקאָוו, קיעווער גובערניע, ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען), איז איינער
געווען שוין א בארימטער ארטיסט מ ע ד וו ע ד י ע וו, און דער אנ־
דערער האָט שוין געשריבן פעליעטאָנען אינעם „יידישן פאָלקסבלאט“ אונ־
טערן נאָמען ש ל ו ם־ע ל י כ ם.

נאָר מיר קערן זיך אום ווידער אמאָל צו זייער קינדהייט, ווען איינער
האָט נאָך געהייסן מאירל מעהוועדעווקער, און דער אנדערער—שלום נחום
וועוויקס, און זיי האָבן נאָך שפּאצירט איבער וואָראָנקאָווער גאסן באָרוועס
גלייך מיט אלע באלעבאטישע יינגלעך. און מע מוז זאָגן דעם ריינעם אמת,
אזביידע חברים האָבן נישט אזוי שטארק חשק געהאט צו דער תורה, וואָס
דער רבי ר' חיים מעהוועדעווקער וועט אין זיי ארייננזעצן, און צו זיין
יראת־שמים, וואָס ער וועט אין זיי ארייננפלאנצן. זיי האָבן בעסער חשק
געהאט צו אנדערע זאכן. למשל, גרינע אגרעסן רייסן פון א בוים, אָדער
טרייסלען בארלעך אָדער פלוימען, עס מעג זיך זיין אפילו פון אן אייגענעם
גאָרטן, איז א סך מער פארגעניגן, ווי שמאכטן איבער דער גמרא, אָדער

דאַווענען מיט כוונה, ווי דער רב ר׳ חיים האָט געפאָדערט פון זיינע תלמי־דים, אָדער זאָגן א קאַפּיטל תהילים.

— די גמרא איז נישט קיין ציג, זי וועט נישט אַנטלויפן, דאַווענען וועט גאָט מוחל זיין, און תהילים לאָזן זאָגן אַלטע יידן!...

אזוי האָט איינגעטענהט מאיר מעדוועדעווקער מיט זיין חבר שלים נחום וועוויקס און האָט אים בעסער געלערנט, ווי אזוי מע קלעטערט ארויף אין איין שמע־ישראל אויפן העכסטן בוים, ־אָדער ווי אזוי מע שפּרינגט אונטער און מע פארטשעפּעט א צווייג פון א קאַרשן־בוים, קריכן די קארשן דעמלט אליין אין מויל אריין. איי, עס ווערן נאָכדעם שווארץ די ליפּן, און נאָך די שפּיץ פינגער דערקענט מען, אז מען האָט געריסן קארשן? וואָס קאָן דאָ זיין? „וועט מען אָפּשמייסן — א טייערע מעציאָע!“...

דאָס שמייסן אין חדר איז געווען אזא געוויינלעכע זאך, אז די חדר־יינגלעך האָבן נישט געפילט קיין שום בזיון — פון קיין ווייטיק רעדט מען נישט! „וואָס איז דען אזעלכעס, אז מע באַקומט פונעם רבין עטלעכע לאָקשן? ביז דער חתונה וועט זיך עס פארהיילן“... א בזיון איז געווען נאָר פאר יענעם, וואָס איז שוין געווען א חתן. אי דאָס, האָט ער נאָר מורא גע־האָט פאר איין זאך: טאָמער ווערט געוויר די כלה, און נישט אזוי די כלה, ווי דער כלהס חברטאָרינס — וועלן זיי איר אויסוואַרפן: „דער חתן מי־ין געשמיסענעם דאָס“...

מאיר איז נאָך נישט געווען קיין חתן און האָט דערפאר קיין מורא נישט געהאַט, ער האָט דעריבער געפירט זיין חבר שלום אויפן „דרך־הישר“, געלערנט אים פארקנייטשן דאָס דאַווענען, טראָגן פון קלייט אונטער דער מאַמעס נאָז באָקסערן, מיט קאָנפעקטן, מיט גויאישע לעקעכלעך, מיט נאָך גוטע זאַכן — דאָס הייסט נישט חלילה געגנבעט, נאָר „געלקחנט“, און דערפאר שטראָפט מען נישט אויף יענער וועלט.

דאָס אלצדינג וואָלט אפשר אָפּגעלאָפן גלאַט, ווען עס זאָל זיך נישט געווען טרעפן מיט מאירן אן אומגליק: ער איז נעבעך אריבער איבער א פלויט, אריין צום גלח אין גאָרטן און אָנגעריסן א פולן בוזעם מיט באר־לעך. האָט דעם גלחס טאָכטער דערזען דורכן פענצטער. איז דער גלח ארויסגעלאָפן מיט א הונט און האָט אים געכאַפּט. האָט אים דער הונט צעריסן, איך בעט איבער אייער כבוד, די הויזן, און דער גלח האָט אראָפּ־געריסן ביי אים דאָס היטל און געלאָזט אים גיין, ווו די אויגן טראָגן.

וואָלט דאָס אפשר אויך נאָך נישט געווען אזאן אומגליק, ווען דאָס זאָל נישט געווען זיין תשעה־באָב! סטייטש, אלע יידן גייען ארום אין די



שלום־עליכם און זיין פאָטער (קיעוו 1885)

זאָקן, קלאָגן און וויינען אויף חורבן בית־המקדש, און ער, ר׳ חיים דעם רבס זונדל, שפּאַצירט אַרום אָן אַ היטל און מיט צעריסענע הויזן!

די עקזעקוציע, וואָס דער יונג איז נעבעך אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך נישט באַשרייבן ביי הײַנטיקע צייטן פון רייניקע פּראַגרעס. און נישט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז, וואָס מע האָט שלום נחום װעװױקס געמוזט אַפּנעמען פון חדר, און קוקנדיק אויף נחום װעװױקס, האָבן אַנדערע טאַטעס אויך אַפּגענומען זייערע קינדער. איז נעבעך רב חיים דער רב געבליבן אָן אַ קנעלונג. האָט איִם דאָס רבנות מיטן חזנות געגעבן ווינציק פּרנסה. האָט ער זיך געמוזט אַריבערפּעקלען, מחילה, צוריק קיין האַקימנע. איז דאָס שטעטל געבליבן אָן אַ רב.

נאָר שרעקט זיך נישט — דאָס איז געווען נישט אויף לאַנג. נחום װעװױקס האָט אַראָפּגעבראַכט אַ נייעם רב, פון באַרישפּאָלי, מיטן נאָמען שמואל־עליע, אַ יונגערמאַן, וואָס קען אויך אי גוט לערנען, אי שיין זינגען, און דערצו שפּילט ער אין שאָך, וואָס איז גאָר אַ חריפות! איין חסרון נאָר האָט אָט דער שמואל־עליע: ער איז אַ ביסל אַן אינטריגאַנט און אַ חנופהניק און האָט ליב רעדן מיט יונגע ווייבלעך, אַז קיינער זעט נישט...

און אָט אַזוי איז פאַרלוירן געגאַנגען דער צווייטער חבר פון אונדזער העלד.

.10

# חבר „סירקאָ"

א הונט א חכם און א בעל דרך־ארץ.—צער בעלי־חיים.—א גלגול פון א מענטשן.
— א געטרייער חבר.

איך מיין, אז נאָכן נאָמען אליין איז נישט שווער צו שטויסן זיך, אז סירקאָ איז געווען נישט קיין מענטש, נאָר א הונט, א געוויינלעכער הונט מיט א גרויער פעל, וואָס דעריבער האָט ער געהייסן „סירקאָ".

איך זאָג: א הונט א געוויינלעכער — איך מוז אָבער באלד פארענט־פערן, אז ניין, נישט קיין געוויינלעכער, ווי מיר וועלן עס באלד געווי־ווערן. פריער אָבער מוז מען זאָגן א פאָר ווערטער וועגן דעם הונטס ביאָ־גראפיע — פון וואנען קומט צו א יידן א הונט? איז אזא מעשה:

אז נחום וועוויקס איז אראָפּגעקומען פון שטאָט אין שטעטל אריין און איבערגענומען די „פאַטשט" מיטן הויף, מיטן גאנצן אינווענטאר, האָט זיך אין הויף געפונען דער הונט סירקאָ, נאָך גאָר א יונגער, נאָר שוין א פארשטאנדיקער, אן אמתער „בר־דעת", אויף אזוי ווייט, אז ער האָט געקענט די נייע באלעבאטים — איז איינס; און דאָס צווייטע: פאר א יידן האָט ער געהאט דרך־ארץ, נישט זאטשעפעט, חלילה, ווי אנדערע הינט, וואָס האָבן א טבע — וויבאלד זיי דערזעען פאר זיך א לאנגע קאַפּאָטע, אהא, אזוי ווערן זיי מלא רציחה...

פארשטייט זיך, אז מיט די נייע באלעבאטים האָט סירקאָ נישט גע־האט קיין שום מגע־ומשא, אין שטוב נישט אריינגעשמעקט אפילו. מסתמא האָט מען אים לכתחילה געגעבן אָנצוהערעניש מיט א שייטהאָלץ איבערן קאָפּ, אז אין א יידישער שטוב זאָל א הונט נישט קריכן...

אין קיך אריין האָט ער אויך נישט געהאט קיין דריסת־הרגל. „פרו־מע די מויד" מיטן בלינדן אייגל האָט אים „אָפּגעלאָנטשעט" דערפון סך־

הכל מיט איין אָקרעפּ זודיק וואסער, וואָס זי האָט איינמאָל אין אן ערב־שבת אויסגעגאָסן אויף אים מיט א כיוון און אָפּגעקאָכט אים א שטיק פעל, און דווקא גאָר אין גוטן מוט, און נאָך געלאכט אויך.

אך, אָט די פרומע! א טאָטעריש הארץ האָט געהאט אָט די מויד! נישט קיין הונט, נישט קיין קאץ האָט זי נישט געקאָנט פארטראָגן. מיט טרערן אויף די אויגן האָט שלום נחום וועוויקס איינמאָל קוים ארויסגעראטעוועט פון אירע הענט די קאץ, וואָס זי האָט צוגעבונדן צום פיסל פון טיש און מיטן שטעקן פונעם בעזעם אזוי אומברחמנותדיק געשלאָגן, אז די קולות פון דעם אומגליקלעכן באשעפעניש זענען געגאנגען אין הימל אריין!

— פרומעניו, הארצעניו, ליובעניו, וואָסט טוסטו? א צער בעלי־חיים! גאָט וועט שטראָפן! שלאָג מיך בעסער, שלאָג מ י ך, אבי נישט די קאץ!

— האָט זיך שלום געבעטן און אונטערגעשטעלט דעם רוקן אָט דער דעספּאָטישער מויד, וואָס האָט זיך אליין ארומגעקוקט, אז שוין צו אכזריותדיק האָט זי זיך באגאנגען מיט דער קאץ, און האָט זי אָפּגעגאָסן מיט א קוואָרט קאלט וואסער — קוים „אָטכאיוטשעט“ דאָס האלב־טויט באשעפעניש.

און דאָס אלצדינג איז געווען, מיינט איר, איבער וואָס? איבער א נארישקייט: פרומען האָט זיך אויסגעדאכט, אז די „נאשערין“ (קיין אנדער נאָמען האָט זי ביי איר נישט געהאט!) האָט שוין עפּעס געכאפּט, וואָרום זי האָט געטראָפן באַלעקן זיך. „וואָס באַלעקט זיך פלוצעם, אין מיטן דערינען, א קאץ?“... אלעמען און יעדן איינציקן האָט פרומע חושד געווען: וויבאלד א קאץ — איז זי מסתמא א נאשערין, א הונט — א מזיק, א גוי — א גנב, א קינד — א חזיר... און אזוי אלע, די גאנצע וועלט! נאָר מיר קערן זיך אום צוריק צום הונט סירקאָ.

ארויסגעטריבן געוואָרן אזוי מיאוס פון שטוב, סיי פון קיך, וואָלט אן אנדער הונט אויף זיין אָרט געווים זיך אָפּגעטראָגן פונעם דאָזיקן הויף: „לעבט אייך הונדערט און צוואנציק יאָר!“ ניין, סירקאָ איז געווען נישט אזא מין. ער זאָל וויסן — דער טויט זאָל זיין, וועט ער פון הויף נישט אוועק! דאָ איז ער געבוירן, דאָ וועט ער פּגרן... ובפרט, ער האָט געהאט גוטע מליצים פאר זיך: די קינדער פון דעם באלעבאָס. ער האָט נושא־חן געווען אין זייערע אויגן, כאָטש פרומע האָט זיך געפלייסט אים צו פארמיאוסן. א סך, א סך הינט וואָלטן זיך ווינטשן האָבן אזא אויסקומעניש מיט אזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאט. פונעם שענסטן און פונעם בעסטן

האָבן אים חברה אַרויסגעטראָגן אין די קעשענעס, פֿאַרשטייט זיך בסוד־סודות, אַז קיינער זאָל נישט זען און אפֿילו נישט אָנשטויסן זיך, וואָרום ס'וואָלט געקאָנט זיין זייער מיאוס פֿאַר ביידע צדדים. סירקאָ האָט שוין געוווסט די צייט פֿון אָנבייסן, פֿון וואַרעמעס און פֿון וועטשערע, און האָט שוין אַרויסגעקוקט מיט אַלע אויגן, ווען וועט מען אים שוין אַרויסטראָגן פֿון אַלע גוטע זאַכן. ער האָט שוין געוווסט אַפֿילו, ביי וועמען אין וואָסער קעשענע אָנצושמעקן און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אַהין — אַ הונט אַ חכם!

הייסט די קונצן, וואָס חברה האָבן אים אויסגעלערנט! אַנידערלייגן אים אויפֿן שפּיץ נאָז אַן אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער אַ שטיקל ברויט, און זאָגן אים: „גיע רוש!" (געוויינלעך, רעדט מען מיט אַ הונט אויף גויאיש) — וועט ער אייך וואַרטן מיט דרך־ארץ וויפֿל איר ווילט, ביז ער וועט דער־הערן דאָס גוטע וואָרט: „האַם!" דעמלט טוט ער אַ שפּרונג אונטער — און פֿאַרטיק.

ווינטער ביינאַכט, ווען די קינדער גייען אין חדר אַריין, האָט זיך סיר־קאָ נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף זיינע חברים, און אַלעמאָל, אַרום אַזייגער גיין, איז ער אויסגעוואַקסן אונטערן פֿענצטער, געשאַרט מיט די לאַפּעס איבער די געפֿרוירענע טאַפֿליעס — אַ סימן, אַז ס'איז שוין צייט צו פֿאַר־מאַכן די ספֿרים און גיין אַהיים עסן וועטשערע. ביים רבין איז סירקאָ גע־ווען, להבדיל, אַ זייגער. „נישט אַנדערש — האָט ער געזאָגט — אַז אייער הונט איז אַ גלגול!" — און געלאָזט די קינדער פֿריי, נעמען די פֿאַפּירענע מיט שמאַלץ באַשמירטע לאַמטערנעס און גיין אַהיים האָפּערדיק, מיט די פֿריילעכע יונישע לידער, סאָלדאַטסקע ניגונים:

ראַז, דוואַ, טרי, טשעטירע,
פֿאָידיעם, פֿאָידיעם נאַ קוואַרטירע.
אַכטער־באַכטער קאָלאָשקאַ,
וואָסים דיענגי ראַבאָשקאַ...

אָדער:

פֿאָרא, פֿאָרא!
פֿאָרא וויביראַטסאַ!
אי סאָ וסיעמי גאָספּאָדאַמי
ראַספּראָשטשאַטסאַ — פֿאָרא!....

סירקאָ איז געלאָפֿן אויף צו פֿריער און פֿאַר גרויס פֿרייד און התפּעלות געשפּרונגען און געקאַטשעט זיך אין שניי — און אַלץ צוליב די שטיקלעך ברויט מיט די אָפּגעלעקטע ביינדלעך פֿון דער וועטשערע. א הונט א חריף!

וויפֿל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אויפֿן האַרצן איז וויסט, אויף דער נשמה סומנע, אין דער היים געכאַפּט א פּסק, אין חדר פֿאַרבעסערט — דעמאָלט פֿאַרקלייבט זיך שלום נחום וועוויקס ווייט אין גאָרטן, אויף יענער זייט ביימער, און סירקאָ מיט אים. דאָרט הינטערן פּלויט, אויף א בערגל מיסט, זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין געטרייען סירקאָ, וואָס ציט אויס די מאָרדע, קוקט גלייך אין די אויגן אריין, ווי א זינדיקער מענטש. „וואָס קוקט ער? וואָס טראַכט ער בעת מעשה? פֿאַרשטייט ער טאַקע יעדע זאַך, ווי א מענטש? האָט ער אויך א נשמה, ווי להבדיל, א מענטש?“... און עס קומט אים אויפֿן זינען דעם רבינס ווערטער: „דער הונט איז א גלגול פֿון א מענטשן“... און ער דערמאָנט זיך, וואָס שלמה המלך זאָגט אין קהלת: ומותר האדם מן הבהמה אָין — קיין חילוק נישט פֿאַראַן צווישן א מענטשן און א בהמה... „אויב ס'איז קיין חילוק נישט פֿאַראַן, פֿאַרוואָס־זשע איז ער א הונט און איך א מענטש?“... — אַזוי טראַכט ער זיך און ער קוקט מיט רחמנות אָן, צו גלייכער צייט, מיט דרך־ארץ אויפֿן הונט, און דער הונט אויף אים, ווי זייגער א גלייכן. א הונט א חבר! א טייערער, א געטרייער חבר — סירקאָ!...

.11

# סירקאָס טראַגעדיע

א מיאוסער בלבול. — דאָס אומקומעניש פון אן אומשולדיקן הונט. — הייסע טרערן.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגן, אז סירקאָ איז געווען א הונט א חכם, וואָס האָט פארשטאנען, ווער עס האָט אים מער ליב פון אלעמען, און דעריבער איז קיין חידוש נישט, וואָס מער ווי צו אלע קינדער האָט זיך סירקאָ דער הונט צוגעבונדן צום פארפאסער פון די דאָזיקע כתבים, געשלאָסן מיט אים חברשאפט אָן ווערטער און ליב געהאַט, געווען נאָך אים טאקע באמת די כפרה, און טאקע באמת גרייט געווען זיך מפקיר זיין פאר זיין חבר און פאר זיין האַר. א שטומע צונג — נישט געווען בכוח דאָס ארויסצובאווייזן, איבערגעבן מיט ווערטער, האָט ער עס ארויסבאוויזן, ווי א הונט, מיט זיין שפרינגען און מיט זיין קוויטשען און מיט זיין ווארפן זיך פאר אים אין דער ערד אריין אויף זיין הינטישן שטייגער. ס'איז געוווּג געווען איין וואָרט, אז זיין חבר און זיין האַר זאָל אים א זאָג טאָן: „נא מיעסטאָ!“ — זאָל סירקאָ אוועק, ווי א סטאַטיק, אייליגן, ווי א קעצעלע, שטיל, און נאָר מיט איין אייגל לאָקערן, אכטונג געבן וואָס זיין האַר טוט.

צווישן דעם „האַר“ און זיין „קנעכט“ סירקאָ איז געווען א שטילע ליבע, און דער האַר האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאָרשטעלן זיך, וואָס וועט זיין, אז סירקאָ וועט נישט זיין. וואָס הייסט, ער וועט נישט זיין? ווי איז דאָס מעגלעך? סירקאָ איז דען א מענטש, וואָס זאָל אוועקפאָרן און פארגעסן דעם זיי־געזונט?... וויפל מאָל האָבן גויים געפרוווט פארנארן סירקאָן צו זיך אין דאָרף אריין — איז ער דען נישט געקומען צו לויפן אויף מאָרגן א פארסאַפעטער מיט אן ארויסגעשטעלטער צונג און גע-

וואָרפן זיך און געקאַטשעט זיך און געשפּרונגען צו זיין האַר אויפן האַלדז און געקוויטשעט און געלעקט אים דעם קאָלנער, און מע וואָלט געמעגט שווערן, אַז טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן!

און דאָך... און דאָך איז געקומען דער טאָג, יענער פינצטערער ווּסטער טאָג, ווען דער גוטער געטרייער סירקאָ איז אַוועק, אַוועק אויף תמיד, אויף אייביק, און אַזוי אומגערעכט אַוועק, אַזוי מיאוס-פאַרדראָסיק, אַזוי מוראדיק-טראַגיש!

זומער האָט זיך געטראָפן די דאָזיקע טרויעריקע געשיכטע, אום סאַמע תמוז. דאָס איז געווען אַ זומער פון שרעקלעכע היצן, אָן אַ טראָפּן רעגן — מענטשן זענען ממש אויסגעגאַנגען פון היץ. און דאָס ווייסט איר דאָך, אַז אין די גרויסע היצן זענען די הינט מסוכן — זיי ווערן משוגע.

איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז אַ הונט איז משוגע געוואָרן און האָט צעביסן נאָך עטלעכע הינט, מע ווייסט נישט וועלכע. איז געפאַלן אַ פּחד אויף די שטאָט-לייט, און מע האָט זיך גענומען קודם כּל צום פאַרזיכערונגס-מיטל אויף צו פאַרהיטן קליינע קינדער, טאָמער איז עמעצער חלילה צעביסן געוואָרן פון אַ משוגענעם הונט.

דאָס דאָזיקע מיטל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מע האָט אַלע קינדער אָפּגעשיקט צום אַלטן טראָפים, אַ גוי אַ זנאַכאַר, וואָס האָט שאַרפע נעגל און מיט זיינע שאַרפע נעגל קאָן ער „אַראָפּנעמען בלויע הינטעלעך" פון אונטער דער צונג, און אַזוי קונציק, אַז מע זאָל גאָר נישט פילן. די אָפּעראַציע איז נישט אַזאַ מסוכנע, נאָר שטאַרק אָנגענעם איז דאָס אויך נישט, אַז אַ גוי קריכט צו אייך מיט די נעגל אין מויל אַריין און זוכט ביי אייך „בלויע הינטעלעך" אונטער דער צונג...

דערנאָך האָט מען זיך אַ נעם געגעבן צו די הינט פון שטאָט. מע האָט אַראָפּגעבראַכט, גאָט ווייסט פון וואַנען, צוויי קאַצאַפּעס, הינט-שלעגערס, אָנגעוואָפנט מיט גראָבע שטריק און מיט אייזערנע קרוקעס, און די קאַצאַפּעס האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט. אין איין טאָג האָבן די דאָזיקע תּליונים אַוועקגעלייגט אַ פּאָר צענדליק הינט. אויפן קוק האָבן זיי אייך געקאָנט אָפּשאַצן, וועלכער הונט ס'איז משוגע און וועלכער נישט. וועד האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַשטייגער, אַז דער גורל וועט פאַלן אויך אויף דעם גוטן, קלוגן, סטאַטעטשנעם סירקאָ?

אַ סבֿרה, אַז די קאַצאַפּעס האָבן באַקומען פון דער שטאָט זייער לוין נאָך דער צאָל פון די אויסגעהרגעטע הינט, און ווײַבאַלד אַזוי, איז

גאנץ מעגלעך, אז ס׳זענען געווען נעבעך א סך אומשולדיקע קרבנות — און סירקאָ איינער פון די ערשטע.

פון דעם אומגליק זענען די קינדער געוויר געוואָרן שוין לאחר המעשה, קומענדיק פון חדר אהיים — און זיי האָבן אויפגעהויבן א גאנצע רעוואָלוציע אין שטוב: „טשייטש, סירקאָ!... טשייטש, ווי האָט מען עס דערלאָזט אזא מעשה!“....

פארשטייט זיך, אז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעלאָזט מיט א קאָנטררעוואָלוציע: „חדר־יינגלעך זאָלן האָבן א השגה אין זיינען האָבן הינט!“... און מע האָט זיי מכבד געווען מיט רעכטע פעטש, און אויף צו פארבייסן האָט מען זיי צוגעשטעלט א בענקעלע פארן רבין, געבעטן, ער זאָל נישט זשאַלעווען קיין שמיץ. און דער רבי האָט צוליב געטאָן — נישט געזשאַלעוועט קיין שמיץ... אוי, שמיץ!...

נאָר דאָס אלצדינג איז געווען גאָרנישט אקעגן דעם, וואָס סירקאָ איז נעבעך אומגעקומען אומזיסט־אומנישט!

מער פון אלע איז געווען דערשלאָגן סירקאָס ליבלינג — דער מחבר פון די דאָזיקע מעמוארן. דער האָט עטלעכע טעג דורכאנאנד נישט געגעסן, עטלעכע נעכט נישט געשלאָפן, געקאַטשעט זיך אויף אלע זייטן, געזיפצט און געקרעכצט שטילערהייט, נישט געקאָנט מוחל זיין די שלעכטע בייזע מענטשן, וואָס האָבן נישט אין זיך קיין קאַפּ רחמנות, קיין צער בעלי־חיים, קיין טראָפּן יושר — און ער האָט שטארק־שטארק נאָכגעדענקט נאָך דעם, וואָס איז א הונט און וואָס איז א מענטש להבדיל?... פארוואָס איז א הונט אזוי געטריי צו א מענטשן, און פארוואָס איז א מענטש א תלין?... און עס קומט אים אויפן זינען סירקאָ מיט די קלוגע גוטע אויגן, און ער פאלט צו מיטן פנים צו דעם קישן און באגעצט עס מיט ביטערע, ביטערע טרערן.

.12

# דער יצר־טוב מיטן יצר־הרע

עוזר דער קאָרנאָסער — א מסור. — א סך אַפּוטרופּסים. — די באָבע מינדעס שבת־אויבסט. — מוסר־זאָגער און מאָראַל־פּרעדיקער.

טאָמער וואָלט א יינגל פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט א הונט פאַר א חבר, האָט מען אים דערמאַנט אויף יעדן טריט און שריט: „סירקאָ האָט דיר געלאָזט גריסן"... און ביי אַזא געלעגנהייט האָט מען אים שוין דערוויל אריינגעזאָגט א ביסל מוסר — ער זאָל האָבן צו געדענקען אויף ווייטער. דאָס מוסר־זאָגן איז פאַר אים געווען א סך ערגער פון פּעטש. נישט אומזיסט זאָגט מען ביי אונדז א שפּריכוואָרט: „א פּאַטש פאַר־גייט, א וואָרט באַשטייט". ובפרט, אַז דאָ איז געווען ביידע זאַכן: אי פּעטש, אי ווערטער. און ווערטער זענען געגאַנגען פון אַלע זייטן. ווער ס'האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט געשטראָפט, און דווקא מיט גוטע רייד. דאַכט זיך, וואָס געהער זיך אָן א ייד א שמש צו א נגידס א יינגל, בעת ער דאַווגט? און וואָס איז זיין עסק, אַשטייגער, וואָס א נגידס א יינגל קוקט דורכן פענצטער אַרויס אַקוראַט בעת שמונה־עשרה? און א נגידס א יינגל, מיינט איר, קוקט אומזיסט דורכן פענצטער? ס'מעג זיך טאַקע זיין שמונה־עשרה, ס'איז אָבער פאָרט העכסט־אינטערעסאַנט צו זען א זעלטענע סצענע, וואָס ס'איז כדאי אָנצוקוקן און זיך א מוסר אַראָפּנעמען, ווי אַזוי א הונט יאָגט זיך נאָך א קאַץ. די קאַץ האָט זיך אָנגעבלאָזן און לויפט פייל אויסן בויגן — דער הונט נאָך איר. די קאַץ אויפן פאַרקאַן — דער הונט נאָך איר. די קאַץ צום רינשטאָק — דער הונט נאָך איר. די קאַץ דורכן רינשטאָק אויפן דאַך — דער הונט א מכה! בלייבט ער שטיין, דער כלב שבכלבים, ווי א נאַר, און באַלעקט זיך און טראַכט זיך אפּנים: „וואָס האָב איך, החנט, נאָכצולויפן נאָך א קאַץ,

וועלכע איז גאָרנישט מיין שטאם, און וואָס האָב איך צו טאָן אויפ־
דאך?"...

— אָט אזוי שטייט א ייִנגעלע שמונה־עשׂרה? — זאָגט מלך דער־
שמש און דערלאַנגט איבערן האלדז־און־נאַקן. — וואַרט, שייגעץ, איך
וועל שוין דערציילן דיין טאַטן!...

אָדער, אשטייגער, וואָס גייט עס אָן עוזר דעם קאַרנאָסען בעדער
(אמאָל איז עוזר געווען א שוסטער, אויף דער עלטער איז ער געוואָרן
אויסגעמאַטערט און האָט זיך באַשטעלט פאַר א בעדער), וואָס נחום
וועוויקס ייִנגלעך גליטשן זיך באַרג־אַראָפּ אויפן געזעס און רייבן אויס
די הויזן? האָט דאָס עוזר דער קאַרנאָסער בעדער באַדאַרפט דערזען פון
באָד ארויס און האָט זיך עס א ביסל צעלאָזט אויף זיין פאָנפעוואַטער כלי:
— ממזרים! הולטייעס! אַ רוח אין אייער פאָפער און מופער
אריין! איר נעמט נייע הויזן און מאכט א פעל, עובר אויף בל פשחית!
אָט לויף איך אוועק צו אייך אין חפר אריין און שפעל אייך צו א פענ־
קעלע!"

פאַר די, וואָס פאַרשטייען נישט פאָנפאַטש־לשון, מוז מען דאָס אי־
בערזעצן: „ממזרים, הולטאיעס, א רוח אין אייער פאָטער און מוטער
אריין! איר נעמט נייע הויזן און מאכט א תל, עובר אויף בל תשחית! אָט
לויף איך אוועק צו אייך אין חדר אריין און שטעל אייך צו א בענקעלע!"...

צושטעלן א בענקעלע — דאָס איז נישט נאָר א מצווה, דאָס איז א חוב,
וואָס יעדער ייד איז מחויב צו טאָן, וואָרום יעדער ייד האָט קינדער און
קיינער קאָן נישט ערב זיין, וואָס פון זיינע קינדער קאָן אמאָל אויסוואקסן.
באַדאַרף מען זיי גוט נאָכקוקן און העלפן כאָטש מיטן מויל, אויב מען קאָן
נישט מיט די הענט. דעריבער האָבן די קינדער געהאַט א סך מדריכים
און אפּוטראָפּסים און אָנגעהערט זיך אזויפיל מוסר, שטראָף־רייד און
מאָראַל, אז ס'האָט שטענדיק געזשומעט אין די אויערן: „זשו־זשו־זשו —
דאָס זאָלסטו נישט טאָן!" „זשו־זשו־זשו — דאָ זאָלסטו נישט שטיין!"
„זשו־זשו־זשו — אהין זאָלסטו נישט גיין!" אַלע האָבן געזשוזשוקעט:
טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, דער רבי, די דינסטמויד, די פעט־
טערס, די מומעס, די באָבע, און איבערהויפּט די באָבע מינדע, וואָס פאַר־
דינט דערמאָנט צו ווערן מיט א פּאָר ווערטער.

די באָבע מינדע — דאָס איז געווען א יידענע א הויכע און א טשעפּ־
קע, אַן אָפּגעפּוצטע און א פרומע מיט סכנת־נפשות! איר עובדה איז געווען
— אכטונג צו געבן אויף די קינדער און אויף זייער יידישקייט: אויס־

גלעטן די אייניקלעך די פאות מיט באַשפּייטע פינגער, אָפּרייניקן און אויסגלייכן די מלבושימלעך, זיך צוהערן ווי זיי דאַווענען, בענטשן און לייענען קריאת=שמע פאַרן שלאָפן גיין. דערפאַר האָבן אַלע אייניקלעך געמוזט קומען צו איר שבת בייטאָג זאָגן דער באָבען א גוט=שבת, זיך אויסזעצן, ווי די סטאַטקעס, ביי דער וואַנט און זיצן און וואַרטן, ביז זי וועט געבן „שבת=אויבסט“. געגעבן האָט זי דעם „שבת=אויבסט“ עפּעס נישט אַזוי ביד רחבה, נאָר דערפאַר אויף ריינע גלאַנצנדיקע שעלעכלעך: איין עפּעלע, א פערשקע, א באָקסער, א פייג, אָדער דריי=פיר איינגעדאַרטע ראָזשינקעס, און מוסר האָט זי דערביי געזאָגט אָן א שיעור! דער מוסר איז באַשטאַנען אין דעם, אז מע באַדאַרף פאָלגן טאַטע=מאַמע און גוטע=פרומע לייט, און אז מע באַדאַרף זיין יידן, און אז גאָט וועט שטראָפן פאַר איטלעכס ברעקעלע — פאַר נישט דאַווענען, פאַר נישט פאָלגן, פאַר נישט לערנען, פאַר שטיפן, און אפילו פאַר א שלעכטער מחשבה, און אפילו פאַר א פלעק אויף דער קאַפּאָטע — אַזוי, אז ס'איז כמעט נישט איינגעגאַנגען דאָס עפּעלע, די פערשקע, דער באָקסער, די פייג, אָדער די דריי=פיר איינגעדאַרטע ראָזשינקעס.

נאָר וואָס פאַר א ווערט האָט געהאַט דער באָבעס מוסר אקעגן יענעם קוואַל פון מוסר, וואָס דער רבי האָט נאָכדעם אויסגעגאָסן פאַר זיינע תלמידים טאָקע דעם זעלבן שבת בייטאָג פאַר מנחה דאַווענען? טייכן טרערן האָט ער ארויסגעצויגן פון אלעמענס אויגן — אַזוי שאַרף און בולט האָט ער אויסגעמאָלט דעם יצר=טוב מיטן יצר=הרע, דעם גן=עדן מיטן גיהנום, מיטן מלאך=הדומה, מיטן וואַרפן כף=הקלע פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן! מילי=מיליאַסן שדים, רוחות און נישט=גוטע האָט ער אויסגעשפּרייט פאַר די תלמידימס פּנים, געזען זיי ביי איטלעכן אונטער די נעגל, געווען זיכער, אז יעדער איינציקער איז א יורש=גיהנום, וואָרום טאָמער האָט זיך אפילו געפונען איינער אַזעלכער, וואָס האָט נישט געזינדיקט, וואָס האָט געדאַווענט און געלערנט און געטאָן אַלצדינג, וואָס דער יצר=טוב הייסט צו טאָן, האָט ער דאָך געפאָלגט דעם יצר=הרע און געזינדיקט ב מ ח ש ב ה און אויב נישט במחשבה, האָט ער אין שלאָף, אין חלום עפּעס מהרהר געווען וועגן א זאַך, וואָס מע טאָר נישט...

הכלל, ס'איז נישט געווען זיך אויסצובאַהאַלטן פונעם מזיק, פונעם יצר=הרע, אין ערגעץ, סיידן לייג זיך אַוועק און שטאַרב! און דאָ, אויף צו=להכעיס, ווילט זיך דווקא א לעב טאָן, און דווקא א שטיף טאָן, און דווקא לאַכן, און דווקא נאַשן, און דווקא אָפּכאַפּן דאָס דאַווענען, און דווקא

טראכטן פון דעם, וואָס מע טאָר נישט... דאָס איז שוין געווען דעם יצר־הרעס ארבעט, וואָס האָט געהאט גענוג שליחים אויף אריינצוכאפן דעם אומשולדיקן אין נעץ אריין — און קוים האָט ער שוין אריינגעכאפט, איז מען שוין במילא נאָכגעגאנגען אים, ווי א קעלבל, און געטאָן אלצדינג, וואָס דער יצר־הרע האָט געהייסן טאָן. און דער יצר־הרע האָט שוין אזא גליק, אז אים פאָלגט מען א סך מער, ווי דעם יצר־טוב. עס העלפט נישט קיין שום מוסר זאָגן מיט קיין שום מאָראל פרעדיקן. אדרבא — וואָס מער דער יצר־טוב פלייסט זיך, אלץ שטארקער ארבעט דער יצר־הרע. איך האָב מורא ארויסצורעדן, נאָר מיר שיינט, אז ס'זאָל נישט זיין קיין יצר־טוב, וואָלט דער יצר־הרע נישט געהאט וואָס צו טאָן...

.13

# גנבה, קאָרטנשפּיל און אַנדערע עבירות

די קינדער העלפֿן דער מאַמען אויפֿן יאַריד. — קאָרטן לכּבֿוד חנוכּה. — בעת'ל דער אַלמנהס לערנט גנבֿענען. — אַ יונג אַן אויסוואָרף.

מיט נחום וועוויקס קינדער האָט זיך דער יצר־הרע באַגאַנגען, ווי אַ מערדער. לאָ די וואָס די קונדסים האָבן פֿאַרקנייטשט דאָס דאַווענען, העכער האַלב איבערגעהיפּערט און געזאָגט דער באָבען אַ גרויסן ליגן, אַז זיי האָבן אויסערן דאַווענען נאָך געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תּהילים — האָבן זיי נאָך פּשוט אויסגעלערנט זיך גנבֿענען, נאַשן, קאָרטן־שפּילן און נאָך אַנדערע עבירות... פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלצדינג איז געגאַנגען בהדרגה, איינס האָט מיטגעשלעפּט דאָס אַנדערע, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: עבֿירה גוררת עבֿירה... און געגאַנגען איז דאָס אָט ווי אַזוי:

איך האָב אייך שוין, דאַכט זיך, געזאָגט אויבן, אַז די וואָראָנקאָווער יידן האָבן געלעבט פֿונעם גוי, און איבערהויפּט פֿון די גרויסע יאַרידים, וואָס האָבן געהייסן מיטן נאָמען „קראַסנע טאָרגעם“. אויף די דאָזיקע יאַרידים האָבן יידן אַרויסגעקוקט, האָבן זיך געטומלט, געמאַכט געשעפֿטן, געלייזט געלט, און גוייִם האָבן געטאָן זייערס — זיי האָבן געגנבֿעט, איז איבערהויפּט די גויעס. ס'איז גאָרנישט געווען אויסצושטיין און אײַנצוהיטן זיך פֿון זיי! אָט האָט איר בײַ איינער אַרויסגעטרייסלט פֿון אַרבל אַ פּאַטשיילע, אָדער אַ סטענגעלע, און אָט האָט שוין די אַנדערע גויע אַוועקגעלקחענט אונטער דער נאָז אַ חלבן ליכטל, אָדער אַ באָקסער. וואָס טוט מען? איז די מאַמע, חיה־אסתּר נחום וועוויקס, געפֿאַלן אויף אַן עצה: אַוועקגעשטעלט אירע יינגלעך אין קלייט, זיי זאָלן אַכטונג געבן מע זאָל נישט גנבֿענען — און חבֿרה האָבן איר גוט און געטרײַ אַכטונג געגעבן: אַחוץ וואָס מע האָט אָנגעשטאָפּט פֿולע קעשענעס מיט באָקסערן, מיט

טיטון, מיט ניסלעך און מיט טרוקענע פלוימען, האָט מען זיך נאָך צוגעכאַפּט צום גרינעם קעסטעלע, ווו דער „פּדיון“ איז געלעגן, און אַקוראַט בעת די מאמע האָט זיך פאַרדרייט מיט א קונהטע, האָט מען אריינגערוקט אין קעשענע א פּאָר מזומנע מטבעות, הארטע זעקסערלעך, און מען איז אוועק מיט זיי דערנאָך אין חדר און דאָרט פאַרנאַשט אויף בלינעס, קאָרזשעס, מאָנעלעך, ארבעסלעך און סעמעטשקעס, אָדער — גאָר פאַרשפּילט אין קאָרטן.

שפּילן אין קאָרטן איז געווען א מין חולאת, אן עפּידעמיע אין אלע יידישע חדרים, וואָס געומען האָט זיך עס פון חנוכה און איז פאַרבליבן אויפן גאַנצן ווינטער. עס איז באַוווסט, אז חנוכה איז א מצווה צו שפּילן. ווער סע שפּילט אין דריידל, און ווער סע שפּילט אין קאָרטן. אמת, מיר מיינען נישט חלילה קאָרטן ממש, אָפּגעדרוקטע קאָרטן; מיר רעדן דאָ פון געמאַכטע, פון יידישע קאָרטן, פון „למ“ד-אל“ף-קאָרטן“. נאָר ס'איז אלץ איינס. דער אייגענער יצר-הרע מיטן אייגענעם אזאַרט. געקומען חנוכה, האָט דער רבי אליין נישט נאָר געהייסן שפּילן — ער האָט אויך גענומען אָנטייל אינעם שפּילן און איז, אדרבא, פאַרקערט, געווען גאַנץ צופרידן אָפּגעווינען ביי זיינע תלמידים דאָס גאַנצע חנוכה-געלט. און פאַרשפּילן צום רבין דאָס חנוכה-געלט איז געווען א פאַרגעניגן און א כבוד און א פרייד. יעדנפאַלס — בעסער צו פאַרשפּילן צום רבין דאָס חנוכה-געלט, איידער זיין פון רבין א געשמיסענער — דאָס וועט, דאַכט מיר, צוגעבן יעדער פאַרשטענדיקער מענטש...

דערפאַר אָבער, אז ס'איז אוועק חנוכה, איז געווען אויס יום-טוב און אויס קאָרטן! דאָס הייסט, דער רבי האָט אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט: הזהר והשמר — טאָמער וועט זיך דערוועגן עמעצער צורירן צו א קאָרט, אָדער אפילו רעדן פון קאָרטן, אָדער טראַכטן וועגן קאָרטן, איז אחת דתו להמית — איז ער א געשמיסענער!...

אפּנים, אז דער רבי איז אליין געווען אמאָל א רעכטער קונדס און האָט ליב געהאַט א קערטל נישט נאָר לכבוד חנוכה. וואָרום אז נישט, פון וואַנען נעמט זיך צו אים גאָר דער דאָזיקער געדאַנק?... ווי אזוי די מעשה איז, נאָר זיינע תלמידים האָבן דעם גאַנצן ווינטער נאָך חנוכה געשפּילט אין קאָרטן מיט א סך מער היץ און מיט נאָך א גרעסערן אַזאַרט, ווי חנוכה. מע האָט פאַרשפּילט די אָנבייסנס מיט די מיטאָגס, מע האָט פאַרשפּילט ווו ווער ס'האָט געהאַט א מזומנעם גראָשן, און אז ס'איז נישט געווען קיין געלט און שפּילן האָט זיך געוואָלט, האָט מען געזוכט כלערליי וועגן אויף

צו קריגן געלט. װער עס האָט זיך דערגריבלט צו רב=מאיר — בעל=נס=פושקע און דורך א שטרויעלע מיט װאַקס ארויסגעקריגן פון דאָרט אײנציקװײז די פארװײנטע גראָשנס, װאָס די מאמע האָט אהין ארײנגעװאָרפן אלע פרײטיק פארנאכט פאר ליכט=בענטשן. װער עס האָט זיך אַן עצה געגעבן, דורך א שליחות אין מאַרק, עפּעס אראָפּכאפּן א פּאָר גראָשנס „קאָמיסיע“. און װער עס האָט זיך פּשוט דערביװעט צום טאטנס בײטעלע, אָדער צו דער מאמעס קעשענע, בײ דער נאכט, װען אלע שלאָפן, און אויסגעטרײסלט פון דאָרט װיפל עס האָט זיך געלאָזט. און דאָס אלצדינג איז געטאָן געװאָרן מיט די גרעסטע פּחדים און מיט דער גרעסטער ריזיקע. און דאָס אלצדינג איז אװעק אויף קאָרטן=שפּיל אין למ״ד=אל״ף!

די פראגע איז נאָר געװען: װ ע ן און װ ו? און װי אזוי שפּילט מען, אז דער רבי זאָל נישט געװויר װערן? דערפאר האָבן שוין געזאָרגט די חברים פון דער עלטערער כּתה: אזעלכע ייִנגלעך, װי עליע קײלעס, א חתן=בחור, א געלער, מיט א זילבערנעם זײגער, און בערל דער אלמנהס, גלאַט א בחור מיט גראָבע ליפּן און מיט מאָדנע געזונטע צײן, װאָס קאָנען ברעכן אײזן. עס האָט שוין דעמלט זיך געשיט אים א בערדל — און ער אלײן איז שולדיק אין דעם: װײל ער רויכערט ציגײערן. אזוי האָט בערל אלײן געזאָגט אויף זיך. „א סימן האָט איר — האָט ער געטענהט — אָט הײבט איר אָן רויכערן ציגײערן, װעט זיך בײ אײַך אויך אָנהײבן אויסשיטן בערדלעך“... און ער האָט אויסגעלערנט אויף א טשעקאװעסט א סך חברים „רויכערן ציגײערן“. און נישט נאָר רויכערן האָט ער זײ אויסגעלערנט — ער האָט זײ באװיזן א װעג, װי אזוי מע קריגט דעם מאַטעריאל צו רויכערן... דאָס הײסט, בעסער געזאָגט — ער האָט זײ אויסגעלערנט גנבענען. פארשטײט זיך, אז פאר זײן אויסלערנען האָט בערל באקומען באצאָלט — טאקע מיט „טיטון“ און מיט פּאַפּיראָס=פּאַפּיר.

און בערל האָט זיך געהאט זײן סיסטעם: דער, װאָס האָט אים געפּאָלגט און געבראכט טיטון מיט פּאַפּיראָס=פּאַפּיר — דער איז געװען א װױל ייִנגל, א חבר. און װער ס'האָט מורא געהאט אָדער נישט געקאָנט גנבענען — דער האָט בײ אים געהײסן „א קװאַטש און א לעמעשקע“ און איז ארויס פון חברשאפט, און אז ס'איז אים אָפּגעגאלטן, האָט ער נאָך געכאפּט געשלאָגן אויך, טאקע פון אים אלײן, פון בערלען הײסט עס. פארקריגן זיך אויף בערלען אָדער באקלאָגן זיך אויף אים — איז געװען אוממעגלעך, װאָרום דאָס װאָלט געהײסן ארויסגעבן זיך אלײן — א'ן דערויף זענען געװען װינציק העלדן. דעריבער האָט מען געטאָן אלצדינג,

וואָס בערל דער אלמנהס האָט געהייסן, און מען איז געזונקען מיט אים וואָס ווייטער אלץ טיפער און טיפער אין אָפּגרונט אריין, און גאָט ווייסט, וווהין חברה וואָלט מיט אים פאַרגאַנגען, ווען בערל דער אלמנהס זאָל נישט געווען האָבן זיין ווייסטן סוף פון זיך אליין אויף אזא מין אופן, וואָס קיינעם וואָלט דאָס גאָר אין קאָפּ נישט איינגעפאלן און וואָס זיינע חברים פון חדר זענען נאָך געווען אזוי יונג און אומשולדיק, אז זיי האָבן נאָך רעכט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן. זיי ווייסן נאָר, אז ס'איז געווען א מעשה איינמאָל אין א פרייטיק, האָט מען געכאַפּט דעם בחור אויף יענער זייט באָד, ווו ער האָט ארויסגעקאלופּעט א שטיקל גלאָז פון א טאַפּליע און אריינגעקוקט מיט איין אויג אינעווייניק אריין צו די ווייבער, ווי זיי באָדן זיך...

ווייַ־וויי, וואָס ס'האָט זיך דעמלט אָפּגעטאָן אין שטעטל! זיין מאמע, די אלמנה, האָט געחלשט, און אים האָט מען אָפּגענומען פון חדר און נישט אריינגעלאָזט אין בית־מדרש אריין, און קיין ייִנגל, אבי נאָר א שאַטנס א קינד, האָט נישט געוואַגט מער צו באַגעגענען זיך מיט דעם „מומר־להכעיס“. אזוי האָט מען אים נאָכדעם א נאָמען געגעבן. און בכדי צו פאַרענטפערן אפּנים דעם דאָזיקן נאָמען, האָט זיך בערל דער אלמנהס אין א צייט ארום, זיין מאמע די אלמנה האָט שוין דעמלט נישט געלעבט, אָפּגעשמדט און פאַרפאַלן געוואָרן.

.14

# פייגעלע־אשמדאי

שקצים ווערן בעלי־תשובה. — א רוח, נישט קיין מיידל, — א מכשפה, וואָס קיצלט.

פונדעסטוועגן דארף מען נישט מיינען, אז דער יצר־הרע האָט אינ־גאנצן אויסגעפירט און אז דער יצר־טוב איז אלעמאָל געווען הינטער־שטעליק. מען דארף נישט פארגעסן, אז ס'איז געווען א ראש־חודש אלול אויף דער וועלט, מיט תשובה־טעג, מיט א ראש־השנה — יום־כיפור, און גלאט תפילות, תעניתים און סגופים, וואָס ערלעכע יידן האָבן צוגע־טראכט. נישט קוקנדיק אויף די קליינע גנבהלעך, אויף די קאָרטן און אויף די אנדערע יינגלשע עבירות, קאָן מען זאָגן גאנץ זיכערלעך, אז דער מיטלסטער פון די ברידער, שלום נחום וועוויקס, איז געווען באמת פרום, מורא געהאט פאר גאָט און געגעבן זיך נישט איינמאָל דאָס וואָרט, אז ער וועט עלטער ווערן, וועט ער זיך פארבעסערן, אם ירצה השם, זיין גוט און פרום, אזוי ווי די באָבע מינדע האָט געהייסן, און אזוי ווי דער רבי האָט געהייסן, און אזוי ווי אלע גוטע פרומע לייט הייסן.

אָפטמאָל האָט זיך געטראָפן, אז ער האָט געוויינט ביים דאַווענען, זיך געשלאָגן על־חטא און דערווייטערט זיך פון די עלטערע ברידער און פון אלע יענע חברים־שקצים, וואָס רעדן אָן שלעכטס טאָן. און אן אמתער בעל־תשובהניק איז ער געוואָרן, אז ס'איז געקומען די צייט פון תשובה־טעג, פון ימים נוראים.

זיין גוט און פרום איז בכלל זייער זיס און אָנגענעם. נאָר ווער עס האָט אמאָל געפרווט זיין א בעל־תשובהניק — דער וועט מודה זיין, אז קיין בעסערע זאך קאָן גאָר אויף דער וועלט נישט זיין. א בעל־תשובה איז א מענטש, וואָס בעט זיך איבער מיט גאָט, נעמט איין דעם יצר־

הרע און באהעפט זיך מיט דער שכינה. באַרעכנט נאָר: וואָס קאָן זיין בעסער פון דעם, אז מע בעט זיך איבער? און וואָס קאָן זיין זיסער פון נצחון? און וואָס קאָן זיין ליבער פון דער שכינה? א בעל=תשובה פילט זיך גאַנץ, און שטאַרק, און ריין, און פריש, און ניי=געבוירן, און קאָן קוקן איטלעכן גלייך אין די אויגן אריין. ס'איז גוט, אויסגעצייכנט גוט צו זיין א בעל=תשובה.

שוין אז דער ראש=חודש אלול איז אריינגעטראָטן און עס האָט זיך געלאָזט הערן דער ערשטער בלאָז פונעם שופר, האָט זיך דעם העלד פון דער דאָזיקער אויטאָביאָגראַפיע אויסגעוויזן, אז ער זעט ליגן דעם יצר=הרע א געבונדענעם זיך וואַלגערן אויף דער ערד און זיך בעטן רחמים, מע זאָל אים אזוי שטאַרק נישט טרעטן מיט די פיס. און ווער שמועסט ראש=השנה! און ווער שמועסט יום=כיפור! דאָס ליידן פונעם תענית, דאָס הונגעריק זיין און דאָס וועלן א טרונק ביז צום שטאַרבן און איינהאַלטן זיך גלייך מיט אלע גרויסע — דאָס אלץ האָט אין זיך אזוי פיל זיסקייט, אזוי פיל רייץ און שיינקייט, אז דאָס קאָן אָפּשאַצן נאָר דער, וואָס איז אליין א פרומער אָדער געווען אמאָל פרום. וואָס פאַר א פאַרגעניגן קאָן זיך פאַרגלייכן מיט יענעם פאַרגעניגן, ווען מע גייט ארויס אן אויסגעהונגערטער און אן אויסגעמאַטערטער מוצאי=יום=כיפור פון בית=המדרש, אן אָפּגערייניקטער פון אלע זינד און מיט אן אויסגעלייטערטער נשמה, מען רעכנט צו גיין אהיים גיכער אָפּפאַסטן זיך און מע פילט שוין דעם טעם גן=עדן פונעם קאָרענעם לעקעד, איינגעטונקען אין שטאַרקן בראָנפן, און צום סוף — סטאָפּ! וואָס איז די מעשה? יידן האָבן זיך אוועקגעשטעלט מחדש זיין די לבנה. „מיר זענען טאַקע, גאָטעניו, גוט הונגעריק און גוט מיד און גוט אויסגעמוטשעט, נאָר איינס צום אנדערן געהער זיך נישט אָן — דיין לבנה וועלן מיר דיר מחדש זיין“.

אך, ווי גוט ס'איז צו זיין א ייד, און אן ערלעכער ייד, א בעל=תשובה!

איז אָבער דער יצר=הרע — נישט געדאַכט זאָל ער ווערן! מישט זיך אריין דער שטן המקטרג און מאַכט קאַליע אינגאַנצן. דאָס מאָל האָט זיך דער שטן המקטרג באַוויזן אינעם געשטאַלט פון א דאָרפיש מיידל מיט געקרייזלטע האָר און מיט גרינע אויגן. פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס מיידל — וועט איר האָרכן.

אויף אלע ימים נוראים, אזוי איז געווען א מנהג פון קדמונים, זענען זיך צונויפגעפאָרן פון די ארומיקע דערפער אינעם קליינעם שטעטל וואָראָנקאָ האָרפס=יידן (ישובניקעס). אָדער „יום=טובניקעס“, ווי זיי האָבן



שלום=עליכם (1892)

דאָרט געהייסן. יעדער באַלעבאָס האָט זיך געהאַט זיין יום־טובניק מיט זיין יום־טובניטשקע. נחום וועוויקס יום־טובניק איז געווען א ווייטער קרוב מיטן נאָמען „ליפשיץ דער הלובאָקער", א פרומער ייד מיט א ברייטן שטערן, א שטערן פון א בעל־מוח, כאָטש באמת איז ער געווען נישט אזא גרויסער חכם. און א ווייב האָט ער געהאַט אויך א פרומע, וואָס האָט ליב געהאַט דאַווענען און שמעקן טאַבעקע. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, נאָר א דינסטמיידל, א יתומה און א ווייטע קרובה, און געהייסן האָט זי פייגל. ביי די קונדסים האָט זי געהאַט אן אנדער נאָמען — „פייגעלע־אשמדאי", דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען א ברען, א רוח, נישט קיין מיידל, געהאַט אין זיך ייִנגלשע גענג, ליב געהאַט שטיפן מיט ייִנגלעך, אז קיינער זאָל נישט זען, דערציילן זיי מעשיות און זינגען לידלעך, צום מיינסטן — גויישע.

איינמאָל — ס'איז געווען חול־המועד סוכות, א וואַרעמע, א ליכטיקע נאַכט — האָט זי זיך צוגעגנבעט צום געלעגער, וווּ די ייִנגלעך זענען געשלאָפן (צוליב די יום־טובניקעס די קרובים האָט מען די קינדער אויסגעלייגט שלאָפן אין הויף, אויף דער ערד), און האָט זיך אַוועקגעזעצט א האַלב נאַקעטע, גענומען זיך צעפלעכטן די האָר און בעת מעשה דערציילן מאָדנע מעשיות. דאָס זענען נישט געווען די מעשיות, וואָס שלומס חבר, שמואליק דעם רבס, פלעגט דערציילן. דאָס זענען געווען מעשיות פון שדים, רוחות און לצים, וואָס טוען אָפּ שפּיצלעך אַלערליי: קערן איבער די מלבושים אויף דער לינקער זייט, שטעלן איבער דאָס מעבל, בלעטערן איבער די ספרים, ברעכן דאָס געפעס, שלעפּן ארויס די טעפלעך פונעם אויוון, און נאָך אזעלכע מעשים אשר לא יעשו. און פון מכשפים האָט זי גענומען דערציילן, פון מכשפים און מכשפות, ווי אזוי א מכשפה, אז זי וויל נאָר, קאָן זי פאַרמוטשען הונדערט מענטשן נאָר מיט איר קיצלען אליין...

— קיצלען? וואָס הייסט דאָס: מיט איר קיצלען?

— קיצלען ווייסט איר נישט וואָס הייסט? אָט וועל איך אייך ווייזן, ווי אזוי א מכשפה קיצלט.

און פייגעלע־אשמדאי האָט זיך א לאָז געגעבן מיט די צעפּאַטלטע האָר, באַוויזן, ווי אזוי א מכשפה קיצלט. פריער האָבן די ייִנגלעך געלאַכט; דערנאָך האָבן זיי גענומען זיך אָפּשלאָגן פון איר, זיך באָרען. חברה האָט זיך רעכט איינגעפּלאָנטעט איר אין די צעפּאַטלטע האָר, איר איינגעטיילט קלעפּ מיט קולעקעס, מיט בוכענציס, ווי גאָט האָט געבאָטן. פייגעלע האָט זיך כלומרשט באַשיצט, נאָר ס'איז געווען צו זען, אז די קלעפּ

זענען איר איינגענעם. זי האָט צוגענומען די קלעפּ און געוואָלט נאָך... דאָס פּנים האָט איר געפּלאַמט. די אויגן (העל־גרינע אויגן, ווי ביי א קאַץ) האָבן געגלאַנצט. אַקעגן דער שיין פון דער לבנה האָט זי אויסגעזען, ווי אַן אמתע מכשפה! נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס די דאָזיקע מכשפה האָט זיי נישט נאָר ביינגעקומען אַלעמען, נאָר זי האָט זיי יעדן איינציקוויז אַרומגענומען, צוגעקוועטשט צום האַרצן און געקושט, געקושט גלייך אין די ליפּן אַריין!...

א גליק, וואָס דאָס איז געווען פאַר הושענא־רבה, איידער דאָס קוויטל איז נאָך אָפּגעחתמעט, און מע קאָן נאָך אויסבעטן ביים רבונו־של־עולם, ער זאָל דאָס דאָזיקע נישטווילנדיקע קושן־זיך מיט א נקבה נישט פאַררעכענען פאַר א צו גרויסער עבירה וואָרום גאָט איז אַן עדות, אַז דאָס איז געווען נישט במזיד, נאָר בשוגג...

פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט די פייגעלע־אשמדאי — וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז דאָס געווען: אַ רוח? אַ שד? אַ גלגול? אָדער דער שטן המקטרג האָט זיך פאַרשטעלט אינעם געשטאַלט פון אַ נקבה, כדי צו ברענגען אומשולדיקע קינדער צו אַזאַ עבירה — זיך קושן קעגן זייער איינגענעם רצון מיט אַ מיידל?...

15

# דער לץ

אַ „דאָמאָוויק“, וואָס טוט אָפּ מעשים. — געכאַפּט דעם לץ. — מע מאַכט חתונה אַן אויסגעלאַסענע מויד און זי ווערט אַן אשה צנועה.

ווער פּייגעלע־אשמדאי איז געווען — האָט זיך גיך אַרויסבאַוויזן און אויף אַזאַ וווּנדערלעכן אופן, אַז ס'איז כּדאַי צו דערציילן.

דעם זעלבן ווינטער — אַרום חנוכּה איז דאָס געווען — קומט צו פאָרן אָט דער ליפּשיץ פון הלובאָקע מיט א נייעס, אַז ביי אים אין שטוב האָט זיך פאַרנאַדעט אַ לץ, אַ „דאָמאָוויק“, וואָס מאַכט אים אומגליק־לעך!... תּחילת האָט דער „לץ“ — אַזוי דערציילט ליפּשיץ — געמאַכט פון זיי נאָר חוזק: אַלע נאַכט האָט ער איבערגעבלעטערט די גמרות, צע־ריסן די סידורים מיט די חומשים, איבערגעקערט די טעלער אין שאַפע, צעבראָכן די טעפּ, אַריינגעוואָרפן אין פּאָמעניצע דאָס תּפילין־זעקל, דעם געמאָלטן מזרח, און משה מאָנטעפיאָרען אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט — און מע זאָל דאָס הערן, איר זאָלט זאָגן, אפילו אַ שאָרך פון עמעצן! שפּעטער האָט דער לץ אָנגעהויבן אויסליידיקן און איבער־קערן זיי אַלע קעשענעס, אַרויסגנבענען דאָס קליינגעלט פון טישקעסטל, צוגענומען און פאַרטאַכטאָרעט ערגעץ דעם ווייבס פּערל — אַ ריינער אומגליק!... איז ער, הייסט עס, איצטער געקומען צו זיין קרוב, צו נחום וועוויקס, פרעגן אַן עצה, וואָס טוט מען? צי זאָל ער מעלדן אין סטאַן? צי זאָל ער פאָרן קיין טאַלנע צום רבין? צי זאָל ער זיך גאָר אַרויסקלייבן פון הלובאָקע?

אויסגעהערט די מעשה, האָט אים נחום וועוויקס מער נישט אַ פרעג געטאָן: „און ווו שלאָפט דאָס דינסטמיידל? און ווי אַזוי איז זי מיט דער באַלעבאָסטע?“... ליפּשיץ האָט זיך אַזש געפונען באַליידיקט: ערשטנס,

אין פייגל זייערע אַן אָרעמע קרובֿה, וואָס זיין ווייב וויל זי חתונה מאַכן, געבן נדן, און ס'איז איר ביי זיי גוט, ווי די וועלט; און צווייטנס, שלאָפט זי ווי אַ געהרגעטע ערגעץ וויים איך וו, אין קיך, ביי דער פאַרשלאָ־סענער טיר!

— האָט זי נישט עפּעס באַקאַנטע אין האָרף?... — האָט אים נחום ווידער אַ פרעג געגעבן, און ליפשיץ איז שוין גאָר אין כעס געוואָרן אין צעשריגן זיך:

— פון וואַנען האָבן זיך גענומען צו איר באַקאַנטע אין אַ דאָרף פון סאַמע גויים? צי אפשר מיינסטו, אַז דער ליץ דאָס איז פייגל?...

— חס וחלילה! — האָט אים נחום וועוויקס געענטפערט און גוט אויסגעלאַכט זיך פון זיין נאַרישן קרוב, געפרוווט אים איבערצייגן, אַז קיין ליצים אין קיין „האָמאָוויקעס" זענען בכלל נישטאָ. ליפשיץ האָט אָבער נישט געוואָלט הערן אפילו. ער האָט געשווירן, ער זאָל אַזוי דערלעבן הערן שופר של משיח, ווי ער האָט אַליין געהערט ביינאַכט אַ סאָפּען פון אַ מין לעבעדיק באַשעפעניש, אַ קראַצן פון נעגל, און אויף מאָרגן האָט מען געזען אין קיך עפּעס משונה־מאָדנע סימנים פון הינערשע פיסלעך אויפן אויסגעשעפּטענעם זאַמד, וואָס אויף דער ערד.

דערזען, מיט וועמען ער האָט צו טאָן, האָט נחום וועוויקס אַ דריי געגעבן, ווי מען זאָגט, דעם דישעל צוריק: עס קאָן זייער זיין, אַז דער ליץ איז אַ ליץ. נאָר וואָס דען? ער וואָלט אַ בעלן געווען זיין דערביי... אויב ער וויל, לאָז ער מיטנעמען אים, נחומען צו זיך אין דאָרף אַריין — ער וויל אַליין זען מיט זיינע אויגן... און וויבאַלד אַז שוין יאָ פאָרן, זאָל שוין מיטפאָרן אויך זיין ייִנגערער ברודער, ניסל וועוויקס, אָדער ניסל ראַבינאָוויטש.

— מיין ניסל — האָט נחום געגעבן צו פאַרשטיין — איז אַ יונגער־מאַן אַ כוואַט, אַ מענטש, וואָס פילט זיך, קיין עין־הרע, אין כוח. ער האָט שוין אַמאָל אויסגעפּאַטשט אַ סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו, איז צו גאָט אַ האָ־פענונג, אַז ער וועט קאָנען גובר זיין אַ ליץ אויך... פאָרן מיר?

— מיטן גרעסטן כבֿוד! — האָט זיך ליפשיץ אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, און אַלע דריי האָבן זיך גוט אָנגעפּעלצט מיט וואַרעמע יעגאָטקעס פּעלצן, זיך אַריינגעזעצט אין אַ ברייטן שליטן און זענען אַוועק צו ליפּ־שיצן אין דאָרף אַריין, קיין הלובאָקע.

געקומען אין דאָרף שוין פאַרנאַכטלעך, האָט מען די ליבע געסט זייער שיין אויפגענומען, געקאָכט פון זייערטוועגן אַ מילכיקע וועטשערע,

און מע האָט געשמועסט די גאַנצע צייט פון דעם לץ, וואָס האָט זיך ביי זיי פאַרנאַדעט.

שפּעטער, בעת פייגל האָט דערלאַנגט צום טיש, האָט נחום געמאַכט אַ גאַנץ ברייטן שמועס וועגן דעם, אַז ער און זייער גאַנצע משפּחה, די ראַבינאָוויטשעס הייסט עס, האָבן פון געבוירן אַ מאָדנע האַרטן שלאָף, כאָטש נעם און טראָג זיי אַרויס מיט די בעטלעך, כאָטש שיסט אין זיי מיט האַרמאַטן! נאָר פונדעסטוועגן האָבן זיי פאַר אַ דיבוק, פאַר אַ לץ און פאַר אַ „דאָמאָוויק" קיין מורא נישט, כאָטש זיי פירן מיט זיך געלט, וואָרום זיי זענען נישט קיין נאַראָנים: דאָס געלט האַלטן זיי ביי זיך גוט איינגענייט, מחילה, אין די אונטערשטע בגדים, וועלכע זיי טוען קיינמאָל נישט אויס, און זיי גלייבן גלאַט נישט אין דיבוקים, לצים און „דאָמאָוויקעס", מכשפים און נאָך אַזעלכע זאַכן — ווייס איך וואָס! דאָס האָבן שונאים אויסגעטראַכט און נאַראָנים גלייבן זיי!...

דערויף האָט זיי ליפּשיץ געענטפערט בתמימות, אַז ס'וואָלט געווען אַ גרויסער יושר, אַז דער לץ זאָל זיך אַ נעם טאָן צו זיי הייַנטיקע נאַכט. זיי זאָלן וויסן, מיט וואָס מע עסט דאָס. און אָט אַזוי האָט מען דעם אָוונט פאַרבראַכט אַלץ אין אַזעלכע שמועסן, געהייסן דערלאַנגען וויין, און ביידע ברידער האָבן זיך געמאַכט כלומרשט, ווי מען איז שוין שיכור־לעך, און מע האָט זיך געלייגט שלאָפן, אויסגעלאָשן די ליכט, און די געסט האָבן זיך גיך געלאָזט הערן מיט אַ כראָפּען, איינער העכער פונעם אַנדערן — אַ גאַנצער קאָנצערט.

אַרום האַלבע נאַכט האָט זיך דערהערט אַ געשריי, מיט אַ געשלעג, מיט מאָדנע קולות, אויף יידיש און אויף גוייש, אַזוי אַז די ליפּשיצעס האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין איין ציטערניש, אָנגעצונדן פייער, און פאַר זייערע אויגן האָט זיך באַוויזן אזא מין בילד: ביי נחומען אין די הענט איז געלעגן פייגעלע־אשמדאי אַ געבונדענע און געריסן זיך מיט אַלע כוחות, און ניסל (געווען אַ ייד אַ גבר) האָט זיך געראנגלט מיט כוועדאָר דעם וואָלאָסטנאָי שרייבער פון דאָרף, וואָס האָט אים צעביסן און צעבלוטיקט די הענט. נאָר ניסל האָט אים געפּאַקט, געבונדן ווי אַ באַראַן — און אַז ס'איז געוואָרן טאָג, האָט מען זיי ביידן, פייגל די מויד און כוועדאָר דעם שרייבער, אָפּגעפירט אין וואָלאָסט אַריין. דאָרט האָט מען געשטעלט צוויי עמער בראָנפן, און מע איז געקומען צו אַזאַ מין ספּראַווע: אַזוי ווי כוועדאָר איז אַליין דער וואָלאָסטנאָי שרייבער, זאָל ער זיך מודה זיין און אָפּגעבן אַלצדינג, וואָס ער האָט דורך דער מויד ביי די ליפּשי

צעס אַוועקגעלקחענט. וועט מען אים נאָר מקיים פּסק זיין, דאָס הייסט, פון דער גרינג אָפּשמייסן, און מע וועט מאַכן אַ שוויג. און צו דער מויד האָט מען זיך גענומען מיט גוטע רייד, אַז איבערגעבן זי אין גוישע הענט וויל מען נישט בשום אופן, כאָטש זי איז אַן אשמדאי, אַ הולטייקע און ערגער פון אַ משומדת... מע פאָדערט פון איר נאָר, זי זאָל אויסזאָגן, ווו די פּערל און די איבעריקע זאַכן זענען, און מע גיט איר אַ תקיעת-כף, אַז מע נעמט זי צו אין שטאָט אַריין און מע גיט איר אַ חתן, טאַקע שוין און טאַקע באַלד און אויפן שענסטן אופן, מיט קלעזמער און מיט חתונה-קליידער און מיט אַ חופה-וועטשערע, ווי אַן ערלעכער, כשרער יידישער טאָכטער — קיין פויגל וועט נישט וויסן פון דער גאַנצער מעשה, קיין האָן וועט נישט קרייען!

און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. אַ חתן האָט מען איר געגעבן אַ יונג מיט ביינער, משה-הערש האָט ער געהייסן, אַ דאַמסקע שניידער. די ראַבינאָוויטשעס זענען געווען די מחותנים און די אונטערפירער. אויף דער חתונה איז געווען די גאַנצע שטאָט און אויך „נאַטשאַלסטווע". מע האָט אויסגעטרונקען אָן אַ שיעור פלעשער מיט וויין און מיט ביר, און ניסל ראַבינאָוויטש מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו האָבן ביידע אַזוי געטאַנצט, אַז מע האָט באַדאַרפט גיין קוקן אויף חידושים!

נאָך דער חתונה איז פייגעלע געוואָרן נישט צו דערקענען. פרום ווי אַ רביצין, נישט געקוקט קיין מאַנסביל גלייך אין די אויגן אַריין, און מיט נחום וועוויקס יינגלעך איז זי גלייך ווי קיינמאָל נישט געווען באַקאַנט. און אַז מע האָט באַדאַרפט אין שטאָט עמעצן מאַכן אַ נדבה, נעמען אַ פּאַטשיילע און גיין איבער די הייזער, איז זי געווען פון די ערשטע. אַז מע שמועסט אַן אשה כשרה, אַ גבאיטע, איז דאָך נישט שייך! נאָר איינס צום אַנדערן געהער זיך נישט אָן: איר מיידלשער נאָמען „פייגעלע-אשמדאי" איז איר פאַרבליבן אויך אייביק. וועגן דעם האָבן שוין געזאָרגט נחום וועוויקס קונדסים, און מער פון אַלע — דער מיטלסטער און דער גרעסטער קונדס, דער שרייבער פון די דאָזיקע געשיכטן.

16

# די משפּחה

דרײַ ברידער — דרײַ פֿאַרשידענע טיפּן. — אַ „דיעלאָ“ מיט „קאַזנאַ“. — דער פֿעטער פֿיניע טאַנצט אויף אַ לײַכטער.

דער פֿאָטער פֿונעם העלד פֿון די דאָזיקע באַשרײַבונגען, נחום וועוויקס, האָט געהאַט נאָך צוויי ברידער: פֿיניע וועוויקס און ניסל וועוויקס — דער וואָס איז אויבן דערמאָנט. און אַז אַנטיק איז דאָס, וואָס יעדער פֿון די דרײַ ברידער איז זיך געווען אַ טיפּ פֿאַר זיך און קיין ברעקל נישט געראָטן איינס אין דאָס אַנדערע. דער עלטערער, נחום וועוויקס, איז געווען, ווי מיר ווייסן שוין, אַ מישמאַש פֿון אַ חסיד און אַ משכיל, אַ פֿילאָזאָף און אַ שיינער דאַווענער, אַ למדן און אַ חקרן, און בטבֿע אַ מענטש אַ שטילער, אַ פֿאַרבאָרגענער און אַ גרויסער בעל-מרה-שחורה. דער אַנדערער, פֿיניע וועוויקס — דער איז געווען שוין גאָר אַ גרויסער ירא-שמים, מיט גאָר אַ לאַנגן טלית-קטן, אַ שיינער ייד, איך מיין טאַקע אַ שיינער אויפֿן פּנים, מיט אַ שיינער באָרד, שיינע, שמייכלענדיקע אויגן, און בטבֿע זייער אַ לעבעדיקער, אַ מענטש, וואָס קהלט זיך, אַ קאָכלעפֿל, אַ בריה און אַ מוהל, חלילה נישט צוליב געלט, נאָר פּשוט לשם מצווה. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען אַ ייד פֿון הו-האַ, שטענדיק פֿאַרטראָגן אין פֿרעמדע געשעפֿטן, לאָדענישן, דולענישן, פֿאַרלאָזענישן, אויסגלײַכענישן, אַלמנות, יתומים און גלאַט אָרעמעלײַט. היינט ווו איז עפּעס גבֿאות אין בית-המדרש, אין קלויז, אין חבֿרה-קדישא, אין חבֿרה-משניות און חבֿרה-תהילים? איך האָב מורא, אַז דאָס איז בײַ אים געווען טײַערער פֿון אַן אייגענעם מאַרק אָדער יאַריד. רבי-געלט האָט דאָס אים אויך געקאָסט גענוג. נאָר ווײַבאַלד ס'איז אַ מצווה, וואָס מאַכט דאָס אויס? אדרבא, וואָס מער עס קאָסט רבי-געלט, אַלץ גרעסער איז די מצווה. און באַקלאָגן

זיך דערויף טאָר מען נישט, וואָרום דעמלט איז שוין די מצווה אויס מצווה.

למשל, עס געדענקט זיך אַ מעשה: איינמאָל האָט געזאָלט זיין „טאָרגעס“ אויף דער „פּאָטשט“. בכדי מע זאָל זיך נישט שמייסן אין די מקחים און מע זאָל צו דער פּאָטשט נישט דערלייגן קיין געלט, זענען יידן געפאַלן אויף אַ המצאה, אַז דער וואָס וויל נעמען די פּאָטשט, זאָל צעטיילן צווישן די קאָנקורענטן אַ געוויסע סומע געלט, וועט מען אים נישט קאַליע מאַכן די מקחים. נאָר די קאָנקורענטן אַליין וועט מען דאָך נישט גלייבן, לייגט מען איין דאָס געלט אין אַ זיכער אָרט און מע גייט אויף די טאָרגעס. און וואָס קאָן זיין נאָך אַ מער זיכערער אָרט, ווי ביי פּיניע וועוויקס? האָט מען איינגעלייגט ביי אים דאָס געלט און מע איז אַוועק אויף די טאָרגעס, און דער וואָס האָט דאָס געלט איינגעלייגט האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, זיך כלומרשט פון די טאָרגעס אַרויסגעגליטשט, דאָס געלט אָפּגענומען און ערשט דערנאָך אַרויסגעשטעלט אַלעמען אַ שיינע פייג. אוודאי האָבן די קאָנקורענטן געמסרט ווי מע דאַרף, און מע האָט צום ערשטן אַ נעם געגעבן זיך צו יענעם פאַרשוין, וואָס האָט דאָס געלט געגעבן, און דערנאָך צום צווייטן פאַרשוין, וואָס דאָס געלט איז געווען ביי אים איינגעלייגט: רב ייד, זייט זשע מוחל, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ מעשה? האָט זיי נעבעך פּיניע וועוויקס דערציילט די מעשה, ווי דער אמת איז. האָט מען אים געמשפּט פאַר באַגנבענען „קאַזנאַ“, און דאָס גליק איז געווען, וואָס אויפן אָרט פון טורמע האָט מען אים אָפּגעמשפּט גאָר מיט געלט־שטראָף.

מיינט איר אוודאי, אַז דאָס האָט אים אָנגעלערנט? האָט איר אַ טעות. יענעמס געשעפט, האָרט ווי סע שמעקט מיט קהל און מיט א טובה פאר יידן, זענען בילכער פון אייגענע געשעפטן. אוועקוואַרפן, למשל, אַ מאַרק אָדער אַ יאַריד און לויפן אויף אַ ברית — פון דעם שמועסט מען נישט. דערויף איז מען דאָך עפּעס אַ מוהל ביי יידן. אָדער חתונה מאַכן אַן אָרעמע יתומה און טאַנצן מיט די אָרעמע מחותנים אַ גאַנצע נאַכט — דאָס איז דאָך אוודאי אַ גרויסע מצווה, וואָס נישט אָפּט קומט עס צו דער האַנט.

רעדנדיק פון טאַנצן, איז זיך שווער איינצוהאַלטן און נישט באַוואונדערן, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אָט אַזאַ יידן אַ ירא־שמים, ער זאָל קענען טאַנצן, און נאָך אַזוי שיין טאַנצן? ווו האָט ער זיך דאָס גע־

לערנט, למשל? און ווער איז געווען זיין רבי יענע יאָרן? טאַנצן אַ „חסיד“, אַ „קאָזאַק“ און אַ „פּאָני“ — פון דעם איז אָפּגעהיט.

— שטיל זאָל זיין! רב פּיניע וועוויקס וועט טאַנצן אַ חסיד!

— צערוקט זיך, עולם! רב פּיניע וועוויקס וועט גיין אַ קאָזאַק!

אָדער:

— ווייבער, אויף אַ זייט! רב פּיניע וועוויקס וועט אונדז ווייזן אַ פּאָני!

און דער גאַנצער עולם צערוקט זיך, מאַכט אַ וואַרע. און דער פעטער פּיניע „טאַנצט אַ חסיד“, „גייט אַ קאָזאַק“, אָדער ער „ווייזט אַ פּאָני“, און דער עולם שטייט אויף קעפּ, עין לא ראתה!

וואָס אָרעמער ס'איז געווען די חתונה, אַלץ גרעסער איז געווען די שמחה. דאָס הייסט, וואָס די מחותנים זענען געווען גרעסערע אָרעמעלייט, אַלץ מער האָט דאַרט דער פעטער פּיניע געטאַנצט און באַוויזן אַזעלכע קונצן, וואָס טאַקע עין לא ראתה — און טאַקע נאָר לשם מצווה, בכדי צו משמח זיין חתן־כלה. מע האָט באַדאַרפט אויף חידושים גיין זען פּיניע וועוויקס, ווי ער טאַנצט „אויף לייכטער“ מיט ברענענדיקע ליכט, אָדער „אויף אַ שפּיגל“, און אַזוי גרינג, אַזוי גראַציעז, ווי דער גרעסטער פון די היינטיקע טענצער פון דער וועלט. אַזאַ מין טאַנצן וואָלט מען היינטיקע צייטן געקאָנט ווייזן אויף בילעטן און מאַכן אַ סך געלט. די קאַפּאָטע אַראָפּגעוואָרפן, דעם טלית־קטן אַרויסגעצויגן, די אַרבל פאַרקאַטשעט, די הויזן במילא אַריינגעשטעקט אין די שטיוול, און די פיס קוים־קוים, וואָס זיי באַרירן די ערד, און דער קאָפּ איז פאַרוואָרפן אַרויף, די אויגן צו, אויפן פּנים זעט מען התפּעלות מיט התרוממות, ווי בשעת דאַווענען. און די קלעזמער שפּילן אַ יידישע זאַך, און דער עולם פּליעסקעט, און די ראָד ווערט אַלעמאָל גרעסער און גרעסער, און דער טענצער, אויסמייַדנדיק די לייכטער מיט די ברענענדיקע ליכט, גייט אַריין וואָס ווייטער אין אַלץ מער התפּעלות און אין אַלץ מער התרוממות הנפש — ניין, דאָס איז נישט געווען קיין טאַנצן! איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען גיכער אַ מין עבודת הבורא, אַ ריינע גאָטעס־דינסט. און איך שטעל זיך אָפּ און פרעג נאָך אַמאָל די אייגענע קשיה: פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אָט אַזאַ יידן אַ ירא־שמים, ער זאָל דערגרייכן אַזוי ווייט אין דער קונסט

פון טאַנצן? ווו האָט ער זיך עס אויסגעלערנט? און ווער האָט געקאָנט זיין דער רבי זיינער?

פאַררעדט זיך וועגן טענץ, האָבן מיר דערווייל פאַרגעסן דעם דריטן ברודער, ניסל וועוויקס, פון וועלכן מיר וועלן זאָגן עטלעכע ווערטער אינעם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

## 17

# דער פעטער ניסל און די מומע האָדל

דער פעטער ניסל „הוליעט“. — אַ חשוב ביי „נאַטשאַלסטווע“. — אַ ווייב אַ צרה. — זיך פאַרשטעלט פאַר אַ טשינאָווניק, אָנגעאַרבעט אַ חתונה, אַוועק קיין אַמעריקע. — אַ ניצוץ פון אַ פּאָעט.

אויב די צוויי עלטערע ברידער, נחום און פיניע וועוויקס, זענען געווען חסידים, איז דער דריטער, דער ייִנגסטער ברודער, ניסל וועוויקס, אָדער ווי ער האָט זיך שוין די לעצטע צייט גערופן ביי זיין פאַמיליע־נאָמען, ניסל ראַבינאָוויטש, געווען שוין גאָר אַ וועלטלעכער, געטראָגן זיך ווי אַ שטשאָגעל: הינטן אין דער קאַפּאָטע אַ שפּאַלט — דאָס האָט געהייסן יענע יאָרן מעשה פּראַנט, אָדער מעשה דייטש — לאַקירטע שטיוועלעטן מיט שפּראָנציקעס, און שטאַרק־שטאַרק אונטערגעבויגענע פּאות. און געהאַלטן האָט ער זיך דעמאָקראַטיש. דהיינו: אין בית־המדרש האָט ער געהאַט, ווי אַלע פאַרנעמסטע באַלעבאַטים אַן אָרט אין מזרח, נאָר געזעסן איז ער אויף דער לעזשאַנקע אין פּאָליש, געהאַלטן אַ חומש מיטן „ביאור“ און דערציילט, דווקא פאַרן פּראָסטן עולם, מעשיות פון רב משהלע ווייַנשטיין, פון מאָנטעפיאָרען און פון ראָטשילדן אויך. דערצו האָט ער געהאַט אַ באַסאָווע שטימע, געקענט שיין זינגען, ליב געהאַט אַ סך לאַכן און געקאָנט מאַכן לאַכנדיק יענעם. מייַנסטנס האָבן פון אים געלאַכט ייִיבער און מיידלעך — די זענען ממש צעגאַנגען פאַר געלעכטער, אַז ער האָט נאָר געוואָלט. מיט וואָס ער האָט זיי גענומען — איז שווער צו וויסן. נאָר ס'איז געווען גענוג, ער זאָל זאָגן איין וואָרט — און די געלעכטערן זענען שוין געגאַנגען ביזן הימל.

הייַנט וואָס פאַר אַ „הוליאַק“ איז דאָס געווען! אַן אים אַ חתונה איז געווען אַ לוויה, נישט קיין חתונה. ניסל וועוויקס, אָדער ניסל ראַבי־

נאָוויטש, האָט געקאָנט מחיה־מתים זיין, אַ גאַנצע וועלט מאַכן רעדעוודיק, לאַכנדיק און טאַנצנדיק. דער חילוק צווישן אים און צווישן פעטער פיניע איז געווען, וואָס דער פעטער פיניע האָט געקענט טאַנצן, און דער פעטער ניסל האָט געקאָנט מאַכן טאַנצן אַנדערע. אַלע און אַלץ האָבן מיט אים אויף אַ שמחה מיטגעטרונקען, מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט. דער ערשטער איז געווען דער סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו. מיט אים האָט ער זיך געביטן מיט די היטלען — און ס'איז געווען ליהודים.

בכלל איז ניסל ראַבינאָוויטש געווען מיט נאַטשאַלסטווע אויסגעבונדן, און האָט געפירט האָס שטעטל ביד רמה, גלייך ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ נאַטשאַלניק, אַ טשינאָווניק. דערצו האָט ער געהאַט אַ פּה־קדוש, גערעדט רוסיש, ווי אַן עכטער פּאָניע: „מעזשדו פּראָטשים, וואַשאַ מילאָסט, פּאַזוואָלטי וואַם פּאָקורניט נאַ נאַש שטשאָט אי טושטאָבי ניע בילאָ ניקאַקיך קאַקאָוו!"... (זייט זשע מוחל. אין אייגנוועגס פאַררוכערט אונדזערן אַ פּאַפּיראָס. און אָן אַ שום תירוץ!). נישט נאָר יידן — גויים האָבן פאַר אים געהאַט דרך־ארץ: „כאָדים דאָ ניסעליאַ: ווין אי דילאָ סקאַזשע, אי טשאַרקאַ הורילקאַ בודע". (לאָמיר גיין צו ניסלען: אי עסק וועט ער אונדז זאָגן, אי אַ גלעזל בראָנפן וועט זיין).

קהלען זיך האָט ער נאָך מער ליב געהאַט, ווי דער פעטער פיניע. ישטענדיק האָט ער זיך מיט עמעצן, אָדער פאַר עמעצן, געלאָדן, און אים האָט זיך אויסגעמאָלט, אַז ער ווייסט אַלע זאַקאָנעס. אַ קלייניקייט — א ייד רעדט אַזוי גוט רוסיש, אַז ס'איז גאָרנישט צו דערקענען, אַז דאָס רעדט אַ ייד, און דערצו איז ער אַזוי אויסגעבונדן מיט נאַטשאַלסטווע, פּאַטשט דעם סטאַראָסטע, ווי א הינט, שיכורט מיטן סטאַרשינאַ א גאַנצע נאַכט טאַקע ביי זיך אין שענק, און מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו קושט ער זיך, ווי מיט אַ ברודער!...

נאָר אויף וויפל דער פעטער ניסל איז געווען אַ חשוב אין שטאָט, אויף אַזוי פיל איז ער געווען נישט קיין חשוב ביי זיין אייגן ווייב, ביי דער מומע האָדל (אַלע גרויסע מענטשן זענען ביי זייערע ווייבער גאָרנישט!). די מומע האָדל איז געווען אַ ווייבעלע אַ קליינס און אַ שוואַרצס, נאָר דאָס דאָזיקע קליינע ווייבעלע האָט געהאַלטן איר גרויסן מאַן אין דער מורא — אימת מות!

עס איז געווען צו באַוואונדערן. ווי אָט דער גרויסער הויכער פעטער ניסל, דער חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, וואָס רעדט אַזוי גוט רוסיש, און דער שטענדיק פריילעכער און אויסגעפּוצטער קאַוואַליער און אָנגעלייגטער

גאַסט בײַ װײַבער, איז אַ בעלן געװען צו כאַפּן פֿון זײַן אײגן קלײנגעװאַקסן װײַבעלע אָדער מיט אַ קישעלע איבערן קאָפּ, אָדער מיט אַ נאַסן בעזעם איבער דער אױסגעפּוצטער קאַפּאָטע! צום מײנסטן האָט זי ליב געהאַט אים בעזעמען דװקא יום-טובֿ, און דװקא שמחת-תּורה, און דװקא פֿאַרן גאַנצן עולם אין די אױגן: „לאָז מען װיסן װאָס פֿאַר אַ מאַן זײַן װײַב האָט!“... ער אָבער האָט דאָס אָנגענומען פֿאַר אַ קאַטאָװעס, זיך פֿאַרשלאָסן מיט אַלע ייִדן אין זאַל, אױפֿגעעפֿנט פֿלעשער מיט בראָנפֿן, אױפֿגעשלאָגן אַלע פֿעסלעך מיט געזײַערטע אוגערקעס אין קעלער, אַרױסגענומען אַלע טעפּ און טעפּלעך פֿונעם אױװן — געמאַכט אַ חורבן, אַ פּאָגראָם אין שטוב, און אָפּגעקרענקט גאָכדעם דערפֿאַר פֿון דער מומען האָדל דרײַ װאָכן כּסדר. ס'איז אָבער געװען כּדאי — מע האָט זיך גוט אָנגעהוליעט!

שענער פֿון אַלצדינג איז געװען דאָס, װאָס דער פֿעטער ניסל האָט אַז דער מומע האָדל נישט געטאָן פֿון דאַנען אַהין. ער האָט זי געהאַלטן פֿאַר אַ גרױסן בר-דעת; נישט מער, פֿלעגט ער אױף איר מלמד-זכות זײַן, זי איז פֿון קאָרסון, אַ שטאָט אױעלכע אין קיעװער גובערניע, און די קאָרסונער זענען אַלע „ספּילטשעװע“... צו דערצו איז דאָ נאָר אײן רפֿואה — האָט ער געזאָגט: — פּערל. אַז גאָט זאָל אים העלפֿן, ער זאָל איר קאָנען קױפֿן גרױסע פּערל, װאָלט איר כאַראַקטער, זאָגט ער, זיך אינגאַנצן איבערגעביטן. „איך װײס נאָך אַ בעסערע רפֿואה“ — האָט אים דער עלטערער ברודער נחום געפּרוּװט עפֿענען די אױגן און האָט אים אײנגערױמט אַ סוד אױפֿן אױער, פֿון װעלכן דער פֿעטער ניסל איז געװאָרן אַז אױפֿגעציטערטער:

— זאָל גאָט היטן! זאָל דער אױבערשטער שומר ומציל זײַן!

— פֿאָלג מיך, ניסל! טו װי איך זאָג דיר, װעט דיר זײַן אַז גוט און אַז װױל!...

אין װאָס די דאָזיקע עצה איז באַשטאַנען, האָט זיך אַרױסגעװיזן ערשט העט-העט שפּעטער, אין אַ צײַט אַרום. דעם דאָזיקן סוד האָט די מומע האָדל אַלײן צעפּױקט איבער דער גאַנצער שטאָט דערמיט, װאָס זי האָט געטאַדלט און געשימפּט, געשמירט און געשאָלטן די גאַנצע משפּחה פֿון איר מאַן: „די משפּחתערע“ — קײן אַנדער נאָמען האָבן בײַ איר די ראַבינאָװיטשעס נישט געהאַט. „שלאָגן אַ װײַב איז בײַ זײ אַ װאָכעדיקער גאַנג... נאָר ס'װעט זײ פֿריער אָפּהאַרן די האַנט, אײדער זײ װעלן זיך צורירן“...

דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוווּסט פֿונעם סוד, אַז ניסל ראַבינאָוויטש האָט נעבעך אָפּגעשניטענע יאָרן פֿון זיין ווייב, כאָטש אפילו ביי דער וועלט איז ער אַ תקיף און ביי נאַטשאַלסטווע אַ גאַנצער קאָכלעפֿל. הלוואי וואָלט ער נישט געווען אַזאַ תקיף! וואָרום דאָס, וואָס ער איז געווען אַ תקיף, האָט אים, אייגנטלעך, אָפּגעקוילעט און סוף=כּל=סוף גליקלעך געמאַכט אים מיט די קינדער און קינדס=קינדער אויף אייביקע יאָרן. וועגן דעם ווערט דערציילט אַ מעשה, וואָס שמעקט אויסגעטראַכט צו זיין, נאָר איך גיב זי איבער, ווי איך האָב זי געהערט.

אין אַ קליין שטעטל, נישט ווייט פֿון וואָראָנקאָ, האַט זיך, אין בערעזאַן, האָבן גויים געמאַכט אַ פּריגאָוואָר אויף אַ יידן, אַז מע זאָל אים אַרויסטרייבן. וואָס טוט מען? איז מען געקומען צו לויפֿן צו ניסל וויעוויקס, אָדער צו ניסל ראַבינאָוויטש: סטייטש, אַזאַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, וואָס רעדט אַזוי גוט רוסיש און קושט זיך מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו!... דער פֿעטער ניסל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פּריסטאַוו — ער קאָן דאָ גאָרנישט העלפֿן: דאָס ווענדט זיך נאָר אינעם „ספּראַווניק“. און דער ספּראַווניק איז, ערשטנס, אַ גייער מענטש און, צווייטנס, אַ גרויסער המן! וואָס זשע טוט מען ווייטער? ווי לאָזט מען דאָס „ראַזאָרען“ אַ יידן און מאַכן אַ תל פֿון אַ גאַנצער משפּחה? „וואַרט נאָר אויס אַ ביסל, בודיעט דיעלאָ ושלאָפּע — ס'וועט זיין רעכט!“ — אַזוי האָט געזאָגט דער פֿעטער ניסל און האָט אָפּגעטאָן נאָר אַ קלייניקייט: ער האָט געקריגן די גאַנצע אוניפֿאָרם, וואָס אַ טשינאָווניק טראָגט, האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ „ספּראַווניק“, געכאַפּט אַ פּאָטשט און איז אַריינגעפֿאָרן אין דאָרף אַריין מיט אַ גלאָק, און האָט געשיקט רופֿן צו זיך דעם סטאַרשינאַ מיט דער גאַנצער „הראָמאַדע“, און האָט זיך צעשריען אויף זיי: „קאַק ווי סמעיעטיע, טאַקיע=סיאַקיע?!“ און געטופּעט מיטן פֿוס, ווי אַן אמתער ספּראַווניק, אַז ס'איז נישט „פּאָ=זאַקאָנו“, און האָט צעריסן דעם פּריגאָוואָר אויף שטיק=שטיקלעך און אָנגעזאָגט זיי, אַז טאָמער דערוועגן זיי זיך קלאָגן אויף אים צום גובערנאַטאָר, זאָלן זיי וויסן, אַז ער, דער נייער ספּראַווניק הייסט עס, איז טאַקע דעם גובערנאַטאָרס אַן אייגענער פֿעטער, פֿון דער מאַמעס צד, און זיין ווייב געהער זיך אָן אַ שטיקל קרובה מיטן „מיניסטער אָוונוטרעניך אי ווניעשניך דיעל“!...

ווער עס האָט געמסרט — ווייסט מען נישט. נאָר די געשיכטע מיטן צעריסענעם פּריגאָוואָר און די מעשיות מיטן גובערנאַטאָר און מיטן „מיניסטער אָוונוטרעניך אי ווניעשניך דיעל“ זענען אַרויף ווי בוימל

אויפן וואַסער, און ס'איז געוואָרן אַ „דיעלאָ“, און מע האָט אים מחילה איינגעזעצט און געמשפּט, און דער שפּיץ איז געווען, אַז דער בראַווער פּעטער ניסל האָט נעבעך געמוזט ווערן אַ בורח, פּשוט, הייסט עס, נעמען און אַנטלויפן. עס האָט זיך אים איינגעגעבן — ער איז אַנטלאָפן, האָט זיך פריער אָפּגעוואַלגערט אַ שטיקל צייט אין אָדעס, זיך געמאַכט אַ נייעם פּאַס מיט אַ נייעם נאָמען און איז אַוועק קיין אַמעריקע, אַזש קיין קאַנאַדע, די ערשטע צייט גוט אויסגעריסן געוואָרן, נאָר אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָבן אָנגעהויבן גיין פון אים „לעטערס“, אַז ער „מאַכט אַ לעבן“. שפּעטער האָט ער אַריבערגעצויגן אַהין זיין גאַנצע משפּחה, וועלכע האָט אויך געשריבן בריוו, אַז זיי „מאַכן אַ לעבן“. נאָכדעם זענען אָנגעקומען פון זיי אַלעמען זייער שיינע „פּיקטשורס“ — גראַפן, אמתדיקע שררות! נאָר ווי אַזוי מע „מאַכט אַ לעבן“ און ווי אַזוי איז בכלל דאָס לעבן אין אַמעריקע — דאָס האָט מען נישט געקאָנט פון זיי אַרויסבאַקומען בשום אופן.

ערשט העט־העט, אין אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק אַרום, אינעם יאָר 1905—6, אין דער צייט, ווען דער, וואָס שרייבט די דאָזיקע ביאָגראַפיע, האָט אַליין באַדאַרפט אַריבערוואַנדערן איבערן ים און איז געקומען בשלום קיין אַמעריקע, האָט ער זיך אינטערעסירט צו באַקומען גענויע ידיעות וועגן זיין פעטער. איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז דער פעטער ניסל איז שוין אַ שוכן־עפר, נאָר ער האָט איבערגעלאָזט אַ שיינעם נאָמען און אַ שיין פאַרמעגן. זיינע קינדער און זיינע אייניקלעך זענען דאָס, וואָס מע רופט אין אַמעריקע: אָ ל ר יי ט.

דאָס בילד פונעם פעטער ניסל וואָלט אָבער נישט געווען אינגאַנצן, ווען מיר זאָלן דורכלאָזן נאָך איין שטריך: אין דעם דאָזיקן מענטשן איז אפשר פאַרלוירן געגאַנגען אַ פּאָעט; ער האָט ליב געהאַט זינגען יידישע לידער, אייגענע. אין דער צייט, וואָס ער איז געזעסן אין תפיסה, האָט ער באַשאַפן אַ ליד אויף זיך אַליין, אין יידיש, נאָכן אלף־בית, און אַ שיינע מעלאָדיע דערצו — אַ מעלאָדיע, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים. וויפל טאַלאַנטן זענען ביי אונדז אָט אַזוי פאַרלוירן געגאַנגען, וואָס מע ווייסט פון זיי גאָרנישט!...

18

# פֿינעלע שימעלעס פֿאָרט קיין אָדעס

שימעלע רעדט מער אויף גוייש. — דערציילט גרויסקייט פֿון אפרתין. — קלייבט זיך אַריבער קיין אָדעס. — זיין זון פֿינעלע האָט אַן אָפּעראַציע. — אַן אַרבעסל אין אויער. — דער אָפּשייד־וואַרעמעס.

דעם העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע האָט זיך אויסגעוויזן, ווי עס ווייזט זיך אויס מסתמא יעדן ייִדישן ייִנגל, אַז זיין שטעטל — דאָס איז דער מיטלפּונקט פֿון דער וועלט, דער סאַמע נאָפּל פֿון דער ערד, און זיינע ייִדן — דאָס זענען די אויסדערוויילטסטע ביי גאָט, וואָס צוליב זיי איז באַשאַפֿן געוואָרן די דאָזיקע וועלט, און, פֿאַרשטייט זיך, אַז אין דער שפּיץ פֿון די אויסדערוויילטסטע שטייען וועוויקס קינדער, די ראַבינאָוויטשעס, און דער ראש וראשון און דער סאַמע שפּיגל פֿון די ראַבינאָוויטשעס — דאָס איז געוויס זיין טאַטע, נחום וועוויקס. וואָרום ווער זיצט אין בית־המדרש אויבנאָן אין מזרח־וואַנט, דער צווייטער פֿונעם רב, ביים סאַמע ארון־קודש? צו וועמען קומט מען צום אַלעם ערשטן גוט יום־טוב־בעטן? און צו וועמען קלייבט מען זיך צונויף אַלע שבת=צונאַכטס אויף מלוה־מלכה און מע טרינקט און מע זינגט און מע טאַנצט און מע הוליעט ביזן ווייסטן טאָג אריין? ניין, נישטאָ קיין שענערס פּי: זיין משפּחה. נישטאָ קיין רייכערס פֿון זייער שטוב. נישטאָ קיין גרעסערער פֿון זיין טאַטן. נישטאָ קיין פֿרומערער פֿון זיין פֿעטער פּיניע. נישטאָ קיין פֿריילעכערער פֿון זיין פֿעטער ניסל. און קוקנדיק אויף זיין הויכן טאַטן, נחום וועוויקס, אונטער אַ שבת אָדער אַ יום טוב, אין דער שיינער זיידענער קאַפּאָטע מיטן ברייטן גאַרטל און מיט אַ נאַפּאָלעאָנקע אויפֿן קאָפּ; אָדער אויף זיין נידעריטשקער מאַמע, חיה אסתר נחום וועוויקס, בעת זי הייבט אויף אירע אייִדעלע, ווייסע הענט אַרויף ביי ליכט־בענטשן

איבער די גרויסע, הויכע, געבלאָזענע זילבערנע לייכטער, אָדער אויף דער הויכער טשעפּקער באָבע מינדע, ווי זי רעדט זיך אויס מיט גאָט, ווי מיט אַ גאַנץ נאָענטן שמעלקע, אָדער אויפֿן פעטער ניסל דעם גבר, ווי ער האַקט רוסיש ווי אַן עכטער פּאָניע — האָט זיך שלום נחום וועוויקס האַרץ אַלע מאָל אָנגעפילט מיט פרייד און מיט גדלות קעגן אַנדערע קינדער, און ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט געהאַט דאָס גליק צו געבוירן ווערן אין דער דאָזיקער משפּחה, אונטער דער דאָזיקער גילדענער פּאָן, זוי ער האָט זיך געפילט גליקלעך, ווי אַ פּרינץ, און זיכער, ווי אין אַ פּעסטונג, ווי אין אַ קייזערלעכן פּאַלאַץ.

און אָט האָבן זיך פּלוצעם די זיילן פון דער פּעסטונג געגעבן אַ שאָקל, דער פּאַלאַץ האָט גענומען איינבויגן זיך און אויף אומצופאַלן, און דער גאַנצער כישוף פונעם גליקלעכן שטעטל איז מיטאַמאָל פאַרשווונדן געוואָרן. דער יונגער פּרינץ איז געוואָרן געוואָרן, אַז נישט דאָ איז דער נאָפּל פון דער ערד, אַז ס׳איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ סך, אַ סך גרעסערע שטעט פון וואָראָנקאָ, און אַז עס געפינען זיך אויף דער וועלט אַ סך, אַ סך רייכערע יידן פון די ראַבינאָוויטשעס. און געוואויר געוואָרן איז ער אָט דאָס אַלצדינג פון זיין נייעם חבר, פינעלע שימעלעס, פון וועלכן מיר דערציילן דאָ אין קורצן.

אויסער וועוויקס קינדער, די ראַבינאָוויטשעס, איז געווען אין וואָראָנקאָ נאָך אַ ייד אַ באַלעבאָס, פון די נ ג י ד י ם, מיטן נאָמען שימעלע. דאָס איז געווען אַ געפּאַקט יידל מיט אַ קיילעכיק בייכל און מיט אַ סימפּאַטיש שמייכלענדיק פּנים, דאָס מויל אַ ביסל אויף אַ זייט. ער איז געווען נישט אזא גביר, ווי אַ פאַרלעבער. „אַ קערבל איז ביי איב געווען אַ ממזר“. וויפל ס׳איז געווען, האָט מען פאַרלעבט. און אַז ס׳איז נישט געווען, האָט מען געבאָרגט און געליען און ווייטער געלעבט אַ גוטן טאָג.

אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל אַפּיקורס, ווייל ער האָט געטראָגן אַ „הענגקאָלנער“ און אַ ביסל שוין צו אַ קיילעכיק בערדל, שטאַרק צוגעפּוצט; דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַן אָפענע האַנט אויף געבן אַ נדבה, און אין מיטן דער וואָך, אַז ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט, האָט ער פאַררופן געסט, געמאַכט אַ סעודה פון דער ברייטער האַנט — חי געלעבט!

מער פון אַלע ראַבינאָוויטשעס האָט ער ליב געהאַט דעם פעטער ניסל, געטראָגן, גלייך ווי ער, אַ צעשפּאָלטענע קאַפּאָטע און שטאַרק

אונטערגעהאַקטע פּאות, און ליב געהאַט, ווי דער שפּאָלער זיידע, רעדן מיט אַ יידן אויף גוייש: „עי, ווי סוקינע דיעטי! וואָס באַלאַבאַטשעט איר הברים בטלים? פּאָראַ באָגו מאָליטסאַ!“ אַ האַנטשריפט האָט ער געהאַט אַ זעלטענע — אַ „כתבא רבא“, דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ „ליוואַק“ (געשריבן מיט דער לינקער האַנט, און אַלע ליוואַקעס שרייבן אויסגעצייכנט שיין — דאָס איז דאָך ידוע). אין דער היים איז ער אַלעמאָל געווען אַ גאַסט, נאָר אויף יום=טוב. אָפּגעיום=טובט, איז ער ערגעץ אַוועקגעפאָרן, מען ווייסט נישט וווּהין, און געקומען אויפן אַנדערן יום=טוב און אָנגעבראַכט אַהיים אַזויפיל מתנות, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאָדאָראָם און גערעדט פון שימעלעס מתנות אַ לאַנגע צייט נאָכדעם.

איינמאָל אונטער אַ פּסח איז ער געקומען פון ערגעץ צו פאָרן און אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער פאָרט אַרויס פון וואָראָנקאָ. וווּהין? אָ, ווייט! זייער ווייט! אַזש קיין אָדעס! „ סקאָטינעס, האָט ער געזאָגט, זיצן אָט דאָ, אין אַזאַ העק, טשאָרט וואַס פּאָבערי! איר זאָלט זיין אין אָדעס, וואָלט איר געוווּסט, פאָ קראַני מיר, וואָס הייסט א שטאָט! איר זאָלט אַ קוק טאָן ביי אָפרתין אַ קאַנטאָר מיט סלוזשישטשעס, טשאָרט וואַס פּאָבערי! וויפל גאָלד דאָרט וואַלגערט זיך איבער איין טאָג, מעגט איר זיך עס ווינטשן פאַרמאָגן אַלע, סוקינע דיעטי, מיט מיר אינאיינעם!...

דער עולם, פאַרשטייט זיך, האָט שימעלען אויסגעהערט מיט אָפענע מיילער, זיך געחידושט אויף אָפרתים קאַנטאָר און אויפן געלט וואָס דאָרטן וואַלגערט זיך איבער אַ טאָג; נאָר הינטער די אויגן האָט מען חוזק געמאַכט סיי פון שימעלען, סיי פון אָפרתים קאַנטאָר. אין מער פון אַלעמען האָט חוזק געמאַכט שמואל=אליהו דער נייער רב און חזן, וואָס איז נאָר=וואָס אַראָפּגעקומען פון באַרישפּאָלי, אַ יונגערמאַן אַ קליינער און אַ גרויסער שייגעץ, אַן עזות=מחוצף=פּנים. ער האָט געזאָגט: „שפּייט אים אין פּנים, אָט דעם שימעלען! ערשטנס, פאָרט ער גאָרנישט אַרויס; והשנית, איז ניישט קיין אָדעס, נאָר אַ ביסל נעענטער, קיין רזשישטשעוו, און נישט ווייל די היגע מענטשן זענען סקאָטינעס, נאָר פּשוט, ווייל ער איז אַ בעל=חוב, די האָר זענען נישט זיינע — כאַ=כאַ=כאַ!“

נאָר ווי אַזוי די מעשה איז, צי אָדעס, צי רזשישטשעוו, צי ווייל די וואָראָנקאָווער מענטשן זענען סקאָטינעס, צי ווייל ער איז אַ בעל=חוב,

די האָר זענען נישט זיינע — שימעלע האָט נישט געמאַכט קיין ליצנות: ער האָט באַלד נאָך פּסח גענומען אויספּאַרקויפן דאָס באַלעבאַטישקייט פאַר האַלב געלט, אַ סך זאַכן האָט ער צעגעבן אומזיסט, אויסגעקליידט די מיידלעך אַזוי ווי די כלות, און פאַר די יינגלעך באַשטעלט ביי ישראל דעם שניידער קורצע וויטיקלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסער שטאָט, ווי אָדעס, און בכדי דאָס שטעטל זאָל נאָך מער קאָכן, האָט שימעלע באַפוילן העניען, זיין ווייב, זי זאָל מאַכן אַ סעודה — מילכיקע וואַרעניקעס, טשאָרט איך פּאָבערי — פאַר דער גאַנצער שטאָט!

פאַרשטייט זיך, אַז געקומען אויף דער שמחה זענען אַלע, די גאַנצע שטאָט, און דער ערשטער איז געווען דווקא שמואל־אליהו, דער נייער רב און חזן, וואָס האָט הינטער די אויגן אַזוי חוזק געמאַכט פון שימעלען, געמאַכט פון אים נאָר אויסצודרייען; דערפאַר האָט ער אָבער אין די אויגן אים אַזוי געחנפעט, אַז עס האָט פּשוט געשלאָגן צו דער גאַל!

אינאיינעם מיט די גרויסע זענען געקומען צו דער סעודה, וואָס שימעלע האָט געמאַכט, אויך קליינוואַרג. נאָר אָנשטאָט דעם, זיי זאָלן זיצן אין שטוב גלייך מיט אַלע, זענען זיי בעסער געווען אין דרויסן ביי די בוידן, זען ווי מע פּאַקט זיך אין וועג אַריין. און שלום נחום וועוויקס האָט זיך מיט דעם יינגסטן פון שימעלעס קינדער, מיט פינעלען, אַ יינגל מיט אַ פאַרזאָרגט פּנימל און מיט גרויסע ביינקאָוואַטע אויגן, פאַרקליבן אין איינע פון די בוידן, אַרויפגעקראָכן גאַנץ אויבנאָן, זיך באַזעצט און געשמועסט פון דער ווייטער נסיעה, וואָס זיי שטייט פאָר.

פינעלע שימעלעס איז געווען אין יענער צייט דער סאַמע נאָענטסטער חבר פון שלום נחום וועוויקס — און אים האָט שלום ליב געהאַט דערפאַר, וואָס ער ווייסט אַלצדינג, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, וואָרום אחוץ וואָס פינעלע האָט זיך אָנגעהערט אַ סך מעשיות פון גרויסע שטעט פון זיין טאַטן, שימעלען, איז ער אַליין אויך געווען אין דער גרויסער שטאָט, אין פּערעיאַסלאַוו, איבער אַ מעשה מיט אַן ארבעסל.

פינעלע האָט, שפּילנדיק זיך, געפּרוווט אַריינלייגן איינמאָל אַן אַרבעסל אין איין אויער אַריין און אַרויסנעמען דאָס פונעם אַנדערן אויער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַרבעסל האָט זיך איינגעשפּאַרט, נישט געוואָלט אַרויס נישט פון *דעם* אויער און נישט פונעם *אַנדערן* אויער, און עס האָט בעסער אָנגעהויבן צו וואַקסן ביי אים אינעווייניק און אַרויסגערופן אַזאַ קאָפּ־ווייטיק, אַז דער קונדס האָט געמוזט אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת מיטן אַרבעסל. האָט ער פריער באַקומען אַ רעכטע פּאָרציע

שמיץ — „אַ ייִנגעלע זאָל נישט ליגן קיין אַרבעסלעך אין אויער אַריין“, און דערנאָך האָט מען מיט דרעטלעך און מיט שפּיזלעך און מיט „סיר־ניקלעך“ געפּאָרקעט אַזוי לאַנג אין אויער, ביז מע האָט אים געמוזט אָפּפירן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, קיין פּערעיאַסלאַוו, אויף אַן אָפּעראַציע.

פון דער דאָזיקער נסיעה אין דער גרויסער שטאָט אַריין האָט פּי־נעלע נאָכדעם געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן גאַנצע פּעק, און ער איז נישט ווילנדיק אויסגעוואַקסן ביי זיינע חברים אין די אויגן מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער. אַ קלייניקייט — אַ ייִנגל איז אַליין געווען אין פּערעיאַסלאַוו און אַליין געזען מיט זיינע אייגענע אויגן אָן אַ שיעור הייזער מיט בלעך געדעקט, מיט „פּעשעכאָדן“ (טראָטואַרן) אויף אַלע גאַסן, ווייסע קלויסטערס מיט גרינע קאָפּעקעס און מיט גאָלדענע צלמים, גע־מויערטע קלייטן, קאַווענעס און דיניעס גאַנצע בערג, עפּל און באַרן אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל, וואָס וואַלגערן זיך אויף דער הוילער ערד, און סאָלדאַטן, וואָס „מאָרשטירן“ אין די גאַסן, און נאָך כדומה אַזעלכע חי־דושים ונפלאות!

פון דעמלט אָן זענען פּינעלע שימעלעס און שלום נחום וועוויקס געוואָרן חבר, נפש אחת, און פּאַר קיינעם איז שימעלעס אָפּפאָרן פון וואָראָנקאָ נישט געווען אַזאַ קלאַפּ, ווי פּאַר שלומען! אחוץ וואָס ער האָט מקנא געווען פּינעלען, וואָס יענער פאָרט און ער נישט, איז אים שווער געווען זיך צעשיידן מיט זיין חבר, וועלכן ער האָט ליב געקריגן נישט ווינציקער ווי זיינע פריער־דערמאָנטע חברים.

ביי זייער לעצטן זעעניש, פאַרן געזעגענען זיך, האָט דער גליקלע־כער פּינעלע שימעלעס, פּיינטשיק אויסגעקליידט און אַן אויסגע־צוואָגענער, אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און גענומען מאַכן חוזק פון וואָראָנקאָ. „וואָס איז וואָראָנקאָ? — אַ העק, אַ גרוב, אַ דאָרף, ערגער פון אַ דאָרף! און די מענטשן? — קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים! וואָס אין אָדעס פאַרמאָגט איין אפרתי, נאַרעלע, פאַרמאָגן דאָס נישט אַלע וואָראָנקאָווער ייִדן שוין מיט די נגידים אינאיינעם“...

דערנאָך האָט פּינעלע גענומען צו דערציילן גרויסקייט פון זיך און פון זייער משפחה, ווי אַזוי זיי וועלן דאָס באַלד געבן אַ פאָר־אַרויס מיט די בוידן, אַז ס׳וועט אַזש גיין אַ רויך! און ווי אַזוי זיי וועלן זיך עס אַ ביסל אָנפאָרן! און דערנאָך וואָס ס׳וועט זיך טאָן, אַז זיי וועלן האָבן געבן אַ פאָר־אַריין קיין אָדעס! אַלע גרויסע לייט וועלן זיי אַרויסקומען

אקעגן מיט אַ ברייטן שלום־עליכם און מיט פרישע קוילעטשן און מיט געבראָטענע קאַטשקעס און מיט גוטן ווישניק, און אפרתי וועט אויך זיין דאָרטן...

— ווער איז דאָס דער אפרתי? — פרעגט אים שלום.

— אפרתי ווייסטו נישט? — ענטפערט אים פינעלע, ווי אַ גרוי־סער. — אפרתי דאָס איז אונדזערער אַ קרוב פון דער מאַמעס צד, אַ גביר, אַן אדיר, אַ מיליאָנטשיק! איך האָב דאָך דיר געזאָגט שוין, אַז וואָס דער איין אפרתי פאַרמאָגט אין איין קעשענע, באַרעלע, פאַרמאָגן דאָס נישט אַלע היגע יידן מיט די נגידים אינאיינעם. קאָנסט פאַרשטיין ווי רייך ער איז, אַז פאָרן פאָרט ער אַרויס מיט זעקס פערד „גאַשפּיץ" און איינער אַ רייטער פליט אויף־צו־פריער, אַנגעטאָן גייט ער פון קאָפּ ביז די פיס אין זייד און אין סאַמעט, און צוויי טולעפּעס האָט ער: איי־נער איז אַ יעגאַטענער און דער אַנדערער איז פון פיזעס. און עסן עסט ער אינדערוואָכן גאָר קוילעטש און גאָר געבראָטענע קאַטשקעס און פאַר־טרינקט מיטן בעסטן ווישניק...

— און וואָס וועט איר דאָרטן טאָן? — פרעגט אים שלום און שלינגט די סלינע פון די געבראָטענע קאַטשקעס מיטן גוטן ווישניק.

— וואָס הייסט, וואָס? — ענטפערט אים פינעלע אַזוי פּראָסט און ערנסט .— וואָס טוען אַלע יידן אין אָדעס? וואָס טוט אפרתי? אפרתי האָט אייגענע אַמבאַרעס מיט ווייץ, מיין טאַטע וועט האָבן אַמבאַרעס מיט ווייץ. אפרתי האָט אַ קאַנטאָר מיט מענטשן, מיין טאַטע וועט האָבן אַ קאַנטאָר מיט מענטשן. און געלט — געלט וועט זיך אונדז שיטן אין די קעשענעס פולע זעק! דו שפּילסט זיך מיט אָדעס?...

און פינעלע האָט גענומען דערציילן די גרויסקייט פון אפרתין און די שיינקייט פון דער שטאָט אָדעס מיט אירע דרייעטאַזשנע מויערן. „גאַ־רעלע, אונדזער שטאָט איז אַקעגן אָדעס, ווי אַזוי זאָל איך דיר זאָגן? — ווי, למשל, אַ פליג קעגן אַ קלויסטער, אָדער ווי אַ מורעשקע קעגן אַ העלפאַנט!"

איר וואָלט געמעגט שווערן, אַז ער איז דאָרטן אַליין געווען און גע־זען אַלצדינג מיט זיינע אייגענע אויגן. זיין חבר האָט אים געקוקט אין מויל אַריין און געשלונגען מיט דאָרשט איטלעכס וואָרט און שטאַרק, שטאַרק מקנא געווען! איין זאַך נאָר איז אים געווען אַ ביסל קשה, און ער האָט זיך נישט געפוילט עס אַ פרעג טאָן ביי זיין חבר פינעלען: ווי־באַלד אָדעס איז יאָ אַזאַ טייערע שטאָט און אפרתי דער מיליאָנטשיק איז

זייערער אַ קרוב, וואָס זשע האָבן זיי געשוויגן ביז אַהער? פאַרוואָס זע־
נען זיי פריער נישט אַרויסגעפאָרן אַהינצוצו?... דערויף האָט פינעלע
אָפּגעענטפערט, גאָר קיין סך נישט געטראַכט:

— נאַרעלע! אַ קרוב, מיינסטו מאַקע אַ נאָענטער קרוב — אַ פע־
טער? צי אַ געשוועסטערקינד? צי אַ מחותן? עס הייבט זיך גאָרנישט
אָן! א וווייטער קרוב! אפילו נישט קיין שני בשלישי. זיי זענען נאָר ביידע,
דאָס הייסט אפרתי און מיין מאַמע, פון איין שטאָט, פון מעזשירעטשקע.
מיין מאַמעס מאַמע איז פון מעזשירעטשקע און אפרתים טאַטע, זאָגט
מען, איז אויך געווען אַ מעזשירעטשקער...

מען קאָן נישט זאָגן, אַז פינעלעס ענטפער זאָל זיין אַ תירוץ מספיק
אויף דער פראַגע, וואָס שלום האָט אים אַוועקגעשטעלט. נאָר די צייט
איז זיך געגאַנגען, און די צוויי חברים האָבן זיך אַזוי פאַררעדט וועגן
אָדעס און וועגן אפרתים יחוס פון מעזשירעטשקע און וועגן נאָך זאַכן,
אַז זיי האָבן זיך גאָרנישט אומגעקוקט, ווי דער פרימאָרגן איז אַוועק.
דער עולם האָט שוין דערווייל לאַנג אָפּגעגעסן די וואַרעניקעס, געווען
עפּעס מאָדנע אויפגערוימט, רויטלעך און פאַרשוויצט, און מע איז שוין
געשטאַנען ביי די בוידן און גענומען געזעגענען זיך זייער פריינדלעך מיט
שימעלען און מיט זיין משפּחה, קושן זיך און ווינטשעווען אַלדאָס גוטס.
מער פון אַלעמען האָט זיך געקושט שמואל־אליהו דער רב און חזן, גע־
האַלטן עפּעס מאָהנע די אויבערשטע ליפּ, ווי זי וואָלט וועלן לאַכן, און
צוגעווינטשעוועט די אָפּפאָרנדיקע, ס'זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, און
געבעטן שימעלען, ער זאָל זיין אַזוי גוט און לאָזן גריסן ג אַ נ ץ אָדעס,
און אפרתין — „למען השם, נישט פאַרגעסן אפרתין לאָזן גריסן גאָר
פריינדלעך!“

— פראָשטשאַוואַיטע, סוקינע דיעטי! — האָט זיך שימעלע פריי־
לעך אָפּגעזעגנט צום לעצטן מאָל שוין פון בויך אַרויס מיטן גאַנצן
שטעטל. — פראָשטשאַוואַיטע! ניע פאָמינאַיטע ליכאָם! און לאָז אייך גאָט
העלפן, איר זאָלט זיך ארויסקאַראַטשקען פון דער דאָזיקער בלאָטע במהרה
בימינו — הייראַ!

— הייראַ! — האָט אים נאָכגעזאָגט אויך פינעלע, אַ שטייענדיקער
אין בויך, האַלטנדיק ביידע הענט אין די קעשענעס, ווי אַ גרויסער, און
קוקנדיק אויף זיין חבר שלום מיט ליבשאַפט און מיט גדלות — און די
בוידן האָבן זיך גערירט.

און אַז די בוידן זענען אַוועק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ ריח פון פערד און אַ גאַנצע וואַנט פון שטויב, האָט זיך שמואל אליהו געכאַפּט מיט ביידע הענט ביי די זייטן און האָט אַזוי געלאַכט, זיך אַזוי געקאַטשעט, גלייך ווי צען טויזנט שדים וואָלטן אים געקיצלט ביי די פּיאַטעס: „כאַ=כאַ! קיין אָדעס פאָרט ער! צו אפרתין, כאַ=כאַ=כאַ!!!“...

און דער מינוט האָט זיך דער פאַלשער שמואל=אליהו געקויפט אַ שונא, אַ דם=שונא! דאָס איז געווען שלום נחום וועוויקס: אים איז נישט געווען צום לאַכן. אדרבא, אים האָט זיך געוואָלט וויינען. ערשטנס, פאַרלוירן אַ חבר — פינעלען. צווייטנס, די קנאה: יענער פאָרט אַוועק. און וווהין? אַזוי ווייט! אַזש קיין אָדעס! און ועל כולם — און דאָס איז דער עיקר — וואָס דאָס אַמאָליקע שיינע חנעוודיקע שטעטל וואָראָנקאָ איז עפּעס ווי קלענער געוואָרן, קלענער און נידעריקער און טונקעלער, און עס האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן דעם גאַנצן חן, מיטן גאַנצן גלאַנץ און כישוף. און עס האָט אים פאַרקלעמט ביי דער נשמה, און ער איז אַ באַטריבטער, א פארביטערטער, מיט א צעווייטיקט האַרץ, אוועק אין חדר אַריין...

ג. ב. אין אַ צייט אַרום, עס זענען אַוועק יאָרן און יאָרן, האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז שמואל=אליהו דער רב און חזן האָט נישט אומזיסט אַזוי געלאַכט: שימעלע איז אַריבערגעפאָרן מיט זיין געזינדל נישט קיין אָדעס, נאָר קיין ר ז ש י ש ט ש ע ו, אַ קליין שטעטל אין קיעווער גובערניע, גאָרנישט אַזוי שטאַרק ווייט פון וואָראָנקאָ. צו וואָס האָט אים געטויגט דער אָנשטעל פון אָדעס און פון אפרתין — דאַרף מען פרעגן ביי זיינע קינדער, וואָרום שימעלע איז שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ.

.19

# משנה מקום — משנה מזל

עס האַלט ביי פאַרלאָזן כתרילעווקע. — הערסל מיט דער סין טוט אָן דעם שותּף אַ ספּאָדעק. — דער באָבע מינדעס תּכריכים.

פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען — קאָן דער פּאַרפאַסער פון די דאָזיקע באַשרייבונגען נישט זאָגן. נאָר שימעלע האָט געמאַכט דעם ערשטן פּעטשאַטעק. תּיכּף נאָך זיין אַרויספאָרן האָבן די איבעריקע וואָראַנקאָווער באַלעבאַטים אויך גענומען שמועסן פון „משנה מקום — משנה מזל“ און פון איבערפּעקלען זיך אין אַנדערע גרעסערע שטעט: ווער קיין באַרישפּאָלי, ווער קיין רזשישטשעוו, ווער קיין וואַסילקאָוו און ווער נאָך ווייטער.

אויך איציק נחום וועוויקס האָבן זיינע קינדער געהערט דערציילן בסוד־סודות, אַז ער קלייבט זיך אַריבער אינגיכן צוריק קיין פּערעיאַסלאַוו, אין דער גרויסער שטאָט, פון וואַנען ער איז אַמאָל אַריבערגעפאָרן אַהער, קיין וואָראָנקאָ, בעת די קינדער זענען נאָך געווען גאָר קליינינקע, און אויסגעלאָזט האָט מען דעם סוד מיט די ווערטער: „משנה מקום — משנה מזל“...

ביי די קינדער האָט דאָס פּערעיאַסלאַוו אויסגעזען מוראדיק גרויס און פול מיט חן און פול מיט סוד. „פּערעיאַסלאַוו איז אַ מקום־פּרנסה“ — אַזוי האָבן צווישן זיך געשמועסט די גרויסע, און קלייניוואַרג האָבן זיך צוגעהאָרכט צו די שמועסן, נאָר ווייניק פאַרשטאַנען, נאָר געפילט האָבן זיי, אַז דאָס פּערעיאַסלאַוו איז עפּעס אַ גוטע זאַך, האָבן זיי געקליבן תּענוג און צו גלייכער צייט האָט זיי באַנג געטאָן זיך שיידן מיטן קליינעם שטעטעלע, ווו זיי האָבן פאַרבראַכט זייערע בעסטע קינדערשע יאָרן, די סאַמע גאָלדענע צייט פון זייער יוגנט.

„וואָס וועט זיין — האָט זיך דער קליינער שלום געטראַכט — מיט דעם וואָראָנקאָווער אַלטן בית־המדרש, אַז אַלע ייִדן וועלן זיך צעפאָרן? ווער וועט זיצן אויף זייערע ערטער אין מזרח־זייט? און דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט בית־מדרש, וואָס וועט זיין מיט אים? און מיט די ייִדי־שע קלייטן? און מיטן אוצר?... נישט שוין־זשע וועט פאַרלוירן גיין אַזאַ גוטס, וואָס ליגט אָנגעגרייט פון ייִדנס וועגן טיף אין דער ערד אַזויפיל יאָרן? נישט שוין־זשע וועט דאָס אַלצדינג אונטערגיין, כלה ונאבד ווערן?!“...

וויפל מע האָט זיך נישט געהיט פאַר די קינדער נישט צו רעדן אין שטוב פון „אַזעלכע זאַכן“, האָבן זיי דאָך געכאַפּט ווערטער: „משנה מקום — משנה מזל“... „פרנסה איז געשלאָגן“... פאַרוואָס, אַז מע איז משנה דעם מקום, איז מען משנה דאָס מזל? און וואָס איז, אייגנטלעך, אַזעלכעס „פרנסה“ און ווי אַזוי „שלאָגט“ מען זי? — דאָס האָבן קליינ־וואַרג נאָך נישט אַקוראַט פאַרשטאַנען. נאָר לויט דער מינע, וואָס די גרעסערע האָבן בעת־מעשה געמאַכט, האָבן די קלענערע זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס טוט זיך, עפּעס קומט פאָר... שטענדיק אַ שטילער, אַ רואיקער, אַ בעל מרה־שחורה, איז נחום וועוויקס געוואָרן נאָך מער שטיל און נאָך מער מרה־שחורהדיק. תמיד אַן איינגעבויגענער, איז ער געוואָרן נאָך מער איינגעבויגן. אויפן הויכן ווייסן שטערן האָבן זיך אויסגעלייגט נאָך אַמאָל אַזויפיל קנייטשן, ווי פריער. אינצווייען פלעגט ער זיך פאַרשליסן מיטן ייִנגערן ברודער, מיטן פעטער ניסלען, רויכערן אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּי־ראָס און עפּעס נאָר געסודעט זיך און נאָר געשטיקט זיך... מע האָט דעם לעצטן ווינטער אויפגעהערט ביי די ראַבינאָוויטשעס פּראַווען מלוה־מלכהס פאַר דער גאַנצער שטאָט. דעם לעצטן שמחת־תורה און שמיני־עצרת האָט מע אפילו נאָך געהוליעט, דער פעטער ניסל האָט אפילו זיך נאָך געביטן מיטן סטאַנאָוואָי מיט די היטלען און כלומרשט געטאַנצט מיט אים אויפן דאַך אויך — נאָר ס'איז שוין נישט געווען נישט דאָס הוליען און נישט דאָס טאַנצן, וואָס פריער. אפילו די מומע האָדל איז גע־וואָרן געלאַסן, פאַרלוירן אַ סך פון איר גיפט... עפּעס איז די גאַנצע משפּחה געוואָרן ווי צעשרויפט. נאָר איין באָבע מינדע האָט זיך נאָך געהאַלטן שטאָלץ, ווי אַ דעמב. די אייגענע ריינקייט און טשעפּעקייט, וואָס פריער. די אייגענע ציכטיקייט און זויבערקייט, וואָס אַלעמאָל. נאָר די שבת־אויבסטן זענען געווען, דאַכט זיך, שוין נישט די, וואָס תמיד. די עפּלעך אַ ביסל צוגעפרוירן און צוגעלעגערט און אַ ביסעלע ווי אונ־

טערגעפּוילט, די ניסלעך פּייפּעריק, און אין די פּייגן האָבן זיך פאַרפּלאָדעט ווערעם... געדאַוונט און געבענטשט האָט די באָבע מינדע, ווי פריער, געשמאַק און הויך אויף אַ קול, ווי אַ מאַנסביל, פון איר גרויסן ציכטיקן קרבן־מנחה אַרויס, און אויסגעשמועסט זיך מיטן רבונו־של־עולם. נאָר ס'איז שוין געווען נישט דאָס דאַוונען און נישט דאָס אויסשמועסן זיך מיט גאָט. עפּעס האָט זיך געטאָן אין דער משפּחה, עפּעס איז פאַרגעקומען ביי די ראַבינאָוויטשעס אַ מין סוד.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ גאַנצן ווינטער, ביז עס האָט פּלוצעם אויסגעזויצט דער בלאָטער, דער אמת איז אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער, און די גאַנצע שטאָט איז געוווּיר געוואָרן פונעם סוד, אַז נחום וועוויקס שותף פון דער פּאָסעסיע, אַ ייד אַן אָנגעפּעלצטער מיט אַ רויטער נאָז (הערשל האָט ער געהייסן, נאָר ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין שין, נאָר אַ סין, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „הערסל מיט דער סין"), האָט זיין שותף נחומען בדיל־הדל געשטעלט, פּשוט באַגנבעט, און חוץ לזה האָט ער אים נאָך שטילערהייט אויסגעדונגען פון דער פּאָסעסיע! איז געוואָרן אַ ויצעקו אין שטאָט: „סטייטש, רב נחום, וואָס שווייגט איר אים? פאַרוואָס נעמט איר אים נישט צום רב, צו מענטשן?" נאָר אַז ס'איז געקומען צום רב און צו מענטשן, האָט דער האָזיקער הערסל מיט דער סין זיך אויסגעלאַכט און אַרויסגערעדט זיך עפּעס מוראדיק גראָב (און דווקא מיט דער סין, ווי זיין שטייגער איז), אַז ס'איז גאָר אַ בזיון האָס פאַרן מויל צו ברענגען...

— אַ יונגאַטש קאָן! — האָט דער פעטער ניסל געטענהט, געמאַכט מיט די הענט און געדרויכערט מוראדיק גראָבע פּאַפּיראָסן, און ער האָט זיך געשווירן, אַז זיין נאָמען וועט נישט הייסן ניסל, אויב ער וועט אָט דעם שייגעץ, דעם הולטאַי, דעם גראָבן יונג מיט דער סין נישט אַריינפּאַקן אין אָסטראָג אַריין, ווינציקסטנס, אויף פינף און צוואַנציק יאָר!

— וואָסער פּאַקן? וואָסער אָסטראָג? וואָסערע פינף און צוואַנציק יאָר? — אַזוי האָט אים דער עלטערער ברודער, נחום, אָפּגעקילט מיט אַ ביטערן שמייכל און אויך פאַררויכערט אַ גראָבן פּאַפּיראָס. — מע האָט מיר אָנגעטאָן אַ ספּאָדעק, און מע מוז איצטער פאָרן צוריק קיין פּערעיאַסלאַוו. משנה מקום — משנה מזל...

דאָס זענען געווען קלאָרע דיבורים, וואָס חברה האָבן פאַרשטאַנען, כאָטש איין זאַך איז זיי נאָך געווען אַ ביסל נישט אַזוי פאַרשטענדלעך: פון וואָסער אַ „ספּאָדעק" האָט זיך דאָ גערעדט? צוגיין צום טאַטן און

פרעגן — דערויף האָט קיינער נישט געוואַגט. צופֿיל דרך־ארץ האָט מען געהאַט פאַר אַ טאַטן, מע זאָל צוגיין צו אים פרעגן: „טאַטע, וואָס פאַר אַ ספּאָדעק האָט מען דיר אָנגעטאָן?“ די קינדער האָבן גאָר געזען, אַז דער טאַטע צאַנקט, גייט איינגעבויגן. יעדער זיפֿץ און יעדער קרעכץ רייסט אויס אַ שטיק האַרץ.

— איר וועט דאָ בלייבן איבערן זומער לערנען, אַז עבֿירה אין מיטן זמן אייך אָפּצורייסן, און אם ירצה השם אויף סוכות וועט מען שיקן נאָך אייך אַ פור, וועט איר קומען צו פֿאָרן.

אַזוי האָט נחום וועוויקס געגעבן צו וויסן די קינדער איינמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג, און צו זייער שטוב זענען צוגעפֿאָרן צוויי בוידן, פונקט אַזוי ווי דערמלט צו שימעלעז, און מע האָט זיך גענומען פּאַקן אין וועג און געזעגענען זיך מיט דער שטאָט. ס'איז אָבער געווען נישט דאָס פּאַקן זיך און נישט דאָס געזעגענען זיך און נישט די פֿריילעכע וואַרעניקעס, וואָס ביי שימעלען. עפּעס האָט זיך אַ באַזונדער טרויער אויסגעגאָסן אויף אַלעמען און אַ מרה־שחורה איז געלעגן אויף אַלע פּנימער. די גאַנצע שטאָט האָט מיטגעפֿילט די ראַבינאָוויטשעס. „זאָל זיי גאָט העלפֿן; משנה מקום — משנה מזל; נעבעך אַ רחמנות!“ — אַזוי האָט מען געשמועסט הינטער די אויגן, און די קינדער האָבן נאָך ווינציק־וואָס פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס און אויף וועמען ס'איז אַזאַ רחמנות? אויב שוין יאָ אַ רחמנות, איז עס געווען אויף דער באָבע מינדע, וואָס האָט אויף די עלטערע יאָרן באַדאַרפֿט צונויפֿלייגן איר קאַסטן, זיך פּאַקן אין וועג אַריין. יונגוואַרג האָבן דערווייל געהאַט אַ געלעגנהייט כאַפּן אַ קוק, וואָס ביי דער באָבע אין קאַסטן טוט זיך: אויסער די זיידענע אויסגעפּרעסטע טיכלעך, וואָס זענען געלעגן אויסגעלייגט צווישן די בלעטער פֿון קרבן־מנחה, אויסער די יום־טובדיקע זיידענע מלבושים און סאַמעטענע רעזעוולקעס, עפּעס מאָדנע געניייט, מיט קורצינקע אַרבעלעך און פֿייגנע עקלעך — אויסער דעם גוטס און האָב, איז דאָרט געלעגן ווייט־ווייט אין אַ ווינקעלע זייער אַ סך וויים שטאָף. דאָס איז געווען דער אַלטערס תּכריכים, וואָס זענען געלעגן ביי איר צוגעגרייט פֿון ווייס איך ווען אויף איבער הונדערט יאָר, אַז ט אָ מ ע ר וועט זי שטאַרבן, זאָל זי נישט דאַרפֿן אָנקומען צו אַ קינד... דאָס האָבן געוווּסט אַלע; פֿונדעסטוועגן האָבן חבֿרה געהאַט אַ האַריץ אַ פֿרעג צו טאָן ביי דער באָבען: „צו וואָס באַדאַרף זי האָבן אַזויפֿיל ווייסע מאַטעריע?“... דער פֿרעגער איז געווען נישט קיין אַנדערער, נאָר דער קלענסטער פֿון אַלע און וווקס און דער גרעסטער פֿון אַלע אין שקאָ־

צעריי, דער שרייבער פון די דאָזיקע זכרונות. ער האָט דערפאַר באַקומען פון דער באָבען אַ שיין ביסל מוסר, און זי האָט אים נאָך צוגעזאָגט צו שטעלן אַ בענקעלע פאַרן טאַטן. זי קלייבט זיך שוין פון לאַנג, האָט זי געזאָגט, אויף דעם קליינעם „לץ“. זי ווייסט, זאָגט זי, גאַנץ גוט, אַז ער מאכט איר נאָך הינטער די פּלייצעס, ווי אזוי זי האוונט און ווי אזוי זי בענטשט (און דאָס איז דווקא געווען אַן אמת). זי וועט דאָס שוין אַלצדינג דערציילן, אַלצדינג! זי וועט זיך שוין קילן דאָס האַרץ!... צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ווער? וואָס? די באָבע האָט אפילו נישט אָנגעהויבן צו דערציילן. אדרבא, פאַרן אַוועקפאָרן, אַז ס'איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָט זי זיך צעקושט מיט יעדן קינד באַזונדער, ווי נאָר אַ מאַמע קען זיך קושן, און געוויינט, ווי נאָר אַ מאַמע קען וויינען. און שפּעטער, אַז מע האָט שוין באַדאַרפט טאַקע זיך זעצן און פאָרן, האָט זי צום לעצטן מאָל זיך אָפּגערופן צו די קינדער:

— זייט זשע געזונט, קינדערלעך! גאָט זאָל העלפן, איר זאָלט דערלעבן אַלע צו גיין נאָך מיין לוויה...

אזאַ מין ווינטשעוואַניע!

.20

# דער עולם צעקריכט זיך

שמואל־אליהו שפּילט אין שאָך. — דער עולם קומט זיך געזעגענען. — ווייבער מיט פאַרוויינטע אויגן פּיסקלען זיך. — מע דאַרף זיין פון אייזן, מע זאָל נישט לאַכן.

דער טאָג פון נחום וועוויקס אַוועקפאָרן איז געווען פאַר דער שטאָט אַ תשעה־באב און פאַר די קינדער — אַ שמחת־תורה: אַ קלייניקייט אַזאַ יום־טוב? ערשטנס, לערנט מען נישט. ווער וועט דאָס גיין אין אַזאַ טאָג אין חדר אַריין? און צווייטנס, איז גלאַט לעבעדיק — מע קלייבט זיך, מע פּאַקט זיך, מע רוקט שאַפעס, עס קלינגען גלעזער, גאָפּל־מעסער, עס קומען בוידן, און עסן עסט מען ווי ערב־פּסח, בחפזונדיק! היינט די פאָר גראָשנס, וואָס מע וועט באַקומען „אָטיזנע“ (אָפּפאָר־געלט)? דערווייל זעט מען עס נאָך נישט. דערווייל קומען נאָך באַלעבאַטים זיך געזעגענען. דאָס הייסט, זיי קומען, מען זאָל זיי זאָגן „זייט געזונט“, וועלן זיי זאָגן „פאָרט געזונט“ און אָנווינטשן דערביי אָן אַ שיעור גוטע זאַכן, ווי געזונט און הצלחה און מזל און אַלדאָס גוטס.

פריער פון אַלע איז אָנגעקומען שמואל־אליהו דער רב און חזן. שמואל־אליהו איז אַן אָפּטער איינגייער צו די ראַבינאָוויטשעס. ער קומט אַלע טאָג. ווי אַן ערלעכער ייד לאָזט נישט דורך דאַוונען, אַזוי לאָזט ער נישט דורך קיין שאָך־שפּילן מיט רב נחומען. שפּילן אַ שאָך איז ביי אים אַ פאַרגעניגן. געווינען ביי רב נחומען אַ שאָך איז ביי אים אַ גליק. אַ מאָדנע טבע ביי דעם שמואל־אליהון: פאַרשפּילט ער — שרייט ער, געווינט ער — שרייט ער. נאָר געווינען געווינט ער זעלטן. מערסטנטייל פאַרשפּילט ער. און אַז ער פאַרשפּילט, שרייט ער, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות,

אַז ער איז געגאַנגען נישט מיט דעם צוגל, וואָס ער האָט געוואָלט, און אַז ער זאָל געווען גיין אַנדערש, וואָלט דער אַנדערער פאַרשפּילט!...

ביי אַזאַ שפּיל, אַז ס'איז געזעסן דער פעטער ניסל, האָט ער נישט געקאָנט ליידן. האָט ער געפרעגט שמואל־אליהון: „וואָס שרייט איר?“ דער טאַטע נחום איז אָבער נישט געווען אַזאַ מענטש. ער האָט רואיק אויסגעהערט שמואל־אליהון, ווי ער קאָכט זיך, פאַוואָלינקע געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין און געשפּילט ווייטער. די מאַמע חיה־אסתר איז געווען אויסער זיך: אין אַזאַ צייט, אַ שעה פאַרן אַוועקפאָרן, זעצט מען זיך אַוועק שפּילן אין שאָך? „דאָס לעצטע מאָל, חיה־אסתר, געזוגט זאָלט איר זיין! איר פאָרט אַוועק, דער עולם צעקריכט זיך, קיינער בלייבט נישט, מיט וועמען וועל איך שפּילן אין שאָך?“

אַזוי בעט זיך שמואל־אליהו דער חזן און פאַרשאַרט דאָס היטל אַרויף, נעמט זיך צו דער אַרבעט און הייבט שוין אָן צו קאָכן זיך און צו שרייען, אַז נישט אַזוי איז עס געגאַנגען, ווי ער האָט געוואָלט, און נחום שמייכלט און לאָזט אים גיין אַנדערש.

דאָס שפּילן גייט אָבער ביי זיי נישט ווי אַלעמאָל. עס קומען אַלע מינוט צו גיין נייע מענטשן זיך געזעגענען. מע קאָן נישט זיין אַזוי גראָב און מע מוז איבעררייסן אין מיטן שפּילן, אַז עס קומט צו גיין אַ ייד אַ שכן, ווי רב אייזיק. ער מעג טאַקע האָבן אַ ציגן בערדל און דאַווענען אויף אַ דין קולכל, איז אָבער אַ ליבאַוויטשער חסיד און זייער אַן ערלעכער ייד. צי, אַ שטייגער, באַלד נאָך אים איז געקומען דן. דן איז אַ יונגערמאַן מיט ווייסע האָר, דאָס הייסט געל, נאָר געל, ווי פלאַקס. ער איז בטבע אַ שווייגער, רעדט נישט מיט קיינעם. נאָר איצט, אַז רב נחום פאָרט אַרויס פון וואָראָנקאָ, האָט זיך דן צערעדט. ער וואָלט אפילו, זאָגט ער, אויך אַרויסגעפאָרן, ער זאָל האָבן וווהין. כאַפּט דאָס דער רוח! ער וואָלט אַ בעלן געווען פאַרקויפן זיין געשעפט, ער זאָל האָבן וועמען. כאַפּט דאָס דער רוח!... שמואל־אליהו קוקט אויף אים, ווי אַ גזלן, און דן הערט נישט אויף צו שיטן מיט ווערטער. אַ מענטש האָט זיך צערעדט! אַנטשוויגן ווערט ער ערשט דעמלט, ווען עס קומען צו גיין אַנדערע זיך געזעגענען. און קומען קומט די גאַנצע שטאָט, איינס נאָכן אַנדערן. פריער יידן, דערנאָך ווייבער. אַלע אַראָפּגעלאָזט די נעז, אַלע פאַרזאָרגט. אַנדערע פאַרוויינט. איין יידענע האָט געבראַכט צו טראָגן די קינדער מאָנפּאַסיע־קאָנפעקטן. אַ יידענע אַ צדקנית!...

שטאַרק פֿאַרוווינט זענען די צוויי ווייבער, וואָס האָבן חתונה געהאַט ביי די ראַבינאָוויטשעס אין שטוב. דאָס זענען „פֿרומע די מויד" מיטן בלינדן אייגל און „פֿייגעלע־אשמדאי". די צוויי האָבן אַזוי שטאַרק געווישט די אויגן און געשנייצט די נעז און געמאַכט אַזעלכע מאָדנע פּיסקעס, אַז שלום, דער קליינער „לץ", האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיי ביידן, טאַקע דאָ אויפֿן אָרט, הינטער זייערע פּלייצעס, קונציק נאָכגעמאַכט מיט די זעלבע פּיסקעס און מיטן זעלבן שנייצן די נאָז, און חברה קליינוואַרג האָבן אַלעמאָל אויסגעשאָסן אַ הילכיקן געלעכטער. האָט זיך אָנגעהויבן אַ חתונה: „וואָס איז דער געלענדער?" די מאַמע היה־אסתר, אַ ייִדענע בכלל אַ בייזע, און דערצו נאָך פֿאַרצאָרנט און פֿאַרמאַראַמט פֿונעם אַוועקפֿאָרן, האָט אַוועקגעוואָרפֿן אַלע אַרבעט און אויסגעלאָזט איר צעווייטיקט האַרץ צו די קינדער. זי האָט נאָר געוואָלט דערזיין דעם שכל: „וואָס איז דער געלענדער? און וואָס איז די גדולה?"... איז פֿרומע די מויד איר געקומען צו הילף און געזאָגט, אַז זי וועט גיין שווערן ביי אַ „רייניקייט", אַז דאָס שטאַמט פֿון אָט דעם קליינעם וועוועריק, דעם סאַמאָוואָליץ, דעם זולל־וסובאניק, דעם איוואַן פּאָפּערילע, דעם ימח־שמוניק, דעם אויסוואָרפֿלינג, דעם כל־בוניק... דאָס האָט זי געמיינט נישט קיינעם, נאָר דעם מחבר פֿונעם דאָזיקן בוך, וואָס איז געשטאַנען בעת־מעשה אַ נעבעכל, גאַט די נשמה שולדיק. עס קאָן זיין, אַז ער וואָלט געכאַפּט אַ רעכטע „אָטיזנע" פֿון דער מאַמען, ווען עס מישט זיך נישט אַריין די אַלטע באָבע מינדע און לייזט אים נישט אויס פֿון מזומנע פּעטש. דערזען, אַז מיט איר אייניקל האַלט עס שמאָל, האָט זיך די באָבע מינדע אָנגערופֿן צום גאַנצן עולם:

— קינדערלעך! ביי אונדז איז אַ מנהג פֿון קדמונים, אַז איידער מע געזעגנט זיך פֿאַרן אַוועקפֿאָרן, באדארף מען זיך צוזעצן כאָטש אויף איין מינוט...

די באָבע מינדע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פֿאַריתומטער קאַנאַפּע, וואָס צום איבערפֿירן איז זי געווען צו אַלט און פֿאַרקויפֿן איז נישט געווען וועמען, און דער גאַנצער עולם האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָך איר, און ס'איז געוואָרן אַ ווײַלע שטיל, כאָטש אַ פֿליג דורכצופֿליען. דערנאָך איז געקומען דער לעצטער אַקט, דער סאַמע שווערסטער — דאָס געזעגענען זיך און דאָס קושן זיך. און דאַנקען גאָט — מען איז דאָס אויך איבערגעקומען. די ביידן זענען גרייט. נאָך אַמאָל „זייט געזונט!" און נאָך אַמאָל „פֿאָרט געזונט!" און ווידעראַמאָל אַ ווישעניש פֿון אויגן און

אַ שנייצן פון נעז, און פּיסקעס, פּיסקעס! געוואַלד, רבונו=של=עולם! גיי האַלט זיך איין און מאַך נישט נאָך די ווייבער, ווי זיי קרימען זיך, ציטערן מיט די גווידערס און מאַכן פּיסקעס!... זיי לאָזן אפילו נישט געזעגענען זיך, ווי עס געהער צו זיין. עס ווערט מיטאַמאָל שטאַרק אומעטיק אויפן האַרצן. אַ רחמנות אויפן טאַטן, אַ רחמנות אויף דער מאַמען, אַ רחמנות אויף דער באָבע מינדע. אָט טראָגט מען איר אַלטן מיט איזן געקאָוועטן קאַסטן; דאָרט ליגן אירע ת כ ר י כ י ם... עס טוט אַ צופּ, אַ נעם אָן ביי דער נשמה. עס גלוסט זיך אַ וויין=טאָן. ובפרט, אַז מע זעט, אַז אַזאַ מענטש, ווי דער פעטער ניסל, ווישט אויך די אויגן, אַז קיינער זעט נישט... דער פעטער ניסל זאָל וויינען? ווי קומט עס?... דער טאַטע רופט צו די חברה איינציקווייז, נעמט אַרויס פון בייטעלע צוויי זילבערנע מטבעות. די מאַמע אויך. און די באָבע מינדע האָט נאָך פון פריער אָנגעגרייט איטלעכן באַזונדער אַ פּאַפּירל קליינגעלט — אחת לאחת וועט דאָס זיין אַ רעכטע מטבע! גאָט זאָל העלפן, די בוידן זאָלן שוין רירן. אָט האָבן זיי גערירט. די רעדער קויקלען זיך. דער עולם האָט זיך געגעבן מיטאַמאָל אַ שטופּ: „פאָרט געזונט! זייט מצליח!“ פון דער בויד אַרויס קוקט זיך אום די באָבע מינדע, גלייך ווי זי וואָלט וועלן נאָך אַמאָל, צום לעצטן מאָל, געבן אַ קוק אויף דעם אָרט, וואָס זי האָט פאַרלאָזט אויף שטענדיק, אויף אייביק... עס נעמט זיי ווידער אָן אַן אומעט און דאָס געפיל פון רחמנות כאַפּט זיך אויף נאָך אַמאָל ביי זיי אויף אַ ווײַלע און ווערט פאַרלאָשן — עס ווילט זיך איבערציילן דאָס ביסל מינץ...

פונעם גאַנצן טאַרעראַם מיטן גאַנצן האַרמידער האָט זיך סוף=כל=סוף אויסגעלאָזט אַ שטילשווייגעניש. די בוידן זענען אַוועק, איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ געדיכטן שטויב, אַ ריח פון סמאָלע און אַ מאָדנע פוסטקייט. דער עולם האָט גענומען ביסלעכווייז, איינציקווייז, ווי פאַרשעמט, זיך צעגיין, דער אַהער, דער אַהין, עפּעס גלייך ווי אָפּגעשמיסענע. דער פעטער ניסל — יענער איז גאָר אַנטרונען געוואָרן. געבליבן שפּעטער פון אַלע איז שמואל=אליהו דער חזן. ער איז נאָך לאַנג=לאַנג געשטאַנען און נאָכגעקוקט די אָפּגעפאָרענע, פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן פון דער זון, וואָס האָט באמת געבראָטן אַזוי שטאַרק און געבריִט אַזוי שטאַרק געשיינט. דערנאָך האָט ער מיט אַ ביטער שמייכעלע אַ זאָג געגעבן צו זיך אַליין: „ד ע ר ע ו ל ם צ ע ק ר י כ ט ז י ך, אַ ז ו י ו י ו ו ע ר ע ם“...

און ער האָט אויסגעשפּיגן.

.21

# גערגעלע־גנב

משה דער שוחט — א צדיק. — גערגעלע — א בחור מיט א צעשפּאָלטענער ליפּ. — די קונסט פון גנבענען עפּל. — געפּאַקט ביי דער פּושקע טאַבאַק. — דעם רבינס טויט.

דאָס דאַרף מען פאַרשטיין, אַז איבערגעלאָזט האָט מען קליינוואַרג אין שטעטל עפּעס נישט גלאַט אַזוי אויף הפקר. דער פאָטער האָט פאַר זיי געזוכט אַ מלמד מיט אַ מדריך, מיט אַן אַפּוטרופּוס אינאיינעם. דאָס הייסט: די קינדער זאָלן ביי אים אי לערנען, אי עסן קעסט, און דער רבי זאָל אויף זיי השגחה געבן. און עס איז אים אָפּגעראָטן אַרום און אַרום. דער רבי מיטן אַפּוטרופּוס, מיטן בעל־משגיח, וואָס ער האָט געפונען פאַר זיינע קינדער, איז געווען אַן אויסגעשפּילטער, אַ געראָטענער, טאַקע דעם אַלטן וואָראָנקאָווער שוחטס אַ זון, משה דער שוחט.

דאָס איז געווען אַ ייִדענער יונגערמאַן, אַ צאַצקע, אַ מופלג בתורה און אַ שיינער בעל־תנ״ך, און גלאַט אַ דימענט פון אַ מענטש. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס אָט דער רבי איז געווען נישט קיין געזונטער און בטבע שוין צו אַ גוטער, צו אַ ווייכער, געגאַנגען מיט זיינע תלמידים אויף אַ נייעם דרך — נישט מיט שמייַז; נאָר מיט גוטע ווייכע וואַרעמע רייד, צו וועלכע די קינדער זענען גאָרנישט געוווינט געוואָרן, און דערי־בער טאַקע האָבן זיי אָפּגענאַרט דעם רבין פון קאָפּ ביז די פיס, מחילה געפירט אים אין באָד אַריין: נישט געדאַוונט און נישט געלערנט, און שפּעטער־צו, אַז משה דער שוחט איז שוין גאָר גוט קראַנק געוואָרן, באַ־קומען די „דאָר“ און אַוועקגעלייגט זיך, האָבן חברה אָנגעהויבן אַרומ־צוגיין פּוסטעפּאַס, שלאָגן ביידעקעס, זיך חברן מיט גערגעלע־גנב, אַ ייִנגל אַ יתום און אַ באָרוועסער, מיט ממזרישע אויגן, מיט אַ צע־

שפּאָלטענער ליפּ — אַ רעכטער באָסיאַק! זיין אמתער נאָמען איז געווען גרשון, נאָר דאָס האָט אים זיין מאַמע, שרה=פייגע די קעכין, זאָגט ער, אזוי פאַרצויגן, און דעם נאָמען „גנב“ האָט אים שוין צוגעאייגנט, זאָגט ער, זיין שטיפטאַטע, יוסף=מאיר דער העקער, כאָטש ער האָט נאָך דעמלט, זאָגט ער, ביי קיינעם קיין זאַך נישט אַוועקגעגנבעט. מע זאָל אים נישט געווען, זאָגט ער, אַ נאָמען געבן גנב, וואָלט ער אפשר קיין גנב קיינמאָל נישט געוואָרן. איצט וועט ער שוין, זאָגט ער, זיי אויף=צו=להכעיס, ווערן אַ גנב — הלוואי עס זאָל נאָר זיין וואָס צו גנבענען!...

אַזוי האָט זיך גערנגעלע=גנב באַרימט גאַנץ ערנסט מיט אַ מינע פון אַ גרויסן פאַר שלום נחום וועוויקס, וואָס איז געווען איבעראַשט פונעם ייִנגל מיט די קלוגע אויגן און מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. זייער באַקאַנטשאַפט האָבן זיי געשלאָסן טאַקע ביי דעם שוחט אין חדר. אַ גאַנצע וואָך איז משה דער שוחט געווען אַ מלמד, נאָר דאָנערשטיק איז ער געווען אַ שוחט, און אַלע ווייבלעד און אַלע מיידלעד האָבן זיך דעם דאָנערשטיק טאָג דאָ צונויפגעזאַמלט מיט זייערע עופות, גענדז און קאַטשקעס. צווישן זיי איז געווען איינער אַ בחור'ל מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ — דאָס איז געווען גערנגעלע — אויך מיט אַן עוף, וואָס די מאַמע די קעכין האָט דורך אים געשיקט צום שוחט קוילען אויף שבת. זיצנדיק צווישן די ווייבלעד און וואַרטנדיק אויפן שוחט, האָט דערווייל אָט דער גערנגעלע געוויילט דעם עולם, דאָס הייסט, ער האָט געמאַכט אַזעלכע משונה אָנשטעלן, אַזעלכע מאָדנע פּיסקעס און אַזעלכע משוגענע העוויות, אַז וויפל ס'איז געווען ווייבלעד און מיידלעד, האָבן אים אַלע געשאָלטן מיט טויטע קללות: „גנב“ און „משומד“, און „כלירע“, און וואָס אין דער קאָרט, און געלאַכט בעת=מעשה צום טויט! „אָט דער איז פון מיינע לייט!“ — האָט זיך געזאָגט שלום נחום וועוויקס און איז געוואָרן מיט אים חבר. פאַרשטייט זיך, בסוד, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, וואָרום אַ „טאַטנס אַ קינד“ וואָלט געקאָנט האָבן אַ מיאוסן פּסק פאַר אַזאַ חברן זיך מיט אַ קעכינס אַ ייִנגל און אַ גנב דערצו.

עס איז אָבער געווען אַ באַזונדער מין זיסקייט אין דעם חברן זיך דווקא מיט אַזאַ ייִנגל, מיט וועלכן מע קאָן זיך באַגעגענען נאָר פאַרנאַכטלעך, בין מנחה למעריב, רעדן אַ פּאָר ווערטער, מאַכן אַ פּאָר קונצן, זיך לאָזן לויפן ביידע אַראָפּ אַ באַרג, וכדומה. עס איז געווען אַ באַזונדער פאַרגעניגן אַריינרוקן אים אין האַנט אַריין, אַז קיינער זעט נישט, אַמאָל אַ גראָשן, אַמאָל אַ צוקערקע און אַמאָל גלאַט אַ שטיקל ברויט —

גערגעלע האָט אַלצדינג גענומען בשמחה רבה, חלילה נישט ווי אַ נדבה, און נישט געזאָגט קיין דאנק אפילו, נאָר צוגענומען מיט ביידע הענט. ווי אַ חוב, וואָס קומט אים, און געהייסן זיך ברענגען מאָרגן נאָך אַמאָל, געגעבן עצות, ווי אַזוי מע זאָל פון זייַנעטוועגן „קריגן“, דאָס הייסט, מחילה, גנבענען. נישט אויפן גראָבן אָרט חלילה, נאָר איידל. למשל, דער אייגענער גערגעלע האָט אויסגעלערנט זייַנע חברים, און דווקא אין אַ גאָר קורצער צייַט, ווי אַזוי מע קאָן קריגן אומזיסט עפּל אין מאַרק, אָדער באַרן. מע מיינט נישט פון פרעמדע גערטנער, חלילה. וואָרום וואָס פאַר אַ טאַטנס אַ קינד וועט זיך עס איינשטעלן אַריבערקריכן, ווי אַ גוי, איבער אַ פּלויט, אַרייַנשפּרינגען אין אַ פרעמדן גאָרטן, וווּ עס געפינט זיך אַ שומר, וואָס קאָן ברעכן אַ ביין, און אַ הונט אויף אַ קייט, וואָס קאָן דורס זייַן אַ מענטשן? קריגן אומזיסטע עפּל וויפל מע וויל האָט זיי גערגעלע אויסגעלערנט גאָר שפּילנדיק זיך, און אפילו נישט עובר צו זייַן אויפן לאו פון „לא תגנוב“. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אָט וועט איר הערן — און זאָגט איר, אויב דאָס הייסט געגנבעט.

זומער=לעבן. גאָר=וואָס אויפגעקומען עפּל און באַרן. שוין פאַרנאַכטלעך. ווייַבער זיצן נאָך, אויסגעלייגט מיט זייער סחורה אויף די טישלעך, אָדער גאָר אויף דער ערד, רעדן פונעם גערעטעניש, וואָס היינטיקס יאָר איז אויף אויבסטן, און פון דעם, וואָס קיין רעגן גייט נישט, און אַז עס גייט נישט קיין רעגן, איז אַ שטויב, און אַז ס'איז אַ שטויב, איז דאָ אַ סך פליי... די מאַנען פון די ווייַבער זענען אין בית=המדרש, כאַפּן אַרייַן אַ מנחה=מעריב. דעמלט איז די בעסטע צייַט. דעמלט לאָזן זיך ווייסע=חברהניקעס אויף דער אַרבעט — צו קריגן אומזיסטע עפּל. חברה גייען באָרוועס און אַלע אָנגעוואָפּנטע מיט שטעקלעך, און אויף די שטעקלעך טשוועקלעך, אויסגעבויגן ווי האַטשקעלעך, און מע לאָזט זיך לויפן — דאָס ווערט אָנגערופן „פּאָטשט“. איינער איז דאָס פערד, און די איבעריקע זענען פאַרשווינדלער, וואָס האַלטן אים בייַם צייַמל, טרייַבן אים, הוקען אונטער און פייַפן און שרייַען: „פּאָשאָל!“ און אַקוראַט אַז עס קומט צו דער קופּע עפּלעך אָדער באַרעלעך, טוט גערגעלע אַ קאָמאַנדע: „פּאַלקי דאָלאָי!“ — טוען חברה אַ שאַר מיט די האַטשקעוואַטע שטעקלעך, און מחמת דער שטויב איז פונעם לויפן זייער גרויס, באַמערקט מען נישט, ווי עס קאַטשען זיך עטלעכע אָנגעכאַפּטע עפּלעך אָדער באַרעלעך. אָפּגעלאָפן אַ ביסל, ציט זיך גערגעלע אויס, און נאָך אים — די ווייסע=חברהניקעס, אויף דער ערד און מע נעמט זיך צום „רויב“, צו די אָנגע=

כאַפּטע עפּעלעך. מע שטופּט ווער אין די קעשענעס, ווער גלייך אין מויל אַריין — חי געלעבט! ס'איז נישט אַזוי זיס די גנבה, ס'איז נישט אַזוי אָנגעלייגט די עפּעלעך, ווי ס'איז גלאַט פֿריילעך!

גערגעלע איז איבערהויפּט אַ פֿריילעכער יונג, כאָטש ווער ס'האָט גאָט אין האַרצן — דער לייגט אין אים אַריין וויפֿל ער וויל. אַן אָרעם יינגל און אַ יתום — ווער וועט זיך פֿאַר אים אָננעמען? און דערצו נאָך אַ גנב! נאָטע דער שמש פֿון בית־מדרש האָט אים געכאַפּט איינמאָל מיט אַ פֿרעמדן סידור, און רודע־בתיה, וואָס באַקט בייגל און בלינעס, האָט ביי אים אויסגעטרייסלט אַ האַלבן קאָרזש פֿון בוזעם — אַזעלכן איז אַ מצווה צו ברעכן די ביינער! דערצו האָט ער אַ מויל — סכנת־נפֿשות! אויף אַלעמען האָט ער אייך אַן אַנדער חסרון, און אויף יעדן — אַ צונעמעניש, און ווייל אַליין איז ער הפֿקר און איינצושטעלן האָט ער נישט וואָס, האָט ער ליב איטלעכן באַזונדער אונטערשטעלן זיין באָרוועסן פֿוס, ווי אַ קאָטשערע, אַזוי אַז יענער זאָל זיך אויסציען ווי לאַנג ער איז — מעג עס זיין דער רב אַליין, די רביצין אָדער די שוחטקע — פּוץ אין דער ערד אַריין! האָס איז דעם קליינעם שלומען שטאַרק געפֿעלן, און מיט דער צייט האָט ער אים אַזוי ליב געקריגן, אַז ער האָט אים געטראָגן גאַנצע שטיקער ברויט פֿון דער שוחטקעס טיש אין קעשענע, מחילה בגנבה, און אַמאָל טאַקע אַוועקגעלקחנט פֿון דער צוקער־פּושקע אַ שטיקל צוקער אויך. ער האָט ליב געהאַט צוקער. מער פֿון אַלץ האָט אָבער גערגעלע ליב געהאַט אַ ציגאַר־טיטון, אויסגעגאַנגען נאָך אַ פּאַפּיראָסל! נאָר ווו קריגט מען אַזאַ זאַך, אַז דער רבי איז קראַנק און רויכערט נישט, און דער טאַטע איז נישטאָ? האָט אים גערגעלע געגעבן אַן עצה, ער זאָל זיך אָפּטער אַ ביסל אַריינכאַפּן צום פֿעטער ניסלען — יענער רויכערט דאָך „פּערווע דיובעק“!

האָס איז געווען אַ ווילע עצה. דער פֿעטער האָט געהאַט אַ ברייטע האַנט. די פּושקע טיטון איז ביי אים געשטאַנען אָפֿן, פֿראַנק און פֿריי, אויפֿן געזימס, אונטערן שפּיגל. ואהין האָט זיך דער קליינער שלום אָנגעהויבן אָפּטלעך אַריינכאַפּן, אַריינשטעקן די יד, אָננעמען אַ פֿולע זשמעניע דיובעק און אַריין אין די הויזנקעשענעס. באַדאַרף זיך טרעפֿן, מעשה שטן, אַז די מומע האָדל דערזעט עס (און דווקא זי דאַרף דערזען, נישט קיין אַנדערע!). דאָ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער הימל אויף דער ערד. עק וועלט! ס'איז גאָר נישט געווען אַזאַ שטראָף, וואָס דער קליינער פֿאַרברעכער זאָל האָס נישט האָבן פֿאַרדינט. ארבע מיתות בית־דין! עס האָט



שלום־עליכם אין סאַנאַטאָריע סטיבלאָזיען, שווארצוואלד (1904)

זיך אים אויסגעדאַכט, אַז וואָס שטרענגער און וואָס גיכער דער פּסק זאָל שוין זיין, וואָלט געווען בעסער. האָט גאָט געטאָן אַ נס. עס האָט זיך געטראָפן אַ גליק, וואָס איז געווען, אייגנטלעך, אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק: מען איז געקומען צו לויפן פלוצעם צום פעטער ניסלען, אַז ער זאָל גיין וואָס גיכער, וואָרום משה דער שוחט איז פאַרביי, די גאַנצע שטאָט איז דאָרט, ער גוססט שוין...

דאָס איז געווען פאַרן קליינעם פאַרברעכער אַ נייער קלאַפּ, אפשר נאָך אַ גרעסערער פונעם ערשטן. קיין אַנדער רבין האָבן די תלמידים אַזוי נישט ליב געהאַט, ווי אָט דעם רבין. דאָס איז געווען עפּעס אַ מלאך, נישט קיין רבי! ערשט דעמלט, ווען חברה נושאי־המטה האָבן אים, אַן איבערגעדעקטן מיט שוואַרצן, געגעבן אַ כאַפּ אויף די פּלייצעס און אַ טראָג אַוועק אויפן הייליקן אָרט און די גאַנצע שטאָט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה, האָבן נחום וועוויקס קינדער זיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ בריליאַנטענער רבי דאָס איז געווען, און ווי ווייט זיי האָבן נישט געווסט אים צו שאַנעווען — און אַ קוואַל פון טרערן האָט זיך אויפגעעפנט ביי זיי. נאָך אַן אייגענעם ברודער באַדאַרף מען אַזוי נישט וויינען, ווי די האָבן געוויינט נאָך זייער יונגן רבין, משה דעם שוחט.

מער פון אַלע און וואַרעמער פון אַלע האָט געוויינט שלום. דער האָט זיך געפילט קעגן אים אַ פאַרזינדיקטער, אַ חוטא גמור. ערשטנס, האָט אים דער רבי געהאַלטן פאַרן בעסטן און פאַרן ערלעכסטן, צום סוף האָט ער זעלטן געוווסט דאָגערשטיק דאָס לייענען. ער האָט זיך נאָר געמאַכט, אַז ער ווייסט, געשאָקלט זיך און געזונגען און געדרייט מיט דער האַנט — אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט! היינט וויפל מאָל האָט ער איבערגעהיפּט האַלב דאַווענען! און טאַקע גלאַט נישט געדאַוונט, נישט קיין מנחה, נישט קיין מעריב, נאָר אַרומגעלאָפן מיט גערגעלע־גנבֿ, גערייצט דעם גלחס הינט דורך די קראַטעס, אָדער געגנבעט עפּעלעך אין מאַרק. דאָ, אויף ד ע ר וועלט, האָט דאָס דער רבי נישט געוווסט, ער וואָלט זיך עס גאָר אויף אים נישט געגלויבט. אָבער דאָרט, אויף י ע נ ע ר וועלט, ווו ער ווייסט שוין אַלץ, אַלץ אַלץ?...

22

# מאיר־וועלוול באַלעגאָלע מיט זיינע „סוסים"

דער פעטער ניסל — מיט ווייסע־חברהניקעס, אַ ווייסער־חברהניק. — מאיר־וועלוולס בויד מיט די דריי סוסים: „מאודריק", „טענצער" און די „יחסנטע". — דער באַלעגאָלע דערציילט זיין ביאָגראַפיע.

סוף זומער (אין דרויסן איז נאָך געווען רעכט וואַרעם, נאָר געשמעקט האָט שוין מיט ראש־חודש אלול) איז אָנגעקומען אַ בויד מיט דריי פערד פון דער גרויסער שטאָט, פון פערעיאַסלאַוו. צוגעפאָרן צום פעטער ניסלס שטוב, האָט דער באַלעגאָלע, אַ באַרעדעוודיקער ייד מיטן נאָמען מאיר־וועלוול, זיך צעשפּיליעט און ארויסבאַקומען ערגעץ פון אַ ווייטער קעשענע אַ בריוול, געשריבן פון נחום וועוויקס צו זיין ברודער ניסל ראַבינאָוויטש. אין בריוול איז געשטאַנען, אַז מע שיקט נאָך די קינדער, ערשטנס, אַ פור, צווייטנס, דריי פאָר שטיוועלעד, און, דריטנס, עסנוואַרג: קיכלעך, האַרטע אייער און באַרן — דאָס איז „צידה לדרך" אויף צוויי טעג. און חוץ לזה, עקסטרע פון דער באָבע מינדע, אַ וואַרעמע קאָלדרע מיט אן אלטער שאַל אויף איינצוהילן די קינדער, טאָמער ווערט הלילה קאַלט, אָדער עס גייט אַ רעגן. דעם באַלעגאָלע האָט מען אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל, למען השם, אויפזעצן די קינדער אויפן אַנדערן טאָג אין דער פרי באַלד נאָכן דאַווענען, און אַז נעכטיקן זאָל ער מיט זיי אין באַרישפּאָלי, וועלן זיי קאָנען קומען, אם ירצה השם, אויפן אַנדערן טאָג אַרום מנחה־צייט אַהיים, קיין פערעיאַסלאַוו.

ווו נעמט מען פאַרב אויף צו באַשרייבן די שמחה פון נחום וועוויקס קינדער, אַז מען האָט זיי איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן בריוו טאַקע אינאיינעם מיט דריי פאָר שטיוועלעך? אויף וואָס זאָל מען זיך פרייער פרייען: אויף די נייע שטיוועלעך? אָדער אויף דעם, וואָס מע

וועט צוויי טעג נאָכאַנאַנד פֿאָרן אין אַ בויד מיט דריי פֿערד, צי אויף דעם, וואָס מע וועט איבערמאָרגן אויף דער נאַכט שוין זיין אין דער גרויסער שטאָט, אין פֿערעיאַסלאַוו?

— קומט אַהער, שקצים, עכברושים, ווייסע־חברה־ניקעס, זעצט אייך אַקאָרשט אַוועקעט און מעסט אָן אָט די שטיוועלעך! — אַזוי האָט געקאָמאַנדעוועט דער פֿעטער ניסל, געשענקט אַלע דריי צו שנעל, וועמען אין נאָז אַריין און וועמען אין אַן אויער.

דער פֿעטער ניסל האָט ליב געהאַט קינדער: אייגענע, פֿרעמדע — אַלץ איינס, און דעריבער איז באַקומען פֿון אים אַ שנעל געווען נישט קיין שטראָף, נאָר אַ פֿאַרגעניגן, עס האָט געמעגט אַפֿילו שמאַרצן דערנאָך אַ האַלבע שעה כסדר. פֿון דעם, וואָס מען האָט ליב, איז אַ פּאַטש אויך אַ מתנה. און ליב האָבן אים די קינדער געהאַט דערפֿאַר שוין אַליין, וואָס ער איז געווען כמעט דער איינציקער אין דער משפּחה, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט געשטראָפֿט, קיין מוסר נישט געזאָגט און נישט אָבגעטוגן, ווי אַנדערע, מע זאָל לערנען אָדער דאַווענען. אדרבא, מיט קינדער קונדסים איז ער אַליין אויך געווען אַ קונדס, ליב געהאַט אַ לאַד צו טאָן אוז אַ שטיף טאָן, איינאיינעם מיט זיי אַריינלאָזן אַ רעכטע פֿאָרציע שמעק־טאַבאַק אין נאָז אריין אַן אלטן ייִדן, וואָס איז אנטשלאָפֿן געוואָרן זיצנדיק אין בית־המדרש, און ווינטשעווען אים נאָכדעם „צו געזונט", אַז יענער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ גיסעריי און מיט אַ הוסטעריי, און ווער שמועסט שמחת־תורה — דעמאָלט איז ער געווען מער ווייסער־חברה־ניק פֿון אַלע ווייסע־חברה־ניקעס; ער אַליין האָט אָנגעטרונקען גדליה דעם שיכור מיט בראָנפֿן און געהאָלפֿן די קינדער, זיי זאָלן בינדן גדליהן הענט און פֿיס, ווי אַ באַראַן, פֿאַרשליסן אים אין קאַמער און דאָרטן צוקרעמפּעווען זיין האַנט דורך אַ לאַנגן שטריק צום סוואָלעק מיט אַ גלאָק, אַזוי, אַז ער וועט זיך אויסניכטערן און וועט וועלן אויפֿשטיין, זאָל ער נישט ווילנדיק אָנהייבן קלינגען, ווי אויף אַ שׂרפֿה, און די גאַנצע שטאָט זאָל זיך צונויפֿלויפֿן מיט אַ ליאַרעם און געפֿילדער: „ווער ברענט?"...

פֿון דעם איז צו פֿאַרשטיין, ווי שווער ס'איז געווען מיט אַזאַ פֿעטער זיך צעשיידן! ביים געזעגענען זיך האָט ער די חברה געטרייסט מיט ווערטער און מיט אַ זעץ אין די פּלייצעס: „נישקשה, ניטשעוואָ, מירן זיך נאָך זען! איך וועל דאָ אויך לאַנג נישט פֿאַר=

ב ל יי ב ן!“... אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט — ווי דער לעזער ווייסט שוין פון די פריערדיקע באַשרייבונגען.

אָנגעטאָן די נייע שטיוועלעך און געפילט זיך אין זיי מחיהדיק גוט, ווי אויסגעוואַקסן, האָבן חברה קודם־כל באַקענט זיך מיט דער בויד, מיט אַלע דריי פערדלעך און מיטן באַלעגאָלע, וואָס וועט זיי פירן פון דאַנען אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

די בויד — אַ בויד ווי אַלע בוידן, אויבן מיט אַ גרויען געלאַטעטן דעקטוך, גוט אויסגעבעט מיט היי און מיט ראָגאָזשעס, דאַכט זיך, ווייך, דאַרף זיין אַ תענוג צו זיצן. דעם „תענוג“ זענען חברה געוויר געוואָרן נאָכדעם, אויפן אַנדערן טאָג פון דער נסיעה, אַז זיי האָבן שוין נישט געפילט איין ביין אַ גאַנצן. דאָס איז די בויד. און די פערדלעך — זיי פאַרדינען באַשריבן צו ווערן כאָטש אין קורצע ווערטער, נאָר יעדעס פערדל באַזונדער, וואָרום די דריי פערדלעך (ביי מאיר־וועלוול באַלעגאָלע האָבן זיי געהייסן „סוסים“) האָבן זיך אַזוי אָנגעקערט איינס מיט דאָס אַנדערע, אַזוי ווי עס קערט זיך אָן, למשל, אַ שטרויענער דאַך מיט אַ פדיון־הבן. דאָס איז געווען אַ י י ד י ש ע ט ר אָ י ק ע.

מיר הייבן אָן פונעם מיטלסטן, פונעם „קאָרענאָי“. ביי מאיר־וועלוול דעם באַלעגאָלע האָט ער געהייסן מיטן נאָמען „מאודריק“. פאַרוואָס מאודריק? ווייסט מען נישט. אפשר דערפאַר, ווייל מאודריק נעמט זיך פונעם וואָרט מאודריי, און מאודריי איז דער טייטש ח כ ם, כאָטש קיין גרויסער חכם, דאַרף מען זאָגן דעם אמת, איז דער האָזיקער מאודריק נישט געווען. ער איז נאָר געווען אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן — דאָס יאָ. דאָס האָט מען געקאָנט אַרויסזען פון זיין אַלטער מאָרדע מיט רינענדיקע אויגן און פון זיין אויסגעטריפעטן עק און פון די הויכע ביינער, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט פון זיין אַמאָליקן ברייטן הינטן. און פונדעסטוועגן, נישט קוקנדיק אויף זיין עלטער, איז דער גאַנצער וואָגן מיט דער גאַנצער משא געלעגן כמעט נאָר אויף אים, מחמת יענע, די צוויי „פּריסטיאַזשנע“ האָבן זיך נאָר ג ע מ אַ כ ט ווי זיי שלעפּן.

די האָזיקע צוויי „סוסים“ האָבן אויך געהאַט נעמען. איינס האָט מען גערופן מיטן נאָמען „טענצער“, ווייל דער גאַנג זיינער איז געווען מיט אַ טענצל. ער האָט געהאַלטן אין איין טאַנצן. אַלע פיר פיס האָבן ביי אים געטאַנצט, נאָר יעדער פוס האָט געטאַנצט באַזונדער. זיי האָבן זיך נישט אויפגערעדט. און דערפאַר איז פון זיין טאַנצן קיין גוטס נישט אַרויסגעקומען. ער האָט נאָר געשטערט מאודריקן — איז איינס; און

ווידער האָט ער אַזוי געטרייסלט דעם וואָגן, אַז ס'האָט אַרויסגעטרייסלט די נשמה. מאָלט אייך, מאיר־וועלוול האָט זיך מיט אים אָפּגערעכנט: „וועסט ביי מיר טאַנצן!" — האָט ער אים געזאָגט און איינגעטייטשט אַמאָל מיט דער בייטש און אַמאָל מיטן שטעקל פֿון דער בייטש. דעם גאַנצן וועג האָט ער אים געהאַלטן אין איין שלאָגן, געלערנט מיט אים בלק. דאָס האָט אָבער ווינציק־וואָס געהאָלפֿן. טענצער איז נישט נתפּעל געוואָרן און נישט אויפֿגעהערט צו טאַנצן. אדרבא, אַז מע האָט אים גוט דערלאַנגט, איז נאָך געווען ערגער: ער האָט אָפּגעענטפֿערט מיט ביידע הינטערשטע פֿיס, ווי איינער רעדט: „אַז דו ווילסט, נאַדיר!"... אין ווּקס איז ער געווען אַ קליינער, אַ סך קלענער פֿון מאודריקן, נאָר אַ מאָרדע האָט ער געהאַט אַ סך אַ קליגערע פֿון מאודריקן. גאָר קיין ערד נישט. ס'איז מעגלעך, אַז מאיר־וועלוול האָט נישט מגזם געווען דערמיט, וואָס ער האָט זיך באַרימט, אַז טענצער איז געווען אַמאָל גאָר פֿון די „געהויבענע סוסים", נאָר ווייל ער איז פֿון אַ גוט אויג געכאַפּט געוואָרן אויף די רגלים און מע האָט מיט אים גאָרנישט געקאָנט מאַכן, איז ער אַריינגעפֿאַלן צו אים אין די הענט אַריין און ער לערנט מיט אים פֿון דעמלט אָן בלק.

דערפֿאַר האָט מאיר־וועלוול דעם דריטן סוס געלאָזט צורו, זעלטן, פֿון יוצא וועגן, דערלאַנגט אַ שמיצל. געווען איז דאָס אַ שקאַפּקע, אַ נידעריקע און אַ גראָבע, מיט מאָכנאַטע פֿיס, און געהייסן האָט זי ביי אים די „יחסנטע", דערפֿאַר, וואָס זי קומט אַרויס פֿון אַ גרויסן יחוס: זי איז געווען אַמאָל — אַזוי האָט דערציילט מאיר־וועלוול, פֿאָרנדיק אין וועג — אַ גלחס אַ פֿערד. ווי קומט זי צו אים? איז דערינען אַ גאַנצע מעשה, וואָס מע קאָן זי נישט איבערדערציילן מיט אַלע פּיטשעווקעס: ערשטנס, איז דאָס שוין זייער לאַנג — ווי קאָן מען זיך אָנגעדענקען? און, צווייטנס, האָט זיך די מעשה דעמלט ביי מאיר־וועלוולען נישט געקלעפּט אַקוראַט. עס געדענקט זיך נאָר, אַז די יחסנטע איז געווען, ווי מאיר־וועלוול דערציילט מיט אַ שמייכל, אַ געגנבעטע, דאָס הייסט, נישט ער, חלילה, האָט זי געגנבעט; געגנבעט האָבן אַנדערע, נאָר ער האָט זי אָוועקגעקויפֿט בחצי־חנם, און בעת ער האָט זי געקויפֿט, האָט ער נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ער זאָל אַזוי נישט וויסן פֿון קיין צער און פֿון קיין דלות, אַז זי איז אַ געגנבעטע, וואָרום ווען ער זאָל וויסן, אַז זי איז אַ געגנבעטע, און נאָך ביי אַ גלח, וואָלט ער זיך נישט צוגערירט צו איר, מע זאָל אים אָפּגילטן (דערביי מאַכט שוין מאיר־וועלוול אַן ערנסטע מינע), טאַקע ממש אָפּ־

גילטן! נישט מחמת ער איז אַזאַ צדיק אין פּעלץ און האָט מורא זיך צו־רירן צו אַ געגנבעטע פערד. וואָס גייט אים אָן, אַז יענער איז אַ גנב? ביסטו אַ גנב, וועט מען דיך שמייסן אויף יענער וועלט. נאָר ער וואָלט זי נישט געקויפט איבער אַן אַנדער זאַך. ער האָט פּיינט פּאָליציע, אַזוי ווי חזיר. ער וויל נישט האָבן קיין שום „דאַטשיניענעס“ מיט פּאָליציע; והראיה, ער האָט אַמאָל געהאַט אויף זיך אַ פּעקל, אַן אומגליק, אַ בלבול. שונאים באַלעגאָלעס האָבן אים אונטערגעשטעלט אַ פּיסל, יאַנקל בול־גאַטש, אַ רוח אין זיין קאָטשמע!...

און דאָ גייט אַוועק ביי מאיר־וועלוועלען אַ זייטיקע מעשה, און נאָך אַ מעשה, און נאָך אַ מעשה, און פון די אַלע מעשיות האָט מען געקאָנט שטאַרק חושד זיין, אַז מאיר־וועלוועל האָט שטאַרקע „דאַטשיניעניעס“ מיט פערד־גנבים און מיט פּאָליציע...

דערהפּאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ מעלה — ער איז געווען, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַ באַרעדעוודיקער און האָט מיט זיינע ניין מאָס רייד זייער גוט אונטערגעהאַלטן די יונגע פאַרשווינדלעך דעם גאַנצן וועג פון וואָראָנקאָ קיין באַרישפּאָלי און פון באַרישפּאָלי קיין פּערעיאַסלאַוו — דאָס מויל האָט זיך אים נישט צוגעמאַכט אויף קיין מינוט אפילו. אַלצ־דינג זענען פון אים די קינדער געוווייר געוואָרן, פון זינט ער איז געווען אַ ייִנגל אַ שמייסער ביי יאַנקל בולגאַטש, און דערנאָך, ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט און אַליין געוואָרן פאַר זיך אַ בעלעגאָלע, האָט אים יאַנקל בולגאַטש גערודפט, געגראָבן, נאָר ער האָט אים אין דער ערד! און פון זיין ווייב האָט ער דערציילט, ווי אַזוי זי איז געווען אַמאָל אַ מיידל, און דווקא אַ שיינע, אַ קראַסאַוויצע! און ווי אַזוי ער איז געווען נאָך איר די כפּרה! שיעור־שיעור נישט איינגענומען אַ מיתה־משונה — אַזאַ קראַסאַ־וויצע איז דאָס געווען! היינט, ווען ער וועדט צוריק אַ בחור, וואָלט ער אפילו נישט געוואָלט קוקן אויף איר, נאָר דעמלט איז ער נאָך געווען אַ „יאַט“...

דאָס וואָרט „יאַט“ האָבן חברה נישט רעכט פאַרשטאַנען; נאָר אַז מאיר־וועלוועל האָט גענומען דערציילן אין זיין ווייטערדיקער ביאָגראַפיע, ווי אַזוי זיין ווייב האָט אים קאַרגער אַ יאָר נאָך דער חתונה געבוירן אַ יאַטל, און שפּעטער מיט אַ יאָר נאָך אַ יאַטל, און נאָך אַ יאַטל, און נאָך אַ יאַטל — האָבן זיך חברה אָנגעשטויסן וואָס דאָס איז.

געענדיקט דערציילן זיין אייגענע געשיכטע, איז מאיר־וועלוועל באַלע־גאָלע אַריבער צו דער געשיכטע פון יאַנקל בולגאַטש און פון אַנדערע באַ־

לעגאָלעס, אָנגערופן אַלעמען ביי די נעמען און באַקאַנט געמאַכט, וויפל און וואָסערע פערד יעדער האָט, ווער עס האָט פערד, טאַקע „סוסים“, און ווער עס האָט „פגירות, נבלות, פעל“.

פון באַלעגאָלעס איז מאיר־וועלוול אַריבער אויף פערד־הענדלער און אויף ציגיינערס און אויף גנבים און אויף „נביאים“. דער חילוק פון אַ גנב ביז אַ נביא איז דער — אַזוי האָט מאיר־וועלוול געגעבן צו פאַרשטיין — וואָס דער גנב פירט אַרויס דעם סוס פון שטאַל, און דער „נביא“ — דער טרעפט און ווייזט אָן, וווּ דער סוס געפינט זיך. דעריבער מוז מען מיט די נביאים שלאָגן בלאַט נאָך מער ווי מיט די גנבים... גיין, די קינדער וועלן דאָס אין צוויי יאָר נישט געוווירוערן, וואָס זיי זענען געוווירגעוואָרן פון מאיר־וועלוול באַלעגאָלע אין די צוויי טעג פון זייער נסיעה.

אַציינד, אַז מיר זענען שוין באַקאַנט מיטן באַלעגאָלע, מיט זיין בויד און מיט זיינע סוסים, מעגן מיר זיך אומקערן אויף אַ קורצער ווײַלע צוריק קיין וואָראָנקאָ און דערציילן, ווי אַזוי דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין שטעטעלע, איידער ער האָט דאָס פאַרלאָזן אויף שטענדיק.

23

## זיי געזונט, וואַראָנקאָ!

דער העלד געזעגנט זיך אָפּ מיט זיין שטעטעלע. — ער שווערמט וועגן אוצר. — ער איז גרייט אַוועקצושענקען געראַגעלען זיינע אַלטע שיך. — אַ כאַרישער אינ-צידענט מיט „פרומע די מויד“.

וויפל דאָס שטעטל האָט זיך נישט צוגעגעסן, וויפל די מענטשן זענען נישט נמאס געוואָרן, און וויפל פּינעלע שימעלעס האָט אין זיין צייט נישט געמאַכט עס צו קליינגעלט, האָט וואָראָנקאָ פאַרן אַוועקפאָר פון נחום וועוויקס קינדער אין דער גרויסער שטאָט אַריין צוריק באַקומען ביי זיי אין די אויגן דעם אַמאָליקן חן מיטן אַמאָליקן גלאַנץ, און עס האָט באמת האַרצעדיק באַנג געטאָן מיט דעם זיך צו שיידן.

גלייך יזי מיט אַ לעבעדיקער זאַך, גלייך ווי מיט אַ ליבן און געטרייען חבר — אַזוי האָט זיך שלום נחום וועוויקס געזעגנט מיטן שטעטל, אָנגע-הויבן פון דעם הויף מיטן גאָרטן און מיט איטלעכס ביימעלע, וואָס האָבן שוין איצטער געהערט צו אַן אַנדערן, און אויסגעלאָזט מיטן באַרג, וואָס אויף יענער זייט בית-המדרש, און מיט דער „לעוואַדע“, וואָס אויף יענער זייט שטאָט — די ערטער, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט זיינע בעסטע חברים, רעכענענדיק פון דעם ערשטן, פון שמואליק דעם יתום ביזן לעצטן — ביז געראַגעלע-גנב.

גאַנץ באַזונדער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף יענעם אָרט, וווּ עס איז געלעגן, ווערליק שמואליק האָט געוווסט כמעט פאַר געווים, באַהאַלטן דער אוצר; ווי אַ פאַרכישופטער איז ער געשטאַנען איינער אַליין אין אַ הייליקער שטילקייט, און אַ גאַנצע ריי פון מחשבות האָבן זיך דורכ-געטראָגן אין זיין קאָפּ: וואָס וועט זיין מיטן דאָזיקן אוצר, טאָמער חס ושלום געפינט אים אַ גוי, נישט קיין ייד?... און צי איז דאָס מעגלעך,

אַז אַ גוי זאָל אים געפינען? — דאָס קאָן וויסן נאָר אַזאַ מענטש, ווי זיין חבר שמואליק... ווו קאָן זיין איצטער שמואליק? צי וועט ער זיך באַגעגענען אַמאָל מיט שמואליקן? און וואָס וועט זיין, אויב זיי וועלן זיך באַגעגענען? — אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען ערגעץ־ווו, איז דאָס ערשטע וועלן זיי מסתמא ביידע קומען צו פאָרן אַהער אויף אַ קורצער צייט, ביידע אינאיינעם, באַקוקן נאָך אַמאָל די אַלטע ערטער, ווו זיי האָבן אינאיינעם פאַרבראַכט זייערע בעסטע יינגלשע יאָרן. און דערנאָך וועלן זיי זיך אַ נעם טאָן צום אוצר אויף אַלע כלים: פריער וועט איינער פאַסטן תעניתים, דערנאָך דער אַנדערער, און אַז זיי וועלן פאַרטיק ווערן מיט די תעניתים און מיטן תהילים זאָגן, וועלן זיי נעמען זוכן דעם אוצר. און אַז זיי וועלן געפינען דעם אוצר, וועלן זיי זיך מיט אים צעטיילן אויף דער האַלב, חלק כחלק — און אַך! סאַראַ יום־טוב דאָס וועט זיין! דעם גרעסטן חלק, פאַרשטייט זיך, וועט באַקומען דער טאַטע, נחום וועוויקס. דערנאָך דער פעטער ניסל — אויך אַ היפשן חלק. דערנאָך דער פעטער פיניע און די איבעריקע קרובים פון דער משפחה. גאָר אַ גרויסער טייל פונעם אוצר וועט אַריינפאַלן טאַקע דאָ גופא, צו די וואָראָנקאָווער יידן. משה דעם שוחטס ווייב, די אלמנה נעבעך — איר דאַרף מען געבן אַזויפיל, אַז זי זאָל נישט רעדן פון חתונה האָבן נאָך אַמאָל און זאָל פאַרשפאָרן זיך שלעפן קיין כוואַסטעוו צו אירע אָרעמע קרובים, וואָס האָבן אַליין קוים אַ טאָג איבערצוקומען. די צוויי גבאיטעס „פרומע די מויד“ און „פייגעלע־אשמדאי“ כאָטש זיי האָבן דאָס נישט פאַרדינט, וועלן אויך פונדעסטוועגן באַקומען אַזויפיל, וואָס זייערע מאַגען האָבן עס אפילו אין חלום נישט געזען. די אַלטע רודע־בתיה, וואָס באַקט בייגל, בלינעס און קאָרזשעס און האַלט אויס מיט אירע געשוואָלענע הענט אַ גאַנצע משפחה, וואַלט שוין געמעגט אויף דער עלטער, נישקשה, זיך אַ ביסל אָפּרוען, און מלך דער שמש, און גדליה דער שיכור — פאַרוואָס זאָל מען זיי דורכלאָזן? צי, אַשטייגער, שמואל־אליהו דער חזן קלאָגט זיך, אַז ס'איז אים דאָ ענג. ער האָט אַ קול און וואָלט געקאָנט זינגען אַ סך בעסער פון די גרעסטע חזנים אין דער וועלט, ווען ער זאָל האָבן נאָטן — באַדאַרף מען זען, אַז ער זאָל האָבן נאָטן. בלייבט איצטער נאָר איין גערגעלע־גנב. וואָס טוט מען מיט דעם יונג, אַז ער זאָל ווערן אויס גנב? קודם דאַרף מען זען, אַז זיין מאַמע זאָל ווערן אויס קעכין, און זיין שטיפטאַטן דעם העקער באַדאַרף מען קויפן אַ שטוב אַן אייגענע, און געלט באַדאַרף מען אים אָנשיטן פולע קעשענעס, און זאָגן אים בפירוש,

אַז דאָס איז נישט צוליב אים, נאָר צוליב זיין שטיפזון גערהגעלע — ער זאָל אים אויפהערן צו שלאָגן און צו רופן גנב...

ביי די געדאַנקען וואַקסט אויס גערגעלע־גנב! אַ באָרוועסער, ווי אַלע מאָל, און אַן אָפּגעריסענער.

— ווי קומסטו אַהער?

— און דו?...

זיי צערעדן זיך און לאָזן זיך גיין. שלום איז אים מודיע, אַז ער פאָרט אַוועק. גערגעלע ווייסט עס. ער האָט שוין געהערט און געזען אפילו די בויד מיט די דריי פערד.

— געזען? וואָס זאָגסטו אויף זיי?

— אויף וועמען?

— אויף די פערד.

— וואָס זאָל איך זאָגן? פערד...

— און די בויד ווי געפעלט דיר?

— אַ בויד...

גערגעלע איז נישט אויפגעלייגט, נישט גוט געלוינט. זיין חבר וויל אים מאַכן פריילעכער.

— דו ווייסט? איך האָב נאָר־וואָס פון דיר געטראַכט, ביסטו אָנגעקומען אַקוראַט אין מיטן...

— טאַקע? וואָס האָסטו געטראַכט, אַשטייגער?

— איך האָב געטראַכט... איך האָב דיך אין זינען געהאַט ביים אוצר...

— ביי וואָסער אוצר?

שלומען ווערט שלעכט: זאָל ער אים זאָגן, צי זאָל ער אים נישט זאָגן? גערגעלע פרעגט נאָכאַמאָל: „וואָסער אוצר?" עס העלפט נישט — מע מוז אים זאָגן. און ער דערציילט אים וועגן אוצר. גערגעלע ווערט נייגעריק: „ווו זשע געפינט ער זיך, דער אוצר?" זיין חבר ווערט נאָך ערגער: זאָל ער אים זאָגן, צי זאָל ער אים נישט זאָגן? אין גערגעלעס אויגן ציגדט זיך אָן אַ פייערל: „וואָס האָסטו מורא זאָגן — איך וועל אים אויסכאַפּן?"... שלום האָט שוין חרטה, וואָס ער האָט גאָר אָנגעהויבן, און ער רעדט צו אים מיט דעם אייגענעם טאָן, ווי פינעלע שימעלעס האָט אַמאָל מיט א י ם גערעדט — פון אויבן אַראָפּ.

— נאַרעלע, און אַז איך וועל דיר אפילו זאָגן ווו, וועסטו אויך אַהין נישט קאָנען צוקומען, וואָרום מע דאַרף דערצו קענען קבלה — איז איינס;

און צווייטנס, באַדאַרף מען פאַסטן פערציק תּעניתים און אויפן איין־און־פערציקסטן טאָג...

— און אויפן איין־און־פערציקסטן טאָג ביסטו אַ שוטה! — שלאָגט אים איבער גערגעלע און כאַפּט אַ קוק אַראָפּ אויף זיין חברס שטיוועלעך. אַפּנים, זיי זענען אים געפעלן.

— נייע?

זיין חבר ווערט ווי פאַרשעמט: שפּאָגל־נייע שטיוועלעך אין דער צייט, ווען גערגעלע איז אַ באָרוועסער! און ער רופט זיך אָן צו גערגעלען:

— אויב דו ווילסט, קום מיט מיר צום פעטער ניסלען, וועל איך דיר עפּעס שענקען...

— עפּעס שענקען? פאַרוואָס נישט? — גערגעלע איז גאַנץ צופרידן, און ביידע מאַכן זיי גיכע טריט. געקומען אַהיים צום פעטער ניסלען, טרעפן זיי האָרט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע פריינד און גוטע פריינד, וואָס האָבן דערהערט, אַז אַ פור איז געקומען צו פאָרן נאָך וועוויקס קינדער, זענען זיי דאָס געקומען זיך געזעגענען און לאָזן גריסן זייערע טאַטע־מאַמע גאָר פריינדלעך...

צווישן דער כאַליאַסטרע האָבן זיך געפונען אויך די צוויי גבאיטעס, „פרומע די מויד“ און „פייגעלע־אשמדאי“, דערווײַלע אַליין, אָן זייערע מאַנען. שפּעטער אַ ביסל וועלן קומען די מאַנען אויך זיך צו געזעגענען און צו לאָזן גריסן. אַלע קוקן אויף די קינדער מיט רעספּעקט — מענטשן פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, קיין פּערעיאַסלאַוו! מע רעדט שוין צו זיי גאָר מיט אַן אַנדער לשון! מע גיט זיי עצות, ווי אַזוי זיי זאָלן פאָרן און ווו זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן אין באַרישפּאָלי. דער פעטער ניסל שענקט זיי צו שנעל, ווי זיין שטייגער איז, און פרעגט די שקצים, אויב זיי וועלן אַמאָל צושרייבן אַ בריוול? — אַ שאלה אַ ביסל! זיי וועלן שרייבן אַלע וואָך, צוויי מאָל אַ וואָך, אַלע טאָג!... שמואל־אליהו דער חזן בעט, זיי זאָלן איבערגעבן פון אים גאָר אַ באַזונדערן גרוס דעם טאַטן און זאָגן, אַז זינט יענער איז אַרויסגעפאָרן פון דאַנען, האָט ער, שמואל־אליהו, נאָך אין שאָך אפילו נישט געשפּילט, וואָרום וואָראָנקאָ איז אַ פּוסטקע! די מומע האָדל איז מיטאַמאָל געוואָרן גוט, כאָטש לייג זי צו צו אַ מכּה. זי האָט געזאָגט, אַז זי פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי שיקט מען דאָס אַרויס קינדער הונגעריקע? און וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּייז אין וועג אויף צוויי מעת־לעת קיכלעך, האַרטע אייער און באַרן? די קינדער וועלן דאָך אויסגיין פון הונגער! און זי האָט גענומען פּאַקן זיי אין וועג אַריין וואָס זי

האָט געקאָנט: שמאַלץ אין אַ קליין טעפּעלע, אַ סלאָיעקל פּאַרצוקערטן איינגעמאַכטס, אפֿנים, פֿון פּאַראַיאָרן זומער, און פּאָווידלע, נאָר אַזאַ זויערע, וואָס מע קאָן דערזען קראָקע מיט לעמבערג!

אין דער צייט, וואָס די מומע האָדל האָט געפּאַקט אין וועג אַריין און די קינדער זענען געווען פֿאַרנומען מיטן געזעגענען זיך, האָט זיך דערווייַלע אָפּגעשפּילט אַ קליינע טראַגעדיע צווישן „פּרומע די מויד“ און גערגעלע־גנבֿ. פּרומע האָט דערזען גערגעלען, האָט זי אַ קוק געגעבן אויף אים מיטן בלינדן אייגל און אַ פֿרעג געטאָן ביי „פּייגעלע־אשמדאי“: „וואָס טוט דאָ דער גנבֿ?“... האָט גערגעלע נישט געוואַרט, ביז יענע וועט ענטפֿערן, און האָט פֿון זיין זייט אַ פֿרעג געגעבן: „וואָס טוט דאָ די בלינדע?“... עס האָט געקאָנט אַרויס דערפֿון אַ מיאוסער סקאַנדאַל, ווען שלום נעמט נישט זיין חבֿר גערגעלע פֿאַר אַ האַנט און פֿירט אים נישט אַרויס אין הויף אַריין (אין אַזאַ טאָג מעג מען אַלצדינג, אפֿילו חבֿרן זיך מיט גערגעלע־גנבֿ).

— איך האָב געזאָגט, איכ׳ל דיר עפּעס שענקען אַ זאַך? נאַ!!...

און שלום נחום וועוויקס, צופֿרידן פֿון זיין פֿילאַנטראָפּיע, שטרעקט אויס זיין חבֿר גערגעלע־גנבֿ זיינע אַלטע שטיוועלעד, אַרויסגענומען פֿון אונטער דער פּאָלע. גערגעלע, אפֿנים, האָט זיך געריכט אויף אַן אַנדער מתּנה, נישט אויף אַ פּאָר אַלטע שטיוועלעד. און דערצו איז ער געווען צעקאָכט פֿונעם אינצידענט מיט דער בלינדער פּרומע און נישט צופֿרידן מיט דעם, וואָס זיין חבֿר האָט פֿון אים פֿאַרלייקנט דאָס אָרט פֿונעם אוצר, און גלאַט נישט אויפֿגעלייגט דעם טאָג, האָט ער די שטיוועלעד ביי זיין חבֿר צוגענומען, נאָר ער האָט זיי באַלד געגעבן אַ שמיים אַוועק פֿון זיך מיט כּעס, און ער איז אַ באָרוועסער אַוועק פֿון הויף, זיך געלאָזט לויפֿן — און איז פֿאַרשווּנדן געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ נאַרישער אינצידענט — נאָר וויפֿל געזונט האָט ער געקאָסט! גער־געלעס אַנטרונען ווערן האָט פֿאַרביטערט זיין חבֿרס געזעגענען זיך מיטן שטעטעלע און אָפּגעסמט אים די גאַנצע זיסקייט פֿון דער ערשטער שיינער וויטער נסיעה. וויפֿל ער האָט נישט געוואָלט נאָכדעם אָפּטרייבן פֿון זיך דאָס טרויעריקע בילד פֿון זיין באַליידיקטן חבֿר, איז עס דווקא געקראָכן

אים אין פנים אַריין, געשטאַנען פאַר די אויגן און געזאָגט דאָס האַרץ: „האָכמ באַלייִדיקט, באַלייִדיקט אַן אָרעמען חבר!“...

אַרויסגעפאָרן פון מאַרק, געפּטרט די קלייטן, די הייזלעך, דעם בית־עולם און, להבדיל, דעם גויישן „צווינטער“, און אַריבערגעפאָרן דאָס בריקל און געלאָזט הינטער זיך שוין די לעוואַדע אויך — אויס וואָראָנקאָ! ודעמלט האָט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע מיטאַמאָל דערפילט עפעס אַ מאָדנע ענגשאַפט אין האַלדז, און אַ וואַרעם געפיל פון רחמנות צום קליינעם שטעטעלע האָט אים דורכגענומען דורך און דורך, גלייך ווי דאָס שטעטעלע וואָלט געבליבן אַ יתום... דאָס דאָזיקע געפיל איז אַיינעם מיטן פאַרדראָס מיט געריגעלעם אַנטרונען ווערן האָבן ווייך געמאַכט זיין האַרץ און באַנעצט זיינע אויגן. אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ אויף אַ זייט, בכדי זיינע ברידער זאָלן עס נישט באַמערקן, האָט ער אָפּגעווישט אַ טרער און האָט שטילערהייט זיך אָפּגעזעגנט דאָס לעצטע מאָל מיטן שטעטעלע: „זיי געזונט, וואָראָנקאָ, זיי געזונט!“...

# די נסיעה

די רייזע ביי מאיר־וועלוול באַלעגאָלע אין בויד. — פילאָזאָפישע געדאַנקען. — די ערשטע סטאַנציע אין וועג — באָרישפּאָלי. — „נעזיקע“ באַלעבאַטים פון דער אכסניה. — אַ נאַכטלעגער אויף דער ערד. — דער העלד געזעגנט זיך אויף שטענדיק מיט וואָראָנקאָ.

נאָר דער, וואָס איז אַליין אויסגעוואַקסן אין אַ קליין שטעטל און איז דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן אַרויסגעפאָרן פונעם קליינעם שטעטל אויף גאָטס וועלט, יענער וועט פאַרשטיין און וועט מיטפילן דעם גליק מיט דעם פאַרגעניגן מיט דעם רחבת־הנפש, וואָס קליינוואַרג האָט געפילט פון דער דאָזיקער ערשטער אָנגעלייגטער נסיעה. די ערשטע צייט האָט מען זיך אין בויד גאָר קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען, האָט מען זיך אָנגעלענט, ווי דער טאַטע צום סדר אויף דעם היסב־בעט, אָדער מע האָט אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און אויסגעצויגן זיך אין דער לענג, אָדער מע האָט זיך גאָר אויפגעשטעלט, אָנגעהאַלטן זיך מיט די הענט אין די רייפן פונעם ביידל. דאָס האָט שוין מאיר־וועלוול באַלעגאָלע נישט געוואָלט ליידן. און כאָטש ער האָט געשלאָגן מיט חברה בלאַט און אַ גאַנצן וועג דערציילט זיי באַלעגאָלע־מעשיות, פונדעסטוועגן האָט דאָס אים נישט געשאַט מבטיח צו זיין, אַז טאָמער וועלן זיי אים אַרויסרייסן אַ שטיקל בויד, וועט ער זיי אַרויסרייסן די קישקעס. מאיר־וועלוול האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַ שמיץ געגעבן די „סוסים“ און געפאָרן ווייטער.

ווער עס געדענקט דעם טעם פון פאָרן דעם ערשטן מאָל, דער ווייסט, ווי אַזוי דער וועג לויפט, ווי אַזוי די ערד ווערט פאַרשוואונדן אונטער די רעדער און אונטער די פיס פון די פערד, ווי אַזוי אַלץ שוועבט פאַר די אויגן, ווי אַזוי סע שמעקט אַ פאַרשפעטיקט גרעזל, אָדער אַ פאַרטשעפּע=

טע צווייג פון אַן עלנטן בוים, ווי אַזוי די פרישע לופט כאַפּט זיך אַריין דורך דער נאָז און דורך דעם האַלדז אינעווייניק אַריין און גלעט, גלעט — אַ מחיה! און עס הייבט אייך, און עס זינגט זיך אייך — ס'איז אייך גוט אָן אַ עק און אָן אַ שיעור! דורכגעלאָזט אַלע הייזער מיטן בריקל, מיט דער לעוואַדע מיטן בית=עולם, פליט איר ווייטער און ווייטער, און איר דערזעט הויכע „לעבעדיקע מתים", וואָס דרייען מיט די הענט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, עס נעמט אַזש אָן אַ פּחד. צום סוף, אַז מע קומט צו נאָענט, זעט מען, אַז ס'איז גאָר ווינטמילן. נאָר אָט באַלד ווערן זיי אייך פאַרשוווּנדן, און איר זעט מער נישט נאָר הימל און פעלד, פעלד און הימל, און עס גלוסט זיך אייך אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן, אָדער בעסער אַרויספליען פון וואָגן און אַריינשווימען אין דער דאָזיקער בלויקייט, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און האָט נישט קיין סוף. נישט ווילנדיק קומען געדאַנקען, ווי קליין דער מענטש איז און ווי גרויס איז ער, וואָס האָט באַשאַפן אָט די דאָזיקע שיינע גרויסע וועלט, און אַ פאַרוויגטער פון די געדאַנקען, הייבט זיך אייך אָן צו דרימלען. נאָר אָט שניידט זיך אויס פאַר די אויגן עפּעס אַ גרויסע פור, מיט אַ פּאָר גרויסע אָקסן מיט גרויסע הערנער, און אַ גוי, אַ באָרוועסער, מיט אַ גרויס היטל, גייט צופוס, און מאיר=װעלװל גריסט זיך מיטן גוי האַלב אויף גויש און האַלב אויף יידיש: „זדאָראָווע, טשאָלאָוויטשע, האַרצווייטיק אין בויך נעהיי טאָבי בודע, און בויכווייטיק אוהאַלעוואו"... דער גוי ווייסט נישט, וואָס דער ייד זאָגט צו אים, צי גוטס, צי שלעכטס, שטייט ער אַ ווײַלע אַ פאַרטומלטער; דערנאָך טוט ער אַ מאַך מיטן קאָפּ און אַ מורקע אונטער דער נאָז אַ דאַנק און פאָרט ווייטער, און חברה קליינוואַרג שיסן אויס אַ געלעכטער. מאיר=װעלװל, וואָס האָט אפילו קיין שמייכל נישט געטאָן, דרייט אוים דעם קאָפּ צו זיינע יונגע פאַרשוינדלעך: „וואָס פאַר אַ געלעכטער אויף אייך, ממזרים?" אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע — ער פרעגט נאָך, וואָס פאַר אַ געלעכטער!... און אַזוי גייט עס ווייטער דעם גאַנצן טאָג, דעם ערשטן טאָג פון דער דאָזיקער גליקלעכער נסיעה אין סוף זומער.

די לעצטע טעג פון זומער — ווי שיין זיי זענען! די פעלדער נאַקעט, ערטערווייז צעאַקערט, דאָס ברויט שוין לאַנג אַראָפּגענומען, נאָר וווּ=נישט=וווּ וואַרפט זיך דורך אַ בלימל, אַ זאַנג, אַ קווייטל. אין די גויישע גערטנער ליגן נאָך די קאַוועס און אַרבוזן, וואָס דאַרפן פאַרטיק ווערן, אויך לאַנגע טיקוועס, וואָס נעמען זיך אָן מיט זאַפט, און די הויכע סאָנישניקעס, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן מיט שטאָלץ, באַווייזן זייערע געלע רייבע

קוטשמעס. און די גאַנצע וועלט איז נאָך פֿול מיט פֿליגעלעך און מורעשקעס, וואָס זשומען און הודען, מיט היישעריקלעך, וואָס שפּרינגען, מיט פּערכלעך און פּליטערלעך, וואָס טראָגן זיך און וויגן זיך יום־טובדיק אין דער לופֿטן. און דער ריח פֿון פֿעלד פֿאַרטראָגט אין נאָז אַריין, און די וועלט אַרום און אַרום זעט אויס אַזוי גרויס, און דער הימל אויבן אַזוי קײַלעכיק, און צום צווייטן מאָל קומט אויף די געדאַנקען, אַז די מענטשן זענען צו קליין, צו קליין פֿאַר אַזאַ גרויסער וועלט, און אַז נאָר גאָט, וואָס איז מ ל ו א  כ ל  ה א ר ץ  כ ב ו ד ו — ער איז אָנגעמאָסטן פֿאַר אַזאַ וועלט...

— קריכט אַראָפּ, ממזרים, מיר זענען שוין אין באַרישפּאָלע. דאָ נעכטיקן מיר אונטער, און „מיר־טשעמאָרגן" פֿאָרן מיר ווײַטער.

באַרישפּאָלע — א נײַע שטאָט. בעסער וועט זײַן, אַז מיר וועלן זאָגן — אַ נײַ דאָרף, אַ גרויס דאָרף. הײַזלעך די זעלבע, וואָס אין וואָראָנקאָ, מענטשן אויך די אייגענע, נאָר געזער אַנדערע. אַ צופֿאַל, אָדער ס'איז טאַקע אַזוי, נאָר די חברה זענען געווען איבעראַשט פֿון דעם, וואָס דער באַלעבאָס פֿון דער סטאַנציע, די באַלעבאָסטע און זייערע פֿיר דערוואַקסענע טעכטער — אַלע זענען זיי געווען מיט לאַנגע נעז, און טאָמער איז קאַרג, האָט די דינסט נאָך אַ לענגערע נאָז פֿון זיי אַלע. דערהערט פֿונעם באַלעגאָלע, ווער די פֿאַרשווינדלעך זענען, האָט דער לאַנגנאָזיקער באַלעבאָס זיי אויפֿגענומען מיט כּבוד, זיי אָפּגעגעבן שלום־עליכם, געהייסן דער לאַנגנאָזיקער דינסט, זי זאָל שטעלן דעם סאַמאָוואַר, אַ ווונק געגעבן צו דער לאַנגנאָזיקער באַלעבאָסטע, זי זאָל דערלאַנגען פֿאַרבייסן, און אַ קאָמאַנדעווע געגעבן צו די לאַנגנאָזיקע טעכטער, זיי זאָלן אָנטאָן די שיך — זיי זענען געגאַנגען באָרוועס.

מיט די דאָזיקע באָרוועסע מיידלעך זענען די יונגע רייזנדע געוואָרן אַ ביסל שפּעטער גאַנץ היימיש. מיט גרויס נײַגעריקייט האָבן די מיידלעך זיך אויסגעפֿרעגט בײַ די ייִנגלעך, פֿון וואַנען און וווהין זיי פֿאָרן, און ווי אַזוי זיי הייסן, און ווי געפֿעלט זיי באַרישפּאָלע — אַלצדינג האָבן זיי געוואָלט וויסן, אַפֿילו וויפֿל יעדער איז אַלט. הערנאָך האָבן אַלע אײַנאײַנעם, די ייִנגלעך מיט די מיידלעך, פֿאַרזוכט פֿון דער זויערער פּאַווידלע, וואָס די מומע האָדל האָט מיטגעגעבן, און די געלעכטערן זענען געגאַנגען ביזן הימל אַרײַן.

דערנאָך האָט מען גענומען שפּילן „קוציבאַבע" אָדער אין „זשמורקעס" — אַ שפּיל, וואָס מע פֿאַרבינדט איינעם די אויגן און מע לאָזט

אים, ער זאָל כאַפּן וועמען ער וויל. די מיידלעך האָבן זיך שטאַרק צעהיצט, און אַז ס'איז זיי געראָטן צו כאַפּן עמעצן פון די יינגלעך, האָבן זיי אים אַזוי שטאַרק געקוועטשט צו דער ברוסט, אַז ס'איז יענעם שיִער די נשמה נישט אַרויס...

ביינאַכט האָט מען די געסט באַלייגט אויף דער ערד, מיט היי אויסגעבעט, און בכדי זיי זאָלן זיך נישט געפינען באַלייריקט, האָט זיי די לאַנגנאָזיקע באַלעבאָסטע באַוויזן, אַז אינעם צווייטן ווינקל פונעם זעלבן חדר ליגן אירע טעכטער אויך אויף דער ערד, „און וואקסן פונדעסטוועגן, קיין עין־הרע, גאַנץ נישקשהדיק" — האָט זי צוגעלייגט און אויסגעשנייצט די לאַנגע נאָז. חברה וואָלטן דעם דאָזיקן געלעגער אָנגענומען מיט פאַרגעניגן, ווען זיי זאָלן זיך נישט שעמען פאַר די מיידלעך אויסצוטאָן. און די מיידלעך האָבן זיך הוקא נישט געשעמט און האָבן גאַנץ גרינג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָפּטלעך; געבליבן באָרוועסע און אין איינע קליידלעך, מיט נאַקעטע העלדזער, האָבן זיי צעלאָזט די האָר און מאָדנע איבערגעקוקט זיך, געוואָרפן אויף די יינגלעך מיט די אויגן און געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט.

— לאָז זיין שטיל! — האָט אויסגעקאָמאַנדעוועט דער באַלעבאָס און האָט אויסגעלאָשן דעם הענגלאָמפּ. עס האָט זיך אָבער אין דער פינצטער נאָך געהערט אַ פאַרשטיקטער געלעכטער פוןביידע צדדים און אַ שאָראָך פון היי. אָבער נישט לאַנג, וואָרום ס'איז געקומען דער געזונטער יונגער אומשולדיקער שלאָף און האָט צוגעשלאָסן די געזונטע יונגע אומשולדיקע אויגן.

די „ברכות" פון אינדערפרי, וואָס דער באַלעבאָס האָט געזונגען מיט אַ געוויסן ניגון, האָבן אָנגעזאָגט די קינדער, אַז ס'איז שוין טאָג און אַז מע דאַרף פאָרן קיין פערעיאַסלאַוו. דאָס לעצטע וואָרט האָט זיי אַ ברי געגעבן און אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט שמחה און מיט תענוג. מאירוועלוול באַלעגאַלע האָט צונויפגעלייגט דעם טלית־ותפילין און דאָס פּנים האָט אים געשיינט, ווי ביי אַ צדיק. דערנאָך איז ער אַוועק שפּאַנען די „סוסים". דאָרט האָט ער זיך אויסגעטענהט מיט „מאוהדריקן", מיט „טענצערן" און מיט דער „יחסנטע" אויף זייער לשון, איינגעטיילט יעדן באַזונדער, נאָך דעם גרעסטן חלק האָט באַקומען „טענצער"! דערפאַר, ער זאָל נישט טאַנצן דעמלט, ווען מע שפּילט נישט...

די זון האָט אַראָפּגעשײַנט, און דער גאַנצער הויף איז געווען ווי אײַנגעטונקען אין גינגאָלד, און בריליאַנטן האָבן געפֿינקלט און געשפּילט זיך אומעטום — בריליאַנטן, דימענטן! אַפֿילו די קופּע מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט דורכן גאַנצן זומער, און אפשר דורך צוויי זומערן, איז געווען מיט גאָלד באַדעקט. און ווער שמועסט, דער האָן מיט די הינער, וואָס האָבן זיך דאָ געפּאָרעט אויף דער קופּע — זיי האָבן אויסגעזען בײַ זיך ווי טעטן פֿעדערל זהב טהור. זייער קוואָקען האָט געקלעט. זייער שאַרן מיט די פֿיסלעך האָט געהאַט דעם זיבעטן חן. און אַז דער געלער האָן איז אַרויף אויף דער קופּע און האָט צוגעמאַכט די אייגעלעך און האָט אויסגעצויגן דעם לאַנגן, שיינעם, כפֿול־שמונהדיקן קוקאַריקו אויף זײַן חזנישן שטייגער, האָט זיך דערפֿילט די שיינקייט פֿון דער וועלט און ווידעראַמאָל די גרויסקייט פֿון דעם, וואָס האָט באַשאַפֿן די וועלט. און עס האָט זיך געגלוסט אים אָפּגעבן אַ שבח — נישט חלילה אַוועקשטעלן זיך דאַוונען, ווי דער באַלעבאָס פֿון דער באַרישפּאָלער סטאַנציע אָדער ווי מאיר־וועלוול באַלעגאָלע — ניין, דערויף האָבן חברה קיין חשק נישט געהאַט, דאָס האָט זיך זיי שוין לאַנג צוגעגעסן; נאָר אינעווייניק בײַ זיך אין האַרצן דאַנקען און לויבן גאָט — דאָס יאָ.

— קריכט אין וואָגן אַרײַן, ממזרים, מיר האָבן נאָך אַ טאָג צו פֿאָרן! — האָט מאיר־וועלוול זיי צוגעטריבן, באַצאָלט פֿאַר היי און האָבער און געזעגנט זיך מיט די באַלעבאַטים פֿון דער סטאַנציע. חברה האָבן זיך אויך גאַנץ פֿיין אָפּגעזעגנט מיט דער לאַנגנעזיקער משפּחה, אַרײַן אין בויד אַרײַן, און אַ נײַע פֿרישקייט, אַ נײַע זיסקייט, אַ נײַע רחבות האָט זיי אונטערגעכאַפּט און אַרומגענומען פֿון אַלע זײַטן, באַלד נאָך דעם ווי דער וואָגן האָט טרייסלענדיק זיך אַרויסגעקאַטשעט פֿון באַרישפּאָלע און אַרויסגעפֿאָרן ווידער אויף דער ברייטער וועלט פֿון פֿעלדער און גערטנער, פֿון זאַמד און פֿון וואַלד און פֿון הימל און ווײַטער הימל. עס האָט שוין אָנגעהויבן ווערן אַ ביסל צופֿיל הימל. עס האָט שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צועסן זיך — נישט אַזוי דער הימל, ווי דאָס פֿאָרן, און נישט אַזוי דאָס פֿאָרן, ווי דער באַלעגאָלע מאיר־וועלוול מיט זײַנע מעשׂיות. און אגב האָט אָנגעהויבן פּויקן אין קאָפּ, שווינדלען אין די אויגן און שטעכן אין די זײַטן פֿונעם טרייסלען, וואָס ס'האָט געטרייסלט, און פֿונעם וואַרפֿן, וואָס ס'האָט געוואָרפֿן. טער־טער־טער! עס האָט אויסגעוויזן, אַז ס'וועט אייביק אַזוי טערקען, עס וועט גאָר קיינמאָל נישט אויפֿהערן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן ווערן אַראָפּקריכן, און עס האָט זיך אָנגעהויב

בענקען נאָך דער ערד, בענקען אהיים, בענקען נאָכן שטעטעלע, נאָך וואָ־ראָנקאַ. און דער העלד פון דער מאָזיקער ביאָגראַפיע האָט זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקעלע ביי מאיר־וועלוולען אין בויד, אָפּגעזיפצט פון דער גרונג און מיט האַרץ געזעגנט זיך מיט חעם נאָך אַמאָל און נאָך אמאָל און גע־שעפּטשעט שטילערהייט, זיינע ברידער זאָלן עס נישט הערן:

— זיי געזונט, וואָראָנקאַ! זיי געזונט, זיי געזונט!...

25

# אין דער נייער היים

פּערעיאַסלאָוו אַ כרך. — א קאַלט באַגעגעניש. — דאָס זילבער איז פאַרזעצט, פּרנסה געשלאָגן. — דער טאַטע איז פאַרזאָרגט.

נאָך צוויי טעג טרייסלען זיך און העצקען זיך, און אָנגעגעסן זיך מיט שטויב, און אָנגעהערט זיך מיט באַלעגאָלישע מעשיות, האָבן די יונגע רייזנדע אויפן צווייטן טאָג פאַרנאַכט דערפילט, אַז זיי זענען שוין אָט=אָט אין דער היים. נאָך אַ ביסעלע און עס האָבן זיך אין דער פינצטערער נאַכט אָנגעהויבן באַווייזן קליינע פייערלעך — סימנים פון אַ שטאָט. דערנאָך האָבן די רעדער גענומען קלאַפּן איבער שטיינער, און די בויד האָט געטראַסקעט נאָך ערגער ווי פריער. דאָס איז שוין געווען די אמתע שטאָט, די גרויסע שטאָט פּערעיאַסלאַוו. מיט אַ רעש און מיט אַ האַרמידער האָט זיך מאיר=וועלוולס בויד צוגעקאַמשעט צו אַ פינצטערן הויף, וו ס'איז געהאָנגען איבערן שויער אַ פאַררייכערטע לאַמטערנע מיט אַ בעזעמל פון היי — אַ סימן אויף אַן איינפאָר=הויז.

אַז זייערע עלטערנס פּרנסה איז איצט אַן איינפאַר=הויז — דאָס איז פאַר די קינדער געווען אַ סורפּריז און אַ באַליידיקונג. סטייטש, זייער טאַטע נחום וועט אויפנעמען געסט? זייער מאַמע חיה=אסתר וועט קאָכן פאַר זיי וואַרעמעס? זייער באָבע מינדע וועט זיי באַדינען? קיין שטאַרקערן אראָפּפאַל, קיין גרעסערן בזיון האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. און דער טרוימער שלום, וואָס האָט שטענדיק געחלומט פון בעסערע צייטן, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין אוצר, האָט דערנאָך אין דער שטיל געטרויערט, געוויינט אין דער פאַרבאָרגעניש און שטאַרק געבענקט צוריק צום ליבן קליינעם וואָראָנקא. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָבן די גרויסע געהאַט געזאָגט: משנה מקום — משנה מזל?

אַ שיינער „משנה מקום — משנה מזל“ — נישטאָ וואָס צו רעדן!...

— קריכט אַרויס, ממזרים, מיר זענען שוין געקומען! — אַזוי האָט מאיר=וועלוול אָנגעזאָגט די בשורה נאָכדעם ווי ער האָט מיט אַ לאַנגן „טפררררו“ זיך אָפּגעשטעלט ביים נאַניק פונעם איינפאָר=הויז.

צעבראָכענע, צעלאָמטעטע און הונגעריקע, האָבן חברה גענומען איינציקווייז אַרויסקריכן פון בויד און אויסגעגלייכט זיך די ביינער. גיך האָט זיך געעפנט די שטוב=טיר און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויפן פּיגצטערן נאַניק פיגורן, איינע נאָך דער אַנדערער, וואָס מע האָט זיי אין דער פּינצטערניש פון דער נאַכט געקאָנט דערקענען נאָר נאָכן קול. די ערשטע פיגור איז געווען אַ הויכע און אַ ברייטע. דאָס איז געווען די באָבע מינדע, זי האָט אויסגעצויגן דעם אַלטן קאָפּ און אַ זאָג געגעבן: „יאָ! געלויבט ב״ה ב״ה גאָט, זיי זענען שוין געקומען“. די צווייטע פיגור איז געווען אַ קליינינקע, אַ זשוואַווע. דאָס איז געווען די מאַמע חיה=אסתר. זי האָט ווי אַ פרעג געגעבן עמעצן אַ דריטן: „שוין געקומען?“ — „שוין געקומען!“ — האָט איר אָפּגעענטפערט מיט פרייד אַ דריטע פיגור, אַ לאַנגע און אַ דינע. דאָס איז געווען דער טאַטע, רב נחום וועוויקס, איצט שוין רב נחום ראַבינאָוויטש (אין דער גרויסער שטאָט האָט מען דעם זיידן וועוויק געגעבן דימיסיע).

אַ באַגעגעניש איז דאָס געווען נישט אַזאַ, ווי די קינדער האָבן געוואַרט. מע האָט זיך אַפילו צעקושט, נאָר קאַלטלעך. דערנאָך האָט מען זיי אַ פרעג געגעבן: „ס׳מאַכט איר?“ וואָס קאָן מען ענטפערן הערויף? „גאָרנישט“... די ערשטע איז געווען די באָבע מינדע, וואָס האָט זיך דערמאָנט, אַז די קינדער קאָנען וועלן עסן. „איר זענט הונגעריק?“ נאָך אַ מין הונגעריק! „איר׳ט עפּעס עסן?“ נאָך אַ מין עסן! „מנחה=מעריב געדאַוונט?“ נאָך אַ מין דאַווענען!...

די מאַמע האָט זיך אַ וואָרף געגעבן אין קיך מאַכן עפּעס עסן, און דער טאַטע האָט דערווייל פאַרהערט די קינדער, ווו זיי האַלטן אין לערנען. אָ, זיי האַלטן זייער ווייט! נאָר וואָס הרייט מען זיי אַ מוח, אַז עס ווילט זיך גאָר באַטראַכטן די נייע היים, די נייע שטוב!

און זיי בייגן דעם קאָפּ אויף אַלע זייטן און קוקן זיך אַרום, ווו זיי זענען אין דער וועלט. זיי דערזעען פאַר זיך אַ גרויסע, נאָר אַ סומנע, אַ נאַרישעוואַטע שטוב מיט אַ סך חדרימלעך, איבערגעצוימט מיט דינע ברעטלעך. דאָס זענען חדרים פאַר אורחים, און אורחים — נישט איינער. אין מיטן שטוב איז אַ זאַל. אין זאַל האָבן חברה דערקענט דאָס גאַנצע

ווארשאַקאָווער מעבל: דעם קיילעכדיקן רויטן טיש אויף דריי לאַפּעס, די אַלטע פּאַפּירטע רויטע קאַנאַפּע מיטן אויסגעטריפּעטן געזעס, דעם קיילעכדיקן פּאַפּירטן רויטן שפּיגל מיט די צוויי אויסגעשניצטע הענט פֿון אויבן, ווי ביי כּהנים צום דוכנען, און די גלעזערנע שאַפּע, פֿון וואַנען עס האָבן אַרויסגעקוקט נאָר די פּסחדיקע פּילפּאַרביקע טעלער, דאָס זילבערנע חנוכּה־לעמפּל מיטן אלטן זילבערנעם הדס־בעכער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן ווי אַן עפּל אויף אַ גרויסער צווייג מיט בלעטלעך. די אַלטע איבעריקע זילבערנע געגילדטע כּוסות, בעכער, בעכערלעך, גאָפּלען, מעסערס און לעפּל און דאָס גאַנצע זילבער — איז נישט געווען שוין מער. ווו איז דאָס אַהינגעקומען? ערשט העט־שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, זענען זיי געוואויר געוואָרן, אַז טאַטע־מאַמע האָבן עס אינאיינעם מיט דער מאַמעס פּערל און צירונג פֿאַרזעצט ביי אַ פּעריאַסלאַווער נגיד און נישט געקאָנט שוין מער אויסקויפֿן קיינמאָל.

— נעמט וואַשט אייך! — זאָגט די באָבע מינדע נאָך דעם, ווי די מאַמע חיה־אסתר האָט געבראַכט צו טראָגן פֿון קיך עפּעס נישט אַזאַ געהויבענע וועטשערע: צוגעוואַרעמטע קאַשע מיט פֿאַסאָליעס, און דאָס דאַרף מען עסן מיט ברויט, און דאָס ברויט איז אלטגעבאַקן! די מאַמע אַליין שניידט דאָס מיט אַ מעסער און טיילט אויס יעדן זיין חלק — דאָס איז ביי זיי קיינמאָל נישט געווען. אַ קבצנישער מנהג!... און דער טאַטע זיצט ביי דער זייט און הערט נישט אויף צו עקזאַמענירן, ווו האַלט מען אין תנ"ך. דער טאַטע זעט אויס צופֿרידן. די קינדער האַלטן ווייט. און ווער שמועסט דער מיטלסטער, שלום, דער איז קלאָר בעל־פּה, קען זאָגן גאַנצע קאַפּיטלעך ישעיה אויסגעווייניק, ווי אַ וואַסער.

— נו, גענוג שוין, לאָזן זיי גיין שלאָפֿן! — זאָגט די מאַמע און נעמט צו דאָס איבערגעבליבענע ברויט פֿון טיש און פֿאַרשליסט דאָס אין שאַפּע. דאָס איז אויך נישט געווען ביי זיי האָרטן אין וואָראָנקאָ. דאָס איז גאָר אַ מיאוסער מנהג!...

עס איז שווער צו זאָגן: צי ווייל דער וועג איז געווען אַ לאַנגער, אַ שווערער און מע איז געווען צעבראָכן אויף שטיק־שטיקלעך, אָדער אפֿשר דערפֿאַר, וואָס דאָס באַגעגעניש איז געווען עפּעס נישט איבעריק פֿריינדלעך און די אויפֿנאַמע קבצנישדיק — נאָר די נייע היים, וואָס חבֿרה האָבן וועגן איר אַזויפֿיל געחלומט, האָט נישט געפֿונען ביי זיי אין די אויגן קיין חן, וואָס זיי האָבן געמיינט און געוואָלט. צופֿיל האָבן זיי, אפּנים, געוואַרט פֿון דעם — דעריבער האָבן זיי זיך געפֿילט ווי אָפּגעשמיסענע און

זענען געווען צופֿרידן, אַז מע האָט זיי געהייסן לייענען קריאת=שמע און גיין שלאָפֿן.

ליגנדיק דערנאָך אויף שטרויענע זעק, אויסגעבעט אויף דער ערד, אַלע קינדער אינאיינעם, אין אַ גרויסן פֿינצטערן חדר און אַ שום מעבל — אַ מין דורכגאַנגס=חדר פֿון זאַל אין קיך אַריין — האָט דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע לאַנג נישט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. אין זיין קאָפּ האָבן זיך געבאַמבלט אַלערליי מחשבות און געדאַנקען מיט קשיות, קשיות און קשיות: פֿאַרוואָס איז דאָ אַזוי פֿינצטער און אומעטיק? פֿאַרוואָס זענען דאָ אַלע אַזוי פֿאַרזאָרגט? וואָס איז דאָס מיט דער מאַמען, וואָס זי איז געוואָרן אַזוי קאַרג מיט סכנות? וואָס איז דאָס מיטן טאַטן, וואָס ער איז געוואָרן אַזוי איינגעבויגן, סוטולעוואַטע און אַזוי שטאַרק פֿאַרעלטערט, אַז עס קלעמט דאָס האַרץ קוקנדיק אויף זיין געל=געקנייטשט פּנים? נישט שוין זשע איז דאָס אַלצדינג גאָר צוליב דעם, וואָס מען האָט געזאָגט אין וואָראָנקאָ, אַז די פּרנסה איז געשלאָגן? נישט שוין זשע איז אָט דאָס דער „משנה מקום — משנה מזל“? וואָס טוט מען דערצו? דערצו איז — דער אוצר. אַך! ווען ער ברענגט מיט זיך כאָטש אַ קלײנעם חלק פֿון יענעם אוצר, וואָס ליגט באַהאַלטן אין וואָראָנקאָ!...

דערמאָנט זיך אינעם אוצר, קומט אים אויפֿן זינען זיין חבר שמואליק דער יתום מיט זיינע וווּנדערלעכע מעשיות וועגן שיינע אוצרות פֿון גאָלד און זילבער, דימענטן און בריליאַנטן, וואָס געפֿינען זיך אין גן=עדן התחתון, און וועגן יענעם אוצר, וואָס געפֿינט זיך אויף יענער זייט וואָראָנקאָווער בית=מדרש נאָך פֿון כמיעלניצקיס צייטן... און עס חלומען זיך אים אוצרות, גאָלד און זילבער, דימענטן און בריליאַנטן. און זיין חבר שמואליק קומט אים צו חלום, דער ליבער שמואליק מיט זיין חנעוו=דיק פּנים, מיט זיינע גלאַנצנדיקע, מיט פּעטסן אָנגעשמירטע האָר. און עס מאָלט זיך אים אויס, אַז ער הערט זיין ווייך=הייזעריק קול, ווי ער רעדט צו אים זיס=פֿריינדלעך, ווי אַן אַלטער, און ווי ער טרייסט אים מיט גוטע ווערטער: „זאָרג נישט, שלומניו טייערער, אָט האָסטו פֿון מיר אַ מתּנה — אַ שטיין פֿון יענע צוויי שטיינער; קלויב דיר אויס וועלכן דו ווילסט — דעם שטיין, וואָס הייסט „ישפֿה“, אָדער דעם שטיין, וואָס הייסט „כדכד“...

שלום איז אין פֿאַרלעגנהייט. ער ווייסט נישט, ער האָט פֿאַרגעסן, וועלכער שטיין איז בעסער — דער שטיין, וואָס הייסט „ישפֿה“, אָדער דער שטיין, וואָס הייסט „כדכד“? און אַזוי ווי ער טראַכט דאָ אַזוי, שפּרינגט אונטער

גערגעלע=גנב, כאַפּט אוים ביידע שטיינער און ווערט מיט זיי פאַרשוואונדן. און פּיניעלע שימעלעס — פון וואַנען האָט ד ע ר זיך גענומען אַהער? -- האַלט די האַנט אין די קעשענעס און קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער. „פּיניעלע, וואָס לאַכסטו?“ פון דיין מומע האָדל מיט איר פּאָווידלע — כאַ=כאַ=כאַ!“...

— שטייט אויף, חברה פּלעצל! זע נאָר, ס'איז זיי גאָרנישט צו דערוועקן! מע דאַרף אַרויסטראָגן דעם הקדש! מע דאַרף קאָכן וואַרעמעס! און זיי שלאָפן — א זיסער שלאָף אויף זיי! — קלאָגט זיך די מאַמע חיה=אסתר, אַ קליינטשקע, אַ זשוואַווע, אַ פאַרפּאָרעטע, אַ פאַרטאַרעראַמטע פון דער אַרבעט אין שטוב און אין קיך — איין מענטש אַליין.

— אי=אָ=נו, דאַוועגען! — העלפט איר אונטער די באָבע מינדע, האַלט א קרבן=מנחה אין האַנט און מישט אַ בלעטל נאָך א בלעטל אין זאָגט מיט כוונה, טאָר נישט מפסיק זיין.

— נאָכן דאַווענען וועט איר זיך דורכגיין צו דער משפּחה אָפּגעבן אַלעמען שלום=עליכם, און אין הדר וועט איר שוין אָנהויבן גיין, אם ירצה השם, נאָך יום=טוב.

אַזוי לייגט צו דער טאַטע ווייטער פון אַלע. ער גייט אָנגעטאָן אין עפּעס אַ מאָדנע כאַלאַטל, אויף קעץ אונטערגעשלאָגן, כאָטש ס'איז נאָך וואַרעם אין דרויסן, און אַן איינגעהויקערטער, אַ פאַרזאָרגטער, פאַרצייט ער זיך מיט אַ שטאַרקן פּאַפּיראָס און זיפצט אַזוי טיף, אַז עס רייסט אוים א שטיק האַרץ. עפּעס דאַכט זיך אוים, אַז ער איז גאָר קלענער געוואָרן. עלטער און קלענער... און עס ווילט זיך לויפן פון שטוב אַרויס וואָס גיכער, לויפן אין דרויסן אַרוים, אָנקוקן די שטאָט, זיך באַקענען מיט דער משפּחה.

26

# די גרויסע שטאָט

מען גייט באַקענען זיך מיט דער משפחה. — די מומע חנה מיט אירע קינדער.— אליהו און אברהמל פאַרהערן דעם העלד, ווו ער האַלט אין תנ"ך. — ביים פעטער פיניע פאַרהערט מען אים אין שרייבן.

אויף וויפל די שטאָט האָט ביינאַכט אויסגעוויזן ווייסט און פינצטער, אויף אַזויפיל האָט זי אין דער פרי געשיינט און געבלישטשעט און געפונען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון די וואָראָנקאָווער יינגלעך, די קליינשטעטלדיקע קינדער, וואָס האָבן געכאַפּט התפעלות פון איטלעכס ברעקל באַזונדער. זיי האָבן נאָך קיינמאָל אויף זייער לעבן נישט געזען, אַז גאַסן זאָלן זיין אַזוי ברייט און לאַנג און האָבן פון ביידע זייטן הילצערנע „פעשעכאָדן" (טראָטואַרן); אַז שטיבער זאָלן זיין געדעקט מיט בלעך; אַז פענצטער זאָלן זיין פון דרויסן מיט געפאַרבטע גרינע, בלויע און רויטע לאָדן; אַז קלייטן זאָלן זיין געמויערטע פון ציגל און האָבן אייזערנע טירן. היינט דער מאַרק, די קלויסטערס און, להבדיל, די בתי-מדרשים מיט די שולן, און אַפילו די מענטשן — אַלע און אַלץ איז אַזוי גרויס און אַזוי שיין און אַזוי ריין און אַזוי יום-טובדיק פריילעך! ניין, פיניעלע שימעלעס האָט נישט מגזם געווען, אַז ער האָט דערציילט „וואונדירים" פון דער דאָזיקער גרויסער שטאָט. אַזוי ווי אויף רעדלעך האָבן זיך געגליטשט זייערע פיס איבער די הילצערנע „פעשעכאָדן", גייענדיק מיטן טאַטן צו דער משפחה, זיך באַקענען און אָפּגעבן שלום. און נאָר ווייל דאָ איז געווען דער טאַטע, האָבן זיי פאַר דרך-ארץ נישט געקאָנט זיך אָפּשטעלן אויף יעדן טריט און באַוואונדערן די חידושים ונפלאות, וואָס זייערע אויגן האָבן דערזען. ווי דער שטייגער איז, איז אויף צופריער געגאַנגען דער טאַטע, און די קינדער האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים, פון הינטן.

אַרייִנגעטראָטן אין אַ גרויסן הויף און דורכגעשפּאַנט דורך א גרויסן גלעזערנעם ליכטיקן קאָרידאָר, איז מען אַרייַנגעקומען אין אַ רייכער פּריצישער שטוב מיט געוועקסלטע פּאָרלאָגעס, ווייכע קאַנאַפּעס און שטולן, הויכע ביז דער סטעליע שפּיגלען, געשניצטע שאַפעס, גלעזערנע קאַנדעליאַברעס אויף דער סטעליע, מעשענע העסעס אויף די ווענט — אַן אמתער „פּאַלאַץ“, א „דירה=מלוכה“!

דאָס איז געווען דער מומע הנהס שטוב — א מאָדנע שטוב. א שטוב אָן אַ טאַטן (די מומע חנה איז אַן אלמנה). די קינדער האָבן נישט געהערט זייער מאַמע, נישט זייער רבין, נישט קיינעם. אַ קליינע אַנאַרכיע. איטלעכער האָט זיך געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. און אַלע צווישן זיך האָבן געהאַלטן אין איין קריגן זיך, געגעבן זיך איינס דאָס אנדערע צונעמעניש, און געלאַכט האָט מען הילכיק, און גערעדט האָבן אַלע אינאיינעם און געטומלט אַזוי שטאַרק, אַז דער קאָפּ האָט זיך אייך געדרייט.

די מומע חנה אַליין — א יידענע א הויכע, א גרויסאַרטיקע. עס וואָלט איר אָנגעשטאַנען זיין א גראַנד=האַמע, פון די, וואָס שמעקן טאַבעקע פון א גאָלדן פושקעלע, אויף וועלכן סע שטייט אויסגעמאָלט א פּרינץ פון די אַמאָליקע פּרינצן, מיט אַ גרוי צעפּל און מיט זיידענע זאָקן. די מומע חנה איז געווען, ווייזט אויס, אמאָל א יפת=תואר. דאָס איז צו זען נאָך די טעכטער: זעלטענע=זעלטענע שיינהייטן. ווי נאָר קליינוואַרג זענען אַרייַנגעקומען, אַזוי איז געוואָרן א טומל, אַ געשריי און א געפּילדער:

— אָט דאָס זענען זיי? אָט דאָס איז ער, דער בעל=תנ״ך? אַגו, קום נאָר אַהער, שעם זיך נישט! זעט נאָר, ווי ער שעמט זיך עס אַ ביסל, כאַ=כאַ=כאַ!

דער טאַטע האָט זיך, אַפּנים, נישט געקאָנט איינהאַלטן פון צו געבן זיך אַ באַרים מיט זיין זון, אַז ער איז אַ גוטער בעל=תנ״ך, האָט מען אים געקרוינט דאָ טאַקע באַלד אויפן אָרט מיטן נאָמען: „בעל=תנ״ך“.

-- גיט אָן דעם בעל=תנ״ך אַ גלעזל טיי און גיב אים אַן עפּל מיט אַ באַר, לאָז ער פּאַרזוכן, דער בעל=תנ״ך, אונדזערע פּערעיאסלאַווער אויבסטן.

— שאַט, ווייסט איר וואָס? לאָז מען אַרייַנרופן אַהערצו אֶליהון מיט אברהמלען, וועלן זיי אים פּאַרהערן.

און מען האָט אַרייַנגערופן אליהון מיט אברהמלען.

אֶליהו און אברהמל זענען שוין היפּשע בחורים מיט פיינע בערד=

לעד און קערן זיך אָן צו דער מומע חנהס משפּחה פון איר מאַנס צד. זיצן א הויף קעגן אַ הויף. זייער פאָטער, יצחק=יאַנקל, איז אַן אָפּגעקומענער גביר, לאָדט זיך כל ימיו מיט „קאַזנאַ“, טראָגט אַן אויערינגל אין לינקן אויער, אַ שיינע קיילעכיקע באָרד, קוקט נישט אויף קיינעם, רעדט נישט מיט קיינעם, און שטענדיק שמייכלט ער מיט אַזאַ מינע, ווי איינער רעדט: „וואָס האָב איך מיט אייך צו שמועסן, אַז איר זענט אַלע בהמות?“

די אריינגעקומענע בחורים האָבן גלייך, אָן צערעמאָניעס, א נעם געגעבן דאָס וואָראָנקאָווער בחורל צום עקזאַמען, אים פאַרהערט אין תנ״ך אויף אויסנווייניק פון איין עק ביזן אַנדערן. און מע דאַרף מודה זיין, אַז דאָס וואָראָנקאָווער בחורל האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן גאָר=גאָר גלענצנדיק. ער האָט נישט נאָר געטראָפן איטלעכס וואָרט ווי עס שטייט, אין וואָסער אַ קאַפּיטל, אין וואָסער פּסוק, נאָר אַפילו געזאָגט, ווו סע געפינען זיך אַלע איבעריקע ווערטער פונעם זעלבן שורש. דער טאַטע האָט געקוואָלן, געקליבן תענוג, ממש געוואָרן ברייטער ווי לענגער. דאָס פּנים זיינס האָט אים געשיינט. די קנייטשן, וואָס אויפן שטערן, האָבן זיך אויסגעגלייכט, געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש.

— אַז ס'איז יאָ אַזוי, לאָז מען געבן דעם בעל=תנ״ך נאָך אַן עפּל און נאָך אַ באַר און נאָך ניס, און קאָנפעקטן, קאָנפעקטן! — האָבן דער מומע חנהס טעכטער, די יפת=תוארס געקאָמאַנדעוועט, און דער נאָמען „בעל=תנ״ך“ איז אים פאַרבליבן אויף אַ לאַנגער צייט נישט נאָך אין דער משפּחה — מע האָט אים שוין אין בית=מדרש, צווישן יינגלעך קונדסים, אַנדערש נישט גערופן, ווי „דער וואָראָנקאָווער בעל=תנ״ך“ אויך די גרויסע, וועמען עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט אים געכאַפּט פאַר אַן אויער: „זאָג נאָר, דו קליינער בעל=תנ״ך, ווי שטייט ערגעץ אָט דער און דער פּסוק?“

דעם בעל=תנ״ך איז שטאַרק געפעלן געוואָרן דער מומע חנהס שטוב מיט דער מומע חנהס קינדער, פיניע מיט מאָכען, צוויי יינגלעך=שקצים, מיט וועלכע ער איז גיך געוואָרן חבר. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז קיין שענערע און קיין רייכערע שטוב, ווי דער מומע חנהס, איז נישטאָ נישט נאָר אין פּערעיאַסלאַוו, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט. וואָרום ווו האָט איר געזען, אַז עפּל זאָל מען שלעפּן פון א פאַס, ניסלעך פון אַ זאַק און קאָנפעקטן פון אַ טאָרבע?...

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען דעם פּעטער פּיניעס שטוב. א שטוב א ייִדישע, מיט אַ סוכּה, מיט אַ סך ספרים, גאַנץ ש״ס, א זילבערן חנוכּה-לעמפּל, אַ לאַנגע וואַקסענע הבדלה. נאָר ווי קומט עס צו דער מומע חנה? אַ פרומע שטוב. אַלע זענען דאָרטן פרום. אַזוי ווי דער פּעטער פּיניע, אַזוי זיינע קינדער. די זין אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך ביז צו דער ערד, מיט אַרבע-כּנפותן לאַנגע ביז צו די קניען. די טעכטער — צניעותדיק אָנגערוקט די פאַטשיילעס איבערן פּנים, קוקן נישט קיין פרעמדן גלייך אין די אויגן אַריין, נאָר אַז מען דערזעט אַ פרעמדן, ווערט מען רויט ווי אַ צוויק, און מע לאַכט אויף קרעדיט. די מומע טעמע, אַ יידענע אַ פרומע מיט ווייסע ברעמען, און ביי דער זייט איר מאַמע — צוויי טראָפּנס וואַסער די מומע טעמע, גאָרנישט צו דערקענען, ווער ס'אַ מאַמע, ווער ס'אַ טאָכטער, ווען די מאַמע זאָל נישט טרייסלען מיטן קאָפּ: ניין-ניין.

דאָ, ביים פּעטער פּיניען, האָט דער טאַטע נחום שוין נישט באַרימט זיך מיט זיין „בעל-תנ״ך“. אין דער דאָזיקער שטוב האַלט מען נישט פונעם תנ״ך. ווער לערנט תנ״ך? תנ״ך לערנען אַפּיקורסים. דערפאַר האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון באַרימען זיך מיט זיינע קינדערס כּתב. זיינע קינדער, האָט ער געזאָגט, שרייבן, אַז עס לאָזט זיך אויס די וועלט.

— אָט דער קליינער — האָט ער אַ וויַיז געגעבן אויפן בעל-תנ״ך — האָט א הענטל, אַ כּתבֿא רבּה!

— אַנו, ווייזט נאָר אַהער אַ טינט און פּען — האָט דער פּעטער פּיניע אַ שאַף געגעבן און האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל פון ביידע הענט, גלייך ווי ער אַליין באַדאַרף עפּעס טאָן אַן אַרבעט. — אַ טינט און פּען זאָל מיר באַשאַפן ווערן, וועלן מיר אים פאַרהערן שרייבן, אָט דעם „כּתבֿא רבּה“. אָבער גיך! און באַלד!

דעם פּעטער פּיניעס באַפעל איז געווען אַ באַפעל פון א שטרענגען גענעראַל, און אַלע קינדער, די יינגלעך מיט די מיידלעך, האָבן זיך אַ וואָרף געגעבן און אַלע ווינקעלעך נאָך אַ טינט און פּען.

— אַ שטיקל פּאַפּיר! — האָט אויסגעקאָמאַנדעוועט ווידער דער גענעראַל. ס'איז אָבער נישט געווען אין ערגעץ קיין איבעריק שטיקל פּאַפּיר.

— שאַט! ווייסט איר וואָס? לאָז ער אָנשרייבן אָט דאָ אויף מיין סידורל.

אויף דער דאָזיקער המצאה איז געפאַלן דעם פעטער פיניעס ייִנגע־ רער זון, איצל, אַ טשעקאַווע בחורל מיט אַ שפּיצעכיק קעפּל און מיט אַ לאַנג נעזל.

— נעם שרייב! — האָט דער טאַטע באַפוילן צו זיין „בעל־תנ"ך".

— וואָס זאָל איך שרייבן?

— שרייב וואָס דו ווילסט.

איינגעטונקען די פּען, האָט דער בעל־תנ"ך, אָדער דער „כתבא רבה", אַ ביסל אַ טראַכט געגעבן, נישט געהאַט וואָס צו שרייבן, כאַטש טו זיך אָן אַ מעשה! דעם פעטער פיניעס הויזגעזינד האָט שוין מסתמא איבערגעטראַכט, אַז דער „כתבא רבה" קען שרייבן גאָר דעמלט, ווען מע זעט נישט. נאָר דאָ איז אים געקומען אויפן זכרון דאָס, וואָס כמעט אויף יעדן ייִדישן ספר פלעגט יענע יאָרן שטיין געשריבן, און שלום האָט פאַרקאַטשעט דעם אַרבל, געגעבן אַ דריי מיט דער האַנט, איינגעטונקען נאָך אַמאָל די פּען און אין עטלעכע מינוט איז געווען אָנגעשריבן אָט ווי אַזוי:

„אעפ"י שאסרו חכמים לכתוב על הספר, אלא משום סימן בעלמא מותר". אויף ייִדיש וועט דאָס הייסן אַזוי גוט ווי:

כאָטש אַפילו אויף אַ ספר שרייבן טאָר מען נישט, נאָר צוליב אַ סימן מעג מען.

דאָס איז געווען אַ מין הקדמה, נאָך וועלכער עס קומט די דאָזיקע באַקאַנטע אויפשריפט:

„זה הסדור שייך. למי שייך? למי ששייך שייך. פאָרט למי שייך? למי שקנה. מי קנה? מי שקנה קנה. פאָרט מי קנה? מי שנתן מעות. מי נתן מעות? מי שנתן נתן. פאָרט מי נתן? מי שהוא נגיד. מי נגיד? מי שהוא נגיד נגיד. פאָרט מי נגיד? הנגיד ה"ה הבחור המפורסם מוהר"ר יצחק בהרב הנגיד המפורסם מוהר"ר פנחס ראַבינאָוויטש בק"ק פערעיאַסלאַוו".

איבערזעצט אויף ייִדיש וועט דאָס אויסקומען אַזוי:

„דאָס דאָזיקע סידורל געהערט. צו וועמען געהערט דאָס סידורל? צו וועמען עס געהערט געהערט עס. פאָרט צו וועמען? צו דעם, וואָס האָט געקויפט. ווער האָט דאָס געקויפט? ווער עס האָט געגעבן געלט. ווער האָט געגעבן געלט? ווער עס האָט געגעבן האָט געגעבן. פאָרט ווער האָט געגעבן? ווער ס'איז אַ נגיד. ווער איז אַ נגיד? ווער ס'איז אַ נגיד איז אַ נגיד. פאָרט ווער איז א נגיד? אַ נגיד איז דער באַרימטער בחור

יצחק דער זון פונעם באַרימטן נגיד פנחס ראַבינאָוויטש אין דער שטאָט פערעיאסלאָוו".

עס איז שווער צו באַשרייבן, וואָס פאַרא פּוראָר דאָס האָט געמאַכט, הן מצד הלשון והן מצד הכתב! און דער עיקר — דאָס כתב! דער „כתבא רבה" האָט זיך שוין גוט געפליסט, אַז דער טאַטע זיינער זאָל חלילה נישט פאַרשעמט ווערן. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות. ער האָט געשוויצט ווי אַ ביבער. ער האָט אויסגעקליבן דאָס סאַמע שענסטע און סאַמע קלענסטע פערל־כתב, וואָס מע דאַרף אָנטאָן דערצי אַ שפּאַקטיוו, מע זאָל דערזען די אותיותלעך. ער האָט אָנגעווענדט דערצו דעם גאַנצן כוח פון קאַליגראַפיע, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט בירושה פון זיין וואָראָנקאָווער רבין רב זרחל, וועלכער האָט באַשאַפן אין יענעם שטעטעלע, קאָן מען זאָגן, אַ גאַנצן דור פון קאַליגראַפן, וואָס זענען זיך צעקראָכן איבער דער וועלט און וואָס צייכענען זיך אויס כמעט אַלע מיט זייער שיין שרייבן עד היום הזה.

27

# בין הזמנים

אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס. — נייע חברים. — גרמיזא דער מלמד א בעל־קורא. — די וואָראָנקאָווער ווייסע־חברה־ניקעס באַווייזן וואָס זיי קענען.

בין־הזמנים — ווער וועט דאָס פאַרשטיין? וואַקאַציע, וואַקיישאָן, פעריען, קאַניקולעס — דאָס זענען אַלץ ווערטער פונעם זעלבן באַגריף. זיי זאָגן אָבער נישט דאָס, וואָס דאָס וואָרט „בין־הזמנים“ זאָגט דעם יידישן ייִנגל.

דאָס קינד, וואָס קומט פון דער שול, אָדער פון גימנאַזיע, אויף וואַקאַציע אַהיים, האָט זיך גענוג אָנגעשפּילט דאָרטן, ווו מען לערנט, גענוג אָנגעטאַנצט און אָנגעהוליעט, גענוג אָנגעלאָפן זיך און גענוג אָנגעשטיפט זיך מיט די חברים דורכן יאָר — עס קאָן זיין מער געשטיפט, ווי געלערנט. דאָס יידישע חדר־ייִנגל — דער האָט געבעד דאָס גאַנצע יאָר געהאָרעוועט, געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און געלערנט — געלערנט, געלערנט און געלערנט. און מיטאמאָל — בין־הזמנים! אָנדערהאַלבן חדשים דורכאַנאַנד, פון חצי אלול ביז סוף תשרי, וועט מען נישט גיין אין חדר — וואָס קאָן זיין אַ גרעסערער יום־טוב? און דערצו גייען נאָך די יום־טובים אויך: ימים נוראים! סוכות! שמחת־תורה! און דאָס אַלצדינג אינאיינעם גענומען — אויף אַ נייע אָרט, אין דער גרויסער שטאָט, אין פּערעיאַסלאַוו!

קודם כל באַדאַרף מען אָנקוקן די שטאָט. חברה האָבן זי נאָך כמעט גאָרנישט געזען. אַחוץ ווי ביי דער מומע חנהן און ביים פעטער פּיניען און אַחוץ ווי אין גרויסן בית־מדרש, אין אַלטן בית־מדרש און אין דער קאַלטער שול, דאָרט ווו צאַלע דער חזן דאַוונט, זענען די וואָראָנקאָווער קינדער כמעט אין ערגעץ נישט געווען. נאָך פאַראַן גענוג

גאַסן און געגנט ערטער. פאַראַן די „אַלטיצע“, און פאַראַן די „טרוביילא“ (טייכן אַזעלכע), און פאַראַן די לאַנגע בריק. און ווו זענען די „פידוואָרקעס“, וואָס אויף יענער זייט בריק? די „פידוואָרקעס“ — דאָס איז אַ באַזונדערער מין שטאָט, וואָס געהערט פונדעסטוועגן צו פערעיאסלאוו. „אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס“ שטאַמט פון דאָרט. אַרנאָלד קומט אָפט אַריין צו נחום ראַבינאָוויטשן אַ ביסל פאַרברענגען, רעדן פונעם רמב"ם און פונעם כוזרי און פון ברוך שפינאָזע און פון משה מענדעלסאָן און פון נאָך אַזעלכע גרויסע מענטשן, וועלכע שלום האָט נישט געקאָנט זיך אָנגעדענקען, חוץ איינעם מיטן נאָמען דרעפער — דער האָט זיך איינגעפונדעוועט ביי אים אין זכרון: דרע=פער... „אַרנאָלד איז שטאַרק געלערנט — זאָגט אויף אים דער טאַטע נחום, וואָס האַלט פון אים עולם ומלואו. — אַרנאָלד זאָל נישט זיין קיין ייד, וואָלט ער געקאָנט זיין אַ פּראָקוראָר“, פאַרוואָס עפעס אַ פּראָקוראָר? און פאַרוואָס זאָל אַ ייד נישט קאָנען זיין? — דאָס האָט נאָך שלום נישט געקאָנט פאַרשטיין. פון אַנטיסעמיטיזם האָט ער געוווסט נאָר איין זאַך: ה י נ ט. דורך זיין אייגענער דערפאַרונג. אין וואָראָנקא האָבן שקצימלעך אָנגערייצט אויף אים הינט, וואָס האָבן אים אָוועקגעלייגט און צעביסן, איבערגעלאָזט א סימן ביז צו היינטיקן טאָג.

אָט דעם „אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס“ האָט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע א סך צו פאַרדאַנקען אין זיין שפּעטערדיקן שטודירן, און מיר וועלן זיך דעריבער מיט אים נאָך באַגעגענען. דערווייל איז בין=הזמנים און ערב יום=טוב. צייט צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט גייע חברים און גלאַט יינגלעך.

פון די חשובע באַלעבאַטישע יינגלעך פאַרנעמען דעם אויבנאָן משהל יצחק=אביגדורס, אַ בחורל אַ געלס, אַן אויסגעצוואגנס, מיט אַן אַלפּאַגאָווע קאַפּאָטקעלע, און אַ גדלן אַ יונג, וואָס סע שטייט אים נישט אָן מיט זיך אַליין צו רעדן — און איז גערעכט. ערשטנס, האָט זיין טאַטע יצחק=אַביגדור אַן אייגענע שטוב מיט אַ ווייסן גאַניק. היינט איז דאָ ביי דעם יצחק=אביגדורן זייגערס אין שטוב מיט זייגערלעך אָן אַ צאָל און אָן אַ שיעור. אַז עס קומט אַזייגער צוועלף און די זייגערס הייבן אָן שלאָגן, קאָן מען פאַרטויבט ווערן. אַליין איז דער יצחק=אַביגדור אַ ייד, וואָס לאָדט זיך מיט דער גאַנצער וועלט און האָט אויגן פון א גזלן. אַלע יינגלעך פון בית=מדרש ציטערן פאַר זיין קוק.

דער צווייטער נאָך משהלען גייט זיאַמע קאָרעצקי — אַ יינגל פון די גאָר גרויסע שקצים, אַ ביסל אַ סוטולעוואַטער, נישט מיט יעדן איז ער אַ מחותן און נישט יעדער איז מיט אים אַ מחותן, וואָרום זיין טאַטע איז אַ „גלות“ מיט אַן אונטערגעשוירענער באָרד, אַן אַדוואָקאַט אין פעטערבורג, און טראָגט מאָדנעברילן אויף דער נאָז, וואָס מע רופט זיי „פענצנע“. אָט דער זיאַמע האָט אויסגעלערנט די גאַנצע שטאָט קינדער שווימען, באָדן זיך, גליטשן זיך אויפן אייז און נאָך אַ סך זאַכן, וואָס נישט אַלע יידישע קינדער קענען עס.

נאָך זיאמען גייט ישראלע בענדיציקים זונדל, אַ בלייכער און אַ ציטעריקער, כייטל רודערמאַן — אַ מלמדס אַ יינגל מיט גראָבע פיסקעס, אברהמל זאָלאָטושקין — אַ שוואַרצער, ווי אַן אַראַפּ, די מעפערטס און די ליפּסקים — אָפּגעפּוצטע בנימלעך מיט אויסגעוועקסלטע שטיוועלעך. מיט די האָט מען באַהאַרפט האָבן אַ זכיה צו רעדן, וואָרום ווער פאַרמאָגט אַזעלכע אויסגעוועקסלטע שטיוועלעך אינדערוואָכן? נאָך זיי גייען די קאַנאַווערלעך — קינדער מזיקים, וואָס האָבן צו טאָן מיט היינט, מוטשען קעץ. מיט די אַלע וויל שלום זיך נישט חברן. ער האָט בעסער ליב זיך חברן מיט אַזעלכע יינגלעך, ווי מאָטל סריבנע, אַ בחורל מיט לאַנגע פאהלעד, וואָס שפּילט אויפן פידל, אָדער אליהו דאָדעס — אַ יינגל אַ ברען, וואָס האַלט אין איין לאַכן, און נאָך אַזעלכע. מיט זיי דאַוונט ער אין איין בית־מדרש, קוקט מען אין איין מחזור אַריין, מאַכט מען איינאיינעם „שטוקעס“: מע קרימט איבער רפאל דעם שמש, ווי ער קוקט מיטן אייגל און זינגט: „אַכצן גילדוין אום כוהן!“ וואָווע קאָרעצקין, ווי ער פייפט מיט דער נאָז. בעניע קאַנאָווער, ווי ער עסט טאַבעקע. יצחק־אַביגדור, ווי ער מאַכט מיט די פּלייצעס. שלום ווילענסקי, ווי ער גלעט זיך דאָס בערדל און קאַכיקעט מיט דער נאָז. ס'איז דאָ, ברוך השם, וועמען נאָכצומאַכן. ס'איז געווען גרמיזא דער מלמד, ווי אַזוי ער לייענט אין דער תורה. אים האָט שלום נחום ז'אבינאָוויטשעס געשטודירט צוויי שבתים כסדר, ווי אַזוי גרמיזא דער מלמד צעשאָקלט זיך אויף איין פוס, דערנאָך פאַרקרימט ער דאָס געשטופּלטע פנים, שטעלט אַרויס די געלע ציין, ציט אויס דעם לאַנגן האַלדז, טוט אַ פיר מיט דער שפּיצעכיקער נאָז אין דער לופטן אַרויף און אַראָפּ און לאָזט אַרויס מיט אַ משונה־מאָדנע גאָרגל־שטימע: „ר א ה נ ת ת י ל פ נ י ך ה י ו ם א ת ה ח י י ם ו א ת ה ט ו ב ו א ת ה מ ו ת ו א ת ה ר ע...“ מע קאָן שטאַרבן פאַר גע-

לעכטער! אַלע די, וואָס האָבן געהערט שלומען נאָכמאַכן גרמיזאן, ווי ער לייענט, האָבן געשווירן, אַז ס'איז גרמיזא מיט די ביינער! נאָר גרמיזא אַליין, אַז ער איז געווויר געוואָרן, אַז ער מאַכט אים נאָך, איז ער געווען נישט צופֿרידן. ער האָט זיך נישט געפֿוילט און איז אַוועק צו נחום ראַבינאָוויטשן אַהיים און אים דערציילט די גאַנצע מעשה, אַז ער, גרמיזא, האָט געהערט זאָגן, אז ביי רב נחומען איז דאָ אַ ייִנגל, וואָס מאַכט אים נאָך, ווי אַזוי ער לייענט אין דער תורה. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ שטיקל האַרמידער. נחום האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט מאַכן אַ „ספּראַווקע“, לאָזן נאָר די קינדער קומען אַהיים. די קינדער זענען געקומען אַהיים, און מע האָט זיך צו זיי אַ נעם געגעבן. דער טאַטע האָט געטראָפֿן, אַז דאָס דאַרף זיין שלומס אַרבעט.

— קום נאָר אַהער, שלום. זאָג נאָר, ווי אַזוי מאַכסטו דאָס נאָך גרמיזא דעם מלמד, ווי ער לייענט אין דער תורה?

— ווי אַזוי איך מאַך אים נאָך? אָט ווי אַזוי.

און שלום האָט זיך נישט געפֿוילט און האָט זיך צעשאָקלט אויף איין פֿוס, פֿאַרקרימט דאָס פּנים, ווי גרמיזא, אַרויסגעשטעלט די ציין, אויסגעצויגן דעם האַלדז, אַ פֿיר געגעבן מיט דער נאָז אין דער לופֿטן אַרויף און אַראָפּ און אָנגעהויבן אויף אַ משונה־מאָדנע גאָרגל־שטימע:

„ר א ה נ ת ת י ל פ נ י ך ה י ו ם א ת ה ח י ים...“

שלום האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם טאַטן אַזוי לאַכן, ווי ער האָט געלאַכט יענעם טאָג. ער האָט גאָרנישט געקאָנט קומען צו זיך. און אַז ער האָט זיך אויסגעלאַכט און אויסגעהוסט און אויסגעווישט די אויגן, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אַלע קינדער:

— זעט איר, וואָס בין־הזמנים מאַכט? מע גייט אַרום פּוסטפּאַס, עס ליגט אין זינען דער רוח ווייסט וואָס, נאָכמאַכן גרמיזא דעם מלמד, ווי ער לייענט אין דער תורה, (דאָ האָט דער טאַטע נישט געקאָנט איינהאלטן זיך און האָט באַהאַלטן דאָס לאַכנדיקע פּנים אין דער פֿאַטשיילע). אם ירצה השם, באַלד נאָך סוכות נעם איך צו צו אייך אַ רבין, און איר'ט אָנהייבן גיין אין חדר אַריין. אויס בין־הזמנים!

וויבאַלד אַז יאָ אויס בין־הזמנים, באַדאַרף מען דאָך טאַקע געבן אַ לעב אונטער, ווי עס געהער צו זיין!

און חבֿרה האָבן גענומען אויסנוצן זייער פֿרייהייט אויפֿן סאַמע ברייטסטן אופֿן, זיך באַקאַנט מיט ווו ערגעץ אַ זלידנע ייִנגל, נישט איבערגעקליבן, מיט יעדן געשלאָסן חבֿרשאַפֿט, געהוליעט ווי די רעקרוטן,

איידער מע גיט זיי אָפּ אין דער דינסט. די וואָראָנקאָווער ייִנגלעך האָבן באַוויזן די פּערעיאַסלאַווער ייִנגלעך, אַז כאָטש זיי זענען פֿון אַ קליין שטעטל, פֿונדעסטוועגן ווייסן זיי אַ סך זאַכן אַזעלכע, וואָס די פּערעיאַסלאַווער ייִנגלעך ווייסן זיי נישט. למשל, זיי ווייסן נישט, אַז צו יעדן נאָמען קאָן מען צוזעצן אַ גראַם, נעמט וואָס פֿאַר אַ נאָמען איר ווילט. אשטייגער: „מאָטל“ — מאָטל־קאַפּאָטל, דרומען דראָטל, יוסף סאָטל, אָרץ קנאָטל. „לייבל“ — לייבל קאַפּייבל, דרומען הרייבל, יוסף סייבל, ארץ קנייבל. „יאַנקל“ — יאַנקל קאַפּאַנקל, דרומען דראַנקל, יוסף סאַנקל, ארץ קנאַנקל. און אַזוי איטלעכן, אויף וואָס פֿאַר אַ נאָמען איר ווילט.

היינט ווייסן נישט די שטאָטישע קינדער פֿון תשרק־לשון, דאָס הייסט פֿון רעדן פֿאַרקערט. צום בייַשפּיל: „טאָ דוטספּאַך א שטאָפּ“ — הייסט דאָס: „אָט כאַפּסט דו אַ פּאַטש“. „אַן ריד אַ גייף“. „גאַ דיר אַ פייג“. מיט צונויפֿגעמאַכטע אויגן האָט שלום געקאָנט אַוועקרעדן אויף דעם לשון אַ שעה כסדר. ס'איז דאָך אַ מחיה נפשות — מע קאָן אַזוי אַוועקרעדן פֿון וועמען איר ווילט, יענעם אין די אויגן, און יענער זאָל נישט וויסן, וועמען ס'האָט אים געשלייערט. היינט וואָס זענען האָס פֿאַר אַ ייִנגלעך, די פּערעיאַסלאַווער, אַז זיי לאָזן דורך אַ גלח פֿאַרבייגיין, גלייך ווי אַ גלייכן מענטשן, און זאָגן אים קיין וואָרט אַפֿילו? ניין, די וואָראָנקאָווער ייִנגלעך זענען נישט אַזעלכע נאַראָנים. זיי וועלן נישט דורכלאָזן קיין גלח גלאַט אַזוי. אַלע ייִנגלעך, וויפֿל זיי זאָלן נישט זיין, וועלן זיי זיך אויסשטעלן דעם גלח פֿון הינטן און וועלן זינגען אויף אַ קול מיט אַ ניגון: „גלח־צאָפּ, אַ רוח אין דיין קאָפּ! מיר אַ ברויט, דיר אַ טויט! מיר אַ וואָגן, דיך באַגראָבן! מיר אַ שליטן, דיך באַשיטן!“ די פּערעיאַסלאַווער ייִנגלעך זאָגן, אַז דאָ, אין פּערעיאַסלאַוו, טאָר מען פֿאַר אַ גלח אַזעלכעס נישט זינגען, וואָרום מע קאָן כאַפּן אַ מיאוסן פּסק. נאַט אייך נאָך אַ נייעס! גאָר מורא האָבן פֿאַר אַ גלח! ס'איז נישט גוט, אַז אַ גלח גייט איבער דעם וועג — דאָס יאָ. אָבער מורא האָבן? — פּערעיאַסלאַוו איז טאַקע אַ גרויסע שטאָט און אַ שיינע — וואָס איז דאָ צו רעדן? — דאָרט, אין וואָראָנקאָ, איז אָבער געווען פֿריילעכער, אַז ס'איז געקומען בין־הזמנים. אַזוי האָבן זיך געטראַכט די וואָראָנקאָווער קינדער און האָבן געוואָלט פֿונדעסטוועגן, אַז אָט די טעג פֿון בין־הזמנים דאָ אין פּערעיאַסלאַוו זאָלן זיך נאָך ציען און ציען.

# 28

# מלמדים און לערערס

רב אהרן כאדראָווער. — א מלמד אַ בעל־מגזם. — אַ גאַנצע סעריע פון מלמדים. — מאָניש דער מלמד מיטן „בײנדל“. — די תּלמידים כאַפּן אַ קערטל אין חדר.

די טעג פון בין־הזמנים זענען נאָך נישט אַוועקגעגאַנגען, די ימים־טובים זענען נאָך געווען פאָרויס, און נחום ראַבינאָוויטש האָט שוין געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ מלמד פאַר די קינדער. מלמדים זענען געווען עטלעכע. ערשטנס, טאַקע דער אויבנדערמאָנטער גרמיזא, וואָס לייענט אַזוי שיין אין דער תּורה. נאָך אים איז געגאַנגען רב אהרן כאָדאָראָווער, זייער אַ ווילער מלמד, נאָר אַ מאָדנער בעל־מגזם. ער האָט ליב צו דערציילן מעשיות פאַר זײַנע תּלמידים, משונה־ווילדע מעשיות פון פאַרצייטן. למשל, אַ מעשה פון זײַן זיידן, וואָס איז געווען אַ גבר און האָט נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם. איינמאָל איז דער זיידע זײַנער געפאָרן ווינטער בײַנאַכט פאַרביי אַ וואַלד, זענען אַרויסגעלאָפן פון וואַלד צוועלף הונגעריקע וועלף — און דאַוואַי לויפן נאָכן שליטן. אַ זײַן זיידע כאַפּט זיך נישט אראָפּ, נעמט די וועלף, שטעקט זיי אַרײַן די האַנט אין מויל אַרײַן און קערט זיי איבער אַלע צוועלף אויף דער לינקער זײַט!

און נאָך א מעשה פון זײַן זיידן, ווי אַזוי ער האָט איינמאָל אָפּגעראַטעוועט די גאַנצע שטאָט פון אַן אומגליק. גוים האָבן זיך צונויפגעקליבן איינמאָל אין אַ זונטיק אויף אַ יאַריד, האָבן זיך גוט אָנגעשיכורט און דאַוואַי שלאָגן יידן. איז זיך מיישב זײַן זיידע, ער האָט געהאַלטן סאַמע אין מיטן דאַווענען, וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך דעם טלית ותפילין, קלויבט אויס דעם גרעסטן פון אַלע גוים, איוואַן פּאָפּערילע



שלום־עליכם אין קרייז פון זיין פאמיליע (לעמבערג 1906)

האָט מען אים גערופן, און נעמט אים אָן מיט ביידע הענט פאַר די פּיס, און דאַוואַי שלאָגן מיט איוואַנען איבער גויישע קעפּ. האָבן די גויים אָנגעהויבן פאַלן. זענען זיי געפאַלן אַזוי ווי פליגן. און אַז ער האָט אויסגעלייגט אַלע גויים ביז איינעם, האָט ער איוואַנען אָפּגעלאָזט און געזאָגט צו אים: „אַצינד קאָנסטו גיין אַהיים, און איך וועל גיין דאַווענען“...

אַחוץ וואָס זיין זיידע איז געווען א גבר, איז ער נאָך געווען אַ צעטראָגענע בריאה, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ער, אַז ער פלעגט זיך פאַרטראַכטן — אַזוי דערציילט רב אהרן כאָדאָראָווער אויף זיין זיידן — איז געווען מיט סכנת=נפשות! איינמאָל איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב אַ פאַרטראַכטער, ארומגעגאַנגען, אַרומגעגאַנגען און אַרומגעגאַנגען. ער טוט א קוק — ער שטייט אויפן טיש!...

אָט אַזאַ מין מלמד איז דאָס געווען רב אהרן כאָדאָראָווער. נאָך אים זענען געגאַנגען אַ גאַנצע סעריע מלמדים, ווי רב יהושע דער מלמד, מאיר=הערש דער מלמד, יקיר=שמחה דער מלמד, און דער קאַידאַנאָווער מלמד, און מענדל דער גראָבער. האָט אָבער יעדער פון זיי געהאַט זיין חסרון: האָט ער געקענט לערנען — איז ער נישט געווען קיין בעל=תנ״ך; איז ער געווען אַ בעל=תנ״ך — האָט ער נישט געקענט לערנען. פון אַלע מלמדים וואָלט מענדל דער גראָבער געווען דער בעסטער מלמד, ער זאָל נישט האָבן דעם חסרון, וואָס ער שלאָגט זיך. קינדער, אַז מע דערמאָנט זיי דעם נאָמען „מענדל דער גראָבער“, ציטערן זיי. מאָלט אייך, מאָניש דער מלמד שלאָגט זיך אויך, נאָר מיט א גאַנג. יענער, מענדל דער גראָבער, קאָן הרגענען אויף טויט. דערפאַר אָבער ווי אַזוי לערנט ער! איינעם פון די צוויי האָט נחום צוגעזאָגט די קינדער, אַז ער וועט, אם ירצה השם, דינגען.

זענען זיי שוין באַוואָרנט, הייסט עס, מיט א מלמד. איצט בלייבט איבער שרייבן. ווו וועלן די קינדער לערנען שרייבן? וואָס אָנבאַלאַנגט יידיש, האָבן זיי ביים וואָראָנקאָווער רב זרחלען שוין אויסגעלערנט זיך שרייבן. וואָס טוט מען אָבער מיט רוסיש? האָט אַפילו אַ גוטער פריינד, אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס, וואָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן אויבן, געגעבן אַן עצה, מע זאָל די קינדער אַוועקפירן גלייך אין דער „יעווריייסקע אוטשילישטשע“, וועט קאָסטן וואָלוול און ס'וועט זיין גוט. האָט דערהערט די באָבע מינדע און האָט געשווירן, אַז כל זמן זי לעבט, וועלן אירע אייניקלעך זיין יי ד ן! — און עס האָט נישט געהאָלפן קיין שמע=ישראל.

איז געוואָרן אַ רייד וועגן לערערס. נח בוסעל איז אַ גוטער לערער, איז ער אַ באַלעגאָלעס אַן איידעם. איצע דער שרייבער, וואָס לערנט בריוונשטעלער, האָט אַ שיינע האַנט, איז ער שוואַך אין „לשון“. אברהם דער שרייבער, טאַקע איצעס אַ ברודער, איז שוואַך אין ביידע זאַכן. וואָס טוט מען? איז געבליבן מאָניש דער מלמד. דאָס איז אַ ייד מיט אַלע מעלות: ער איז אַ בעל־תנ״ך, קען דקדוק, פאַרשטייט אַ בלאַט גמרא און שרייבט רוסיש, אַז עס לאָזט זיך אויס די וועלט! אמת, ער ווייסט נישט וואָס ער שרייבט, און אַז ער שרייבט, איז דאָס נישט על־פּי גראַמאַטיקע — מאַכט נישט אויס. די קינדער זענען נאָך צו יונג, זיי זאָלן קענען גראַמאַטיקע. לאָזן זיי פריער קענען דקדוק — דאָס איז בילכער. איי וואָס מאָניש דער מלמד שלאָגט זיך? לאָזן די קינדער נאָר ווילן לערנען, וועט מען זיי נישט שלאָגן. שלאָגט דען א רבי אומזיסט? והראיה: די קינדער האָבן דאָס אַרויסגעזען דערנאָכדעם בחוש. מאָניש האָט פיינט געהאַט, ווי אַנדערע מלמדים, שלאָגן אָדער שמייסן. ער האָט געהאַט אינעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט אַ ביינדל. מיטן דאָזיקן ביינדל, אַז ער האָט אייך דערלאַנגט אין זייט, אָדער הינטן אין דער פּלייצע, אָדער אריינגעקוועטשט אייך אין שלייף אַריין, האָט איר געקאָנט דערזען דעם עלטערזיידן פון יענער וועלט. אָט אַזאַ ביינדל איז דאָס געווען! שלום האָט זיך געפּלייסט, ווי ווייט מעגלעך, ער זאָל דאָס דאָזיקע „ביינדל“ אויסמיידן. און עס וואָלט אים אפשר געראָטן, ווייל ער איז געווען פון די, וואָס האָבן דאָנערשטיק די גמרא געוווסט, אָדער געמאַכט זיך, אַז זיי ווייסן. פון תנ״ך איז דאָך אָפּגערעדט. ביים שרייבן איז ער אויך געווען נישקשהדיק. דערפאַר אָבער, אַז ס׳איז געקומען צו שקאָצערייי — דאָ האָט ער שוין געמוזט פאַרזוכן דעם טעם פונעם „ביינדל“, וואָס ליגט אים נאָך עד היום אין זכרון. נאָר נישט דאָס איז געווען דער חסרון, וואָס נחום ראַבינאָוויטש איז נישט געווען צופרידן מיטן מלמד מאָניש. דער חסרון איז געווען, וואָס ס׳האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז מאָניש הייבט נישט אָן צו וויסן, וואָס דקדוק איז. אַז מע האָט אים אַ פרעג געגעבן: „רב מאָניש, פאַרוואָס לערנט איר נישט מיט די קינדער קיין דקדוק?“ האָט ער געענטפערט: „ווייס איך וואָס, דקדוק, רקדוק, שמינדרעק בלע״ז!“ — און האָט זיך נאָך אויסגעלאַכט אויך. דאָס האָט נחומען שרעקלעך פאַרדראָסן, און אַז ס׳איז געקומען צום צווייטן זמן, האָט ער די קינדער פון מאָנישן אָפּגענומען און אַוועקגעגעבן צו אַן אַנדער מלמד.

יענער איז שוין געווען אַ „מדקדק“, געוווסט דעם „מסלול“ אויף אויסנווייניק. האָט ער אָבער געהאַט אַן אַנדער חסרון — ער האָט ליב געהאַט זיך קהלען. אַלע טאָג האָט ער געהאַט וואָס צו טאָן: איז נישט קיין התונה, איז א ברית, איז נישט קיין ברית, איז אַ פּדיון-הבן, א בר-מצווה, אַ גט אָדער גלאַט אַ פּאַרלאָזיעניש, א בוררות, אַן אויסגלייכעניש. נאָר פאַר וועמען ס'איז אַ חסרון און פאַר וועמען א מעלה. פאַר די קינדער איז דער רבי געווען אַ מלאך פון גאָט און דער חדר — א גן-עדן. מען האָט געקענט שפּילן אין וואָס אַ שפּיל איר ווילט, אַפילו אין קאָרטן — נישט אין די וואָראָנקאָווער ל״א-קאָרטן! פע! נאָר טאַקע אין אמתע קאָרטן. און געשפּילט האָט מען אין „טריליסטיק“, אָדער אין „סטאַרשי קאָזיר“ — א שפּיל, וואָס די ערעסטאַנטן שפּילן אין די טורמעס. די קאָרטן אַליין זענען אויך געווען „אַרעסטאַנטסקע“ קאָרטן — שוואַרצע, פעטע, אָנגע-שוואָלענע. פונדעסטוועגן האָט מען פאַרשפּילט אַלע אָנבייסנס מיט אַלע מיטאָגס, און ווו ס'איז געווען ערגעץ אַ פאָר גראָשנס זענען זיי אַריין אין די קאָרטן.

דאָס גאַנצע געלט האָבן אָפּגעווונען די עלטערע בחורים, אַזעלכע, ווי, למשל, זיאמע קאָרעצקי, אַ טשיקאַווע בחורל, וואָס איז דערמאָנט אויבן. ער האָט אַרויפגעפירט זיינע יונגע חברים אויף אַלע גוטע זאַכן. זיין פּרינציפּ איז באַשטאַנען אין דריי כללים: 1) טאַטע-מאַמע נישט פאָלגן; 2) דעם רבין פיינט האָבן; 3) פאַר גאָט קיין מורא נישט האָבן.

אַ מעלה האָבן געהאַט די גרויסע בחורימלעך, אַז זיי האָבן אָפּגעווונען דאָס געלט ביי די קליינע, האָבן זיי זיך נאָך געריצט און געמאַכט חוזק. אמתע קאָרטנשפּילער טוען דאָס נישט... פונדעסטוועגן דאַרף מען נישט מיינען, אַז זיי איז דאָס גרינג אָנגעקומען. זיי אַליין זענען אויך אויסגע-שטאַנען גענוג צרות. ערשטנס, האָט מען געמוזט אונטערקויפן די רביצין, זי זאָל נישט דערציילן דעם רבין, אַז מע שפּילט אין קאָרטן. און צווייטנס, האָט דער רבי געהאַט א זון, פייוול, נאָר גערופן האָט מען אים „ליפּ“, מחמת ער האָט געהאַט א גראָבע ליפּ, האָט מען באַדאַרפט אָט די „ליפּ“ קעכלען און חנפהנען און אונטערשמירן אַמאָל מיט אַן אָנבייסן, אַמאָל מיט א נאַשעריי, און מערסטנטייל מיט ניסלעך. די „ליפּ“ האָט ליב גע-האַט קנאַקן ניסלעך. אָנקוקן, ווי די „ליפּ“ קנאַקט ניסלעך, האָט געשלאָגן צו דער גאַל. ובפרט נאָך פאַר פרעמד געלט. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אַז די „ליפּ“ וועט דערציילן דעם רבין, אַז די קינדער שפּילן אין קאָרטן, וועט זיין בעסער?

פון די אַלע מלמדים און לערערס און פון די אַלע לערנעכצן האָט נחום ראַבינאָוויטש געהאַט ווייניק נחת. אַלע שבת האָט ער די קינדער פאַרהערט און זיפצנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. מער פון אַלע קינדער האָט ער געטראָגן אויפן קאָפּ דעם מיטלסטן, דעם „בעל=תנ״ך“. ער האָט, אַפּנים, געוואַרט פון אים אַ סך מער. „וואָס וועט זיין? — האָט ער געפרעגט. — וואָס וועט זיין דער תכלית? אָט, אָט, אָקאָרשט ווי מע זעט נישט, ווערסטו בר=מצווה, און דו ווייסט אַפילו קיין צוויי ווערטער נישט קאָנען זאָגן!“... און ער האָט גענומען זוכן אַ ר ע כ ט ן גמרא=מלמד, און ער האָט אים געפּאַקט.

## .29

# דער גמרא־מלמד

משה=דוד רודערמאַן. — אַ גמרא=מלמד. — זיין זון שמעון האַלט בײַ שמדן זיך. — די שטאָט ראַטעוועט אים אַרויס פון מאָנאַסטיר. — דער פעטער פיניע קאָכט זיך.

דאָס איז געווען אַ רבי אַ ליטוואַק, מיטן נאָמען משה=דוד רודערמאַן, אַ ייִד אַ יאַדישלעווער, אַן אײַנגעהויקערטער, מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען, אַ גרויסער למדן, אַ שיינער בעל=תנ״ך און אַ מדקדק — מיט אַלע מעלות. און דערצו נאָך אַ פרומער, אַן אמתער ירא=שמים. גייט ריכט זיך, אַז אויף דעם ייִדן וועט אויך זיין אַ פּגם! דער פּגם איז געווען דער, וואָס דעם דאָזיקן מלמדס זון לערנט אין דער „אוייעזדנע“. אין דער גאַנצער שטאָט זענען דעמאָלט געווען מער נישט ווי צוויי בחורים, וואָס האָבן געלערנט אין דער „אוייעזדנע“: משה=דוד רודערמאַנס זון, שמעון רודערמאַן, אַ בחור, וואָס סע האָט זיך פרי אָנגעהויבן אויסשיטן בײַ אים אַ שוואַרץ בערדל, און טאַמאַרקין, דעם אַדוואָקאַטס זונדל. חיים טאַמאַרקין, אַ בחורל אַ קורצער און אַ גראָבער, מיט קליינע אייגעלעך און מיט אַן אויסגעבויגענער נאָז, געטראָגן דאָס העמדל איבער די הויזן, ווי אַ שייגעצל, געשפּילט מיט די גוישע שקציםלעך אין „מיאַטש“, קיינמאָל נישט געגאַנגען אין שול אַריין, אַחוץ יום=כיפור, און שטילערהייט געריכערט גראָבע „ציגייערן“.

דאָס זענען געווען די פּיאָנערן, אַזוי צו זאָגן, די ערשטע שוועלבעלעך פון דער השכלה אין דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו, די איינציקע צוויי ייִדישע קינדער צווישן עטלעכע הונדערט שקציםלעך. די שקציםלעך האָבן תחילת געקוקט אויף די צוויי „זשידעניאַטעס“, ווי אויף חידושים, ווי אויף קינדער פון אַן אַנדער וועלט. דערנאָך האָבן זיי אַוועקגעלייגט די „זשידעניאַ=

טעס“ אויף דער ערד אין מיטן הויף פון דער „אויעזדנע“ און אָנגעשמירט זיי די ליפּן מיט חזיר. דערנאָך איז מען געוואָרן חבר, געשלאָסן ברודערשאַפט, גאָר נפש אחת. גוייִשע שקצימלעך זענען נאָך דעמלט — אוי ווײ! — געווען ריין פון מענטשנהאַס, נישט געוווּסט פון קיין ייִדן־העצעס, און דער גיפט פון אַנטיסעמיטיזם האָט זיי נאָך נישט אָנגערירט. קוים האָט מען דעם „זשידאָנאָק“ אַוועקגעלייגט, אָנגעשמירט די ליפּן מיט חזיר און דורכגעבראָכן די ביינער, איז כאָטש ער איז אַ „הערשקאָ“, פונדעסטוועגן איז ער אַ חברה־מאַן גלייך מיט אַלע...

דאָס אָפּגעבן נחום וועוויקס קינדער צו משה־דוד רודערמאַן איז נישט אָפּגעלאָפן גלאַט. דער פעטער פיניע, װאָס ער איז געווייר געוואָרן, אַז זיין ברודער נחום האָט אָפּגעגעבן די קינדער צו אַזאַ מלמד, וואָס האָט אַ זון אין דער „אויעזדנע“, האָט ער געאַרבעט מעשים. ער האָט געטענהט, אַז פון דער „אויעזדנע“ איז איין טריט צו שמד. פאַרוואָס?

און כך הווה. עס איז, אַפּנים, באַשערט געווען, אַז דער פעטער פיניע זאָל איצטיקס מאָל זיין אַ נביא. און אַזוי איז געווען די מעשה:

איינמאָל אין אַ שבת איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז די צוויי ייִדישע ייִנגלעך, וואָס לערנען זיך אין דער „אויעזדנע“, שמעון רודערמאַן און חיים טאַמאַרקין, האַלטן ביי שמדן זיך! פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט נישט געוואָלט גלייבן: „וויים איך — וואָס? ווער? ווענען? וואָס אַ שטאָט קאָן אויסטראַכטן!“ נאָר אַז מע קלינגט אין אַ הגא. שטעלט אייך פאָר, אַז ס׳איז דעם זעלבן טאָג שבת פּלוצעם געוואָרן אַ געלויף, ווי אויף אַ שרפה. די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן צום מאָנאַסטיר. וואָס איז די מעשה? „די מעשה איז אַ שיינע מעשה, טאָר אַ קורצע: איר ווילט זען אַ שיינס? גייט, זייט מוחל, צום מאָנאַסטיר, וועט איר אָנקוקן, ווי די צוויי חברה־לייט פון דער „אויעזדנע“ האָבן זיך אַרויפגעקליבן גאַנץ הויך אויפן שפּיץ קלויסטער, שטייען דאָרט אָן היטלען און פרעסן ברויט, מיט חזיר באַשמירט, בפרהסיא, אַלע זאָלן זען!“...

די בהלה איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו פרעגן: ווי איז דאָס מעגלעך צו זען פון אונטן אַרויף, אויף אַזאַ הויכן מאָנאַסטיר, מיט וואָס דאָס ברויט איז באַשמירט: מיט חזיר? מיט פּוטער? אָדער מיט האָניק?... די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען כאָדאָראָם. די וועלט האָט זיך געוויגט: „מילא, אויף טאַמאַרקינס זונדל איז כאָטש קיין חידוש נישט — זיין פאָטער, דער אַלטער טאַמאַרקין, איז אַליין אַ טריפּניאַק, אַ ייִד אַ „זאַקאָניק“, אַ שרייבער פון „פּראָשעניעס“, און זיין

זונדל חיים איז געווען, זאָגט מען, א גוי נאָך ביי דער מאַמען אין בויך. אָבער משה=דוד רודערמאַן? אַ ייד א ירא=שמים און אַ מלמד! דער בעסטער מלמד אין שטאָט! ווי קאָן מען עס דערלאָזן אַזאַ זאַך?"

לאָזט זיך אויס, אַז ס'זענען דאָ יידן, וואָס האָבן געוווסט פריער, אַז ס'וועט אַזוי זיין. פון וואַנען האָבן זיי דאָס געוווסט? זיי האָבן דאָס פארשטאַנען מיטן שכל, אַז מע טאָר נישט גיין מיט א קינד צופיל מיט סטודיעס. „ממה נפשך — האָט איר אוועקגעגעבן אייערע קינדער אין דער „אויעזדנע", דאָס הייסט, איר זענט מסכים, זיי זאָלן זיין גויים, דאַרפט איר נישט פאָדערן פון זיי, אַז זיי זאָלן טראָגן ארבע=כנפות; און אַז עס האָט זיך געמאַכט, זיי האָבן דורכגעלאָזט א מנחה, באַדאַרף מען אָפּווישן די ליפּן און נישט צעבּרעכן אויף זיי קיין שטעקן און נישט שלאָגן, ווי מע שלאָגט א הונט"...

אַזוי האָבן געטענהט בכבודיקע באַלעבאַטים, און מע האָט צונויפגענומען מענטשן, און מע האָט זיך אן עצה געהאַלטן, וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען אַרויס צוויי יידישע קינדער פון דער שמד? מע האָט איינגעלייגט די וועלט, געוועקט זכות=אבות, אויפגערודערט „גאַטשאַלסטוואָ"... פאַרשטייט זיך, אַז מער פון אַלע האָט געארבעט דער פעטער פיניע. דער האָט פארקאַטשעט די אַרבל, צעלאָזט די שיינע באָרד, אַרומגעלאָפן דעם גאַנצן טאָג אַ פארשוויצטער. נישט געגעסן, נישט געטרונקען — ביז, דאַנקען גאָט, ס'איז אָפּגעגאָלטן. מע האָט די צוויי חברה=לייט אַרויסגענומען פון מאָנאַסטיר.

דער שפּיץ איז געווען: איינער פון זיי, חיים טאַמאַרקין — דער האָט זיך טאַקע געשמדט שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, און שמעון רודערמאַן האָט מען אַוועקגעשיקט קיין זשיטאָמיר, אַריינגעגעבן דעם פיינעם בחור אין דער ראַבינער=שול, אויף „קאַזיאָנע שטשאָט", און ער האָט מיט גאָטס הילף נישט נאָר געענדיקט אויף ראַבינער, נאָר טאַקע געווען נאָכדעם ראַבינער, און חוקא נישט ווייט פון פערעיאסלאַוו — אין לובען.

— נו? ווער איז געווען גערעכט? אצינד וועסטו שוין דיינע קינדער, צו גאָט א האָפענונג, אָפּנעמען פונעם דאָזיקן מלמד?

אזוי האָט דער פעטער פיניע געזאָגט צו זיין ברודער נחום, צופרידן פון אַלע זייטן: ערשטנס, וואָס ס'איז אים געראָטן אַרויסצונעמען צוויי יידישע קינדער פון דער שמד; צווייטנס, וואָס זיין ברודערס קינדער וועלן שוין נישט לערנען ביי אַ מלמד, וואָס קען דקדוק און האָט אַ זון אין דער

„אויעזדנע“; און דריטנס, וואָס זיינע ווערטער זענען מקוים געוואָרן, אַ אַ יידיש קינד לערנט אין די שקאָלעס, איז ער מוכן ומזומן צו דער שמד...

האָט אָבער דער פעטער פיניע איצטיקס מאָל געהאַט אַ ביטערן טעות: זיין ברודער נחום האָט זיך פאַרעקשנט און בשום אופן נישט געוואָלט אָפּנעמען זיינע קינדער פון אַזאַ גוטן מלמד.

— וואָס האָב איך צו אים? נישט גענוג יענער האָט געהאַט אַזויפיל עגמת־נפש מיט אַזאַ בזיון, זאָל מען לאָזן אַ יידן אַ מלמד אין מיטן זמן אָן ברויט?

דער פעטער פיניע האָט אויסגעהערט דעם ברודער מיט אַ ביטער שמייכעלע, ווי איינער רעדט: „הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, נאָר דו פירסט די קינדער אויף א גוטן הדרך“... דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען, געגעבן אַ קוש די מזוזה און איז אַוועק א ברוגזער.

## 30

# דער אַמאָליקער „חדר“

אַ בילד פונעם אַמאָליקן „חדר“. — די תלמידים העלפן דעם רבין און דער רביצין ביי דער אַרבעט. — דער רבי מאַכט ברכה. — זיין מוסר־זאָגן ברענגט צו נייע זינד.

ניין, מע האָט די קינדער פון דעם פאַרפלעקטן, גאָר געראָטענעם מלמד רודערמאַן גישט אָפּגענומען. אדרבא, זיי זענען פאַרבליבן ביי אים אויך אויפן אַנדערן זמן און אויפן דריטן זמן — און אַלע זענען געווען צופרידן: דער רבי פון זיינע תלמידים, די תלמידים פון זייער רבין און דער טאַטע — פון די תלמידים מיטן רבין.

מער פון אַלעמען זענען געווען צופרידן די תלמידים. גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ רבין, וואָס שלאָגט זיך נישט. לגמרי נישט. ער ווייסט גאָרנישט וואָס הייסט שלאָגן זיך. סיידן אַמאָל, אַז אַ יינגל האָט שוין שטאַרק דערקוטשעט, אָדער נישט געוואָלט דאַווענען, אָדער ער האָט געהאַט אַזאַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, כאָטש „פּלעקער טעסען“ — דעמלט איז שוין דער רבי רודערמאַן אַרויס פון די כלים, אַוועקגעלייגט דעם בחור אויפן בענקל, אַראָפּגענומען די פּליסענע ווייכע יאַרמולקע פונעם קאָפּ, פון דער גרינג אָפּגעפּיצקעט — און גיי!

נאָך אַ מעלה האָט געהאַט רודערמאַן דער מלמד — ער האָט געהאַלטן אַ „זשאָרנע“, אַזאַ מאַשין אויף צו „רייסן“ גרויפּן. די מאַשין האָט געהאַט אַ ראָד מיט אַ הענטל, און פון אויבן איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ אַ זאַק מיט רעטשקע. פונעם דרייען די ראָד האָבן זיך די רעטשקע פּאַוואָלינקע געשאָטן אין יאַשטשיק אַריין, פונעם יאַשטשיק זענען זיי פּאַוואָליגקע געפאַלן אויפן שטיין, דער שטיין האָט זיי פּאַוואָליגקע געריבן, אָפּגעשיילט

די שאָלעכץ און געמאַכט פון רעטשקע — גרויפּן. אָט דאָס האָט גע־הייסן אַ „זשאַרנע“.

פאַרשטייט זיך, אַז דער גאַנצער אַנטיק פון דער „זשאַרנע“ איז געלעגן אינעם הרייען. וואָס מער מע הרייט, מער שיטן זיך גרויפּן. און בעלנים אויף הרייען זענען געווען אַ סך, כמעט אַלע תלמידים. יעדער וויל קומען צוהילף דעם רבין משה־דוד, וואָס קאָן נישט לעבן פון מלמדות אַליין און מוז נעבעך אָנקומען צו זייטיקע פּרנסות: ער רייסט גרויפּן, ז׳ באַקט לעקעך, ביים לעקעך באַקן, מיינט איר, איז שוין גאָר נישטאָ וואָס צו טאָן? ס׳איז אַ סך דאָ וואָס צו טאָן! און דאָ קאָנען אויך די קינדער צוהעלפן. נישט אַזוי ביים באַקן, ווי ביים „אויספּאַטשן“. קאָרע־נעם האָניק־לעקעך באַדאַרף מען פּאַטשן, מיטביידע הענט, ביז ער ציט זיך, ווי אַ האָניק־טייג קאָן זיך ציען. און ווער נאָך קען אַזוי פּאַטשן, ווי אַ חדר־יינגל? בעלנים פּאַטשערס צווישן די חדר־יינגלעך זענען דאָ אַזוי־פיל, אַז מע שלאָגט זיך אַזש פאַרן פּאַטשן. יעדער וויל פריער.

דער לעזער באַדאַרף זיך נישט וווּנדערן, וואָס איז דאָס פאַר אַן עובדה — תלמידים זאָלן „רייסן“ גרויפּן, „פּאַטשן“ לעקעכער! למאי ביי די וואָראָנקאָווער מלמדים האָבן זיי געטאָן אַ סך גרעבערע אַרבעט? למשל ביים רבין רב זרחל און ביי אַנדערע מלמדים האָבן נחום וועוויקס קינדער גאַנץ פיין געשמירט די ערד אויף שבת, פאַרלעבוויז אַרויסגע־טראָגן די פּאָמעניצע, אייבציקווייז געבראַכט צו טראָגן וואַסער פונעם גוייִשן ברונעם, און על־פי גורל געניאַנטשעט זיך מיטן קינד אויך. פון גיין מיט אַן עוף צום שוחט שמועסט מען נישט. עס איז געווען אַ כבוד פאַר די קינדער העלפן דער רביצין אָפּפליקן דאָס עוף. אַבי אַן אַרבעט, אַבי נישט געלערנט. ערגער פון אַלע אַרבעט איז געווען דאָס לערנען, דאָס לערנען אין חדר. דאָ וועט, דאַכט מיר, זיין דאָס אָרט אָפּצומאָלן דעם חדר, ווי ער האָט אויסגעזען אין יענע צייטן, בכדי די קומענדיקע דורות, וואָס וועלן זיך אינטערעסירן מיטן אַמאָליקן יידישן לעבן אין דער גליקלעכער „טשערטאַ“, זאָלן עס האָבן פאַר די אויגן.

אַ קליין גוייש שטיבל אויף הינערשע פיסלעך, מיט שטרוי געדעקט, אַמאָל אַ ביסעלע איינגעבויגן אויף אַ זייט, און אַמאָל אָן אַ דאַך, ווי אָן אַ היטל. איין פענצטערל, און אַז אַ סך — איז צוויי. די אַרויסגעזעצטע טאַפליע איז אָדער פאַרקלעפּט מיט אַ פּאַפּיר, אָדער פאַרשטעקט מיט אַ קאָפּנקישעלע. די ערד איז אַ „געוואַלקעוועטע“ באַשמירט מיט ליים, און

אויף שבת און יום־טוב — באַשאָטן מיט זאַמד. אַ גרויסן טייל פונעם חדר פאַרנעמט דער אויוון מיטן אויפן־אויוון און מיט דער „לעזשאַנקע“. אויף דער לעזשאַנקע שלאָפט דער רבי, און אויפן אויוון — זיינע קינדער. ביי דער וואַנט שטייט אַ בעט — דער רביצינס בעט — מיט אַ סך קישנס צוקאָפּנס און קליינטשקע קישעלעך כמעט ביז דער סטעליע. דאָרט אויפן בעט, אויף אַ ווייסן ליילעך, ליגט אמאָל א בלאט לאָקשן, אמאָל קיכלעך און בייגל (אויב די רביצין פאַרנעמט זיך מיט בעקעריי), און אַמאָל אַ קינד (אויב ס'איז געפערלעך קראַנק). אונטערן אויוון א „פּאָדפּיטשניק“ (אין דער ליטע רופט מען עס „קאַטוך“). דאָרט האָדעוועט מען עופות, געווייגלעך אויף פּרנסה. ביי דער קרומער מעוברתער וואַנט — אַ שאַפע אויף האַלטן ברויט, קריגלעך און טעפּלעך. אויף דער שאַפע — דאָס איי־זערנע געפעס, א זיפּ, אַ דערקאַטש, אַ ריבאײַזן וכדומה אַזעלכע כלים. פון פאָרנט, סאַמע ביים אַריינגאַנג, קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס, און אַ גרויסע פּאָמעניצע תמיד פול, און אַ ציבער אַ הילצערנער, וואָס רינט, אויף וואַסער האַלטן, און א האַנטעך, וואָס איז תמיד נאַס, אויף די הענט אָפּצווישן. און אין מיטן שטוב א לאַנגער טיש מיט צוויי לאַנגע בענק. — דאָס איז, אייגנטלעך, דער חדר, די שול, וווּ דער רבי שטודירט מיט זיינע תלמידים. אַלע, סיי דער רבי, סיי די תלמידים, שרייען... די רביצין, וואָס פאַרעט זיך ביי דער „קיך“, שרייט אויף אירע קינדער למאי זיי שרייען. די עופות, וואָס אונטערן פּאָדפּיטשניק, קוואָקען: דאָס איז די קאַץ אַראָפּגעשפּרונגען פון דער לעזשאַנקע, אַ שטילינקע, אַ רו־איקע, אַ גלאַטינקע, זיך אַריינגעכאַפּט אונטערן פּאָהפּיטשניק און ס'פּאַ־לאָשעט די עופות, נישט געדאַכט זאָל זי ווערן!

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דער אמאָליקער וואָראָנקעווער חדר. נישט פיל שענער האָט אויסגעזען דער חדר אין דער גרויסער שטאָט, אין פּע־רעיאַסלאַוו. דער פּערעיאַסלאַווער רבי האָט, גלייך ווי דער וואָראָנקאָווער, געקנעלט מיט זיינע תלמידים, זיצנדיק ווינטער אין אַ וואַטאָווען כאַלאַט מיט אַ פליסענער יאַרמולקע, און זומער אין אַן אַרבע־כנפות, און א העמד מיט ברייטע אַרבל. ווינטער נאָכן שלאָף האָט ער געטרונקען, אָנשטאָט טיי „ליפּעווע צוויט“, און זומער — קאַלט וואַסער פון הילצערן קווערטל, דורכגעזייט דורך איינעם פון די ברייטע אַרבל פונעם העמד, געמאַכט דערויף פריער מיט גרוים כוונה א ברכה „שהכל נהיה בדברו“, און אַלע תלמידים האָבן אים געענטפערט אָמן. טאָמער האָט אַ ייִנגל געבראַכט

עפּעס אַ פּרי, האָט דער רבי געמאַכט „בורא פּרי העץ“, און די תּלמידים האָבן געענטפערט אמן. טאָמער האָט אַ ייִנגל געבראַכט אַ גרינע אוגערקע, האָט דער רבי אָפּגעשיילט די אוגערקע, געמאַכט אויף איר „בורא פּרי האדמה“, און די תּלמידים האָבן געענטפערט אָמן.

ס'איז אַלצדינג געווען כדאי, אַבי נישט לערנען. צו שטאַרק האָט זיך צוגעגעסן דאָס לערנען. אַ גאַנצן טאָג געלערנט. ווינטער ביינאַכט געלערנט. אויפגעשטאַנען פּאַרטאָג און געלערנט. אַפילו שבת בייטאָג אויך געלערנט. און טאָמער נישט געלערנט, איז כאָטש אַזוי געזעסן שבת בייטאָג אין חדר און אויסגעהערט דעם רבינס מוסר.

דעם רבינס מוסר — דאָס איז געווען אַ רייכע פאַנטאַזיע פון „טויזנט איין נאַכט“. פונעם רבינס מוסר האָט מען זיך געזען מיט „יענער וועלט“, געפילט דעם טעם פון „חיבוט=הקבר“, זיך צוגעהערט, ווי דער מלאך=הדומה קומט צו מיט שטילע טריט, עפנט אייך אויף דעם בויך, נעמט אַרויס די קישקעס און טוט אייך אַ שמיץ מיט זיי איבערן פּנים: „רשע, מה שמך — שייגעץ, ווי אַזוי רופט מען דיך?“... און דערנאָכדעם, ווי צוויי מלאכי=חבלה נעמען אייך און וואַרפן אייך „כף=הקלע“, ווי אַ מיאַטש, פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן. און טאָמער האָט איר אמאָל געזאָגט אַ ליגן, הענגט מען אייך אויף פאַר דער צונג אויף אַ פלעקל, און איר הענגט, ווי אַ יאַטקע=פלייש. און טאָמער האָט איר פאַרגעסן אַמאָל אָפּגיסן נעגלוואַסער, שטעלן זיך אַוועק צוויי מחבלים און רייסן אייך מיט אָפּצווייגעס די נעגל פון די פינגער. און טאָמער האָט איר אַמאָל פריטיק זיך געשניטן די נעגל און אומגערן אראָפּגעלאָזט אַ נאָגל אויף דער ערד, לאָזט מען אייך אַראָפּ אויף ד ע ר וועלט און מ׳ הייסט אייך גיין זוכן דעם נאָגל.

דאָס איז פאַר קליינע עבירהלעך. הייַנט ווי איז שוין פאַר גרויסע עבירות? למשל, פאַר היפּערן אין חאַוועגען? פאַר דורכלאָזן אַ מנחה? פאַר נישט לייענען קריאת=שמע? פאַר אַ שלעכטער מחשבה? פאַר הרהורים און חלומות? — נישטאָ קיין רחמנות דאָרטן, נישטאָ תשובה, תפילה און צדקה — דאָס איז נאָר דאָ, אויף ד ע ר וועלט. אויף י ע נ ע ר וועלט איז שוין שפּעט, פאַרפאַלן! „דאָרט זענט איר שוין מיט אַלע רשעים גלייך. דאָרט גייט איר שוין גלייך אין אייביקן פייער, אין זודיקן קעסל אַריין, אין גיהנום, שקצים, אין גיהנום!“...

אַזוי לאָזט אויס דער רבי זיין מוסר שבת ביינאַכט, און די קינדער הערן צו מיט קאָפּ און וויינען, האָבן חרטה, שלאָגן זיך על־חטא, גיבן זיך דאָס וואָרט, שוין זיין גוט און פֿרום. נאָר קוים איז דער רבי אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש און די קינדער נאָך אים, אַזוי איז פֿאַרגעסן געוואָרן דער גאַנצער מוסר; די יענע וועלט מיטן גיהנום מיט אַלע מלאכי־חבלה זענען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי א שאָטן, וואָס גייט איבער, ווי א חלום, וואָס פֿליט אַוועק, און חברה האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע זינד און צו זייערע שולד: געהיפּערט ביים דאַווענען, דורכגעלאָזט א מנחהלע, נישט געלייענט קיין קריאת־שמע. ווער מיר נעגלוואַסער? וואָס מיר דאַווענען? אַז אין דרויסן שיינט די זון, און די שאָטנס דראַפּען זיך אויף די ווענט, ווינקען צו אייך, רופֿן אייך: אין דרויסן אַרויס, יינגעלע, אין דרויסן! דאָרט איז גוט! דאָרט איז ווויל! איין שפּרונג א רעכטער — און דו ביסט ביים בריקל. נאָך אַ שפּרונג און דו ביסט אויף יענער זייט בריקל, וווּ עס לויפֿט א טייכל, וווּ עס זשומעט אַ וואַסערל, וווּ עס גרינט אַ גרעזעלע, וווּ עס נעלט א בלימעלע, וווּ עס פֿליט א פֿייגעלע, וווּ עס טאַנצט אַ היישעריק... און דאָס גרינע־גרינע פֿעלד בעט זיך ביי אייך, איר זאָלט אייך אַ וואָרף טאָן אויף דער ווייכער שמעקנדיקער ערד, ווי איר שטייט און גייט. און דאָ קומט אָן דער טאַטע, אָדער די מאַמע, אָדער אַן עלטערער ברודער, אָדער אַ שוועסטער — „האָסטו שוין געדאַוונט? אין חדר אַריין, שקאָץ איינער, אין חדר אַריין!“...

31

# די בר־מצווה

דער בר־מצווה נעמט אויס. — אַ גאַלעריע טיפּן פון פּערעיאַסלאַווער באַלעבאַטים. — אַ מאַמעס טרערן.

אַריינטראַכטנדיק זיך אינעם לערנען אין יענעם מין „חדר“, ביי יענע מינים מלמדים, וואָס זענען באַשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, האָבנדיק פאַר זיך די רביצין, וואָס מע דאַרף איר העלפן, טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, וואָס מע דאַרף זיי פאָלגן אַ גאַנג, און כלערליי מינים שקאָצעריי, פון באָדן זיך זומער אין טייך ביז שפּילן ווינטער אין קאָרטן און קנעפּלעך, היינט גלאַט דאָס ארומלויפן און ארומשפּאַצירן איבער דער שטאָט — איז שווער צו פאַרשטיין, פון וואַנען האָט זיך גענומען ביי די קינדער דאָס, וואָס זיי האָבן געקענט? מען דאַרף נישט פאַרגעסן דאָס אויך, אַז דעם רבין האָט מען גענאַרט, דעם טאַטן האָט מען גענאַרט און אַפילו דעם רב, צו וועלכן מען האָט געפירט די קינדער פאַרהערן, האָט מען אויך אָפּגענאַרט. היינט ווו האָט זיך גענומען מאַטעריאַל אויף אָפּצונאַרן אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער בר־מצווה צו נחום ראַבינאָוויטשעס זונדל? דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע געדענקט פאַר קלאָר, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן פון דעם, וואָס מע האָט אים אויסגעשטעלט, ער זאָל זאָגן אויף זיין יום־טוב — און דאָך האָט געקלונגען די שטאָט מיט זיין בר־מצווה. טאַטעס האָבן מקנא געווען. מאַמעס האָבן זיך געוואונטשן אַזעלכע קינדער.

ס'איז געווען אַן אמתער יום־טוב. אַ גרויסאַרטיקער יום־טוב. און אין אים האָבן זיך באַשעפטיקט אַ סך הענט, אונטער דער קאָמאַנדע

פון דער באָבע מינדע, וואָס האָט אויסגעזען אין איר שבתדיקן אָנטאָן, מיטן שטערנטיכל, ווי אַן אמתער קאָמאַנדיר. זי האָט געקאָמאַנדעוועט, ווען מען זאָל רופן און ווען נישט, ווער ס'זאָל זיצן אויבנאָן און ווער נישט, וואָסערע טעלער מע זאָל שטעלן, וואָסערע בראָנפנס און וואָסערע ווײַנען מע זאָל טרינקען. מיט אַלעמען האָט זי זיך איבערגע־קריגט, אויף אַלעמען זיך אָנגעבייזערט, נישט געשאַנעוועט אַפילו דעם בר־מצווה־העלד אַליין, ער זאָל זיך האַלטן, ווי אַ מענטש, נישט האָבן קיין טבע בייסן די נעגל כאָטש צווישן מענטשן, נישט לאַכן אַליין אין נישט מאַכן לאַכנדיק די איבעריקע קינדער, קורץ — נישט זיין קיין ימח־שמוניק.

— גאָט האָט רחמנות געהאַט, האָסט דערלעבט די בר־מצווה, איז שוין צייט, זאָלסט ווערן אַ שטיקל מענטש! — האָט זי איינגעטענהט מיט אים, באַשפּיגן די פינגער און אויסגעגלעט אים דאָס לעצטע רעשט פון די פּאהלעד, וואָס זי האָט קוים „אָפּגעוואָיעוועט" ביי איר זון: נחום־ראַבינאָוויטש האָט שוין לאַנג חשק געהאַט זיי גאָר אינגאַנצן אָפּשערן, האָט די באָבע מינדע נישט דערלאָזט.

— אַז איך וועל שטאַרבן און מיינע אויגן וועלן עס נישט זען — האָט זי אים געזאָגט — וועסטו דעמלט מאַכן דיינע קינדער פאַר גויים. און איצט, כל זמן איך לעב נאָך, וויל איך זען אויף זייער פּנים כאָטש אַ סימן פון יידישקייט.

אַחוץ דעם גרויסן עולם, וואָס מע האָט צונויפגערופן גלייך פון שול אויף בר־מצווה, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע משפחה. פאַר־שטייט זיך, אַז דער רבי משה־דוד רודערמאַן, אין דער שבתדיקער גע־וועזענער קאַפּאָטע, מיטן אָפּגעבליאַקעוועט פליסן היטל, ווי אַ לאַטקע אויפן קאָפּ, איז אויך געווען בתוך הבאים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן זייער קליין און פון דערווייטן. פון דער מעשה אָן מיטן זון, וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן, איז ער געוואָרן ביי זיך שטאַרק אראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך כמעט גאָרנישט צוגערירט נישט צום קידוש, נישט צום פאַר־בייסן, געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איינגעבויגן אין דרייען, אין שטילערהייט געהוסט אין די ברייטע אַרבל פון דער שבתדיקער געוועז־טענער קאַפּאָטע.

נאָר אָט איז געקומען די מינוט פונעם עקזאַמען. דאָס בר־מצווה־בחורל האָט זיך געדאַרפט אַוועקשטעלן און אַרויסווייזן דעם עולם וואָס

ער קען — האָט מיטאַמאָל דער רבי רודערמאַן אויפגעכאַפּט זיך; זיין פּלייצע האָט מיטאַמאָל אויסגעגלייכט זיך; די געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן זיך אויפגעהויבן און זיינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן, איינגעזויגן אינעם תלמיד, און זיין גראָבער פינגער האָט מיט א קוועטש, ווי דאָס שטעקעלע פונעם דיריזשאָר, אונטערגעזאָגט דעם תלמיד די אויסגעשטעלטע ווערטער.

און דער תלמיד, דער בר־מצווה הייסט עס, איז תחילת שיעור גישט אומגעפאַלן פאַר שרעק, געפילט א מאָדנע טרוקנקייט אין מויל און אַ שווינדל אין די אויגן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער גייט אויף אייז. אָט־אָט צעשפּאַלט זיך דאָס אייז, און טראַך — ער טוט א פאַל מיטן גאַנצן עולם. נאָר וואָס ווייטער־ווייטער, איז ער, אונטער דעם רבינס קוק און אונטער דעם רבינס קוועטש מיטן גראָבן פינגער, געוואָרן ביי זיך שטאַרקער און שטאַרקער, און ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען, ווי אויף אַן אייזערנער בריק, און ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין אַלע אברים, און עס איז אַוועק ביי אים, ווי אַ מזמור.

האַלטנדיק אין מיטן דער אַרבעט און דרייענדיק מיטן פינגער נאָכן רבינס גראָבן פינגער, האָט דער בר־מצווה פונדעסטוועגן גוט געקוקט אויפן עולם, געזען דעם אויסדרוק פון אַלע פנימער, נישט דורכגעלאָזט קיינעם. אָט איז יצחק־אַביגדור, וואָס רירט מיט די פּלייצעס און קוקט מיט די גזלנישע אויגן. אָט איז דער אַלטער יהושע סריבנע — מע זאָגט, ער איז שוין א בן־מאה, אַלט הונדערט יאָר. די צונג איז ביי אים אין מויל ווי אַ גלעקל, מחמת קיין ציין האָט ער שוין נישט. אָט איז זיין זון בערקע, שוין אויך גענוג אַלט, די אויגן האַלט ער צו און דעם קאָפּ אויף דער זייט. אָט איז אשר גיידים, וואָס אַלע רופן אים דער „פעטער אשר“ — טאַטעק א פעטער, אַ ברייטער, א גראָבער. די זייַדענע קאַפּאָטע אויף אים שפּאַלט זיך און אַליין איז ער גרוי ווי א טויב. און אָט איז יאָסע פּרוכשטיין מיט די גרויסע אריינגעשטעלטע ציין, מיט גלאַנצנדיקע ברילן און מיטן שיטערן בערדל — אַן אַפּיקורס אַ ייד, וואָס שפּילט מיט נחום ראַבינאָוויטשן אין שאַך און לייענט אַזעלכע ביכלעך, ווי „מסתרי פּאַריז“, „שבילי עולם“ און נאָך אַזעלכע זאַכן. נעבן יאָסען שטייט זיין ייִנגערער ברודער, מיכאַל פּרוכשטיין, א יונגערמאַן א חכם, אַ ממזר, וואָס לייקנט אָפּ אַלצדינג, הייסט דער שיקסע פאַרלעשן דאָס ליכט אום שבת און האַלט שטאַרק פון אַזעלכע יידן, ווי

משה בערנער און בעניע קאַנאָוועך, וואָס אַלע ווייסן, אַז אין דער יוגנט האָבן זיי אַמאָל פּאַרקוקט אין אַ זייט, בעת דער שערער האָט זיי צורעכט־געמאַכט די בערדלעך... ישראל בענדיציקי איז אויך געווען בתוך הבאים. אַמאָל האָט מען אים גערופן ישראל דער קלעזמער, נאָר איצט האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענע שטוב, אַ שטאָט אין מזרח, אַ באָרד האָט ער זיך צעקעמט אַ ברייטע, אַ שוואַרצע, אַ גלאַנצנדיקע, און כאָטש ער זאָגט זיך נישט אָפּ איצט אויך פון צו שפּילן אויף אַ געהויבענער חתונה, נאָר פונ־דעסטוועגן וועט אים קיינער נישט רופן קלעזמער, אַפילו אונטער די אויגן. און ער איז טאַקע אַ שיינער ייד, פירט זיך מעשה באַלעבאָס. אַז ער לאַכט, לאַכט ער מיט אַלע ציין, קליינע, שיטערע, ווייסע ציין. אַפילו רפאל דעם שמש מיטן אייגל האָט דער בר־מצווה נישט דורכגעלאָזט. רפאל איז געשטאַנען האַלב איינגעבויגן און איינגעטאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם, וואָס דער בר־מצווה האָט גערדשנט, און עס האָט זיך אויסגעוויזן נאָך זיין האַר פּנים און אויסגעבויגענער נאָז, אַז אָט־אָט טוט ער אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש און רופט אויס מיט זיין שבתדיקן נוסח: „ציע־העז גיל־דוין אום כוהן!“...

אַלעמען און אַלץ האָט דער בר־מצווה באַמערקט. און אַלע פּנימער האָבן אויסגעזען יום־טובדיק. נאָר יום־טובדיקער פון אַלע איז געווען דעם פעטער פיניעס פּנים. געזעסן גאַנץ אויבנאָן, נעבן בר־מצוותס פאָטער, אין זיין שבתדיקער זיידענער קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטן זיידענעם גאַרטל, מיט אַ בלוי סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ, האָט דער פעטער פיניע געקוקט אויפן בר־מצווה פון אונטן אַרויף, געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין, ווי איינער רעדט: „מילא, קענען קען ער, דער ימח־שמוניק — דאָס זעט מען... נאָר צי דאַווענט ער אָבער אַלע טאָג? צי היט ער אָפּ נעגלוואַסער? צי לייענט ער קריאת־שמע פאַרן שלאָף? צי טראָגט ער נישט אום שבת? — דאָס איז ביי מיר אַ ג ר ו י ס ע ר ספק!“...

דערפאַר איז אָבער דער פאָטער פונעם בר־מצווה געווען — אים נישט אין פּנים אַריינצוקוקן. עס איז געווען צו זען, אַז קיין מער גליק־לעכער מענטש, ווי ער, איז אויף דער וועלט נישטאָ. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַרויף, די ליפּן האָבן זיך אים געריירט, נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט דעם זון, געקוקט אויפן עולם, אויפן ברודער פיניע, אויפן רבין רו־דערמאַן, אויפן בר־מצווה אַליין און אויף דער מאַמען פונעם בר־מצווה.

און די מאַמע, די קליינינקע חיה=אסתר, איז געשטאַנען גאָר אומ=באַמערקט, מיט דרך=ארץ, ביי דער זייט, צווישן די איבעריקע ווייבער, אין דער שבתדיקער זיידענער פּאַטשיילע, אַ פּאַרגאָפּטע, שטילערהייט, זיפצנדיק, זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער, און צוויי בלישטשענדיקע טרערן, ווי צוויי בריליאַנטן, האָבן זיך געקויקלט און אָפּגעשיינט קעגן דער זון אויף איר גליקלעך, יונג, ווייס, נאָר שוין געקנייטשט פּנים.

וואָס זענען דאָס געווען פֿאַרא טרערן? טרערן פון פרייד? פון תענוג? פון גדלות? פון דער שלעכטער צייט? אָדער אפשר האָט א מאַמעס האַרץ איינגערוימט איר א סוד אויפן אויער, אַז אָט דאָס בר=מצווה=בחורל, וואָס קלינגט איצט אַזוי שיין, וועט אינגיכן, גאָר אינגיכן, זאָגן קדיש נאָך איר נשמה?...

ווער ווייסט, וואָס אַ מאַמע קאָן וויינען?

## 32

# דער „בחור“

זיין ברודער הערשל ווערט אַ חתן. — דאָס פֿאַרהערעניש מיט אַ סופֿלער. — אַ תּפֿילין=זעקל, אַ זייגער און אַ כּלה.

— אַצינד ביסטו שוין, מיט גאָטס הילף, א בחור... אוים ייִנגל, אוים שייגעץ, אוים קונדס. צייט ווערן א מענטש און אן ערלעכער ייִד, וואָרום די צייט שטייט נישט: אָט=אָט, אַקאָרשט ווי מע זעט נישט, ווערסטו אַ חתן...

דאָס איז געווען דאָס ביסל מוסר, וואָס מע האָט אַריינגערעדט דעם בר=מצווה אויף מאָרגן נאָך דעם פֿייערלעכן שבת, און דער רבי האָט אים געהאָלפֿן אָנטאָן די תּפֿילין. ער האָט אים איינגעקרעמפּעוועט דעם „של=יד“ אויף דער לינקער האַנט, אַז די פֿינגער האָבן זיך אָנגעגאָסן און געוואָרן בלוי, און דער גרויסער „של=ראש“ האָט זיך אַלע מינוט אַראָפּגערוקט צווישן די אויגן, אָדער אראָפּגעפּאָרן א ביסל אויף אַ זייט, יעדנפֿאַלס שטאַרק חשק געהאַט אראָפּגליטשן זיך אראָפּ. דעם בר=מצווה האָט געקאָסט גענוג מי איינצוהאַלטן גלייכגעוויכט, נישט געקאָנט זיך א ריר טאָן פֿריי און אַפֿילו א קוק צו טאָן אויף די ווייסע=חבֿרהניקעס, וואָס האָבן מיט נייגעריקייט ארומגערינגלט דעם בר=מצווה, זעו, ווי ער דאַוונט צום ערשטן מאָל אין תּפֿילין. און מע דאַרף דעם אמת זאָגן, אַז ווען נישט זיי, אָט די ווייסע=חבֿרהניקעס, וואָלט דער בר=מצווה איצטיקס מאָל געדאַוונט מיט האַרץ, מיט כּוונה און מיט ליבשאַפֿט. עס איז אים געפֿעלן די צערעמאָניע פֿון תּפֿילין=לייגן; עס איז אים געפֿעלן די טייטש פֿון די ווערטער „וארשתיך“; עס איז אים געפֿעלן געוואָרן דער מחיהדיקער יוכטן=ריח פֿון די פֿרישע, נאָרוואָס אויסגעמאַכטע רצועות; עס איז אים געפֿעלן, וואָס מע זאָגט אים, אַז ער איז שוין א בחור; עס איז אים געפֿעלן, וואָס

מען איז אים מצרף צו אַ מנין. משמעות, אַז ער איז שוין אַ ייד גלייך מיט אַלע יידן, אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן. אַפילו רפאל דער שמש מיטן אייגל קוקט אויף אים שוין נאָר אַנדעריש, מיט פאַרבאָרגענעם דרך־ארץ. פון די חברים שמועסט מען נישט, און זיי זענען אים מקנא, וואָרום ער געדענקט, אַז ער אַליין האָט אַמאָל מקנא געווען זיין עלטערן ברודער הערשל צו זיין בר־מצווה. און נישט אַזוי אויף דער בר־מצווה, ווי אויף דעם, וואָס באַלד נאָך דער בר־מצווה איז זיין ברודער געוואָרן אַ חתן, און די כלה האָט אים געשענקט אַן אויסגענייט תפילין־זעקל, און דער מחותן — אַ זילבערנעם זייגער. ביידע פּאַקטן, דאָס הייסט, ווי אַזוי דער ברודער הערשל איז אַ חתן געוואָרן און וואָס ס'איז געוואָרן פונעם מחותנס מתנה, פונעם זייגער, דאַרפן באַשריבן ווערן כאָטש אין קורצן.

הערשל איז געווען אַ בר־מצווה־ייִנגל אַ טשעקאַווער, אַ שיינער, און אַ משעפּקע בחורל, דאָס הייסט, ער האָט ליב געהאַט גיין ריין אָנגעטאָן; נאָר קיין קאָפּ צום לערנען האָט ער נישט געהאַט, און קיין גרויסער ווע־לער איז ער אויך נישט געווען. פונדעסטוועגן, אַ טאַטנס אַ קינד, נחום ראַבינאָוויטשעס אַ זונדל — מע האָט אים גערעדט די פיינסטע שידוכים, און ס'איז געקומען צו פאָרן אַ שיינער ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, אַ מחותן פון וואַסילקאָוו, נישט אַליין, נאָר מיט אַ פאַרהערער, אַ יונגער־מאַנטשיק מיט אַ געל בערדל, אַ געראָטענער, אַ קענער, אַ בעל־תנ"ך און אַ בעל־לשון־קודש, נאָר אַ ביסל אַ נוחניק, אַן אייננעמעדיקער, האָט ליב אַריינקריכן יעדעם אין די ביינער. צום אַלעם ערשטן האָט דער פאַרהערער גענומען אַרויסבאַווייזן פאַר די מחותנים, וואָס ער קען. צוליב דעם האָט ער זיך אַ נעם געגעבן צום חתנס רבין, אַרייננעלאָזט זיך מיט אים אין אַ לאַנגן דיספּוט וועגן דיקדוק. וואָס דער רבי האָט געזאָגט, האָט ער געזאָגט פאַרקערט. דערנאָך האָט ער אַ כאַפּ געגעבן דעם רבין, דער רבי זאָל אים זאָגן, פאַרוואָס שטייט אין קהלת „זבובי מות יבאיש", מיט אַ לשון יחיד, און נישט „יבאישו", מיט אַ לשון רבים? דערויף האָט אים דער רבי געענטפערט: למאי שטייט אין קהלת טאַקע „וזכור את בוראיך", מיט אַ לשון רבים, נישט „וזכור ואת בוראך", מיט אַ לשון יחיד? דערנאָך האָט ער אַ כאַפּ געגעבן דעם רבין נאָר מן הצד: „זאָגט נאָר, איך בעט אייך, ווו שטייט „ויתהלכו מגוי אל גוי"? דער רבי איז געוואָרן אַ ביסל מטושטש, אַ ביסל פאַרשעמט, און געענטפערט: „דאָס איז פונעם דאַ־ווענען „הודו לה' קראו בשמו"... דער יונגערמאַן האָט זיך נישט באַרו־איקט: „און ווו שטייט „הודו לה' קראו בשמו"? דער רבי איז געוואָרן

נאָך מער מטושטש און האָט געענטפערט: „דאָס דאַרף זיין מסתמא אין תהילים ערגעץ?"... דאָ האָט דער געלער יונגערמאַן אויסגעבראָכן א געלעכטער: „האָט קיין פאַראיבל נישט, רבי, דאָס שטייט נישט אין תהילים ערגעץ, דאָס שטייט איין מאָל אין תהילים, און איין מאָל, נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, אין דברי=הימים"...

פאַרן רבין איז דאָס געווען א טויט=קלאַפּ. טראָפּנס שווייס זענען אים אַרויסגעטראָטן אויפן פּנים. ער איז געווען א געהרגעטער. „דער יונגערמאַן איז אַ דרייער!" — אַזוי האָט ער געזאָגט צו די קינדער אין געווישט זיך דעם שווייס מיט דער פּאָלע. — „טאָמער טוט ער א פאַרהער דעם חתן, איז דער חתן אַ פאַרפאַלענער און דער שידוך איז אויס שידוך"... און אַזוי ווי אין דעם שידוך איז געווען פאַראינטערעסירט אויך ער, דער רבי מאַקע, דאָס הייסט, נישט אַזוי אינעם שידוך, ווי אינעם שדכנות=געלט, איז ער געפאַלן אויף אַן עצה און האָט איינגערוימט א סוד אויפן אויער דעם חתנס ברודערל, שלומען, אַז ער זאָל זיך פאַרקלויבן הינטער דער ברייטער פאַנירטער קאַנאַפּע, און אויף דער קאַנאַפּע האָט ער אַוועקגעזעצט דעם חתן. דערנאָך האָבן זיך די מחותנים אויסגעזעצט אַרום דעם האַלבקיילעכיקן פאַנירטן טיש מיט די לאַפּעס, און דער געלער יונגערמאַנטשיק האָט א נעם געגעבן דעם חתן אויפן צימבל. אין דער זעלבער צייט האָט דעם חתנס מאַמע געגרייט צום טיש, געשטעלט לעקעך און בראָנפן, געווען, אַפּנים, זיכער, אַז דער עקזאַמען וועט אָפּלויפן גלאַט. „אַנו, זאָג נאָר, בחורל, וווּ שטייט „לפיד בוז לעשתות שאַנן נכון למועדי רגל"? — „אין איוב!" — האָט זיך געלאָזט הערן פון הינטער דער פאַנירטער קאַנאַפּע אַרויס. „אין איוב!" — האָט דער חתן געזאָגט, ווי א מזיק, הויך אויפן קול. „אמת, אין איוב. אַצינד ווייסטו נישט, וווּ געפינט זיך ערגעץ אין תנ"ך נאָך א וואָרט פונעם שורש „לעשתות"? — פרעגט ווייטער דער געלער פאַרהערער. . „ביום ההוא אבדו עשתונותיו, אין תהילים!" — פּישטשעט דער חופלער פון הינטער דער קאַנאַפּע, און דער חתן זאָגט אים נאָך וואָרט אין וואָרט. „זענען מיר מיטן תנ"ך, הייסט דאָס, אַזוי גרויס ווי פּאַרטיק — זאָגט דער פאַרהערער און וואַרפט מיט די אויגן אויפן טיש, וווּ די קליינע חיה=אסתר פאַרעט זיך ביים לעקעך און איינגעמאַכטס. — אַצינד וועלן מיר זיך אַריינטאָן אַ ביסל אין דקדוק אַריין. — וואָס פאַר א פּועל איז אבדו? וואָס פאַר א בנין? וואָס פאַר אַ גוף? וואָס פאַר אַ מספר? און וואָס פאַר א זמן?" האָט דער קליינער

שלום אַרוסגעקוויטשעט שטילערהייט פון הינטער דער קאַנאַפּע אַרויס, און דער חתן האָט אים נאָכגעזאָגט איטלעכס וואָרט: „אבדו איז אַ פּועל עומד, א בנין קל, א גוף נסתר, א מספּר רבים און אַ זמן עבר, און עס וועט זיין: אבדתי, אבדת, אבדת, אבד, אבדה, אבדנו, אבדתן“...

„גענוג, גענוג, גענוג!“ — האָט אויסגערופן דער פאַרהערער צו־פרידן, געריבן די הענט און געקוקט אויפן געגרייטן טיש, און אויסגע־דרייט זיך צום שיינענדיקן מחותן פון כלהס צד, האָט ער אַ זאָג געגעבן: — „אייך קומט מזל־טוב. איר זעט דאָך, דער יונג איז קלאָר אומעטום, ווי אַ וואַסער. ווילן מיר גיין, הייסט עס, צובייסן?“...

צי עס האָבן געוווּסט פון דעם אַנשטעל טאַטע־מאַמע אויך, אָדער דאָס האָבן אָפּגעאַרבעט נאָר דער רבי מיטן חתן אַליין? און אפשר האָט דער פאַרהערער אויך געוווּסט פון דעם פּאָקוס? — דאָס איז שווער צו זאָגן. יעדנפאַלס, ביידע צדדים זענען געווען צופרידן, ביידע האָבן זיך חלילה נישט אָפּגענאַרט...

אַצינד גייען מיר אַריבער צו דער געשיכטע מיטן זייגער. פאַרשטייט זיך, אז באַלד נאָכן פאַרהערן איז די מאַמע געפאָרן אָנקוקן די כלה, די כלה איז איר געפעלן — זי איז א קלוגע; מען האָט געפּראַוועט א קנס־מאָל, געשריבן תנאים און געבראָכן טעלער, און דער מחותן האָט געקויפט דעם חתן א מתנה — א זילבערנעם זייגער. וויפל ס'איז פאַראַן מינוטן א שעה, אַזויפיל מאָל האָט דער חתן געקוקט אויפן זייגער. א מצווה האָט מען פאַרדינט איגעם חתן, אַז מען האָט אים געפרעגט, ווי האַלט דער זייגער. און דער חתן האָט געהיט דעם זייגער, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג. פאַרן שלאָפן גיין האָט ער פאַרן זייגער קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. שבת, פאַרן גיין אין שול אַריין, איז ער אויסגעווען מיטן זייגער אין אַלע שופלאָדן און אין אַלע קאָמאָדן; ער האָט אַלץ געציטערט, מע זאָל חלילה נישט אַוועקגנבענען דעם זייגער...

ויהי היום, איינמאָל פאַרגלוסט זיך דעם חתן, אַ טשעפּקע בחור'ל, אויספּוצן דעם קאָסטיום. געטראָגן האָט מען דעמלט גוטן טריקאָ מיט אַ וואָרסע, און אַזאַ טריקאָ האָט א טבע — ער נעמט אויף זיך פלעקן אין שטויב גאַנצע פודן. אַ שטעקל האָט דער חתן געטראָגן א יאַמשאָווע, וואָס בייגט זיך. האָט ער דעם קאָסטיום אויפגעהאָנגען אין דרויסן אויפן גאַניק און מיט דעם יאַמשאַווע שטעקל גענומען אויסקלאַפּן דעם שטויב פונעם קאָסטיום, אָבער גוט, וויפל ס'איז נאָר געווען כוח, און אז אין קעשענע פונעם קאָסטיום ליגט דער זייגער — האָט ער אַקוראַט פאַרגעסן.

זעלבסטפארשטענדלעך, אַז פונעם זייגער איז געוואָרן אַ חורבן, אַ פראַ־שעק פון שטיקלעך זילבער, פאָרצעליי און גלאָז און אַ סך קליינע רעדעלעך. און דער חתן האָט אויפגעהויבן זיין קול און האָט זיך צעוויינט. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום טרייסטן מיט קיין שום צוזאָגעכצן, אַז מע וועט אים קויפן אַן אַנדער זייגער — עס האָט אויסגעריסן אַ שטיק האַרץ!

דער בר־מצווה שלום האָט געקוקט אויף זיך אויך, ווי אויף אָט אַזאַ מין בחור. זיין אידעאַל איז געווען אין יענער צייט הריי זאַכן: אַ תפילין־זעקל, ווי ביי זיין ברודער הערשל, אַ זייגער און אַ כלה. די כלה האָט זיך אים פאָרגעשטעלט נישט אַנדערש, ווי אינעם געשטאַלט פון אַ בת־מלכה, אייגנע פון יענע יפהפיות, וואָס זיין חבר שמואליק דער יתום פלעגט זיך אָנדער־ציילן פון זיי. זי איז אים געווען אַזוי קלאָר, אַז ער האָט זי געזען אָפט אין חלום, און איינמאָל, באַלד נאָך דער בר־מצווה, האָט ער זי דערזען אויף דער וואָר און — ער האָט זיך פאַרליבט אין איר, ווי עס ווערט באַשריבן אָט דאָ באַלד אין אַ באַזונדער קאַפּיטל.

33

# די ערשטע ליבע

ראָזע בערגער די שולמית פון שיר־השירים. — חיים פּרובשטיין — אַ געפּער־לעכער קאָנקורענט. — סקריפּענדיקע שטיוולעטן און פראַנצויזיש. — פידל־שפּילן. — זיסע חלומות.

ווען זיי זאָלן ניט געווען זיך באַגעגענען דערנאָך אין לעבן אַ כּך מאָל, וואָלט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע זיכער געמיינט, אַז די, וועלכע האָט אים צו פערצן יאָר געפּלעפט, איז געווען נאָר אַ דמיון, א פאַנטאַזיע, אַ חלום. געהייסן האָט זי ראָזע, און ער האָט זי קיינמאָל ניט געזען, זי זאָל גיין אַליין. שטענדיק מיט אַ כאַליאַסטרע „קאַוואַליערן", די פיינסטע יידישע בחורים, די רייכסטע יונגעלייט פון שטאָט, און אַמאָל אויך קריסטן, אָפיצירן. אַ רוסישער אָפיציר זאָל שפּאַצירן מיט א יידיש מיידל — דאָס אַליין איז געווען אַזאַ סענסאַציע, וואָס די שטאָט האָט מיט דעם געקאָכט. און ניט א יעדעס מיידל וואָלט זיך דאָס דער־לויבט, און ניט א יעדן מיידל וואָלט די שטאָט מוחל געווען. נאָר ראָזע — זי מעג עס, איר קאָן מען דאָס מוחל זיין, וואָרום זי איז ראָזע, וואָרום זי איז די איינציקע אין שטאָט, וואָס שפּילט פּיאַנע, די איינציקע אין שטאָט, וואָס רעדט פראַנצויזיש, און רעדט הויך, און לאַכט הויך — א קלייניקייט ראָזע? און דערצו איז זי א טאַטנס א קינד. איר פאָטער איז איינער פון די רייכסטע און פאָרנעמסטע יידן אין שטאָט, א ייד אן אַריסטאָקראַט. אין דער יוגנט, זאָגט מען, איז ער געווען אַ גלוח. איצט איז ער שוין אַלט און גרוי, האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, טראָגט ברילן, האָט קישעלעך אונטער די אויגן. די אייגענע קישעלעך אונטער די אויגן האָט געירשנט פון אים זיין טעכטערל ראָזע, און זיי פּאַסן זיך איר אַזוי צו אירע שיינע בלויע אויגן, און צו אירע זיידענע אויסגעבויגענע ברעמען, און צו איר

יידיש=גריכיש געזל, און צו איר קלאָר=ווייס געזיכט, און צו איר קלייניער,
נאָר מאַיעסטעטיש גרויסאַרטיקער פיגור, וועלכע האָט געפּלעפּט דאָס
האַרץ פונעם טשעקאַווע פאַרחלומטן חדר=ייִנגל שלום נחום וועוויקס, וואָס
האָט זיך דורך איין קוק פון אירע שיינע שולמית=אויגן פאַרליבט אין דער
דאָזיקער שולמית מיטן הייליקן פייער פון אַן אומשולדיק בר=מצווה=ייִנגל.
יאָ, שולמית. נאָר די שולמית, וואָס אין שיר=השירים, פאַרמאָגט
אַזעלכע שיינע געטלעכע אויגן. נאָר די שולמית, וואָס אין שיר=השירים,
קאָן אַזוי זיס=ליבלעך און שטרענג=טיף אַרייַנדרינגען אייך אין דער נשמה
אַריין, ווען זי קוקט אויף אייך. און אַ קוק געגעבן האָט זי אויף שלומען,
קאָן איך אייך ערב זיין, מער נישט אַז איין מאָל, און אַז אַ סך — איז
צוויי מאָל. אויך דאָס — פאַרבייגייענדיק אין גאַס שבת בייטאָג מיט אַ
גאַנצער כאַליאַסטרע „קאַוואַליערן", צווישן וועלכע ס'איז געווען איינער אַ
גליקלעכער מיטן נאָמען חיים פּרוכשטיין. חיים איז יאָסע פּרוכשטיינס אַ
זונדל, אַ בן=יחיד, אַ קורצפּיסיקער, זייער אַ קורצפּיסיקער, נאָר מיט אַ
לאַנגער נאָז, און אויף דער נאָז — רויטע ווייַנפּערלעך, און ציין גרויסע,
מוראדיק גרויסע. נאָר אָנגעטאָן איז ער ווי דער גרעסטער פּראַנט. שטיוו=
לעטן לאַקירטע און סקריפּענדיקע אויף הויכע, זייער הויכע אָפּצאַסן —
בכדי ער זאָל אויסזען העכער. אַ זשילעט אַ ווייסע, ווי געפּאַלענער שניי.
די האָר פאַרקעמט מיט אַ שרונט אַקוראַט אין מיטן און שטענדיק אָנגע=
שמירט מיט שמעקנדיקע פאַרפומען, וואָס לאָזן זיך הערן אויף אַ מייל,
אָט דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער פון אַלע ראָזעס קאַוואַליערן, און
אים האָט די שטאָט געקרוינט פאַר איר חתן. דערפאַר געקרוינט, ווייל ער
איז יאָסע פּרוכשטיינס זון, און יאָסע פּרוכשטיין איז אַ נגיד, און אַ נגיד
מיט אַ נגיד זוכן גלייכע מחותנים. און אויסער דעם, איז ער דער איינ=
ציקער בחור אין פּערעיאַסלאַוו, וואָס רעדט פראַנצויזיש; ער רעדט
פראַנצויזיש און זי רעדט פראַנצויזיש — קאָן דען זיין נאָך מער
גלייך, ווי דער דאָזיקער שידוך? און נאָך אַ זאַך: זי שפּילט פּיאַנע
און ער שפּילט פידל, און אַז די ביידע שפּילן, מעג מען פאַרזעצן וואָס
מע האָט און מע קאָן שטיין אַ גאַנצע נאַכט אונטערן פענצטער און האָרכן.
שלום איז געשטאַנען נישט איין מאָל ביי ראָזען אונטערן אָפענעם פענ=
צטער זומער פאַרנאַכט אין דרויסן און צוגעהערט זיך צו די זיסע הימלי=
שע טענער, וואָס די שיינע ראָזע האָט מיט אירע שיינע פינגער אַרויסגע=
צויגן פון דער גרויסער שוואַרצער גלאַנצנדיקער פּיאַנע מיט די ווייסע
ביינדלעך, און צו די זיסע הימלישע געזאַנגען, וואָס דער קורצפּיסיקער

חיים פּרוכשטיין האָט אַרויסגעריסן פֿון די דינע סטרונעס פֿון זיין קליין בייכיק פֿידעלע — און אַך! וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין די מינוטן! ער האָט געשעפּט תענוג און געערגערט זיך, געבענטשט און געשאָלטן צו גלייכער צייט. געשעפּט תענוג פֿון דער שיינער זעלטענער הימלישער מוזיק, און געערגערט זיך, וואָס ניט ער שפּילט דאָס מיט ראָזען, נאָר אַן אַנדערער. געבענטשט האָט ער די הענט, וואָס ציען אַרויס אַזעלכע זיסע הימלישע טענער מיט אַזעלכע זיסע מלאכימשע געזאַנגען פֿון טויטע אינסטרומענטן, און געשאָלטן דעם טאָג, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן ביי נחום ראַבינאָוויטש, ניט ביי יאָסע פּרוכשטיין, און וואָס חיים פּרוכשטיין איז אַ נגידס אַ זון, און ער, שלום, איז נעבעך אויף גרויסע צרות! ניט נאָר קאָן ער ניט אויספֿירן ביי זיין טאַטע־מאַמע לאַקירטע שטיוולעטן מיט סקריפּקעס און אויף הויכע אָפּצאַסן — זיינע שטיוועלעך, וואָס ער טראָגט, זענען אָפּגעפּאָרן, די אָפּצאַסן אויסגעדרייט, די פּאָדעשוועס אָפּגעריבן. און אַז ער זאָל זאָגן, ער וויל לאַקירטע שטיוולעטן, וועט מען אים פֿרעגן: אויף וואָס? און אַז ער זאָל זאָגן, אַז ער וויל, זיינע שטיוועלעך זאָלן סקריפּען, וועט ער קריגן פּעטש...

אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען ער האָט אַן אוצר! אָט אַ יענעם אוצר, וואָס זיין וואָראָנקאָווער חבר שמואליק דער יתום פֿלעגט אים דערציילן וועגן דעם אַזויפֿיל שיינע מעשיות. נאָר בלאָטע! ס'איז נישטאָ קיין אוצר. דאָס הייסט, ס'איז דאָ, נאָר ס'איז שווער אים צו געפֿינען — ער ליגט זייער טיף פֿאַרבאָרגן. און אַז מע געפֿינט אים שוין — אַנטלויפֿט ער און באַהאַלט זיך נאָך טיפֿער... און דער אומגליקלעכער שלום האָט פֿאַרשאָלטן דעם טאָג, למאי ער איז געבוירן געוואָרן ביי די מיוחסים, ביי די ראַבינאָוויטשעס, ניט ביי די פּרוכשטיינס. און ער האָט פֿיינט געקריגן מער פֿון אַלעמען אָט דעם קורצפּיסיקן חיים פּרוכשטיין מיט דער גרויסער נאָז, מיט די רויטע ווייספּערלעך, פֿיינט געקריגן בתכלית השנאה — דערפֿאַר, וואָס גאָט האָט אים, דעם קורצפּיסיקן חיים, געבענטשט מיט אַלע דריי גוטע זאַכן: מיט סקריפּענדיקע שטיוולעטן, מיט רעדן פֿראַנצויזיש און מיט שפּילן פֿידל.

און דער אומגליקלעכער שלום האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן און געשווירן זיך ביי דער לבנה און ביי די שטערן דאָ אין דרויסן, און ביי די זיסע הימלישע טענער און ביי די זיסע מלאכימשע געזאַנגען, וואָס גיסן זיך פֿון דאָרטן, פֿון אינעווייניק, אַז פֿון היינט אָן און ווייטער וועט ער זיך אויסלערנען שפּילן אויפֿן פֿידל, אַזוי ווי דער גליקלעכער חיים פּרוכשטיין,

און אַז ער וועט מיט זיין פידל־שפּילן פאַרשטעקן אין גאַרטל צען אַזעלכע, ווי חיים פּרוכשטיין, און רעדן פראַנצויזיש וועט ער זיך אויסלערנען, אַזוי ווי חיים פּרוכשטיין, און ער וועט מיט גאָטס הילף זיך אויסגלייכן מיט חיים פּרוכשטיין, און ער וועט אים נאָך אפשר איבעריאָגן — און דעמלט ערשט וועט ער קומען צו איר, צו ראָזען, גלייך אהיים, און ער וועט איר זאָגן מיטן לשון פון שיר־השירים: „שובי שובי השולמית — קער זיך אום צו מיר, שולמית, מיטן פּנים אויף איין ווײַלע און הער זיך איין, ווי אַזוי איך שפּיל אויפן פידל!“ און ער וועט געבן אַ פיר מיטן סמיטשיק איבער די דינסטע סטרונעס, און שולמית־ראָזע וועט דאָס דערהערן, וועט זי שטוינען, און זי וועט אים פרעגן: „פון וואַנען?“ — וועט ער איר ענט־פערן: „פון זיך אַליין“. און חיים פּרוכשטיין וועט שטיין פון דער זייט און וועט גאַפן און וועט אים, שלומען, מקנא זיין — וועט ער צוגיין און וועט וועלן זאָגן ראָזען עפּעס אויף פראַנצויזיש, וועט שלום זיך אַריינמישן אין מיטן, אים איבעררהאַקן און וועט צו אים זאָגן אויך אויף פראַנצויזיש: „היט זיך, רב חיים, מיט אייער לשון, וואָרום איך פאַרשטיי איטלעכס וואָרט!“ וועט ער נאָך מער גאַפן, און שולמית־ראָזע וועט אַ פרעג טאָן ביי שלומען: „דו רעדסט פראַנצויזיש אויך? פון וואַנען?“ — וועט איר שלום זאָגן: „פון זיך אַליין“. דעמלט וועט שולמית־ראָזע אויפשטיין און וועט נעמען שלומען פאַר אַ האַנט און וועט אים זאָגן: „קום“. וועלן זיי גיין אינצווייען, ער מיט ראָזען, אויפן שפּאַציר איבער די פּערעיאַס־לאַווער „פּעשעכאָדן“ און וועלן רעדן ביידע אויף פראַנצויזיש, און די גאַנצע כאַליאַסטרע קאַוואַליערן, און דער קורצפּיסיקער חיים פּרוכ־שטיין בתוכם, וועלן זיי נאָכגיין פון הינטן, און די גאַנצע שטאָט וועט טייטלען מיט די פינגער: „ווער איז דאָס גליקלעכע פּאָרל?“ וועט מען זיי ענטפערן: „איר ווייסט נישט, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך ראָזע מיט איר אויסדערוויילטן!“ „ווער זשע איז איר אויסדערוויילטער?“ „איר אויסדערוויילטער — דאָס איז דאָך דער וואָראָנקאָווער בעל־תג“ך און כתבא־רבה שלום נחום וועוויקס, שלום ראַבינאָוויטש“... און שלום הערט דאָס אַלצדינג, נאָר ער מאַכט זיך ווי ער הערט נישט, און ער גייט ווייטער און ווייטער, האַנט ביי האַנט, מיט דער שיינער ראָזען, און ער זעט אירע שיינע בלויע אויגן, ווי זיי קוקן אויף אים און לאַכן. און ער פילט איר קליין וואַרעם הענטל אין זיין האַנט, און ער הערט, ווי דאָס האַרץ ביי אים קלאַפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק. און די שטיוועלעך אונטער אים האָבן ווי פון זיך אַליין אָנגעהויבן צו רעדן: „סקריפּ־

סקריפּ, סקריפּ=סקריפּ". און דאָס איז שוין אַ ווונדער פֿאַר אים אַליין. מילא, פֿידל שפּילן און פֿראַנצויזיש רעדן — האָט האָט ער זיך אויסגעלערנט. אַזוי לאַנג געהאָרעוועט, ביז ער קען. אָבער די שטיוועלעך — פֿון וואַנען האָבן זיי געכאַפּט דעם סקריפּ? אויך פֿון זיך אַליין? אָדער אפשר ווייזט זיך אים אויס? און ער קוועטשט=קוועטשט מיטביידע פֿיס, שטאַרק=שטאַרק, און ער כאַפּט א שטורך פֿון זיין עלטערן ברודער, מיט וועלכן ער שלאָפֿט אין איין בעט: „וואָס דריגעסטו מיט די פֿיס, ווי אַ לאָשעקל?" און ער כאַפּט זיך אויף — נישט שוין זשע איז דאָס געווען נאָר א חלום?... און ער הערט נישט אויף צו טראַכטן פֿונעם דאָזיקן חלום. און ער הערט נישט אויף צו חלומען אויף דער וואָר. און עס גיסן זיך צונויף ביי אים דער חלום מיט דער וואָר, די פֿאַנטאַזיע מיט דער ווירקלעכקייט... און עס ציט זיך אַזוי — ער ווייסט נישט וויפֿל צייט, ביז עס קומט א גאַסט קיין פּערעיאַסלאַוו, אַ שרעקלעכער גאַסט, אַן אומגעראַנג, אַן עפּידעמיע. ווי אַ הוראַגאַן וואַלגערט ער אום אַלצדינג מיטן פּנים אַראָפּ און מאַכט אַן איבערקערעניש, א חורבן אין א סך הייזער, און אויך ביי נחום ראַבינאָוויטשן אין שטוב, און עס ווערט פֿארשוווּנדן די שיינע שולמית=ראָזע און זיין ליבע צו דער שיינער שולמית=ראָזע, ווי אַ חלום, ווי אַ פֿאַנטאַזיע, ווי אַ נעכטיקער טאָג...

דער גאַסט — דאָס איז געווען די כאָליערע.

34

# די כאָליערע

די עפּידעמיע. — די רײַבערס. — די באָבע מינדע קאָמאַנדעוועט. — זי רײַסט קברים, זוכט זכות־אבות, אַרבעט מיט די דאָקטוירים. — דער מאַמעס טויט. — דער פעטער פיניע לאָזט נישט װײנען — ס'איז שבת.

אָנגעהויבן האָט זיך עס תחילת זומער, באַלד נאָך פּסח, אַזוי ווי אויף קאַטאַוועסן; נאָר שפּעטער־צו, אַרום נאָך שבועות, אַז ס'זענען אויפגעקומען אויבסטן און גרינע אַגרעסן זענען געוואָרן וואָלוול, בחצי־חנם, האָט זיך עס צעשפּילט שוין אויף דער אמתן, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן לאָזן הערן אַלץ אָפטער און אָפטער די ווערטער: „אונטערגאַנג", „עפּידעמיע" און „כאָליערע". ביים וואָרט „כאָליערע", אַז ס'איז אַרויסגערעדט געוואָרן, איז דאָס אַנדערש נישט אַרויסגערעדט געוואָרן, נאָר מיט אַ שפּיי אויס דערביי, און ס'איז געפאַלן אַ מורא, אַ פּחד אויף דער שטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער פּחד איז געפאַלן נאָר אויף די גרויסע, אויף די עלטערע. פאַר קליינוואַרג איז דאָס, אדרבא, געווען אַ שטיקל יום־טוב. מע האָט אָנגעהויבן אַכטונג געבן אויף זייער עסן און אויף זייער טרינקען, טאַפּן זיי אַלע אינדערפרי און אויף דער נאַכט ביי די קעפּלעך, זיך געהייסן באַווייזן די צונג, און סוף־כל־סוף — צעלאָזט די חדרים, ביז גאָט וועט העלפן, דער אונטערגאַנג וועט אַוועק אהין, פון וואַנען ער איז געקומען. דער אונטערגאַנג האָט אָבער נישט אַזוי גיך געוואָלט אַוועק, און די כאָליערע האָט געבושעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט.

די שטאָט אָבער האָט אויך נישט געשוויגן, געטאָן אַלצדינג, און קודם כל זיך אַ נעם געגעבן צום „רײַבן". גיך און געשווינד איז באַ=

שאַפֿן געוואָרן א חברה „רייבערס“. זייער עובֿדה איז געווען — קויט אין עמעצן געוואָרן „נישט-גוט“, איז מען געקומען צו אים, אַוועקגעלייגט און „געריבן“. אַ סך מענטשן האָט מען טאַקע מיט אָט דעם רייבן אָפּגעראַטעוועט. צווישן די חברה „רייבערס“ האָבן זיך פֿאַרשריבן די פֿיינסטע באַלעבאַטים פֿון שטאָט. די שטאָט גופֿא איז איינגעטיילט געוואָרן אין „אויסשאַסטקעס“, אויף יעדן „אויסשאַסטאָק“ — באַזונדערע „רייבערס“. דער העלד פֿון דער ביאָגראַפֿיע האָט אויף זיי געקוקט מיט גרויס דרך-ארץ און מיט פֿאַרווונדערונג, ווי אויף אמתע העלדן, גבורים. עס איז געווען צו זען, אַז זיי האָבן קיין ברעקל מורא נישט, נישט פֿאַר דער כאָליערע, נישט פֿאַרן טויט. איינס דאָס אַנדערע האָבן זיי זיך געשטאַרקט, געערדט מיט אַ שמייכל, געטרונקען לחיים און געווינטשעוועט, „דער אויבערשטער זאָל רחמנות האָבן און די עפּידעמיע זאָל געשטילט ווערן“...

פֿאַרשטייט זיך, אַז די ראַבינאָוויטשעס זענען אויך געווען צווישן די „רייבערס“. יעדן אויפֿדערנאַכט, געקומען פֿון זיין „אויסשאַסטאָק“, האָט נחום ראַבינאָוויטש געהאַט צו דערציילן נייעס און נייעס: וויפֿל מאָל און וועמען מען האָט היינטיקן טאָג „געריבן“. וועמען מע האָט „אָפּגעריבן“, און וועמען נישט. אַלע זענען געשטאַנען אַרום אים און געקוקט מיט דרך-ארץ, און אויסגעהערט מיט נייגעריקייט און מיט שרעק די דאָזיקע נייעס. די קליינטשקע חיה-אסתר האָט געבראָכן די פֿינגער, און, קוקנדיק אויף איר כאָליאַסטרע קינדער, האָט זי אַ זאָג געגעבן פֿאַרבייגייענדיק: „ער זאָל כאָטש נישט פֿאַרשלעפּן, חלילה, די כאָליערע אין שטוב אַריין“. דערויף האָט איר נחום אָפּגעענטפֿערט מיט אַ שמייכל, אַז „די כאָליערע איז נישט אַזאַ קרענק, וואָס מע פֿאַרשלעפּט זי; וועמען ס'איז באַשערט, טרעפֿט זי אים אין דער היים“...

אפֿנים, אַז דער קליינטשקער חיה-אסתר איז עס באַשערט געווען. איינמאָל, אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, איז זי אויפֿגעשטאַנען און האָט דערציילט פֿאַר דער שוויגער, פֿאַר דער באָבע מינדע, וואָס פֿאַר אַ מאָדנער חלום ס'האָט זיך איר געחלומט, אַז ס'איז פֿרייטיק-צונאַכטס און זי בענטשט ליכט. פּלוצעם קומט צו גיין פֿרומע-שרה סריבניטשקע, די וואָס איז ערשט יענע וואָך געשטאָרבן פֿון דער עפּידעמיע, און נעמט און טוט אַ בלאָז — פֿו! — און פֿאַרלעשט איר די בענטש-ליכט... אויסגעהערט דעם מאָדנעם חלום, האָט די באָבע מינדע זיך אויסגעלאַכט און, געווייינלעך, „אויסגעלייגט“ איר צו גוטן, נאָר געזען האָט מען, אַז אויף ביידע ווייבער

איז געלעגן אַ שרעק אויפן פּנים. דערנאָך האָט זיך די מאַמע חיה=אסתר צוגעלייגט, זיך געהייסן דערלאַנגען אַ שפּיגל, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל אַריין און אַ זאָג געגעבן צו דער באָבע מינדע: „שוויגער, ס'איז שלעכט! טוט אַ קוק אויף מיינע נעגל“... אוודאי האָט זי די שוויגער אויסגעלאַכט און אויסגעבעטלט אַלע בייזע ווּסטע חלומות אויף די שונאימס קעפּ, און שטילערהייט האָט זי צעשיקט די עלטערע קינדער, זיי זאָלן אויסזוכן און אַראָפּברענגען דעם טאַטן, וואָס איז געווען דעמלט פאַרנומען אין זיין „אוטשאַסטאָק“ מיט „רייבן“. און נישט געוואַרט אויפן טאַטן, האָט די באָבע מינדע פאַררוקט גרויסע „טשאַוונעס“ און טעפּ מיט וואַסער אין אויוון אַריין און אַליין דערווייל גענומען ראַטעווען די קראַנקע. זי האָט געטאָן אַלצדינג, וואָס אין אַ מענטשנס כּוח איז צו טאָן, און האָט נישט פאַרגעסן אויך צו שיקן נאָכן דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי, דער בעסטער דאָקטאָר אין שטאָט. ער איז אַ קריסט, אַ דיקער, מיט אַ רויט פּנים. אויף אים, אויף דעם קאָזאַטשקאָווסקי דעם דאָקטאָר, זאָגן יידן מבֿינים, אַז ער איז אַזוי געזונט, אַז ער וועט אַמאָל שטאַרבן גייענדיק. און כאָטש דער דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי איז טאַקע דער בעסטער דאָקטאָר, פונדעסטוועגן האָט די באָבע מינדע אַראָפּגעבראַכט אויך יענקל דעם רופא — ער איז אַ ייד און מע קאָן זיך מיט אים בעסער דורכשמועסן. יענקל דער רופא איז טאַקע מער נישט ווי אַ רופא, נאָר אַ טענדעוועדענדע (אַזאַ מין הענגקאָלנער) טראָגט ער, ווי אַ דאָקטאָר, און שרייבט רעצעפּטן, ווי אַ דאָקטאָר, און לייענט לאַטיין, ווי אַ דאָקטאָר, און געלט נעמט ער אויך, ווי אַ דאָקטאָר. דאָס הייסט, אַז מע גיט אים אין האַנט אַריין אַ מטבע, נעמט ער צו די מטבע, כּלומרשט ווי איבערגעוואַלד, און טאַפּט אין קעשענע די מטבע, און טרעפט אַלעמאָל, וויפל דאָרטן איז. אַ סימן — טאָמער איז ווינציקלעך, הייסט ער זיך געבן אַן אַנדערע מטבע, נאָר איידל, מיט אַ שמייכל און מיט אַ גלעט די לאַנגע האָר און מיט אַ צורעכטמאַכן די ברילן.

מיט אים, מיט דעם יענקל דעם רופא, האָט זיך די באָבע מינדע פאַרשלאָסן ביי זיך אין אַלקערל, פריער אַרויסגעטריבן די קליינע קינדער אין דרויסן אַרויס, און האָט זיך דאָרט מיט אים לאַנג=לאַנג געשושקעט, ביז דער טאַטע איז געקומען. און אַז דער טאַטע איז געקומען נישט טויט נישט לעבעדיק, איז די באָבע מינדע אָנגעפאַלן אויף אים, געגעבן אים אַ מיאוסן פּסק, און ס'איז געווען אַ קאָמעדיע צו זען, ווי דער טאַטע פאַרענטפערט זיך פאַר איר... אַך! ווער עס האָט נישט געזען אין יענע טעג די באָבע מינדע, דער האָט קיין שיינס נישט געזען. אַ יידענע אַ קאָמאַנדיר! אַ יידענע

אַ פעלדמאַרשאַל! די זיידענע טונקלגרינע פאַטשיילע מיט די זילבערנע
עפּל אויסגעמאָלט, וואָס אויפן קאָפּ, פאַרבונדן מיט ביידע עקן אַהינטער,
די אַרבל פון דעם וואָלענעם שאָקאָלאַד־פאַרביקן קלייד פאַרקאַטשעט אַרויף,
דער שוואַרציער ריפּסענער פאַרטעך אויפן קלייד און די ריין־אויסגעוואַ־
שענע הענט האָבן צוגעגעבן איר אַלט געקנייטשט שטרענג פּנים אַן אויס־
זען — גלייך ווי זי וואָלט געטאַרעראַמעוועט אויף אַ חתונה, נישט אַרום
אַ געפּערלעך קראַנקער שנור, וואָס ליגט אויף כאָליערע און וואָס באָרעט
זיך מיטן טויט. עס האָט אויסגעזען, אַז נישט די מאַמע חיה־אסתּר באָרעט
זיך מיטן טויט, נאָר זי, די באָבע מינדע, באָרעט זיך פאַר איר, פירט
אַ מלחמה מיטן מלאך־המות, וואָס לאָזט זיך שוין הערן מיט זיינע גרינגע
שוואַרצע פליגלען. ער לאָזט זיך הערן, נאָר זעען זעט מען אים נאָך נישט.
די קינדער ווייסן נאָך נישט, וואָס דאָ טוט זיך, נאָר זיי פילן מיט זייער
אינסטינקט, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר אַ גרויסע זאַך, וואָס איז נאָך אַ סוד
פאַר זיי. אויף דער באָבע מינדעס פּנים לייענען זיי: „דער טויט
וויל צונעמען ביי די קינדער זייער מאַמע.
נאָר איך וועל עס מיטן אויבערשטנס הילף
נישט דערלאָזן!“... און אַז זי זאָגט, זי וועט נישט דערלאָזן, קאָן
מען איר גלויבן. דער באָבע מינדע מוז מען גלויבן! איינמאָל, בעת די
דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי איז געווען ביי דער קראַנקער, וועלכע האָט שוין
געהאַלטן, אפּנים, זייער שמאָל — דאָס האָט מען געקאָנט זען נאָכן דאָק־
טאָרס רויט פּנים, וואָס איז געוואָרן נאָך רויטער — האָט די באָבע מינדע
צונויפגערופן אַלע קינדער, האָט זיי אויסגעשטעלט אין דער ריי אייניציק־
וויז, פונעם עלטסטן (אַ באַלעבעסל שוין מיט אַ בערדל) ביזן קלענסטן
(אַ מיידעלע פון קוים אַ יאָר), און אַז דער דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי איז
אַרויסגעגאַנגען פון דער קראַנקערס חדר, איז זי אים געפאַלן פאַר די פיס,
געקושט אין די הענט און צוגעפירט אים צו דער כאַליאַסטרע: „נאַ זע,
פריץ־לעבן, וויפל ווערעם, וויפל יתומים די קראַנקע לאָזט איבער, טאָמער,
חלילה, די שעה זאָל נישט זיין! טאַקע אַ יושר, האָב רחמנות, פריץ־לעבן,
אויף די האָזיקע ווערעם, אויף די אומשולדיקע שעפעלעך!“... מיר דאַכט,
אַז אפילו אַ שטיין האָט דאָס געקאָנט רירן. עס האָט גערירט אפילו דעם
דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי. ער האָט צענומען מיט די הענט: „וואָס קאָן
ער טאָן? ער טוט אַלצדינג, וואָס ער קאָן. אָט וועמען מע באַדאַרף
בעטן!“... און האָט אַ וויז געגעבן מיטן פינגער אַרויף: צו גאָט, הייסט
עס... נאָר אַ דאַנק פאַר דער עצה, פריץ־לעבן! צו גאָט באַדאַרף זי אים

נישט פֿאַר אַ מליץ=יושר! צו גאָט ווייסט זי שוין אַליין דעם וועג. זי איז שוין געווען אין שול. זי האָט זיך שוין פֿאַרזאָרגט מיט תהילים=זאָגער אויף אַ גאַנצן מעת=לעת. זי איז שוין געווען אויפֿן הייליקן אָרט אויך, געריסן קברים, געוועקט זכות=אבות. אַזאַ מאַמע, ווי איר נחומס ווייב, באַדאַרף נישט לאָזן איר זון אַן אלמן און די קינדער יתומים! אַזאַ צדיקית, ווי חיה=אסתר, טאָר נישט שטאַרבן! „ניין, גאָטעניו, דו ביסט אַ גוטער גאָט, דו וועסט דאָס נישט טאָן!“

געשטאָרבן? — פֿאַר חבֿרה קלייגוואַרג איז דאָס געווען נאָכן רבינס טויט (משה דעם שוחטס) דער צווייטער טויט, וואָס זיי האָבן מער געפֿילט ווי פֿאַרשטאַנען — און עס האָט זיי ווי געטאָן שטאַרק=שטאַרק! אמת, זייער מאַמע איז נישט געווען אַזאַ ווייכע, אַזאַ צוגעלאָזטע, ווי אַנדערע מאַמעס. אמת, מע פֿלעגט כאַפּן פֿון איר אָפּטע פּעטש, סטוסאַקעס און בוכענצעס — „קינדער זאָלן נישט זיין קיין נאַשערס און נישט וועלן נאָך! קינדער זאָלן נישט האָבן קיין טבֿע זיך פֿלאָנטערן פֿאַר די פֿיס! קינדער זאָלן נישט ליב האָבן שטשירען די ציין, האָהאָטשען זיך!“ דאָס האָט באַדאַרפֿט הייסן, אַז קינדער זאָלן נישט לאַכן. און קינדער האָבן דווקא יאָ געלאַכט, וואָרום ווי קאָן מען נישט לאַכן, אַז עס לאַכט זיך? אַזאַ געלעכטער האָט זיי געקאָסט טייער. זיי האָבן באַצאָלט מיט אָנגעריסענע אויערן און מיט אויפֿגעלאָפֿענע באַקן פֿון דער מאַמעס קליינע, נאָר שטאַרקע הענטלעך, וואָס לאָזן זיך פֿילן... איצט אָבער האָט דאָס קלייגוואַרג פֿאַרגעסן. פֿאַרגעסן די פּעטש מיט די קולאַקעס מיט די סטוסאַקעס און פּאָטילעטשניקעס, און דערמאָנט זיך בעסער, ווי די מאַמע פֿלעגט אַריינלייגן די האַנט אין קעשענע זוכן פֿאַר יעדן קינד אַ גראָשן. ווי די מאַמע פֿלעגט זיי איינגעבן אַלע ראש=חודש ווערעמקרויט מיט האָניק. ווי די מאַמע פֿלעגט נישט אָפּטרעטן פֿון בעט, אַז אַ קינד האָט זיך אָוועקגעלייגט. ווי דער מאַמעס קליין הענטל האָט געטאַפּט ביים קאָפּ, געהאַלטן ביים דופֿק, געגלעט די בעקלעך. ווי די מאַמע האָט גענייט אַלע ערבֿ=יום=טובֿ מלבושימלעך פֿאַר די קינדער. ווי די מאַמע פֿלעגט אַלע ערבֿ=שבת צוואָגן די קעפּלעך. ווי די מאַמע האָט געלאַכט פּסח ביים סדר, אַז קינדער האָבן זיך אָנגעשיכורט פֿונעם ארבע=כוסות=וויין. און נאָך און נאָך זאַכן האָבן די קינדער דערמאָנט זיך, געלעגן יעדער באַזונדער איינגעגראָבן מיט די פּנימער אין די קישנס און ציגאַנגען געוואָרן פֿאַר געוויין... אָבער נאָך גרעסער און שטאַרקער איז געוואָרן דער געוויין, אַז זיי האָבן דערהערט דעם טאַטן וויינען — אַ טאַטע זאָל גאָר וויינען! — און

אַז זיי האָבן דערהערט, ווי די באָבע מינדע יאָמערט און קלאָגט און לייענט מיט אַ ניגון, ווי פון אַ תחינה, טענהט זיך אוים מיטן רבונו־של־עולם: „פאַרוואָס האָט ער נישט צוגענומען בעסער זי, די באָבע מינדע, איידער אַזאַ יונג צווייטעלע, אַ מאַמע פון, קיין עין־הרע, אַזויפיל ווערעם?“... דאָס פאַרגלייכן איר די קינדער צו ווערעם רופט אַרוים ביי די קינדער אין דער דאָזיקער טרויעריקער מינוט נישט ווילנדיק אַ שמייכל: וואָס עפּעס גראָד ווערעם? נאָר פּלוצעם עפנט זיך די טיר און ווי אַ וויכער רייסט זיך אַריין אין שטוב אַריין דער פעטער פיניע מיט זיינע צוויי זין גלייך פון אַלטן בית־המדרש — האָרטן דאַוונט דער פעטער פיניע — מיט אַ ברייטן גוט־שבת. דערזען, ווי דער עולם וויינט און קלאָגט און יאָמערט — אַז ער צעשרייט זיך נישט אויף אַ קול און צעבייזערט זיך אויפן טאַטן און אויף דער באָבע מינדען: „וואָס איז דאָס? אום שבת וויינט איר? רשעים! גזלנים! וואָס טוט איר עס? איר זענט משוגע? צי חסר־דעה? צי איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן היינט שבת, און שבת טאָר מען נישט וויינען?! נחום, וואָס טוסטו? מע טאָר נישט — ס'איז שבת! וואָס ס'זאָל נישט זיין — איז שבת בילכער!“... און אַליין האָט זיך דער פעטער שוין אָפּגעקערעוועט אויף אַ זייט, כלומרשט אויסגעשנייצט די נאָז, מחילה, נאָר אין איינוועגס געכאַפּט אַ קוק מיט איין אויג אַהין, וווּ די מאַמע ליגט אַן איבערגעדעקטע מיט שוואַרץ. האָט ער אויסגעווישט אין דער גיך די אויגן, מע זאָל נישט זען, אַז ער וויינט, כאָטש אין קול גופא האָבן זיך געלאָזט הערן טרערן, און גערעדט האָט ער שוין אַ ביסל ווייכער:

— פאָלג מיך, נחום! גענוג! דו געמסט אויף זיך צופיל!... נו, גענוג שוין! מע טאָר נישט — ס'איז שב...

דער פעטער פיניע האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן דאָס וואָרט „שבת“, פאַרום די טרערן, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געשלונגען, האָבן זיך אים אַוועקגעשטעלט אין האַלדז פאַפּעריק. האָט ער נישט געקאָנט מער באַהערשן זיך, איז ער צוגעפאַלן צום טיש אויף דער לינקער האַנט, ווי מע פאַלט „תחנון“, און האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און אַרויסגערופן אויף אַ דין קול: „חיה־אסתר! חיה־אסתר!“...

## 35

# די שבעה־זיצערס

דער טאַטע קוקט אַריין אין ספר איוב. — מע רעדט אים שידוכים. — די קינדער וועט מען אָפּשיקן קיין באָהסלאַוו צום זיידן משה=יאָסע.

קיינמאָל האָט דער העלד פון די באַשרייבונגען אַזוי נישט געבענקט נאָכן אוצר, וואָס זיין חבר שמואליק האָט אים אַמאָל דערציילט, ווי אין דער צייט, ווען ער און דער טאַטע און אַלע זיינע ברידער און שוועסטער זענען געזעסן אין די זאָקן אויף דער ערד „שבעה“ נאָך דער מאַמען.

„ווען איך האָב איצט אַן אוצר — האָט ער זיך געטראַכט — אָט יענעם אוצר, וואָס ליגט דאָרט אינעם קליינעם שטעטעלע באַהאַלטן, כאָטש נישט אינגאַנצן, כאָטש אַ טייל פון יענעם אוצר — אך, ווי וואָלט עס מיר איצט צונוץ געקומען!... די באָבע מינדע וואָלט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגן און צו אויסטענהן זיך מיטן רבונו=של=עולם, אים פאָרהאַלטן, אַז ער האָט נישט גוט געטאָן, וואָס ער האָט צוגענומען פריער די שנור, נישט זי, די שוויגער... דער טאַטע וואָלט אויפגעהערט צו זיפצן און צו קרעכצן און צו טענהן, צו וואָס לעבט ער אויף דער וועלט און וואָס איז ער אָן חיה=אסתרן?... און אויך זיי, די קינדער, ווו וואָלטן זיי איצט געווען? געווים ערגעץ מיט אַלע יינגלעך ביים טייך, געשווומען, געכאַפּט פישלעך, אָדער גלאַט געלאָפן אין דער וועלט אַריין — אַזאַ זון! אַזאַ היץ! וואָלוול ווייגשל, ווייםפערלעך בחצי=הגם, און גרינע אוגערקעלעך, נאָך מיט די שפּיץ=נאָדלען, לאָזן זיך שוין הערן. אָט באַלד וועלן אויפקומען אויך די גיעס געלע, שמעקנדיקע, און אַרבוזן רויטע ווי פייער, הירזשענדיקע ווי זאַמד, זיסע ווי צוקער — אַך, אַן אוצר! אַך! אַן אוצר!“... און די געדאַנקען הייבן אים אויף און טראָגן אים אַוועק אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיעס און חלומות, זיסע, גוטע חלומות. און עס שטעלט זיך

אים פאַר, אַז ער האָט אים שוין, דעם אוצר — פּלוצעם האָט ער זיך אים אַנטפּלעקט מיט אַלע זיינע טייערע זאַכן, סגולות און שטיינער, אַז ער האָט שוין דאָס גאָלד און זילבער און די האַלבע אימפּעריאַלן און די דימענטן און בריליאַנטן, און אַז דער טאַטע איז איבערראַשט: „פון וואַנען האָט זיך, שלום, פּלוצעם גענומען צו דיר אַזאַ גוטס?“ „איך קאָן דיר נישט זאָגן, טאַטע, פון וואַנען, ווארום קוים זאָג איך דיר פון וואַנען, הייבט זיך עס אויף און עס ווערט פאַרשוווּנדן“... און שלום פילט זיך אויפן זיבעטן הימל, וואָס ס'איז אים געראָטן אַרויסציען דעם טאַטן פון דער נויט, און עס טוט אים נאָר באַנג, האַרציק באַנג, וואָס די מאַמע געבער איז נישטאָ דערביי. „נישט באַשערט!“ — זאָגט די באָבע מינדע. — „אַלע אירע יונגע יאָרן איז זי געבליבן אַפּגעקומען אויף דער וועלט צוליב די קינדער, און איצט, אַז ס'איז געקומען צום לעבן, זענען אויסגעגאַנגען די יאָרן!“...

נאָר אָט דערהערט זיך אַ זיפץ פונעם טאַטן: „געוואַלד, וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?“ — און דער קליינער בעל־החלומות קערט זיך אום פון יענער גליקלעכער וועלט פון פאַנטאַזיעס און חלומות צוריק אַהער, אין דער דאָזיקער וויסטער וועלט פון זאָרג און טרערן, ווו מענטשן רעדן פון מעל אויף באַקן חלה, פון געלט אויף גיין אין מאַרק, פון אורחים, וואָס ווילן נישט פאָרן, פון פּרנסה. וואָס איז „געשלאָגן“ — און די אַלע רייד ווערן צוגעדעקט מיטן טאַטנס קרעכץ און מיטן טאַטנס זיפץ: „געוואַלד, וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?“...

— וואָס הייסט, וואָס טוט מען? — פאַלט אויף אים אָן דער פעטער פיניע שוין אויפן לעצטן טאָג שבעה. — וועסט טאָן דאָס, וואָס אַלע יידן טוען — וועסט, אם ירצה השם, חתונה האָבן...

חתונה האָבן?... דער טאַטע וועט חתונה האָבן? מיר וועלן האָבן אַ נייע מאַמע? ווי אַזוי וועט זי זיין?... — אַזעלכע געדאַנקען קריכן אין קאָפּ אַריין. די קינדער קוקן אויפן טאַטן, וואָס וועט דער טאַטע זאָגן?... דער טאַטע וויל נישט הערן, נישט זען. ער זאָגט:

— חתונה האָבן? א י ך זאָל חתונה האָבן? נאָך אַזאַ חיה־אסתרן זאָל איך גיין חתונה האָבן? און האָס זאָגסטו ד ו, אַז אייגענער ברודער? ווער נאָך האָט זי אַזוי געקענט, ווי דו?...

עס שטיקן אים די טרערן. ער קאָן נישט רעדן מער. דער פעטער פיניע ווישט אָפּ די ליפּן, מאַכט אַ שוויג.



שלום־עליכם און ח. נ. ביאַליק (האַג, 1901)

— צייט מנחה דאַווענען — זאָגט דער פעטער פיניע, און אַלע שבעה־זיצערס, דער טאַטע מיט די קינדער, שטייען אויף פון דער ערד, שטעלן זיך דאַווענען מנחה, און אַלע קינדער, זעקס בנים, צווישן זיי איינער אַ באַלעבעסל שוין מיט אַ גאָל בערדל, אליהו הייסט ער, טוען אַ קלאַפּ־אָפּ דעם קדיש — אַ מחיה צו הערן! די משפחה קוקט מיט גדלות אויף די „קדישים“, פרעמדע ווייבער זענען מקנא: „מיט אַזעלכע קדישים נישט אָנקומען גלייך אין גן־עדן אַריין — איז שוין עק וועלט!“...

דאָס זאָגט אַ שטיקל קרובה, בלומע רופט מען זי, אַ האַבעטענע יידענע, האָט אַ מאַן, איז ער אַ שטומער. זי האָט אַוועקגעוואָרפן איר מאַן מיט אירע קינדער און איז געקומען העלפן עפּעס טאָן — אין שטוב, אין קיך, אָדער ביי די קינדער. די קינדער קאָנען זיך נישט באַקלאָגן, אַז מע האָט אין זיי פאַרגעסן. אדרבא, זינט די מאַמע איז געשטאָרבן, זענען זיי געוואָרן ביי אַלעמען חשובער — יתומים! עס זענען געווען מאָמענטן, וואָס דאָס שבעה־זיצן איז ביי זיי געווען גאָר אַ גאַנצער יום־טוב. ערשטנס (און דאָס איז דער עיקר פון אַלע עיקרים!), מע גייט נישט אין חדר. צווייטנס, מע גיט זיי זיסע טיי מיט בולקע, וואָס זיי זענען דערצו גאָר נישט געוווינט געוואָרן, און מע כאַפּט זיי ביי די קעפּלעך און ביי די בייכלעך און מע פרעגט זיך נאָך אויף זייערע מאָגנס. זיי האָבן שוין גאָר באַקומען „מאָגנס“! הייננט וואָס איז ווערט גלאַט זיצן מיטן טאַטן אויף איין קאָלדרע, זען, ווי דער טאַטע קוקט אַריין מיט זיין גרויסן געקנייטשטן שטערן אין אַ ספר „איוב“ אַריין, הערן, ווי יידן און ווייבער קומען צו גיין, אַלעמאָל נייע פאַרשוינען, מנחם־אבל זיין, רעדן עפּעס אַזעלכע מאָד־נע דיבורים, קומען אַריין אָן אַ גוט־מאָרגן. גייען אַוועק אָן אַ זייט־געזונט, בליִנצלען עפּעס אַזוי מאָדנע מיט די אויגן און מורמלען עפּעס אונטער דער נאָז: „מ... מ... מ... ציון וירושלים!...“

פאַרן קלייננעם ווייסן־חברהניק, פאַר שלומען, זענען אָט די וויזיטן אַ גאַנצער אוצר פון טיפּן און בילדער, וואָס איינס צום אַנדערן זענען נישט גלייך און וואָס בעטן זיך אויפן פּאַפּיר. דער ערשטער קומט דער פעטער פיניע. נישט אַליין, נאָר מיט זיינע צוויי אויבנדערמאָנטע זין מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס — ישראליק און איצל. דער פעטער פיניע פאַרקאַטשעט די אַרבל און רעדט. די זין שווייגן. דער פעטער פיניע רעדט פון אַ דין — ווען, איינגעטלעך, עס דאַרפן זיך ענדערן די זיבן טעג שבעה: אין דער פרי, צי אויף דער נאַכט? ער שטייט אויף, זאָגט צו, אַז ער וועט נאָך אַ קוק טאָן ביי זיך אין אַ פּאָר ספרים, וועט ער וויסן אַקוראַט. דערווייל געזעגנט

ער זיך גישט, זאָגט עפּעס אויף דער גיך אינאײנעם מיט ביידע זין „ציון ווירושלים" — און פּאַשאָל. נאָך אים קומט די מומע חנה מיט אירע טעכטער, הייבן אויף אַ קוויטשעריי אויפן טאַטן: גענוג שוין! גענוג! ער זאָל אויפהערן וויינען אויף דער מאַמען, וואָרום ער וועט זי לעבעדיק נישט מאַכן! פאַרן אַוועקגיין זאָגט זי, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערן, טוט אַ שמעק טאַבעק פון אַ קליין זילבערן פּושקעלע און מאַכט אַ געוואַלד, מע זאָל עפענען כאָטש איין פענצטער, וואָרום מע וועט דאָ דערוואָרגן ווערן, צו אַלדי גוטע יאָר!... דערנאָך קומט די מומע טעמע, אַ ייִדענע אָן ציין, שאָקלט אַ ביסל מיטן קאָפּ, דאָס פּנים לאַכט, נאָר די אויגן וויינען. זי רעדט אויס דאָס האַרץ, דערציילט אַ נייעס: אַז מירן אַלע שטאַרבן...

דאָס איז משפּחה. דערנאָך קומען פרעמדע. אַלערליי פּאַרשוינען. אַזעלכע, וואָס גלויבן שטאַרק אין גאָט און אין יענער וועלט, און אַזעלכע, וואָס האַלטן ווינציק וואָס פון גאָט און פון יענער וועלט. למשל, „אַר=נאָלד פון די פּידוואָרקעס" — דער מאַכט חוזק פון אַלצדינג. לית דין ולית דיין. עס שטייט, זאָגט ער, בפירוש: „ומותר האדם מן הבהמה אָין" — קיין חילוק נישט צווישן אַ מענטשן און, להבדיל, אַ בהמה... אַ שרעק, וואָס דער אַרנאָלד צערעדט זיך אָן! על ה' ועל משיחו! און אַלצדינג קומט אויס ביי אים אַזוי קיילעכיק, אַזוי געשליפן! ער איז דער אייגציקער, וואָס גייט אַוועק מיט אַ זיי=געזונט. אַ מענטש, וואָס גלויבט נישט אין קיין זאַך, איז דאָך נישט שייך! כדאי צו וויסן, וואָס וועט זיין מיט אַזאַ אַרנאָלדן, ווען ער נעמט און טוט אַ שטאַרב=אַוועק? „מיך מעגט איר נעמען באַלד נאָך מיין טויט און פאַרברענען אויפן פייער און דאָס אַש צעשפּרייטן אויף אַלע זיבן ימים — אַרט מיך אויך נישט!"... אַזוי זאָגט אַרנאָלד און כאַפּט אַ מיאוסן פּסק פון דער באָבע מינדע: „לאָזן שוין, זאָגט זי, אייערע שונאים רעדן פאַר אייך!" און אַרנאָלד — ס'זאָל אים רירן! ער לאַכט זיך אויס, גייט אַוועק, און עס קומט אָן יאָסע פּרובשטיין מיט די גרויסע ציין און בייזערט זיך אויפן טאַטן, למאי ער וויינט אַזוי. „ער האָט זיך אויף אים, זאָגט ער, אַזעלכעס נישט געריכט"... האָדיע יצחק=אביגדורס זאָגט אויך דאָס אייגענע. ער שווערט ביי זיין הייליקער נאמנות, אַז ווען ביי אים טרעפט זיך אַזאַ=נ=אומגליק, וואָלט ער, כאַ=כאַ, אַריינגעוואָרפן אין מאיר=בעל=נס=פּושקע... אַז האָדיע גייט אַוועק, ווערט אַ געלעכטער, וואָרום אַלע וויסן, אַז האָדיע יצחק=אביגדורס האָט אַ ווייב, הייסט זי פייגע=פּערל — איז דאָס אַ פייגע=פּערל פון גאָט!... דאַנקען השם יתברך, וואָס מען קאָן שוין כאָטש געבן אַ לאַך. דער טאַטע קוקט נאָך אַלץ אַריין אין

ספר „איוב“, נאָר ער וויינט שוין נישט אַזוי שטאַרק, ווי ער האָט געוויינט די ערשטע טעג. און ער בייזערט זיך שוין נישט אויפן פעטער פיניען, למאי ער וואַרפט אַריין אַ וואָרט ווען התוגה האָבן. ער זיפּצט נאָר, און קרעכצט נאָר, און פרעגט: „וואָס טוט מען מיט די קינדער? מיט די קינ־דער וואָס טוט מען?“

— מיט די קינדער וואָס טוט מען? — ענטפערט אים דער פעטער פיניע און גלעט זיך די באָרד. — די עלטערע וועלן זיך לערנען, ווי זיי האָבן געלערנט; און די קלענערע וועסטו אָפּשיקן צו זייער זיידן קיין באָהסלאַוו.

דאָס מיינט ער דעם זיידן משה־יאָסע מיט דער באָבע גיטל פון דער מאַמעס צד, וועלכע די קינדער האָבן קיינמאָל נישט געזען, נאָר געהערט דערציילן, אַז ערגעץ ווייט, אין אַ שטאָט, וואָס הייסט באָהסלאַוו, האָבן זיי אַ זיידן מיט אַ באָבען, וואָס זענען, זאָגט מען, גאַנץ רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. אַהין, הייסט עס, וויל מען זיי אַוועקשיקן? זעט איר, דאָס איז דווקא אַ פּלאַן! ערשטנס, דאָס פאָרן — דאָס אליין וואָס איז ווערט? צווייטנס, זען אַ נייע שטאָט. הייבט באַקענען זיך מיט אַ זיידן און מיט אַ באָבען, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל נישט געזען — דאָס איז ביי אייך גאָרנישט? עס בלייבט איבער נאָר איין זאַך: וועמען רעכנט האָט דער פעטער פיניע צווישן די „עלטערע“ און וועמען צווישן די „קלענערע“? ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אַ יינגל, וואָס איז שוין בר־מצווה, ער מעג זיך האַלטן מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון אַ הונט, באַדאַרף גערעכנט ווערן צווישן די „עלטערע“ — און דאָס האָט דעם בר־מצוה־בחור אַזוי ווייט פאַראינטערעסירט, אַז ער האָט שוין כמעט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן אין דער מאַמען, נאָך וועלכער ער זאָגט אַלע אין דער פרי און פאַרנאַכט קדיש, אין דעם טאַטן, וואָס הערט נישט אויף צו זיפצן און צו קרעכצן, אין דעם אוצר, נאָך וועלכן עס בענקט זיך אים אַזוי שטאַרק. אים האָט געצויגן איצט צו עפּעס אַנדערש: צו דער נסיעה, צו דער נייער גרויסער שטאָט — קיין באָהסלאַוו, צום זיידן משה־יאָסע מיט דער באָבע גיטל פון דער מאַמעס צד, וואָס מע זאָגט, זיי זענען אַזוי רייך! אַזוי רייך!...

## 36

# ביים דניעפּער

די נסיעה קיין באָהסלאַוו. — שמעון־וואָלף באַלעגאָלע אַ שווייגער. — מע וואַרט אויפֿן פּאַראָם. — דער באַלעגאָלע כאַפּט אַ מנחה ביים ברעג טייך. — עס דאַוונט זיך געשמאַק.

איינמאָל — סוף זומער, פאַר ימים נוראים איז דאָס געווען — איז צוגעפאָרן צום גאַניק אַ בויד, און מע האָט אויפגעזעצט די קלענערע קינדער, פיר יינגלעך און צוויי מיידלעך — שלום דער בר־מצווה־בחורל איז געווען צווישן זיי — מיטגעגעבן צו צוויי העמדלעך, עסנוואַרג אויף אַ פּאָר טעג און אַ בריוו צום זיידן משה־יאָסע מיט דער באָבע גיטל און אָנגעזאָגט זיי אַמאָל צוואַנציק, זיי זאָלן זיין געהיט ביים איבערפאָרן מיטן פּאַראָם איבערן דניעפּער.

פאָרן איבערן דניעפּער — און נאָך מיט אַ פּאַראָם דערצו! קיינער פון זיי האָט קיין פּאַראָם קיינמאָל נישט געזען און ווייסט גאָרנישט, מיט וואָס מען עסט עס. נאָר מען איז זיך משער, אַז עס דאַרף זיין נישט שלעכט, און מע פאַרגעסט, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, און מע פאַרגעסט אַלצדינג, און מע קלערט נאָר וועגן דער נסיעה, וועגן דניעפּער, וועגן פּאַראָם. נאָר מען דערמאָנט זיך, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן. ס'איז דאָ אַ באָבע מינדע, וואָס זאָגט זיי אָן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן און חלילה נישט דורכלאָזן זאָגן קדיש נאָך דער מאַמען, און זי גלעט זיי מיט קאַלטע גליטשיקע פינגער, און זי קושט זיי אין די בעקלעך, און זי געזעגנט זיך מיט זיי אויף שטענדיק, אויף אייביק, וואָרום גאָט ווייסט, אויב זי וועט נאָך זוכה זיין מיט זיי זיך צו זען נאָך אַמאָל...

און אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט: „אַז די קינדער זענען געקומען נאָכדעם צוריק אַהיים פון באָהסלאַוו, איז שוין די באָבע מינדע געווען

דאָרט, וווּ די מאַמע זייערע — אַ קבר נעבן אַ קבר — און דער טאַטע האָט געזאָגט קדיש נאָך ז יי ן מאַמע אינאיינעם מיט די קינדער נאָך ז יי ע ר מאַמע. דאָס איז געווען אַ יאָר פֿון קדישים, דאָס יאָר פֿון כאָליערע — אָן אַ שיעור קדיש־זאָגערס! אַ גאַנצע שול האָט געזאָגט קדיש.

דער חילוק פֿון אַ מענטשן ביז אַ מענטשן! אויף וויפֿל מאיר־וועלוול דער באַלעגאָלע, וואָס האָט געפֿירט די קינדער פֿון וואָראָנקאָ קיין פּערעיאַסלאַוו, איז געווען אַ מענטש אַ לעבעדיקער, אַ רירעוודיקער און אַ באַרעדעוודיקער, אויף אַזויפֿיל איז שמעון־וואָלף דער באַלעגאָלע, וואָס האָט געפֿירט די קינדער פֿון פּערעיאַסלאַוו קיין באָהסלאַוו, געווען אַ פֿאַרזאָרגטער, אַ פֿאַרשלאָפֿענער און אַ שווייגער — זאָל גאָט היטן! כאָטש טעסעט אין אים פּלעקער, כאָטש שיסט אין אים מיט האַרמאַטן, וועט ער אייך אײן וואָרט נישט אַרויסלאָזן פֿונעם מויל, אַחוץ: „קריכט אין וואָגן“, אָדער: „אַרויסט פֿונעם וואָגן“. די קינדער זענען אויסגעגאַנגען צו וויסן: ווען וועט שוין זיין דער דניעפּער? ווען וועט מען אים איבערפֿאָרן מיטן פּאַראָם? און וואָס הייסט עס „פּאַראָם“? נאָר גייט טוט עפּעס — אַז אַ ייִד רעדט נישט! זיצט ווי אַ נאַפּודעלע אויף דער קעלניע, שמייסט די פֿערדלעך, סמאָטשעט זיי צו מיט די גראָבע ליפּן, און פֿון צייט צו צייט הערט מען נאָר די איינציקע ווערטער: „נגאָ, כאָליערע, אַ כאָליערע אויף אייך!“ אָדער: „נגאָ, פּגירות, אַ פּגירה אויף אייך!“ און אַז נישט, שעפּטשעט ער עפּעס מיט די ליפּן צו זיך אַליין און זינגט עפּעס שטיל אויף אַ דין קולכל. דאָס זאָגט ער תהילים אויף אויסנווייניק.

און אַזוי ווי די מענטשן זענען פֿאַראַן אַלערליי, פֿאַרשידענע כאַראַקטערן, אַזוי זענען, להבדיל, פֿערד אויך פֿאַראַן אַלערליי סאָרטן. די פֿערד פֿון שמעון־וואָלף דעם באַלעגאָלע זענען שטאַרק געראָטן אין זייער באַלעבאָס. זיי זענען שלעפּעריק און האָבן אַ טבע — זיי ניסן. אַ גאַנצן וועג ניסן זיי. ניסן און פֿאָרשקען און שמייסן מיט די עקן און שלעפּן זיך, און שלעפּן זיך. עס דאַכט זיך אויס, אַז מע שלעפּט זיך שוין אַזוי — מע האָט שוין כמעט פֿאַרגעסן פֿון ווען אָן. און גאָט ווייסט, אויב מע וועט זיך אַמאָל דערשלעפּן ערגעץ צו אַ ישוב. הימל און ערד און זאַמד. זאַמד אָן אַ שיעור. און טאָמער איז קאַרג, שטעלן זיך די פֿערדלעך גאָר אַנידער אין מיטן דרינען, שמעון־וואָלף קריכט אַראָפּ פֿון וואָגן, לאָזט אויס אויף זיין דין קולכל מיט אַ ניגון אויסגעצויגן: „אשרי כל חוסי בו“... דערנאָך טוט ער אַ זאָג צו די קינדער: „אַרויסט פֿון וואָגן!“ די קינדער קריכן

אַרויס פון בויד. וואָס וועט דאָ זיין? גאָרנישט. אַזוי ווי ס'איז זאַמדיק, איז פאַר די פערד צופיל משא, וועט מען גיין אַ ביסל צופוס, מילא, אויך אָן אַן אומגליק — צופוס איז צופוס. אדרבא, צופוס איז נאָך פריילעכער. גישטמער — דאָס ייִנגסטע יתומהלע, אַ יאָר אַלט, וויל גישט בלייבן אַליין אין וואָגן. ווייַנט עס, מוז מען דאָס טראָגן אויף די הענט — איז שוין עפעס גישט אַזוי פויגלדיק. אַ גליק, וואָס דאָס ציט זיך גישט אַזוי לאַנג. באַלד ווערט דער וועג ווידער אַ וועג, און שמעון=וואָלף דער באַלעגאָלע טוט אַ זאָג צו די קינדער: „קריכט אין וואָגן". קלעטערט מען אַרויף צוריק אין בויד אַריין און מע גלייכט זיך אויס די ביינער. ביז עס קומט ווידער צו אַ טיפן זומפיקן זאַמד, איז ווידער: „אַרויסט פון וואָגן", און ווידער: „קריכט אין וואָגן". נאָר שאַט! וואָס גלאַנצט דאָס עפעס האָרטן פון דער ווייטן? וואָס בלישטשעט עס אַזוי ווי גלאָז און שיינט=אָפּ אויף דער זון מיט אַ זילבערנעם קאָליר, און שפילט און שמערירט אין די אויגן? אַט דאָס זאָל זיין דער הניעפער?! חברה זיצן קוים איין אין וואָגן. און דער וואָגן, ווי אויף=צו=להכעיס, גייט פּאַוואָליע, וואָרום אייידער מע קומט צו צום הניעפער, באַדאַרף מען דורכמאַכן נאָך אַ זאַמד, גען און געדיכט און טיף, טיף ביז די קניען. פּאַוואָליע, טריט ביי טריט, שלעפּן זיך די פערדלעך, קוים וואָס זיי רייסן אַרויס די פיס פון זאַמד. טיף שנייַדן די רעדער, און דער וואָגן קרעכצט, און געענגטער און געענגטער באַווייזט ער זיך, דער הניעפער, מיט זיין גאַנצער ברייטקייט און שיינקייט, יאָ, דאָס איז ער, דער הניעפער. ער גלאַנצט, שיינט=אָפּ אויף דער זון און שמייכלט צו די יונגע אורחים, וואָס זענען געקומען צו אים דאָס ערשטע מאָל מקבל=פנים זיין דעם אַלטן זקן. „שלום=עליכם, וואָס מאַכסטו, זיידע?"...

אַ הויכער, גרינער, ערטערווייז פאַרגעלטער אָטשערעט ביים ברעג טייך, צעלאָזט מיט די לאַנגע, שאַרפע, שפּיציקע בלעטער, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין וואַסער, גיט אים צו, דעם אַלטן, אַ באַזונדערן חן. ס'איז שטיל.

לאַנג און ברייט האָט ער זיך צעוואָרפן, ווי אַ ים, אַהין און אַהער. און דאָס וואַסער לויפט ערגעץ, לויפט, נאָר שטיל. וווהין? ס'אַ סוד. דער בלויער הימל קוקט אַראָפּ פון אויבן און שפּיגלט זיך אָפּ אין וואַסער אינאיינעם מיט דער זון, וואָס האַלט גאָרנישט ביים אונטערגיין. ריין דער הימל. ריין דאָס וואַסער. ריין דאָס זאַמד. ריין די לופט. און שטיל. אַ שטילקייט פון גאָט. ברייט. אַ ברייטקייט פון גאָט. און עס דערמאָנט זיך פון

תהילים: „למרחב יה“... פררר! דאָס איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון אָטשערעט אַרויס מיט אַ געשריי אַ פֿויגל. דורכגעשניטן, ווי אַ פֿייל די ריינע שטילע לופֿט, לאָזט ער זיך מיט אַ זיג־זאַג שוועבן ווייט־ווייט, נאָר ער האָט באַלד חרטה, קערט זיך אום צוריק מיט אַ זיג־זאַג און ווערט פֿאַרשוווּנדן ווידער צוריק אינעם געל־גרינעם אָטשערעט. עס נעמט אָן אַ חשק, ווי אָט דער פֿויגל, אַרויספֿליען פֿון וואָגן אַרויס, זיך לאָזן פֿליען אויבן איבערן וואַסער, אָדער ווייניקסטנס, זיך אויסטאָן נאַקעט און אַריינשפּרינגען אין וואַסער אַריין, זיך פּלאָסקען און שווימען, שווימען...

— אַרויסט פֿון וואָגן! — טוט שמעון־וואָלף אַ קאָמאַנדעווע אויס, קריכט אַליין אויך אַרויס פֿון וואָגן, פֿאַרשטעקט די בייטש אין גאַרטל, טראָגט צו ביידע הענט צום מויל, פֿאַררייסט דעם קאָפּ אַרויף און לאָזט אַרויס אַ מאָדנע פֿאַרדומפּטן קול, ווי פֿון אַ צעבראָכענעם פֿאַס:

— פֿאַראָ־אָ־אָ־אָם! פֿאַראָ־אָ־אָם!

די משמעות, אַז דער פֿאַראָם איז אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס געפֿינט זיך ערגעץ אויף יענער זייט, און מע באַדאַרף אים אַרויסרופֿן. חברה קליינוואַרג, אַרויסגעקראָכן פֿון וואָגן און אויסגעגלייכט די פֿאַרזעסענע פֿאַרגליווערטע אברים, שטעלן זיך אַוועק העלפֿן דעם באַלעגאָלע אַרויסרופֿן דעם פֿאַראָם, גלייך מיט אים צוגעטראָגן די הענט צום מויל, פֿאַרריסן די קעפּ אַרויף און אויסגעשריגן מיט אַ קוויטש:

— פֿאַראָ־אָ־אָם! פֿאַראָ־אָ־אָם!

און עס פֿאַלט אָן אויף זיי אַ געלעכטער — זיי ווייסן גישט וואָס. עס לאַכט זיך זיי אָן אַ שום „וואַרום“. עס לאַכט זיך זיי, ווייל ס'איז זיי גוט, ווייל זיי זענען יונג און געזונט, און זיי געפֿינען זיך ביים דניעפּער, און זיי פֿאָרן באַלד אויפֿן דניעפּער מיטן פֿאַראָם — ווער איז צו זיי גלייך?... נאָר אָט הייבט אָן צו געזעגענען זיך די זון מיטן טאָג. מיט אירע לעצטע, נאָר שאַרפֿע, גינגאָלדענע שטראַלן שפּיגלט זי זיך אָפּ אינעם זילבערנעם וואַסער פֿונעם דניעפּער — און מע הערט אויף צו לאַכן. עס לאַכט זיך נישט מער. צו שטיל איז אָט דאָ, ביים ברעג פֿונעם דניעפּער. אַ הייליקע שטילקייט. און עפּעס קילבלעך איז געוואָרן, און דאָס וואַסער שמעקט מיט אַ מאָדנעם ריח, און עס זשומעט, עס מורמלט, עס לויפֿט... און דערצו האָט שמעון־וואָלף דער באַלעגאָלע אַרומגעבונדן די קאַפּאָטע מיט אַ פּאַטשיילע, אַריינגעשטעקט די בייטש און אַוועקגעשטעלט זיך מיטן פּנים צו מזרח, צוגעמאַכט די אויגן, מעשה ערלעכער ייִד, צעשאָקלט זיך און אויף זיין דין קולכל גענומען דאַווענען מנחה. שמעון־וואָלפֿס מנחה דאָ

[illegible]
שמעקעדיקן הניעפּער, האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן זשומען און מיטן מורמלען פונעם וואַסער און אַרויסגערופן ביי די פריילעכע יונגע וואַיאַזשערן אַ גייע שטימונג. עס פאַרגלוסט זיך זיי אויך דאַווענען מנחה. דאָס איז געווען ביי זיי, מע קאָן זאָגן, די ע ר ש ט ע פרייוויליקע, נישט־געצוווּנגענע מנחה, אָט אָ־דאָ אונטערן הוילן הימל, נאָענט צו גאָט. עס האָט זיך זיי קיינמאָל אַזוי נישט געוואָלט דאַווענען, ווי אַצינד, אין דעם פאַרנאַכט, אונטער דעם הימל, אויפן ברעג פון אָט דעם הניעפּער. דורכגעלאָזט די קטורת — נישקשה, אין וועג קאָן מען זיך באַגיין אָן קטורת — האָבן זיי אָנגעהויבן גלייך פון „אשרי יושבי ביתך“ — פיינטשיק, מיט אַ ניגון, און אַוועקגעשטעלט זיך אַלע פיר שמונה־עשרה מיטן פנים צו מזרח, צוגעמאַכט די אויגן און צעשאָקלט זיך, ווי דער באַלעגאָלע: „האל הגדול הגבור והנורא — דער גאָט דער גרויסער, דער שטאַרקער, דער מוראדיקער“... דאָס זעט מען ערשט רעכט אָט דאָ, אין דעם פאַרנאַכט, אונטער דעם הימל, אויפן ברעג פון דעם דניעפּער. און עס דאַוונט זיך אַזוי גוט, אַזוי זיס, אַזוי געשמאַק, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער!

## 37

# אויפֿן פּאַראָם

אַן אומגעריכטע באַגעגעניש אויפֿן פּאַראָם. — עשו, אַ קליין גויעצל, אַ משומד. — זיי האָבן זיך דערקענט. — צעגייען זיך אָן ווערטער.

די קליינע וואַזשערן־יתומים זענען נאָך נישט אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, אַז זיי האָבן דערזען פֿון דער ווייטן, אויפֿן גלאַנץ פֿונעם דניעפּער, פּריער אַ שוואַרצן קנויל, וואָס באַקומט אויפֿן שיין פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון אַלעמאָל אַנדערע פֿאַרבן. דער האָזיקער קנויל וואַקסט, ווערט אַלעמאָל גרעסער און גרעסער, טוקט זיך, פֿאַרגייט און באַווייזט זיך ווידעראַמאָל. דערנאָך האָבן זיי דערהערט אַ מאָדנעם גערויש און אַ גערודער, אַ קייקלען זיך פֿון רעדלעך און אַ קרעכץ פֿון אַ שטריק. האָבן זיי געמאַכט בקיצור מיט דער מנחה, אויף דער גיך אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה און צוגעלאָפֿן צום ברעג, דערזען אַ גראָבן קאַנאַט, וואָס ציט זיך איבער דער ברייט פֿונעם דניעפּער, צוגעקרעמפּעוועט צו אַ קלאָץ פֿון דער זייט וואַסער. און דער קנויל איז געוואָקסן און איז אויסגעוואָקסן אין אַ מין הילצערנער מגושמדיקער בריאה, אַ מין באַשעפֿעניש אינעם געשטאַלט פֿון אַ שטוב, וואָס רירט זיך און שווימט אויפֿן וואַסער. אויבן, אויפֿן רוקן פֿונעם באַשעפֿעניש, געפֿינט זיך עפּעס אַ מין רעדל, וואָס דרייט זיך, און מיטן כּוח פֿון אָט דעם רעדל רירט זיך אָט דאָס מגושמ־דיקע באַשעפֿעניש איבערן וואַסער, פּאַמעלעכן, נאָר זיכער, און אַלץ נענ־טער און נענטער צום ברעג, ביז מע קאָן שוין זען דאָס באַשעפֿעניש פֿון דער נאָענט און באַטראַכטן עס פֿון אַלע זייטן, אַז דאָס איז נישט קיין באַשעפֿעניש, נישט קיין לעבעדיקע זאַך, נאָר אַזאַ מין שיף, אַ באַר־קע, אָדער אַ בערלינע, און אויף דער בערלינע שטייען פֿורן, פֿערד און מענטשן — און אָט אָ דאָס איז געווען, אייגנטלעך, דער „פּאַראָם“, וואָס

חברה האָבן אויף אים אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט, און אָט אויף דעם פּאַראָם וועלן זיי דאָס איצט זיך לאָזן פֿאָרן, אַריבערפֿאָרן דעם דניעפּער! איצט איז שוין אַ ביסל גרינגער אויפֿן האַרצן. איצט קאָן מען זיך שוין אַ ביסל צוזעצן אויפֿן זאַמד און צוּוואַרטן, ביז דער פּאַראָם וועט צוגיין און זיך אָפּשטעלן. וואָרום נישט אַזוי גיך גייט אַ פּאַראָם. ער גייט זייער פּאַוואָליניקע, קוים־קוים וואָס ער רירט זיך. די זון גייט שוין אַ סך גיכער פֿון אים. אָט איז זי נאָר־וואָס געווען אין עק הימל, און אָט גיידערט זי, ווי באַרג־אַראָפּ, זעצט זיך און זינקט און ווערט פֿאַרשוווּנדן אויף יענער זייט טייך, לאָזט איבער נאָך זיך אַ ברייטן, רויטן פֿלעק. דאָס ווינטעלע ווערט קילער און קילער. די קינדער האָבן זיך דערווייל אַוועקגעזעצט אין זאַמד. דער עלטערער האָט דאָס קליינינקע, וואָס איז אַ יאָר אַלט, אויף די הענט גענומען; דאָס עופֿהלע איז געשלאָפֿן.

דער פּאַראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט. די מענטשן מיט די פֿורן מיט די פֿערד זענען פֿאַמעלעכן, איינציקווייז און שטיל, אָן ווערטער, אַראָפּ פֿונעם פּאַראָם, און שמעון־וואָלף דער באַלעגאָלע איז אַרויף אויפֿן פּאַראָם, אויך קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט, גלייך ווי אַלע וואָלטן זיך אָפּגערעדט, אַז ס'איז „אסור להבר“. פֿריער האָט ער אַרויפֿגעפֿירט דעם וואָגן מיט די פֿערדלעך, אפֿילו נישט אויסגעשפּאַנט זיי, ווי זיין שטייגער איז, מיט דער באַליערע. דערנאָך האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו זיינע יונגע פּאַרשוינדלעך, זיי זאָלן אויך אַרויף אויפֿן פּאַראָם. נאָך אַ מינוט — און דער פּאַראָם, מיטן ווילן פֿון איין מענטשן, וואָס האָט זיך אָנגעלענט מיטן גאַנצן כּוח איבערן גראָבן קאַנאַט, איז אַוועק זיין וועג גאַנץ שטיל, אַזוי שטיל, אַז כּמעט מע הערט גאָרנישט, ווי ער גייט. עס דאַכט זיך אויס, אַז נישט דער פּאַראָם גייט אַהין, נאָר, פֿאַרקערט, דער טייך, דער דניעפּער, גייט צוריק, טרעט־אָפּ, מאַכט אַ „בואי־בשלום“, שפּייט אויס שמונה־עשרה. און ערשט דאָ זעט מען, ווי גרויס דער דניע־פּער איז, ווי ברייט און ווי שיין, גרויסאַרטיק שיין. מע פֿאָרט און מע פֿאָרט — און מע איז נאָך ווייט פֿונעם צווייטן ברעג.

די זון איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען אויף יענער זייט טייך, און די לבֿנה איז אַרויס, פֿריער אַ רויטע, דערנאָך איז זי געוואָרן ווייס, אַ העל־ווייסע, אַ זילבערנע לבֿנה. איינציקווייז, ווי שבת־ליכטלעך, האָבן זיך אָנ־געצונדן די שטערן איבערן מיטן הימל, און דער דניעפּער האָט אין אָוונט באַקומען אַן אַנדער פֿאַרב מיט אַן אַנדער פּנים, מיט אַן אַנדער געשטאַלט, גלייך ווי ער וואָלט זיך איינגעהילט אין אַ טונקל מלבוש. און אַ נייע,

פרישע, שטילע קילקייט האָט ער אַרויסגעגעבן פון זיך, אַ גלאַטע, גרינגע קילקייט. עס האָט זיך געטראַכט טויזנטער, טויזנטער מחשבות: פון דער נאַכט, פונעם הימל, פון די שטערן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם וואַסער פונעם רואיקן דניעפּער. די האָזיקע שטערן זענען דאָך יעדעס שטערנדל אַ נשמה פון אַ מענטשן... און פונעם כוח פונעם פאַראָם האָט זיך געטראַכט, ווי אַזוי איין מענטש, סך־הכל איין גויעץ, טרייבט אים. ער לענט זיך אָן מיט איין האַנט אויפן קאַנאַט, ציט דעם קאַנאַט, דרייט זיך דאָס רעדל — און דער פאַראָם גייט.

שלום איז אַ בעלן אָנצוקוקן דעם גויעץ פון דער גאָענט, ווי אַזוי ער אַרבעט ביים קאַנאַט און טרייבט דעם פאַראָם. און ער גייט צו נאָענט צום גויעץ, צום פאַראָמשטשיק. נאָך גאָר אַ יונגער גויעץ אין אַ גרויער סוויטקע, גרויסע שטיוואַלעס, און מיט אַ קוטשמע אויפן קאָפּ, הערט נישט אויף מיטן גאַנצן כוח זיך אָנצושפּאַרן אויפן מוראדיקן גראָבן קאַנאַט. שלום קוקט זיך איין אינעם דאָזיקן פאַראָמשטשיק דעם גויעץ, ווי ער אַרבעט האָט אויף אַלע כלים, מאַכט מיט דער פּלייציע אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, אַז די ביינער טרישטשען! „עשו — טראַכט זיך שלום ביי זיך אין הארצן — עשו!... דאָס קאָן גאָר אַ גוי, נישט קיין ייד. ווי קומט אַ ייד צו אַזאַ גראָבער אַרבעט? ו א ת א ח י ך ת ע ב ו ד — און דיין ברודער וועסטו דינען — שטייט אין חומש. גאַנץ גוט, וואָס איך בין יעקבס אַן אייניקל, נישט עשוס“...

און עס טוט אים ווייַ דאָס הארץ פונדעסטוועגן אויפן דאָזיקן יונגן גויעץ, אויפן דאָזיקן עשוס אייניקל: נאָך צו אַ יונגער פאַראָמשטשיק, צו אַ יונגער עשו... און ער קוקט זיך איין און אים אין פּנים אַ ביסל נעענטער — און... ער שפּרינגט אָפּ צוריק! עס האָט זיך אים אויס־געדאַכט, אַז ער איז אים קענטלעך. קענטלעכע אויגן!... און שלום פילט זיך נישט, גייט צו נאָכאַמאָל, שוין גאָר נאָענט, צום גויעץ: ס'איז גאָר־נישט קיין גויעץ — ס'איז נאָך גאָר אַ יונגער שייגעץ, מיט אַ מוראדיק פאַרשוואַרצט, פאַרגרעבט פּנים, מיט מוראדיק פאַרשוואַרצטע, פאַרגרעב־טע הענט. אויגן — יידישע, און הענט — גויישע... און ער דערמאָנט זיך אינעם פּסוק: „והידים ידי עשו“ — עשוס הענט... נאָר למאי איז ער אים אַזוי קענטלעך? וווּ האָט ער אים געזען?...

און ער הייבט זיך אָן צו גראָבן אין זיינע זכרונות, און עס קומט אים אויפן זינען איינער פון זיינע וואָראָנקאָווער חברים, בערל דער אַלמנהס, אַ שוואַרצער בחור מיט מגושמדיקע גרויסע ציין. נישט שוין

זשע איז האָט ער? גיין, עס קאָן נישט זיין! עס דאַכט זיך אים גאָר אויס!... נאָר, רבונו־של־עולם! ס'איז דאָך פֿאָרט ער!... דאָס גויעצל, דערזען, אַז מע קוקט זיך אין אים איין, האָט ער נאָך מער אָנגערוקט דאָס היטל, נאָר מן־הצד געכאַפּט אַ קוק אויף דעם, וואָס באַטראַכט אים אַזוי געשמאַק. זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט און — זיי האָבן זיך דערקענט...

דאָס דאָזיקע אומגעריכטע באַגעגעניש רופֿט אַרויס אַ שלל מיט געדאַנקען: בערל אַ גוי? אַ ייד אַ גוי?... און ער דערמאָנט זיך, אַז מע האָט נאָך דעמלט געהאַט געזאָגט, אַז בערל האָט זיך געשמדט... נישט אומזיסט האָט מען נאָך דעמלט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ „מומר־להכעיס“... צוגיין צו אים, לאָזן זיך דערקענען, אויספֿרעגן זיך ביי אים — דערלאָזט אים עפּעס נישט, שלומען. עס פֿילט זיך אַ פֿרעמדקייט, אַ דערווייטערטקייט, אַ קעלט און צו גלייכער צייט — אַ רחמנות. אַ רחמנות אויף אַ יידן, וואָס איז געוואָרן אַ גוי. צוליב וואָס? צוליב דעם, ער זאָל אָנטאָן אַ גרויסע סוויטקע, אַ גרויס מאָכנאַטע היטל און ווערן אַ העלפֿער ביים פּאַראָמשטשיק, אַ באַטראַק?... און דער „באַטראַק“ — גאָרנישט! ער זאָל אפֿילו אַ ריר טאָן זיך. אפּנים, ער קאָן נישט קוקן זיין חבר אין די אויגן אַריין... ער קוקט אַראָפּ, אין וואַסער אַריין, גלייך ווי מע זעט עפּעס דאָרטן. בערל דער גויעץ האָט זיך נאָך מער איינגעהילט אין דער סוויטקע, נאָך מער אָנגערוקט דאָס היטל, באַשפּיגן מיט ביידע הענט און אַ נעם געגעבן זיך צו דער אַרבעט נאָך מיט מער פֿרישקייט, אָנגעלענט זיך מיט אַלע כוחות אויפֿן מוראדיק גראָבן קאַנאַט. דער קאַנאַט האָט געקרעכצט. די רעדלעך האָבן זיך געקוויקלט. דער פּאַראָם האָט זיך געגליטשט אַלץ ווייטער און ווייטער — מען איז געקומען צו פֿאָרן.

— קריכט אין וואָגן! — האָט דער שוויינדיקער באַלעגאָלע אויסגעקאָמאַנדעוועט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אַרויסגעקוויקלט מיטן וואָגן פֿונעם פּאַראָם, געגעבן אַ שמייס די פֿערדלעך, מכבד געווען זיי מיט די ווערטער „כאַליערע“ און „פּגירות“ — און איז אַוועק, איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם דניעפּער מיטן פּאַראָם מיטן באַטראַק פֿונעם פּאַראָמשטשיק, וואָס איז נעבעך געווען אַמאָל אַ יידיש קינד, יעקב אבינוס אַן אייניקל. און היינט וואָס? נעבעך! נעבעך!...

38

# אין באָהסלאַוו אויף דער „טאַרהאָוויצע“

אָנגעקומען קיין באָהסלאַוו גלייך אויפן יאַריד. — זיי ווייסן נישט, וואָסער משה־יאָסע איז זייער זיידע. — אַ ייד מיט אַ טלית־קטן נעמט זיך אונטער ברענגען די קינדער צום זיידן.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, אַז די קליינע וואָיאַזשערן־יתומים זענען אַריינגעפאָרן מידע, הונגעריקע און שלעפעריקע אין דער שטאָט באָהסלאַוו. פון יענער זייט וואַלד האָט זיך אויפגעהויבן די זון, אַ קלאָרע, אַ בריליאַנטענע, אַ וואַרעמע זון. צום אַלעם ערשטן זענען זיי דורכגעפאָרן פאַרביי אַ מוראדיק גרויסן בית־עולם, מיט אַזויפיל מצבות מיט אָפגעריבענע אותיות „ת.נ.צ.ב.ה.“, אַז לויט דעם רייכן בית־עולם האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די שטאָט איז מי יודע וואָס פאַר אַ כרך! פונעם בית־עולם איז מען אַריין גלייך אין דער „טאַרהאָוויצע“ — אַ מאַרק אָדער אַ מין יאַריד אַזעלכער, וווּ אַלץ איז אויסגעמישט אינאיינעם: גויים, און פערד, און בהמות, און חזירים, און ציגיינער, און וועגן, און רעדער, און כאָמאָטעס, און יידן פון כל המינים: יידן מיט פעלכלעך, יידן מיט הוטלען, יידן מיט „קראַסנע“ סחורה, יידן מיט בולקעס, מיט אייערבייגל, מיט קיכלעך, מיט עפּלקוואַס און מיט וואָס איר ווילט. הייגט ווייבער! ווייבער מיט קאָשיקעס, ווייבער מיט עפּעלעך, און ווייבער מיט עופות, און ווייבער מיט געפּרעגלטע פיש, און גלאַט ווייבער. און דאָס אַלץ רעדט און קוויטשעט און גראַגערט. און די פערד מיט די בהמות מיט די חזירים העלפן אונטער. און די בעטלערס זינגען און שפּילן אויף דער לירע — מען קאָן טויב ווערן. און אַ שטויב שטייט אַזעלכער, וואָס מע זעט קוים איינס דאָס אַנדערע. און ריחות אַזעלכע, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערן.

חבריה זענען געקומען אין אַ גוטער צייט — אין אַ מאַרק־טאָג. דער

באַלעגאָלע האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן מיט זיין בויך דורכן יאַריד, אָנ=
געווינטשעוועט דער שטאָט מיטן יאַריד אַכצן כאָליערעס, ווי זיין שטייגער
איז, ביז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער רעכטער שטאָט אַריין, וואָס
כאַפּט שטאַרק דעם אָנבליק פונעם בית=עולם — די זעלבע איינגעפאַלענע
שטיבלעך=מצבות, צווישן וועלכע עס וואַרפן זיך דורך ווי=גישט=ווו אַ פּאָר
נייע הייזלעך אויך, וואָס זעען אויס פרעמד, ווי נגידישע מחותנים, איינגע=
לאַדן אויף אַן אָרעמער חתונה — און דאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן
דער אמתער טומל: שמעון=וואָלף דער באַלעגאָלע האָט געוווסט, אַז מע
האָט אים באַשטעלט, ער זאָל אָפּפירן זיינע יונגע פאַרשווינדלעך קיין
באָהסלאַוו, צו זייערן אַ זיידן מיט אַ באָבע. מע האָט אים אפילו אָנגערופן
דעם נאָמען פון דעם זיידן מיט דער באָבען, נאָר ער האָט שוין פאַרגעסן.
ווייסט זיי דער שוואַרצער יאָר! שמעון=וואָלף האָט זיך געשווירן, אַז
דעם גאַנצן וועג האָט ער זיי געדענקט, ווי איר זעט אים אַ יידן, און ווי
נאָר ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם האָזיקן יאַריד, אַזוי זענען זייערע נע=
מען אַרויסגעפלויגן ביי אים פונעם קאָפּ — אַ כאָליערע!... (אויף וועמען —
זאָגט ער נישט).

דערווייַלע קומט צו אַ ייד, און נאָך אַ ייד, און נאָך אַ ייד, און נאָך
צוויי יידן, און נאָך דריי יידן, און ווייטער פון כל המינים, ווייבער מיט
קאָשיקעס און ווייבער אָן קאָשיקעס, און עס ווערט אַ האַרמידער מיט
אַ רעדעריי — אַלע רעדן זיי אינאיינעם און מע דערציילט איינס דאָס
אַנדערע הידושים: אַז עפּעס קינדער האָט אַ באַלעגאָלע געבראַכט צו
פירן. — פון וואַנען? — פון יענער זייט הניעפּער. — פון רזשישטשעוו?
— וואָס עפּעס רזשישטשעוו? פאַרוואָס נישט קאָניעוו? — נישט פון
רזשישטשעוו, נישט פון קאָניעוו, נאָר פון פּערעיאַסלאַוו! — וווהין? —
איר זעט דאָך וווהין — נים קיין יעהופּעץ, קיין באָהסלאַוו האָט ער זיי
געבראַכט צו פירן. — צו וועמען? — הערסטו, מע זאָל וויסן, צו וועמען,
וואָלט דאָך גוט געווען! צו אַ זיידן, זאָגט ער, צו זייערן אַ זיידן. —
וואָסער זיידן? — הערסטו, מע זאָל וויסן, צו וואָסער זיידן, וואָלט דאָך
גוט געווען!...

שאַט! ווייסט איר וואָס? לאָז מען אַ פרעג טאָן ביי די קינדער, ווי
אַזוי הייסט דער זיידע זייערער; זיי קערן וויסן. — פון וואַנען זאָלן זיי
וויסן? — פאַרוואָס זאָלן זיי נישט וויסן?... ביז עס רוקט זיך אַרויס איינער
אַ ייד, וואָס פאַרקויפט בייגל, מיט אַ צעשפּאָלטענעם דאַשעק אויפן קאַש=
קעט. מיט ביידע עלנבויגנס שטופּט ער פאַנאַנדער דעם עולם:

— לאָזט מיך! איך וועל זיי פרעגן. קינדער! ווי אַזוי רופט מען אייער זיידן?

די קינדער זענען פונעם האַרמידער מיטן געשריי גאָר צעטומלט. נאָר פונדעסטוועגן דערמאָנען זיי זיך, אַז ער הייסט משה־יאָסע. יאָ, משה־יאָסע הייסט ער. — געוויס משה־יאָסע? — געוויס!... ווייסט מען שוין, הייסט עס, אַז דער זיידע זייערער הייסט משה־יאָסע. בלייבט איבער איין זאַך: וואָסער משה־יאָסע? פאַראַן עטלעכע משה־יאָסעס. פאַראַן משה־יאָסע דער סטאָליער, משה־יאָסע דער בלעכער, משה־יאָסע לאָה־דוואָשעס און משה־יאָסע דעם האַמאַרניקס. נאָר פרעגט זיי עפּעס גרינגערס!

— שאַ, ווייסט איר וואָס? ווי אַזוי רופט מען אייער טאַטן? — דאָס זאָגט שוין אַן אַנדער ייִד, נישט יענער פון די בייגל, נאָר אַ ייִד מיט אַ טלית־קטן, ווייזט אויס — אַ בית־מדרש־ייִד. די קינדער זאָגן, אַז זייער טאַטן רופט מען נחום. דערהערט אַזאַ זאַך, שטופּט דער ייִד מיטן טלית־קטן אַוועק אַלע אַנדערע ייִדן און נעמט די קינדער אויף אַן אמתן „דאָפּראָס“:

— אייער טאַטן, זאָגט איר, רופט מען נחום? הייסט ער נישט ראַבינאָוויטש?

— ראַבינאָוויטש.

— און אייער מאַמע האָט געהייסן חיה־אסתּר?

— חיה־אסתּר.

— איז זי געשטאָרבן?

— געשטאָרבן.

— פון דער כאָליערע?

— פון דער כאָליערע.

— אָט אַזוי זשע רעדט!

דער ייִד מיטן טלית־קטן דרייט זיך אויס צום גאַנצן עולם. דאָס פּנים שייַנט אים.

— אויב אַזוי, פרעגט מיך, איך וועל אייך זאָגן אַקוראַט! זייער זיידע איז משה־יאָסע דעם האַמאַרניקס, זייער באָבע איז גיטל משה־יאָסע דעם האַמאַרניקס. זייער זיידע, משה־יאָסע, הייסט עס, ווייסט שוין, אַז זיין טאָכטער חיה־אסתּר איז געשטאָרבן פון דער כאָליערע, נישט דאָ געדאַכט, און זייער באָבע, גיטל משה־יאָסעס, ווייסט נאָך נישט. מע וויל איר נישט אָנזאָגן די בשורה: אַן אַלטע ייִדענע, אַ קאַליקע נעבעך...

דער ייד מיטן טלית־קטן דרייט זיך אוים צו די קינדער מיטן זעלבן שיינענדיקן פנים:

— קריכט אַראָפּ, קינדער, פון וואָגן, וועט מען אייך ווייזן, ווו אייער זיידע זיצט. צופאָרן אַהין קאָן מען נישט — צו אַ שמאָל געסל. סיידן פון יענער זייט? וועט מען אָבער נישט קאָנען אויסקערעווען זיך מיטן וואָגן. ווי מיינסטו, מאָטל, מע וועט קאָנען?...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן צו אַ יונגנמאַן מיט אַן אויסגעבויגענער נאָז, וואָס הייסט מאָטל. מאָטל פאַררוקט דאָס היטל אַרויף:

— פאַרוואָס זאָל מען נישט קאָנען?

— פאַרוואָס? פאַר שבת! האָסט פאַרגעסן, אַז הערשקע איצע־ליאַבעס בויט אַ שטאַל פון יענער זייט?

מאָטל טוט זיך נישט קיין ריר און פרעגט ווייטער:

— און אַז ער בויט אַ שטאַל פון יענער זייט, איז וואָס?

— וואָס הייסט איז וואָס? האָט ער אָנגעפירט געהילץ!

— אָנגעפירט געהילץ? לאָז אים וויל באַקומען!...

— וואָס איז צו רעדן מיט אַ שטיק האָלץ?!...

און וואָס מער מאָטל איז רואיק, היצט זיך יענער אַלץ מער, ביז ער גייט אַרויס פון די כלים, טוט אַ שפּיי אויף מאָטלען, רופט אים אָן מיטן נאָמען „שוטה בן פּיקהאָלץ". ער נעמט די קינדער פאַר אַ האַנט: „קומט, קומט מיט מיר — איך וועל אייך צופירן. מע דאַרף גיין צו־פוס". און דער ייד מיטן טלית־קטן און מיטן שיינענדיקן פנים לאָזט זיך מיט די יונגע וואָאַזשערן־יתומים פונעם יאַריד אַרויס צופוס, צו זייער זיידן משה־יאָסע און צו זייער באָבע גיטל.

39

# אַ שיינער ברוך־הבא

די געלוימטע באָבע גיטל. — דער זיידע משה־יאָסע מיט דער בולבעוואַטער נאָז און געדיכטע ברעמען. — דער פעטער איצע און די מומע סאָסיע.

די פּערעיאַסלאַווער יתומים האָבן געהאַט דאָס רעכט פאַרצושטעלן זיך דעם זיידן משה־יאָסעס שטוב — אַ מין פּאַלאַץ. דער זיידע משה־יאָסע אַליין האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט אַ פּאַטריאַרך אין אַ זיידענער זשופּיצע. אַ קליינינקייט — מע זאָגט, זיי זענען אַזוי רייך, אַזוי רייך! צום סוף האָט זיי דער בית־מדרש־ייִד מיטן שיינענדיקן פּנים צוגעפירט צו אַ גאַנץ געוויינלעך שטיבל, פּראַוודע מיט אַ גלעזערנעם גאַניק, און האָט זיי אַ זאָג געגעבן: „אָט־אָ־דאָ זיצט אייער זיידע, משה־יאָסע האַמאַרניקס“. אַליין איז דער ייִד נעלם געוואָרן. ער האָט נישט געוואָלט זיין דערביי. די קינדער האָבן דורכגעשפּאַצירט דעם גלעזערנעם גאַניק, געפּנט די טיר און דערזען פאַר זיך אַקעגן דער טיר, אויף אַ הילצערן בעט, זיצן אַ מענטש, נישט קיין מענטש, אַ באַשעפעניש, נישט קיין באַשעפעניש, אינעם געשטאַלט פון אַ נקבה, אָן פּים, מיט עפּעס מאָדנע אויסגעדרייטע הענט. די ערשטע מינוט האָבן זיי געוואָלט גיין צוריק. נאָר דאָס באַשעפעניש האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין זיי מיט אירע גלאַנצנדיקע רווּמע אויגן און האָט מיט אַ זייער אָנגענעם קול אַ פרעג געטאָן ביי זיי: „ווער זענט איר, קינדער?“ עפּעס אייגנס, נאָענטסט, האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם קול, און די קינדער האָבן איר אַ זאָג געגעבן: „אַ גוט מאָרגן, מיר זענען פון פּערעיאַסלאַוו“...

דערהערט דאָס וואָרט „פּערעיאַסלאַוו“ און דערזען אַ גאַנץ רעמל מיט קינדער, צווישן זיי אַ מיידעלע נאָך קיין יאָר נישט אַלט, האָט די

אַלטע באַלד אַרומגעכאַפּט די גאַנצע טראַגעדיע, און זי האָט פאַרבראָכן מיט אירע אויסגעדאַרטע הענט און אויסגעשריגן אויף אַ קול:

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר! אוי, אַ דונער איז מיר! מיין חיה=אסתר איז געשטאָרבן! — און גענומען זיך שלאָגן מיט די הענט אין קאָפּ. — משה=יאָסע! משה=יאָסע! וווּ ביסטו? אַהער גיי! משה=יאָסע!

אויף איר געשריי איז געקומען צו לויפן פון אַ זייטיק אַלקערל אַן אַלטער, אַ נידעריקער, אין טלית און תפילין, מיט אַ משונה מגושמדיק פּנים, מיט אַ ברייטער בולבעוואַטער נאָז, מיט מוראדיק גרויסע געדיכטע ברעמען, אָנגעטאָן אין שמאַטעס און אין שקראַבעס. — „אָט דאָס איז דער זיידע משה=יאָסע? אָט דער איז האָס אַזוי רייך? אַזוי רייך?“...

דאָס ערשטע, וואָס דער זיידע משה=יאָסע האָט געטאָן — ער האָט גענומען שרייען אויף די קינדער, ביזערן זיך און מאַכן אויף זיי מיט די הענט. און מחמת ער האָט געהאַלטן אין מיטן דאַווענען און נישט געטאָרט, אפּנים, מפסיק זיין, האָט ער גערעדט צו זיי אויף לשון=קודש: „אי=אָנו, רוצחים! גזלנים!“... און צו דער אַלטער האָט ער געזאָגט אויך לשון=קודש, און דאָס קול האָט געציטערט: „אי=אָנו, ידעתי... בתי... ה׳ נתן וה׳ לקח!“...

דאָס האָט באַדאַרפט הייסן, אַז ער ווייסט, אַז די טאָכטער איז געשטאָרבן, און דער גאָט וואָס האָט געגעבן, דער אייגענער גאָט האָט גענומען... האָט דאָס אָבער דער אַלטער ווינציק=וואָס באַרואיקט, און זי האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגן און צו שלאָגן זיך מיט די הענט אין קאָפּ און צו שרייען: „חיה=אסתר! מיין חיה=אסתר איז געשטאָרבן!“ — ביז עס זענען זיך צונויפגעלאָפן נאָך מענטשן, עפּעס אייניגער אַ ייד מיט אַזעלכע לאַנגע פּאות, וואָס די קינדער האָבן אַזעלכע אין פּערעיאַסלאַוו נישט באַגעגנט. דאָס איז געווען זייער מאַמעס אייגציקער ברודער, דער פעטער איצע. נאָכן פעטער איצע איז אַריינגעפאַלן אַ יידענע מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און מיט אַ פאַלאָניק פון קיך. דאָס איז געווען זיין ווייב — די מומע סאָסיע. און מיט איר איז אַריינגעקומען אַ מיידעלע מיט רויטע בעקלעך און מיט קליינע ליפּעלעך — זייערע אַ בית=יהודקע, אַ שייניקע, נאָר אַ שעמעוודיקע, מיטן נאָמען חוה=ליבע. און אַחוץ זיי זענען זיך צונויפגעלאָפן נאָך יידן און ווייבער. נאָענטע שכנים, און אַלע מיטאַמאָל האָבן גענומען רעדן, טרייסטן די באָבע גיטל מיט ווערטער: אַז ווייבאַלד די טאָכטער איז שוין טויט, הייגט וואָס וועט העלפן דער געוויין? און דאָס, וואָס די ערד דעקט צו,



„פיר זענען מיר געווען“ — ח. נ. ביאַליק, מ. בן־עמי, שלום־עליכם און מענדעלע (גענף 1907)

איז דאָך פאַרפאַלן. און די יונגע געסט האָט מען אַחוץ גענומען זאָגן מוסר, אַז מע קומט נישט אַריין אָט אַזוי, הולאָם אויף דער קאַראַבקע, און מע זאָגט נישט אָן יענעם גלייך אַזאַ בשורה... כאָטש גאָט איז יודע דעם אמת, אַז די קינדער האָבן, אייגנטלעך, גאָרנישט אָנגעהויבן צו „זאָגן".

דערווייל האָט דער זיידע משה־יאָסע אויסגעטאָן דעם טלית און תפילין און האָט פון זיין זייט גענומען פירהאַלטן די אייניקלעך, למאי זיי זענען נישט אַריינגעקומען פריער צו אים. זיי זאָלן זיין בעלי־דרך־ארץ, וואָלטן זיי באַדאַרפט זיך זען פריער מיט אים, פאַוואָליניקע איבעררעדן, וואָלט ער, דער זיידע הייסט עס, פאַוואָליניקע איבערגערעדט מיט דער באָבע, זי צוגעגרייט ביסלעכווייז, נישט אַזוי, העגדום־פענדום! אַזוי טוט מען אַ מענטשן...

דאָס האָט שוין, אפנים, די באָבע גיטל נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, און ווי ווייט דער בראָך איז נישט געווען פאַר איר גרויס, איז זי אָנגעפאַלן אויפן זיידן.

— אַלטער דורען! וואָס האָסטו צו די קינדער געבעדט! וואָס זענען זיי שולדיק? פון וואַנען זאָלן זיי דיר וויסן, אַז דו ליגסט דאָרט ערגעץ אויף די פעלצן און דאַוונסט? אַ שיינער ברוך־הבא! קומט אַהער, קינדערלעך, צו מיר. ווי אַזוי רופט מען אייך?

און אייניקווייז האָט זי צוגערופן צו זיך די קינדער, און אייניקווייז האָט זי זיי אויסגעפרעגט ביי די נעמען, געגלעט און געקושט און באַנעצט מיט אירע געזאַלצענע טרערן, באַוויינט שוין נישט איר טאָכטער, נאָר די קליינע עלנטע יתומימלעך געבעדט... זי האָט זיך געשוווירן, אַז זי האָט כמעט געוווסט, אַזוי זיכער, ווי ס'איז היינט טאָג אויף דער גאַנצער וועלט, אַז איר היה־אסתר איז געשטאָרבן, וואָרום ס'איז שוין עטלעכע נעכט, אַז זי קומט צו איר צו חלום און פרעגט זיך אַלץ נאָך אויף אירע קינדער, זי זאָל איר זאָגן, ווי געפעלן איר אירע קינדער?...

— לאָז מען זיי געבן עפעס עסן! משה־יאָסע, וואָס שטייסטו, ווי אַ נעבעכיקער? זעסט דאָך, אַלטער דורען, אַז די קינדער זענען געבעדט פאַרשמאַכט, אויסגעהונגערט און נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. ווינד איז מיר — אַבי ער זאָגט זיי מוסר! אַ שיינער זיידע! אַ שיינער ברוך־הבא!...

40

# צווישן פעלצן

דעם ייִדנס בוכהאַלטעריע. — זיין מוסר=זאָגן, זיינע ספרים און זיין צדקה. — וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען. — דעם ייִדנס עקסטאַז.

דאָס ערשטע, וואָס דער ייִדע משה=יאָסע האָט פאַרגענומען פאַר זיינע אייניקלעך, אַז זיי האָבן אָפּגעדאַוונט און אָפּגעגעסן — ער האָט זיי פאַרהערט.

פאַרגעקומען איז דער עקזאַמען טאַקע ביי אים, אין זיין חדר מיוחד, וואוהין קיין בן=אדם האָט נישט געטאָרט אַריינקומען. נישט געטאָרט און נישט געקאָנט, וואָרום ס'איז נישט געווען ווו.

דאָס איז געווען אַ חדרל עטוואָס גרעסער פון אַ שטייג, וווּ מע האַלט עופות. אין דער האָזיקער שטייג האָט זיך געפונען, ערשטנס, דער ייִדיע, דערנאָך זיינע ספרים, גאַנץ ש״ס און פוסקים און קבלה=ספרים, און חוץ לזה זענען דאָרטן געווען משכנות: זילבערנע לעפל, טעצלעך, הדסלעך און לעמפּלעך, קופּערנע פאַנען, סאַמאָוואַרן, ייִדישע קאַפּאָטעס, גוישע קאַרעלן, סוויטקעס און פעלצן, דערהויפּט פעלצן, אָן אַ שיעור פעלצן!

דאָס איז געווען אַ מין לאָמבאַרד, געפירט פון דער באָבע גיטל שוין פון יאָרן=לאַנג. זיצנדיק אַ געליימטע אין בעט, האָט זי געפירט דאָס געשעפט ביד רמה, געהאַלטן דאָס ביסל מזומן ביי זיך אונטער די קישנס, נישט צוגעלאָזט צו דער קאַסע קיינעם. נאָר אויף די משכנות האָט געוועלטיקט דער ייִדיע. צונעמען אַ משכון און אַרויסגעבן אַ משכון — דאָס איז געווען זיין אַרבעט. אָנגעדענקען זיך, צו וועמען וואָסער משכון עס געהערט — האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. עס קאָן זיין, אַז דער ייִדיע משה=יאָסע האָט טאַקע געהאַט אויף זיך אפשר אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, האָט ער זיך אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף זיין

מיניסטערשן קאָפּ אַליין. אַ קשיא, וואָס סע מאַכט זיך! איז ער געפאַלן
אויף אַ המצאה — זיין אייגענע המצאה: אויף יעדן משכון האָט ער צו=
גענייט מיט אַ נאָדל=פאָדעם — און דווקא אַליין — אַ שטיקל פּאַפּיר, און
אויף יעדן שטיקל פּאַפּיר האָט ער אָנגעשריבן מיט זיין האַנט: „זה
הקאַפּאָטע שייך לבערל“. אָדער: „זה הפּעלץ שייך
להערל איוואַן“. אָדער: „זה הקאַרעלן שייך להער
לית יאוודאָכע“. איי, ס׳האָט זיך געמאַכט אַמאָל, אַז בערל איז
געקומען צו גיין אויסקויפן די קאַפּאָטע און מען האָט אים אַרויסגעגעבן
אַן אַנדערנס אַ קאַפּאָטע, וואָס יענער הייסט אויך בערל? — איז דאָ אַן
עצה: מע טראָגט אַרויסביידע בערלס קאַפּאָטעס, און מע הייסט אים, ער
זאָל דערקענען. אַ ייד וועט דאָך נישט גיין זאָגן אויף אַ פרעמדער קאַפּאָ=
טע, אַז ס׳איז זיינע. זעט איר, מיט אַ גוי, אַז סע מאַכט זיך אַזאַ זאַך,
איז שוין נישט אַזוי גוט. איז דערצו אויך דאָ אַ המצאה (אַ ייד אַ למדן
גיט זיך אַן עצה): מע הייסט איוואַנען, ער זאָל זיך מטריח זיין זאָגן עפּעם
אַ סימן אויף זיין פּעלץ. יעדער איוואַן קען אַזוי גוט זיין פּעלץ, אַז עפּעם
אַ סימן מוז ער אויף אים האָבן. ס׳איז לאו ימלט! פונדעסטוועגן, נישט
קוקנדיק אויף די אַלע המצאות, זענען גאַנץ אָפטלעד אַרויס מיאוסע
מחלוקתן צווישן דער באָבען מיטן זיידן. די באָבע האָט אַלץ געטענהט
צום זיידן:

— איך פרעג דיך, אַלטער דורען וואָס דו ביסט, אַז דו האַלטסט
שוין ביים שרייבן און שרייבסט שוין יאָ „זה הקאַפּאָטע שייך לבערל“ —
וואָס וועט דיר אַרן, אַז דו וועסט שוין צושרייבן נאָך איין וואָרט — „בערל
זאַיקע“? אָדער, אַז דו שרייבסט שוין יאָ „זה הפּעלץ שייך להערל אי=
וואַן“ — שרייב שוין אינגאַנצן דעם נאָמען זיינעם: „איוואַן זלאָדי“. אָדער:
זה הקאַרעלן שייך להערלית יאַוודאָכע די קאַרנאָסע“...

איז אָבער דער זיידע משה=יאָסע — ס׳זאָל אים צו קיין חרפּה נישט
זיין אויף יענער וועלט — געווען במחילת=כבודו אַ מוראַדיקער עקשן. אָט
דווקא ווייל זי וויל אַזוי, וויל ער נישט. און ער איז געווען נישט אינגאַנצן
אומגערעכט: אַ יידענע אַ קאַליקע, ליגט אין בעט — און פאַרגינט זיך
אַזוי צו קאָמאַנדעווען מיט אַ מאַן, אים רופן „אַלטער דורען“ פאַר די איי=
ניקלעך אין די אויגן! ער איז דאָך עפּעס נישט קיין אַבי=ווער — רב משה=
יאָסע דעם האַמאַרניקס! אַ ייד, וואָס זיצט יומם ולילה על התורה ועל
העבודה. אָדער ער לערנט, אָדער ער דאַוונט. הייגט פאַסט ער אַלע תעניתים
אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, און קיין שטיקל פלייש קומט גלאַט

נישט אַריין אין מויל אַריין צו אים אַ גאַנצע וואָך, חוץ שבת און יום־טוב. אין שול קומט ער פריער פון אַלעמען און גייט אַרויס שפּעטער פון אַלע־מען. מאַכט קידוש דעמלט, ווען אַלע יידן שלאָפן שוין — וואָרטשעט זי טאַקע, די באָבע גיטל, און בייזערט זיך. מילא, פאַר זיך אַרט איר שוין נישט — זי איז שוין געוווינט געוואָרן צו הונגערן. אָבער אויף די קינ־דער נעבעך, אויף די יתומים, איז אַ רחמנות!

פון אַלע קינדער די יתומים האָט דער זיידע משה־יאָסע ליב געקריגן גאָר איינעם — שלומען. טאַקע אַ שקאָץ, אַ ייִנגל אַ ברען, דערפאַר אָבער אַ גוט קעפּל. פון אים וואָלט געקאָנט זיין אַ לייט, ער זאָל נאָר אַ ביסל מער וועלן זיצן מיטן זיידן אין זיין הדר מיוחד, צווישן די פעלצן, און נישט האָבן קיין טבע לויפן מיט באָהסלאַווער ייִנגלעך צום „ראָס", זען ווי מען כאַפּט פיש, אָדער אין וואַלד אַריין טרייסלען באַרלעד, אָדער נאָך אַזעלכע קונדעסערייען.

— דיין טאַטע זאָל זיין אַ מענטש — אַזוי האָט דער זיידע מיט אים איינגעטענהט — דיין טאַטע זאָל נישט זיין אָנגעשטעקט מיטן תנ"ך און מיטן דקדוק און מיט משה דעסעווער און מיט די איבעריקע אפּיקור־סישע געווג, וואָלט ער דיך על־פּי יושר באַדאַרפט איבערלאָזן דאָ ביי מיר כאָטש אויף עטלעכע זמנים, וואָלט איך דיך מיט גאָטס הילף געמאַכט פאַר אַ ערלעכן ייִדן. עס וואָלט פון דיר אַרויס דער אמתער חסיד מיטן אמתן בעל־קבלה מיטן אמתן ברען. און אַזוי וואָס וועט פון דיר זיין? אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ פּוסטעפּאַסטניק, אַ שייגעצל, אַ קנאַקער, אַ פייפער, אַ ימח־שמוניק, אַ דער־רוח־ווייסט־וואָס, אַ הולטיי, אַ רשע־מרושע, אַ שמדילניק, אַ מחלל־שבתניק, אַ טריפניאַק, אַ פּושע באלקי ישראל!...

— משה־יאָסע! טאָמער וואָלט געווען גענוג מוטשען אַ קינד?

„לאַנג לעבן זאָל די באָבע גיטל!" — טראַכט זיך דער אויסגעלייזטער פונעם זיידנס הענט, אויף וועמען עס וואַרטן שוין באָהסלאַווער ייִנגלעך־קונדסים אין דרויסן.

פונדעסטוועגן זענען געווען מינוטן, וואָס דער זיידע משה־יאָסע איז אים געווען אויך צום האַרצן, ליב און טייער. איינמאָל האָט ער אים גע־טראָפן זיצנדיק מיטן טלית־זאַק און מיטן דער האַנט ביי דער באָבע אין בעט. ער האָט זי עפּעס זייער שטאַרק געחנפעט, גערעדט שטילערהייט, געדונגען זיך און געבעטן ביי איר נאָך געלט, און זי האָט נישט געוואָלט געבן מער. דאָס האָט ער זיך געדונגען נישט פאַר זיך — פאַר צדקה,

פאַר זיינע אָרעמע חסידים, וואָס אין קלויז, און זי האָט געטענהט איינס: „מע האַרף נישט. זי האָט אירע אייגענע יתומים — אויף זיי איז מער רחמנות“...

נאָך איין מאָל האָט ער געטראָפן דעם זיידן זיצן ביי זיך אין חדר מיוחד, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן, די אויגן צוגעמאַכט, עפּעס גאָרנישט בהאי עלמא. און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבן ביי אים די אויגן געשיינט און געלויכטן, און זיין מגושמדיק פּנים האָט אויסגעזען שוין נישט אַזוי מגושמדיק. „די שכינה האָט אויף אים גערוט“... און ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין, און מיט אַ שמייכל אויף די מוראדיק גרויסע געדיכטע וואָנסעס:

— אדום וועט לאַנג נישט געוועלטיקן... די ישועה איז שוין נאָענט, נאָענט, נאָענט!... קום אַהער, מיין קינד, זיץ אַ ביסל, וועלן מיר שמועסן פונעם קץ, פון משיחן — וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען...

און דער זיידע משה=יאָסע האָט גענומען דערציילן פאַר זיין אייניקל, וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען, מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזויפיל חיין, און מיט אַזעלכע פלאַמענדיקע פאַרבן, אַז דעם אייניקל האָט זיך נישט געוואָלט אָפּטרעטן פונעם זיידן, און נישט ווילנדיק איז אים געקומען אויפן זינען זיין ערשטער און זיין בעסטער חבר שמואליק. דער חילוק צווישן די צוויי איז געווען דער, וואָס שמואליק האָט גערעדט פון אוצרות, מכשפים, פּרינצן און פּרינצעסינס — אַלץ פון אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען שייך צו דער וועלט; און דער זיידע משה=יאָסע האָט מבטל געווען די וועלט לגמרי און האָט זיך איבערגעטראָגן אינגאַנצן, אינאיינעם מיטן אייניקל, וואָס האָט אים אויסגעהערט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג, אַהין, אויף יענער וועלט, דאָרטן, צווישן סאַמע צדיקים און מלאכים און שרפים און כרובים, נישט ווייט שוין פונעם כסא=הכבוד, גאָר=גאָר נאָענט שוין מאַקע צו אים אַליין, צום מלך מלכי המלכים הקדוש=ברוך=הוא... דאָרטן זענען געווען דער שור=הבר מיטן לויתן, און דער טייערסטער בוימל, וואָס הייסט „אפרסמון“, און דער טייערסטער וויין, דער „יין המשומר“, און צדיקים זיצן און לערנען און האָבן הנאה פון דער שכינה און פונעם „אור הגנוז“, פון יענער ליכטיקייט, וואָס בעת גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, האָט ער געזען, אַז די מענטשן זענען נישט ראוי צו אַזאַ ליכטיקייט, האָט ער עס איבערגעלאָזט אויף לעתיד=לבוא... און הקדוש=ברוך=הוא אַליין, כביכול, בכבודו ובעצמו, שטייט און באַדינט זיי, די צדיקים, ווי אַ טאַטע. און פון אויבן, פונעם הימל, לאָזט זיך אַראָפּ

פונקט אויפן זעלבן אָרט, ווו דאָס אַמאָליקע בית=המקדש איז געשטאַנען, אַ נײַ בית=המקדש, פון סאַמע גינגאָלד און פון די טײַערסטע שטײנער, דימענטן און בריליאַנטן. און די כּהנים דוכנען, און די לוִיִים זינגען, און דוד המלך קומט אַרויס אַקעגן מיט אַ פידל און זינגט: „ר נ נ ו צ ד י= ק י ם ב יי! ב יי!“...

דאָ הייבט אָן דער זיידע משה=יאָסע זינגען אויף אַ קול, צוקנאַקן מיט די פינגער, און די אויגן פאַרגלאָצט ער אַרויף, און דאָס פּנים לויכט אים, און אַליין איז ער גישט בהאי עלמא: ער איז דאָרטן ערגעץ, ווייט=ווייט, אויף י ע נ ע ר וועלט, אויף י ע נ ע ר וועלט!...

41

# אַ ייד אַ פויגל

אַ מעשה פון פּאַרצייטן. — ווי אַזוי יידן האָבן אַמאָל געלעבט צווישן פּריצים. — אַ טראַגעדיע פון אַן אָרעמען אַרענדאַר.

מע באַדאַרף אָבער גישט מיינען, אַז דער זיידע משה־יאָסע איז אַלעמאָל געווען נאָר אויף י ע נ ע ר וועלט, און אַז ער האָט גישט געהאַט פאַר זיינע אייניקלעך צו דערציילן גאָרנישט פון ד ע ר וועלט. אָ! ער האָט געהאַט זייער אַ סך צו דערציילן פון אַמאָליקע יידן, אַמאָליקע חסידים, אַמאָליקע בעלי־קבלה און אַמאָליקע פּריצים, להבדיל, ווי זיי האָבן זיך באַגאַנגען מיט די יידן.

איין מעשה אַזעלכע, וואָס ער האָט דערציילט פאַר זיינע אייניקלעך, ווי אַ ייד איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, געדענקט זיך גאַנץ באַזונדער, און די האָזיקע מעשה ווערט דאָ איבערגעגעבן בקיצור, ווייל דער זיידע משה־יאָסע איז געווען, ער זאָל מוחל זיין, אַ גרויסער מאריך און האָט ליב געהאַט אָפּטמאָל איבערשפּרינגען פון איין ענין אויפן אַנדערן און פאַרפאָרן מהילה קיין בוידעריק.

די מעשה האָט זיך געטראָפן שוין לאַנג, נאָך פאַר זיין זיידן, עליו השלום, דעם אַלטן האַמאַרניק. פאַרוואָס האָט מען אים גערופן „האַמאַ־ניק“? ווייל ה א מ א ר נ י האָט געהייסן דאָס דאָרף, וווּ ער איז געזעסן, געהאַלטן אַ מיל אין דער אַרענדע. אין דעם זעלבן דאָרף איז געזעסן נאָך אַ ייד, מיטן נאָמען נח, געהאַלטן די קרעטשמע. געווען איז דער נח אַ ייד אַ תם, אַן אדם פּשוט, נאָר אַ גרויסער ירא־שמים, טאָג ווי נאַכט געדאַווענט און געזאָגט תהילים, אפנים, אַ בעל־תשובה און אַ „נסתר“. די גאַנצע טורין איז געווען זי. זיין עובדה איז געווען נאָר צאָלן ראַטע אין הויף און דינגען די קרעטשמע פון איין יאָר אויפן אַנדערן. כל ימיו האָט

ער מורא געהאַט, טאָמער וועט אים עמעצער אויסדינגען די קרעטשמע, וואָרום בעלנים זענען געווען אַ סך, כאָטש פּרנסה האָט ער געהאַט פון דער קרעטשמע בצמצום, קוים-קוים דורכגעקומען, געווען אַ בעל-מטופּל מיט קינדער.

ויהי היום — קומט ער צו גיין איינמאָל צום פּריץ דינגען די אַרענדע און טרעפט אַ גוזמא געסט, אַ גאַנצע סעודה. נאָך דער סעודה קלייבט מען זיך, כּנהוג, נאַ פּאָלעוואַניע, אויף דער אָכאָטע הייסט עס. עס שטייען שוין צוגעגרייט פערד און קאַרעטעס און ברישקעס און ליניייקעס און הינט פון כל המינים, און די יעגערס מיט די גרויסע פעדערן און מיט די פייפלעך, כּיד המלך. אַלצדינג, הייסט עס, פּאַרטיק אַרום און אַרום. „נישט געטראָפן די גוטע צייט — טראַכט זיך נח — דער פּריץ וועט נישט וועלן רעדן איצט פון דער אַרענדע". צום סוף האָט ער אַ טעות געהאַט. אויפגעשטאַנען מיט די געסט פון טיש און געוואָלט זיך שוין אַרויפזעצן אויף די פערד, האָט דער פּריץ דערזען דעם יידן שטיין איינגעבויגן ביי אַ זייט, אָפּגעריסן קריעה-בליאה. מאַכט ער צו אים מיט אַ פריילעך פּנים: „א? יאַק סיע מאַש, פּאַניע אַרענדאַזשו? — וואָס מאַכט אַ ייד אַן אַרענדאַר?"... זאָגט אים נח כּך וכך: „אַדוני פּריץ, איך בין געקומען וועגן דער קרעטשמע". צעלאַכט ער זיך, דער פּריץ, ס'איז געווען כּטוב לב המלך ביין, שטאַרק אונטערן גלעזל, און רופט זיך אָן צו אים: „אויף וויפל יאָר ווילסטו דען די קרעטשמע?" זאָגט ער צו אים: „וועלן וואָלט איך געוואָלט אויף עטלעכע יאָר, נאָר אַזוי ווי דער מנהג איז ביי דיר, יאַשניע וויעל-מאָזשני פּאַן הראַביאַ..." לאָזט אים דער פּריץ נישט אויסרעדן און מאַכט צו אים: „דאָבזשע, איצטיקס מאָל גיב איך דיר אָפּ די קרעטשמע אויף דעם אייגענעם מקח, וואָס אויף אַלע מאָל, אויף אַ זמן פון צען יאָר. נאָר מיט איין תּנאי: זאָלסט מיר זיין אַ פויגל?" קוקט אים אָן דער ייד: „וואָס הייסט, איך זאָל דיר זיין אַ פויגל?" ענטפערט אים דער פּריץ: „גאַנץ פּשוט, דו האַרפּסט אַרויף, זאָגט ער, אויפן דאַך פון אָט דער שטאַל. זעסטו? דאָרטן האַרפּסטו זיך פאַרשטעלן, זאָגט ער, פאַר אַ פויגל, און איך, זאָגט ער, וועל זיך צילן אין דיר און טרעפן גלייך אין קאָפּ אַריין. האָסטו עס צעקייט?" ווערט אַ געלעכטער צווישן די פּריצים, און דער ייד כלומרשט לאַכט אויך. ער טראַכט זיך: „דער פּריץ טרייבט קאַטאָוועס, גענו-מען אַן איבעריק ביסל וויין"... „נו? — פרעגט אים דער פּריץ — איז דאָס געמאַכט?" טראַכט זיך נח: „וואָס ענטפערט מען אים דערויף?" און טוט אַ פרעג אויף טשיקאַוועסט: „וויפל צייט גיסטו אויף צו באַטראַכטן זיך?"

זאָגט אים דער פּריץ גאַנץ ערנסט: „יעדנאַ מינוטאַ“ — איין מינוט, הייסט עס, מער נישט. „די ברירה איז ביי דיר, זאָגט ער. אָדער דו קריכסט אַרויף אויפן דאַך און פאַרשטעלסט זיך פאַר אַ פויגל, אָדער מאָרגנדיקן טאָג, זאָגט ער, ווערסטו אַרויסגעוואָרפן פון דער קרעטשמע“. איז דאָך אים פּרחה נשמתו געוואָרן. וואָס טוט מען? מיט אַ פּריץ שפּילט מען זיך נישט, ובפרט, אַז יענער הייסט שוין טראָגן לייטערס — אפנים ס'איז גאָרנישט קיין קאַטאָוועס? רופט ער זיך אָן נאָך אַמאָל צום פּריץ: „און וואָס וועט זיין, טאָמער חלילה טרעפסטו טאַקע?“ ווערט נאָך אַ גרעסערער געלעכ־טער צווישן די פּריצים, און נח בלייבט שטיין אַ צעטומלטער. ער ווייסט נישט, צי דער פּריץ מאַכט חוזק, צי ער מיינט דאָס מיט אַן אמת? זעען זעט עס אויס ווי אַן אמת, וואָרום מע הייסט אים די רגע קריכן אויפן דאַך, אָדער גיין אַהיים אָפּרייניקן די קרעטשמע. וויל ער שוין גיין אַהיים, דער־מאָנט ער זיך, אַז ער איז אַ בעל־מטופּל מיט קינדער, הייבט ער זיך אָן בעטן ביים פּריץ, ער זאָל אים געבן כאָטש עטלעכע מינוט אויף אָפּזאָגן ווידוי. זאָגט אים דער פּריץ: „דאָבזשע, איך גיב דיר נאָך איין מינוט אויף זאָגן ווידוי“. איין מינוט? וואָס קאָן אַ ייד זאָגן אין איין מינוט, אַחוץ „שמע־ישראל“? ובפרט, אַז מע שטופּט אים שוין אַרויף אויפן לייטער. זאָגט ער „שמע־ישראל“ און „ברוך שם כבוד מלכותו“ און נעמט קריכן אויפן לייטער, און טרערן גיסן זיך אים. וואָס זאָל ער טאָן? אַ גזירה מן השמים. אַ בעל־מטופּל מיט קינדער. מסתמא איז אים באַשערט אומצוקו־מען אויף קידוש־השם. און אפשר וועט גאָר גאָט רחמנות האָבן און טאָן אַ נס? דער אויבערשטער, אַז ער וויל — קאָן ער! געווען אַ גרויסער בעל־בטחון. אַמאָליקע ייִדן!

אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ דאַך, הערט ער נישט אויף צו לייענען קריאת־שמע שטילערהייט און צו וויינען, גיסן מיט טרערן, און נאָך אַלץ נישט פאַרלירן אינגאַנצן דעם בטחון אויף גאָט, טאָמער וועט דער אוי־בערשטער פאָרט רחמנות האָבן. אַז דער אויבערשטער וויל — קאָן ער! דער פּריץ דערווייל האָט קיין צייט נישט. הייסט ער אים, ער זאָל שטיין גלייך — שטייט ער גלייך. דערנאָך הייסט ער אים, ער זאָל זיך אָנבויגן — בויגט ער זיך אָן. ער זאָל צעשפּרייטן די הענט — צעשפּרייט ער די הענט. ער זאָל אויסזען ווי אַ פויגל — זעט ער אויס ווי אַ פויגל... און דער פּריץ — צי האָט ער עס טאַקע געמיינט אויף אַן אמת, אָדער ער האָט גאָר געטריבן קאַטאָוועס און דער אויבערשטער האָט געמאַכט אַזוי, ס'זאָל אויסקומען אויף אַן אמת — ער האָט אויסגעשאָסן און געטראָפן נח גלייך אין

שטערן אַריין, און נח איז אומגעפאַלן, ווי אַ געשאָסענער פויגל, און האָט זיך אַראָפּגעקויקלט אַראָפּ פונעם דאַך. און נאָך באותו היום האָט מען אים געבראַכט צו קבר־ישראל. דער פּריץ האָט אָבער געהאַלטן וואָרט. צען יאָר כסדר האָט ער נישט געריהרט די אלמנה פון דער קרעטשמע, וויפל מע זאָל אים נישט מוסיף זיין אויף דער אַרענדע — אַמאָליקע פּריצים!

אַזעלכע שיינע מעשיות פון „אַמאָליקע" יידן און „אַמאָליקע" פּריצים האָט דער זיידע געהאַט לרוב, און חברה וואָלטן זיך נישט אָפּגעזאָגט זיי אויסהערן נאָך און נאָך. ווען דער זיידע משה־יאָסע זאָל נישט האָבן קיין טבע אַרויסציען פון יעדער מעשה אַ מוסר־השכל, אַז מע באַדאַרף זיין אַן ערלעכער ייד און האָבן בטחון, און פונעם מוסר־השכל זאָל ער נישט ליב האָבן אַריינפאַלן גלאַט אין מוסר אַריין און נעמען שטראָפן די קינדער, פאַרוואָס זיי גיבן נאָך דעם יצר־הרע, ווילן נישט דאַווענען, נישט לערנען, נישט גאָט דינען, וואָלטן וועלן טאָג ווי נאַכט נאָר כאַפּן פישלעך, אָדער רייסן באַרלעך, אָדער גלאַט שקאָצעווען מיט אַלע באָהסלאַוועער ייִנגלעך, ימח שמם וזכרם זאָלן זיי ווערן!

42

# ימים נוראים

דער באָהסלאַווער טייך „ראָס“. — דער באָהסלאַווער וואַלד. — די באָהסלאַווער אַלטע קלויז. — די באָבע גיטל שלאָגט מיט די אייניקלעך כּפּרות. — דער זיידע בענטשט זיי ערב יום=כּיפּור און זיינע אויגן זענען נאַס.

עס איז שווער צו זאָגן, וווּ איז געווען מער לעבן, מער פּאָעזיע — ביים טייך „ראָס“, אָדער אין באָהסלאַווער וואַלד, אָדער אין דער אַלטער קלויז? עס איז שווער צו זאָגן, וואָס פון די דריי האָט געהאַט אין זיך אַ גרעסערן יצר=הרע? ביים „ראָס“ — דאָרט איז אַ לעבן! דאָרט איז פריילעך! דאָרט טרינקען אָן באַלעגאָלעס זייערע פערד; דאָרט שעפּן אָן וואַסער=פירערס וואַסער אין זייערע פעסלעך; דאָרט שטייען ווייבלעך און מיידלעך, באָרוועסע, מיט רויטע פולקעס, און וואַשן גרעט, קלאַפּן און שפּריצן מיטן פּראַטש, אַזש פונקען פליען; דאָרט באָדן זיך, פּאַליאָסקען זיך, לערנען זיך שווימען און כאַפּן פישלעך יינגלעך אָן אַ שיעור, טוען זיך אויס צווישן די שטיינער, שפּרינגען אין טייך אַריין — און אַלע שרייען, אַלע פילדערן: „זע, ווי איך שווים!“ זע, ווי איך ליג אויפן רוקן! זע בעסער, ווי איך גיי טריט=וואַסער! זע, ווי איך טוק זיך! זע, ווי איך מאַך בולבעס!“... אַלע רעדן, אַלע באַווייזן קונצן, אַלע קענען. די פערעיאַסלאַווער יתומים זענען זיי שרעקלעך מקנא. איינער פון דער חברה גייט צו אַ נאַקעטער, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. אברהמל רופט מען אים, אַ בחורל שוואַרץ ווי אַ טאָטער, אויגן בייניקאָוואַטע, אַ פּנים ווי אַ לאָקשן=ברעט, אַ נעזל ווי אַ פּאַסאָליע. „ווי אַזוי רופט מען דיך? „שלום“. „שווימען קענסטו?“ „ניין“. „וואָס זשע שטייסטו? קום אַהער, וועל איך דיך אויסלערנען“... איר פאַרשטייט געוויס לערנען, נאָר א ו י ס ל ע ר נ ע ן! — האָס איז גאָר אַנדערע ווערטער.

נישט ווינציקער פּאָעזיע איז אין וואַלד. דער באָהסלאַוועל וואַלד איז רייך אין באַרלעך. די באַרלעך זענען אפילו האַרט ווי שטיינדלעך און זויער — עסיק! נאָר פּאָרט באַרלעך. און קאָסטן קאָסט גאָרנישט. איר קאָנט אייך רייסן וויפל איר ווילט — הפקר! מע באַדאַרף נאָר קאָנען דער־לאַנגען. וואַלד־באַרלעך וואַקסן הויך. מוז מען אַרויפקלעטערן אַרויף אויפן בוים און טרייסלען דעם בוים מיט אַלע כוחות, אַנישט וועלן די באַרלעך נישט פאַלן. אויסער באַרלעך זענען אין באָהסלאַוועל וואַלד פאַראַן ניסלעך אויך. האָזענע ניסלעך. זיי ווערן שפּעט פּאַרטיק און זענען באַוואָקסן מיט אַ מין שאָלעכץ — ביטער־גאַל. און קיין יאָדערן זענען אין די ניסלעך נישטאָ. זיי וועלן ערשט אַמאָל זיין. נאָר עס מאַכט נישט אויס. פּאָרט ניס. מע קאָן אָנלייגן פולע קעשענעס. דאָס וואָס מע רייסט אַליין — איז אָנגעלייגט. און רייסן באַרלעך און טרייסלען ניס באַדאַרף מען קאָנען. אברהמל קען. אברהמל איז אויף אַלצדינג אַ כוואַט. איז אַ גוטער בטבע, אַ מזג טוב, אַ מענטש אָן אַ גאַל. איין חסרון נאָר, וואָס ער איז אַ קבצנס אַ יינגל. זיין מאַמע איז אַן אָרעמע אלמנה און אַ קעכין ביי די יאַמפּאָלס־קיס. געוויר געוואָרן דערפון איז דער פעטער איצע און האָט עס באַלד אָפּגעטראָגן צו דער באָבע גיטל אין אויער אַריין. האָט די באָבע גיטל צוגערופן דאָס אייניקל שלום צו איר בעט, אים געשענקט אַ באַר פון אונ־טער דעם קישן און אָנגעזאָגט עטלעכע מאָל, ער זאָל זיך נישט דערוועגן מער באַגעגענען זיך און זיין באַקאַנט מיט אַ ז ע ל כ ע ייִנגלעך, ווי אברהמל, וואָרום טאָמער דערוויסט זיך דער זיידע משה־יאָסע, אַז זיינע אייניקלעך באַגעגענען זיך מיט אַ ז ע ל כ ע ייִנגלעך, וועט זיך טאָן חושך!...

זיי איז גרינג צו זאָגן „נישט באַגעגענען זיך" — אַז מיט דעם אברהמלען מוז מען זיך באַגעגענען כאָטש צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פרי און אויף דער נאַכט — ביים קדיש זאָגן. אברהמל איז אויך אַ יתום. ער זאָגט קדיש נאָך זיין טאַטן אין דער אַלטער קלויז. אַך, וויפל קדישים האָרטן איז! און אַלע זאָגן קדיש אין מזרח!... משה־יאָסע דעם האמאַרניקס אייניקלעך, אַז זיי זענען געקומען מיטן זיידן דאָס ערשטע מאָל אין דער אַלטער קלויז, האָט זיי דער זיידע צוגעפירט גלייך צום שמש און האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער וויל, אַז זייער אָרט אויף זאָגן קדיש זאָל זיין נעבן עמוד, וואָרום דאָס זענען „טאַטנס קינדער"... דער שמש, אַ זקן מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן און מיט אַלטע טראַכאָמעדיקע אויגן, וואָס זעען אויס ווי אַרומגעלאַמעוועט מיט רויטן, האָט אויסגע־

הערט דעם זיידן מיט דרך=ארץ, נישט געענטפערט קיין וואָרט, אַריינגעכאַפּט אין נאָז אַ רעכטן שמעק טאַבעק, גיך אָפּגעטרייסלט די פינגער און אונטערגעטראָגן אויך דעם זיידן דאָס פּושקעלע, אַ קלאַפּ געגעבן מיטן נאָגל איבערן דעקל און מכבד געווען אים מיט אַ שמעק טאַבעק אָן ווערטער. דאָס האָט באַדאַרפט הייסן: „גוט, וואָס איר האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען טאַטנס קינדער, זענען זיי שוין, זייט זיכער, ביי מיר דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, וואָס איז שייך!“...

די באָהסלאַווער אַלטע קלויז האָט געהאַט אין זיך אַזאַ כוח, אַז די פּערעיאַסלאַווער יתומים, ווי מע האָט זיי דאָרט גערופן, האָבן זיך צוגעבונדן צו איר, גלייך ווי זיי וואָלטן דאָרט געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן. אַלצדינג האָט ביי זיי אויסגעזען מוראדיק גרויס און שיין און הייליק. אויף אַלצדינג איז געלעגן אַ באַזונדער חתימה פון אַלטער שיינקייט, פון פאַרצייטיקער הייליקייט — אַ שטיק בית=המקדש.

נאָר אויב די באָהסלאַווער אַלטע קלויז האָט אויסגעזען ביי די פּערעיאַסלאַווער יתומים אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר ווי אַ שטיק בית=המקדש, איז זי צו ימים נוראים, צו ראש=השנה און יום=כיפור, געוואָרן פאַר זיי טאַקע אַ גאַנצער בית=המקדש. זיי האָבן נאָך קיינמאָל אַזויפיל יידן נישט געזען און האָבן נאָך קיינמאָל אַזאַ דאַווענען נישט געהערט. דאָס איז געווען אַ מיש=מאַש פון אַלערליי מינים חסידים און חב"דניקעס, וואָס האָבן ביים דאַווענען איינגעלייגט די וועלט, געפּאַטשט מיט די הענט, געקנאַקט מיט די פינגער און געזונגען מאָדנע ניגונים, געברומט און געבאָמקעט און מיטאַמאָל פאַרגאַנגען זיך און פאַרדבקהט זיך אויף עטלעכע מינוט, און ווידער גענומען זינגען און ברומען און באָמקען און קנאַקן מיט די פינגער. פאַר די פּערעיאַסלאַווער יתומים איז אַזאַ מין דאַווענען געווען אַ נייעס, אַ גאַנצער ספּעקטאַקל. נאָר שענער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דער זיידע משה=יאָסע האָט מיט זיין דאַווענען איבערגעשטיגן אַלע דאַווענער פון דער אַלטער קלויז. ער איז געווען נישט קיין חב"דניק, נאָר גלאַט אַ מאָדנער חסיד מיט אייגענע גענג, אייגענע מנהגים און אייגענע משוגעתן. ער האָט זיך פאַרגונען בלייבן אין קלויז שבת און יום=טוב לאַנג=לאַנג נאָך אַלעמען. דער פעטער איצע, וואָס האָט געוווינט אין דער אַנדערער האַלבער שטוב, האָט שוין געהאַלטן אין עסן, פון אויוון האָט זיך געלאָזט הערן אַ ריח פון געפילטע פיש און יום=טובדיקע מאכלים, עס האָט געקלעמט דאָס האַרץ און אַזש דערלאַנגט ביזן לעפעלע — און דער זיידע האָט נאָך אַלץ געדאַוונט, געזונגען און געבאָמקעט. די באָבע גיטל האָט עטלעכע מאָל

בשתיקה אונטערגערוקט די אייניקלעך, היה־אסתרס קינדער, צו שטיקלעך לעקעך — ס'זאָל זיי נישט איבערהלשן דאָס האַרץ, און אַ זאָג געגעבן צו זיי מיט אַ געלעכטער: „איר וועט שוין געדענקען, ווען איר האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן משוגעים"...

דער פעטער איצע דערווייל האָט שוין אָפּגעגעסן און אָפּגעבענטשט, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער אַנדערער האַלבער שטוב: „נישטאָ דער טאַטע? כאַ־כאַ!" לאַ־די ער האָט אָפּגעגעסן, לאַכט ער נאָך!"... קוים מיט צרות, גאָט האָט רחמנות געהאַט — דער זיידע איז שוין דאָ! אַריינגעפלויגן, שלעפנדיק די רעזשעוולקע מיט די אַרבל אויף דער ערד, איז ער מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב, און גלייך צום קידוש מאַכן, אָבער מיט אַזעלכע קולות, אַז די גאַנצע גאַס האָט געמוזט הערן.

— צוליב די קינדער, צוליב די יתומים נעבעך, וואָלסטו, דאַכט זיך, געמעגט אַמאָל פאַרבויגן דיינע משוגענע שטיק און מאַכן עס בקיצור? — האָט אים די באָבע פאַרגעהאַלטן. נאָר ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפן. ער האָט נישט געהערט. ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרדבקהט און אַריינגעטאָן אין די עולמות העליונים, מיט איין האַנט געגעסן, מיט דער אַנדערער געמישט עפּעס אַן אַלטן ספר, און, שאָקלענדיק זיך פון דער גרינג, אַריינגעקוקט אַהין מיט איין אויג, מיטן אַנדערן אויג געכאַפּט אַ קוק אויף די אייניקלעך און געזיפצט, שטאַרק געזיפצט. דאָס זיפצן איז געווען מאַקע אויף די אייניקלעך די יתומים, וואָס זייערע נשמות ליגן אין גשמיות, האָבן אין זינען די אכילה, גיבן נאָך דעם יצר־הרע מיט אַלע זיינע תאוות... נאָכן עסן האָט ער זיי דאָס פאַרגעהאַלטן, געזאָגט אַ היפּש ביסל מוסר, געזען, ס'זאָל זיי אויספאַלן באָקאָם דער פרישער קוילעטש מיט די געפילטע פיש מיטן זיסן פאַסטערנאַק־צימעס, מיט די אַלע איבעריקע יום־טובדיקע מאכלים, וואָס די באָבע גיטל האָט, ליגנדיק אין בעט אַ געליימטע, נאָר מיט איר שכל געקאָנט צוגרייטן על צד היותר טוב.

דאָס איז געווען ראש־השנה. ערב יום־כיפור איז געווען נאָך שענער. דער ערב יום־כיפור האָט זיך אויסגעפיינט אין באָהסלאַוו ביים זיידן משה־יאָסע מיט צוויי זעלטענע צערעמאָניעס, וואָס האָבן געמאַכט אויף די יתומים אַ באַזונדערן איינדרוק. די ערשטע צערעמאָניע איז געווען דאָס שלאָגן כפרות מיט אַ נאַכט פריער פאַר ערב יום־כיפור. שלאָגן כפרות האָבן זיי געשלאָגן אין דער היים אויך, נאָר דאָ, אין באָהסלאַוו, איז געווען אַן אַנדער מין כפרות שלאָגן. די באָבע גיטל האָט גענומען די

דאָזיקע מצווה אויף זיך. זי, הייסט עס, האָט געשלאָגן מיט איר חיה=
אסתרס יתומים כפּרות. זיצנדיק אַ געליימטע אין בעט, האָט זי צוגע=
רופן די גאַנצע כאַליאַסטרע צו זיך, געגעבן יעדן זיין כפּרה, די יינגלעך
צו הענער און די מיידלעך צו הינער, געעפנט איר גרויסן סידור און אָנ=
געוויזן מיט אירע אויסגעדריימע פינגער אויפן „בני=אדם“. די עלטערע
האָבן דעם „בני=אדם“ געזאָגט אַליין, און מיט די קלענערע, מיט די
מיידלעך, האָט די באָבע געזאָגט דעם „בני=אדם“ וואָרט ביי וואָרט און
הויך אויף אַ קול און מיט אַ ניגון: „בני אדם יושבי חושך וצלמות!
אסירי עני וברזל!“... און געוויינט בעת מעשה אַזוי, ווי מע קאָן וויינען
נאָר סיידן אויף אַ טויטן. און ווער שמועסט, אַז ס'איז געקומען צו דער
יינגסטער פון די יתומהלעך, וואָס איז אַלט קוים אַ יאָר, האָט די באָבע
שיעור נישט געחלשט פאַר געוויין! אויף איר קוקנדיק, האָבן זיך די קינדער
אויך צעוויינט, און אויף זיי קוקנדיק — אויך די עלטערע, און ס'איז גע=
וואָרן אַ יללה מיט סכנת=נפשות. אין יענעם ביטערן שבת, בעת די מאַמע
זייערע איז געלעגן מיט שוואַרצן איבערגעדעקט אויף דער ערד, האָבן די
יתומים קיין צענט חלק אפילו נישט געוויינט, ווי אַצינד, ביי דער באָבעס
„בני=אדם“.

די צווייטע צערעמאָניע איז געווען אויף מאָרגן, ערב יום=כיפּור,
נאָכן קומען פון דער אַלטער קלויז, ווו חברה האָט באַקומען לעקעך פוי=
געם גבאי ראשון פולע קעשענעס. דער זיידע משה=יאָסע האָט נאָך געכטן
אָנגעזאָגט, באַלד נאָך כפּרות שלאָגן, אַז די קינדער זאָלן דאַווענען אין
דער פרי, למען השם, קומען צו אים זיך בענטשן.

מאָרגנס יום=טובדיק אָנגעטאָן און יום=טובדיק געשטימט איז געווען
דער זיידע משה=יאָסע. אויף דער אַלטער צעהאַקטער אַטלעסענער קאַ=
פּאָטע האָט ער געטראָגן אַ מאָרגנע מין טיזליק פון אַ מאָדנע מין האַרטן
שרייענדיקן שטאָף, וואָס מע קריגט שוין נישט היינטיקע צייטן אין ערגעץ,
מע זאָל וועלן באַצאָלן דערפאַר מי יודע וויפל. אויפן קאָפּ האָט ער
געטראָגן אַ שטריימל מיט אַ סך עקן, און אויפן אָפּענעם האַלדז — אַ ברייטן
קלאָר=ווייסן קאָלנער מיט צוויי שפּיצן. אויף דער קאַפּאָטע —
אַ בייגאַרטל אַ ברייטן מיט לאַנגע קאָטעסן מיט באָמבעלעך. די מורא=
דיק ברייטע וואָנסעס מיט די מוראדיק געדיכטע גרויסע ברעמען האָבן
איצטיקס מאָל אויסגעזען נישט אַזוי בייז, ווי אַלעמאָל, און דאָס גאַנצע
פּנים האָט אויסגעזען ביי אים איצטיקס מאָל ווייך, מוחלדיק=ווייך, און
גאָר פריינדלעך.

— קומט אַהער, קינדער, וועל איך אייך בענטשן! — האָט ער יום־טובדיק־ברייט אַרייַנגערופֿן די יתומים צו זיך אין זיין ענגן פֿינצטערן חדרל מיט די פֿעלצן, אַרויפֿגעלייגט אויף יעדן פֿון זיי ביידע הענט מיט די ברייטע אַרבל פֿון זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע, צוגעמאַכט די אויגן, פֿאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף און געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט עפּעס שטילערהייט, און שטאַרק געזיפֿצט און געקרעכצט. און אַז ער האָט אָפּגעזאָגט, האָבן די יתומים אים אַ קוק געגעבן אין פּנים, האָבן זיי דערזען זיינע אויגן לויכטן, נאָר זיי זענען רויט, די ברעמען נאַס, און די וואָנצעס נאַס, און די באָרד נאַס — נאַס פֿון טרערן.

43

# סוכות

אַ בשותּפותדיקע סוכּה. — דער זיידע דאַוונט, און די קינדער ווילן עסן. — שׂמחת־תּורה איז דער זיידע זיך משׂמח מיט דער שכינה.

האָס ערשטע פּלעקל פון דעם זיידן משה־יאָסעס סוכּה איז אַריינגע־שלאָגן געוואָרן, פאַרשטייט זיך, מוצאי יום־כּיפּור, תּיכּף נאָכן אָפּפאַסטן זיך. געבויט האָט די סוכּה דער פעטער איצע, און די יתומים האָבן אים אונטערגעהאָלפן. נאָר געקאָמאַנדעוועט האָט דער זיידע, געגעבן עצות, ווי אַן אויבעראַרכיטעקטאָר: „האָס אַהער!" „דאָס אַהין" „דאָס וועט אַריין!" „דאָס וועט נישט גיין!" נאָך מער קונץ — וואָס דער זיידע מיטן פעטער רעדן נישט צווישן זיך קיין וואָרט. ברוגז. די באָבע האָט דערפון יסורים: אַ בן־יחיד. דער איינציקער קדיש איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און רעדט נישט מיטן טאַטן — ווו האָט מען געהערט אַזאַ רציחה?...

אין דער בשותּפותדיקער סוכּה זענען געשטאַנען גרייט צוויי טישן, פאַרן זיידן באַזונדער און פאַרן פעטער באַזונדער. אויף יעדן טיש איז געווען צוגעגרייט באַזונדער ווייַן אויף קידוש, באַזונדערע חלה, באַזונדערע לייכטער מיט ליכט. די מומע סאָסיע האָט זיך געבענטשט ליכט ביי איר טיש, און די באָבע גיטל האָט מען אַרויסגעטראָגן מיטן בעטל, זי זאָל בענטשן ליכט ביי איר טיש. דערנאָך איז געקומען צו גיין דער פעטער איצע פון קלויז און געמוזט וואַרטן ביז דער זיידע וועט אַמאָל דערמאָנען זיך קומען און מאַכן דעם ערשטן קידוש. מע קאָן דאָך נישט זיין אַזוי גראָב קעגן אַ טאַטן — כּיבוד־אָב! אַלע ווייַלע איז דער פעטער איצע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און אַריינגעקוקט אין סוכּה אַריין, און אַלעמאָל מיט אַן אַנדער אויסרייד: „נישטאָ נאָך?"... „הייַנטיקס יאָר שפּעטער ווי אַלע יאָר ביי די חסידים!"... „הם... אָט באַלד גייען אויס די ליכט און

מע וועט דאַרפֿן עסן אין דער פֿינצטער"... אויפֿן פֿעטער איצע האָבן די קינדער דערלעבט אַ נקמה: אַ האַרטער ייד, אָן אַ נשמה — לאָז ער אויך וויסן, וואָס הייסט זיין הונגעריק!...

נאָר אָט איז געקומען דער זיידע מיטן טיזליק, אָפּגעגעבן דעם ברייטן גוט־יום־טוב, אַרויסגעקריגן רב יעקב עמדינס סידור, אַ קורצער סידור, נאָר אַ גראָבער, אַ געפּאַקטער, און אַוועקגעזעצט זיך זאָגן די אושפּיזין, און האָט געזאָגט און געזאָגט, און געזאָגט און געזאָגט... און פֿון קיך האָבן, ווי אויף צו־להכעיס זיך געלאָזט הערן די פֿיש מיט זייער געפּעפּערטן געפּילעכטס, און די פֿרישע צוגעברוינטע חלות האָבן זיך געריצט: „אונדז, אַז איר'ט איינטונקען אין דער הייסער פֿיש־יויך, וועט איר פֿילן דעם אמתן טעם גן־עדן"... און דער זיידע, משה־יאָסע דעם האַמאַרניקס, טוט זיך זיינס: ער זאָגט! די ליכט אין סוכּה לעשן זיך — און ער זאָגט! די קינדער חלשן עסן, גייען אויס שלאָפֿן — און ער זאָגט! מיטאַמאָל האָט דער זיידע זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, צו געלאָפֿן צום טיש און געגעבן אַ לייג אַוועק דעם יום־טובדיקן קידוש, איז געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן. נאָך אים — דער פֿעטער איצע ביי זיין טיש. נאָכן פֿעטער איצען, היה־אסתרס יתומים, איינציקווייז, און די באָבע גיטל בעת־מעשה האָט געלאָזט אַ טרער — הקיצור, עס האָט נאָך לאַנג געגומען, ביז מע האָט דערלעבט איינטונקען די המוציא אין האָניק און דערזען זיך מיטן שטיקל פֿיש און דערפֿילן דעם פֿעפֿער אויפֿן שפּיץ־צונג...

דאָס איז געווען די ערשטע טעג סוכּות. די אַנדערע טעג סוכּות איז געווען נאָך ערגער. אַזוי אַז שמחת־תּורה אויף דער נאַכט האָט שוין דער פֿעטער איצע נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט אַריינגערופֿן די פֿערעיאַסלאַווער יתומים צו זיך און האָט זיי געזאָגט:

— קינדער, איר ווילט זען אַ שיינע זאַך? טאָ גייט זיך הורד אין קלויז אַריין, וועט איר עפּעס אָנקוקן...

לאַנג בעטן האָט מען זיי נישט באַדאַרפֿט. מע האָט זיך גענומען פֿאַר די הענט און מע איז אַוועק. אין גאַס איז געווען חושך־פֿינצטער. אַלע יידן זענען געזעסן אין די הייזער און געגעסן. אַלע שולן זענען שוין געווען געשלאָסן און שטאָק־פֿינצטער. נאָך אין דער אַלטער קלויז האָט זיך נאָך געלייכט. שטיל האָבן חברה אויפֿגעעפֿנט אַ שטיקל טיר, אַריינגעקוקט און דערזען אַזעלכעס, וואָס זיי האָבן נישט געגלייבט זייערע



שלום־עליכם פּאָזירנדיק פֿאַרן סקולפּטאָר בנימין פּאַטשאַזשאַן (מאָנטרע, שווייץ, 1911)

אויגן. אין דער גאַנצער קלויז איז געווען מער נישט ווי איין מענטש — דער זיידע משה=יאָסע, אין אַ תלית, מיט רב יעקב עמדינס סידור אין איין האַנט און מיט אַ ספר=תורה אין דער אַנדערער האַנט. צוגעטוליעט די ספר=תורה צום האַרצן, איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום באַלעמער מיט פּאַוואָליעדיקע טריט, געזאָגט אויף אַ קול, ווי אַ חזן, די הקפות: „עוזר דלים, הושיעה נא!“...

אויף די קינדער איז אָנגעפאַלן אַ פּחד מיט אַ געלעכטער אינאיינעם, און זיי האָבן זיך גענומען ביי די הענט און זיך געלאָזט לויפן אין איין אָטעם צוריק אַהיים.

— נו? וואָס'ט איר געזען? איאָ, אַ שיינס?...

מיט די ווערטער האָט זיי באַגעגנט דער פעטער איצע, און בעת מעשה האָט ער געלאַכט, נאָר די אויגן האָבן געטרערט. און די קינדער האָבן געוואָרפן אַן אומהן. נישט אויפן זיידן — ניין, נאָר אויפן פעטער איצע.

דערפאַר אָבער האָט זיך אויף מאָרגן, שמחת=תורה, די דעקאָראַציע אינגאַנצן איבערגעביטן. דעם זיידן משה=יאָסע איז געווען נישט צו דערקענען. די קינדער געדענקען נאָך פון דער אַלטער היים, פון וואָראָנקאָ, וואָס פאַר אַ שמחה ס'איז געווען, אַז ס'איז געקומען שמחת=תורה. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען שיכור=לוט. פונעם רב ביזן פּריסטאַוו, להבדיל, האָבן אַלע געטרונקען בראָנפן, געהוליעט, געטאַנצט און געמאַכט אַזעלכע אָנשטעלן, וואָס מע האָט באַדאַרפט שטאַרבן פאַר געלעכטער.

אויך אינעם האַלב=גויישן פּערעיאַסלאַוו איז שמחת=תורה געווען שמחת=תורהדיק. אפילו אַזאַ ייד, ווי דער פעטער פיניע, איז געווען שיכור=לוט און געטאַנצט אַ קאָזאַק. מען האָט באַדאַרפט גיין אויף חידושים קוקן, ווי אַ ייד אַ חסיד מיט אַ לאַנגן טלית=קטן טאַנצט אַ קאָזאַק! פון דאָדיע כהנאָווען שמועסט מען נישט. דאָדיע, אַז ער האָט זיך אָנגעשיכורט, האָט ער געזידלט די גוטע פריינד, אויסגעוואָרפן זיי וואָס אין דער קאָרט, כלומרשט אין גוטן מוט, קושנדיק. מע האָט זיך אַרייננגעריסן צו יענעם אין שטוב מיט אַ גוט=יום=טוב, אַרויסגעשלעפּט פון אויוון, וואָס ס'איז געווען. פון קעלער אַרויסגעטראָגן די זויערע אוגערקעס, און בראָנפן האָט זיך געגאָסן אַזוי ווי וואַסער. נאָר וואָס פאַר אַ ווערט האָבן יענע אַלע שמחת=תורהס געהאַט אַקעגן דעם שמחת=תורה, וואָס די פּערעיאַסלאַווער יתומים האָבן בייגעוווינט דאָ, אין דער יידישער שטאָט באָהסלאַוו? די הייזער, די גאַסן, די שטיינער פון די גאַסן —

אַלץ, אַלץ האָט געזונגען, געפּליעסקעט. געטאַנצט און געפרייט זיך. נישט נאָר עלטערע ייִדן — ייִנגלעך זענען געווען שיכור, געוואַלגערט זיך פון די פיס. מע דאַרף נישט מער ווי דער פעטער איצע, אַ ייִד אַ שטילער, אַ ווילדער בעל־מרה־שחורה — איז ער אויך געווען בגילופין, פאַרלייגט די פאות אויף יענער זייט אויערן, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און געגאַנגען אַ דייטש! נאָר דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן אין יענעם טאָג דער זיידע משה־יאָסע. אויסגעטרונקען האָט ער בסך־הכל איין גלעזל בראָנפן מיט אַ האַלב גלעזל וויין, נאָר שיכור איז ער געווען, ווי אַכציק שיכורים מיטאַמאָל קאָנען אַזוי נישט זיין שיכור, און אַרויסבאַוויזן אַזעלכע גבורות, אַז די גאַנצע שטאָט האָט מיט אים געקלונגען:

— וואָס זאָגט איר צו משה־יאָסע דעם האמארניקס!

— גייט, ווערט איר זען, וואָס משה־יאָסע דעם האַמאַרניקס טוט!

און משה־יאָסע דער האמארניקס האָט נישט געטאָן גאָרנישט. ער איז נאָר אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געטאַנצט. און נאָך ווי אַזוי געטאַנצט! געטאַנצט און געשפּרונגען, געפּליעסקעט און געזונגען. און נישט אַליין האָט ער געטאַנצט, נאָר אינצווייען — מיט דער „שכינה“, מיט הקדוש־ברוך־הוא... צענומען אַ פּאַטשיילע און געהאַלטן ביי איין עק — בײַם אַנדערן עק האָט באַדאַרפט האַלטן די „שכינה“ און געדרייט זיך, ווי מע דרייט זיך מיט אַ כלה, געמאַכט פאַרשידענע טריט: אַהין און צוריק, רעכטס און לינקס, און ווידער אַהין און צוריק, און ווידער רעכטס און לינקס, און אַזוי כסדר, דעם קאָפּ פאַרריסן אַרויף, די אויגן געהאַלטן צו. אויפן פּנים אויסגעגאָסן אַ גליקלעכער שמייכל, צוגעקנאַקט זיך מיט די פינגער, געהעפּעט און געזונגען אַלעמאָל שטאַרקער און שטאַרקער:

משה שמח בשמחת־תורה —
לאַמטעדרידאָם, היי־דאַ!
ישישו ושמחו בשמחת־תורה —
לאַמטעדרידאָם, דאָם־האָם דאָם!
היי־האַ, דרי־דאַ־האַ!
תורת משה, האַ!...

וואָס ווייטער איז דער עולם געוואָרן אַלץ גרעסער און ענגער. וויפל ייִנגלעך ס'איז געווען אין שטאָט זענען זיי אַרויס אויף דער גאַס מקבל־

פּנים זיין משה־יאָסעס דעם האַמאַרגיקס, זען, ווי ער טאַנצט און דרייט זיך, זינגט און פּליעסקעט. ייִנגלעך שקצים האָבן אים געמאַכט אַ הוראַ, געהאָלפן אים זינגען זיין שמחת־תורהדיקן ניגון, און די פּנימער פון זיינע פּערעיאַסלאַווער אייניקלעך האָבן געפלאַמט פאַר בושה. און ער, דער זיידע משה־יאָסע, זאָל דאָס אויף עמעצן אפילו אַ קוק טאָן! ער טוט זיך זיינס: ער גייט זיך מיט זיין געליבטער שכינה אַ פרייליכס. איין עק פּאַטשיילע האַלט ער, דעם אַנדערן האַלט הקדוש־ברוך־הוא, און ער שמייכלט און קנאַקט מיט די פינגער, טאַנצט און העפּעט און זינגט שטאַרקער און שטאַרקער:

משה שמח בשמחת־תורה —
לאַמטעדרידאָם, היי־דאַ!
שישו ושמחו בשמחת־תורה —
לאַמטעדרידאָם, דאָם־האָם־דאָם!
היי־דאַ, הרי־דאַ־דאַ —
תורת משה, האַ!...

## 44

# אויס יום־טוב — צוריק אַהיים

איבעריגעס און פּליאָטקעס צווישן דער משפּחה. — די קינדער ווערן אויס
מיוחסים אין באָהסלאַוו. — עס ציט זיי צוריק אַהיים.

שווער אויפֿן האַרצן, אומעטיק אויף דער נשמה און שטאַרק=שטאַרק
וואָכעדיק איז געוואָרן די קינדער אויף מאָרגן נאָך יום=טוב, אַז מען האָט
גענומען צעוואַלגערן די סוכּה. אָן אַ טראָפּן רחמנות האָט דער פֿעטער אי=
צע (אַ מענטש אָן אַ האַרץ!) קודם=כּל אַרונטערגעריסן די ווענט, אַראָפּגע=
ריסן דעם סכך, צענומען די ברעטער, מיט אַן אומגעהויערער רציחה
אַרויסגעשלעפּט די משוועקעס (וואָס האָט ער געהאַט צו די משוועקעס?).
נאָר די פֿיר סטויפּעס האָט ער געלאָזט שטיין — און דאָס איז געווען אַ סך
ערגער, וואָרום די פֿיר הוילע סטויפּעס האָבן געזאָגט עדות אויפֿן חורבן,
געקלאָגט און באַקלאָגט זיך: „זעט, ייִדישע קינדער, וואָס פֿון אַ ייִדישער
סוכּה קאָן ווערן!“... די ייִדן, וואָס ערשט נעכטן זענען זיי געווען שיכּור=
לוט, געטאַנצט און געפּליעסקעט און געמאַכט זיך נאַריש ווי קינדער, זע=
נען מיטאַמאָל געוואָרן אַלע ניכטער, סטאַטעטשנע און כּמעט זיך געשעמט
קוקן איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן אַריין. אַ מאָדנער אומעט האָט
אַרומגענומען די שטאָט, אַ זעלטענע מרה=שחורה האָט זיך אָנגערוקט
אויף באָהסלאַוו. און אומעטיקער און טרויעריקער פֿון אַלע זענען געוואָרן
די קינדער, די פּערעיאַסלאַווער יתומים. וואָרום כּל=זמן די קינדער זענען
נאָך געווען געסט, האָבן זיי זיך געפֿילט נישט שלעכט אין דעם באָהסלאַוו,
נאָר וואָס ווייטער האָבן זיי אָנגעהויבן אַליין מער געוויר ווערן, אַז זיי זענען
דאָ איבעריק. דער זיידע משה=יאָסע איז זיך געזעסן ביחידות אין טלית
און תּפֿילין אויף די פּעלצן, אָדער געדאַוונט, אָדער געלערנט, אָדער גע=

באָמקעט, צוגעקנאַקט מיטן פינגער, אָדער געזיפצט און שטילערהייט גערעדט מיט גאָט, אָדער דערציילט פאַר די קינדער זיינע שיינע מעשיות פון אַמאָל, אָדער געזאָגט מוסר, פאַרוואָס זיי זענען נישט פרום, ווילן נישט גאָט דינען, פאַרלענגערן דערמיט דעם קץ, דורך זיי קומט נישט משיח און דורך זיי לײדן נעבעך ייִדן און גיהנום און טויזנטער־טויזנטער נשמות קאָנען נישט געלייטערט ווערן... דאָס אַלצדינג האָבן ד קינדער שוין געהערט וויפל מאָל אין חדר פון זייער רבין, אין דער היים פון דער באָבע מינדע און פון גלאַט ייִדן, וואָס האָבן ליב. זאָגן מוסר און סטראַשען מיטן גיהנום, און דאָס אַלצדינג האָט זיך זיי שוין לאַנג צוגעגעסן. זיי א'ז געווען אַ סך מער אינטערעסאַנט צו זען די פּאָליטיקע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָ ביי זייער זיידן משה־יאָסע מיט דער באָבע גיטל אין שטוב.

טאָג ווי נאַכט זענען דאָרטן געווען אינטריגעס מיט סודות, מיט שושקערייען, מיט רכילותן. דער פעטער איצע מיט דער מומע סאָסיע האָבן געהאַלטן אין איין קלאָגן זיך אויף דער באָבע גיטל, אַז ס'איז שווער ביי איר אַ גראָשן אַרויסצובאַקומען פון אונטער די קישנס, אין אויפן זיידן, אַז ער איז שוין צו פרום, אַזוי פרום, אַז ער איז שוין עובר־בטל... „שוין צו אַלט" — האָבן זיי געטענהט שטילערהייט, מאָדנע דערביי געשמייכלט און צונויפגענומען די ליפּן.. און די באָבע גיטל האָט זיך באַקלאָגט אויף איר שנור און אויף איר בן־יחיד, אַז זיי גיבן איר נישט אָפּ קיין כבוד, ווי אַ מאַמען, און אַז זיי קוקן שוין אַרויס — זי ווייסט עס גאַנץ גוט — זי זאָל צומאַכן מיט אַן אויג; אויף דער ירושה, אויף דער ירושה קוקן זיי אַרויס!... זיי אויף צו להכעיס, וועט זי אָבער נאָך לעבן און לעבן, כאָטש דער טויט איז איר טויזנט מאָל מער ניחא, ווארום וואָס טויג איר דאָס לעבן, משטיינס געזאָגט, אַ קאַליקע, באַגראָבן אַזאַ טאָכטער, אַזאַ חיה־אסתר, אַ מאַמע פון אַזויפיל קינדער, ווינד איז איר א'ן וויי!... מיט די אויסגעדרייטע עלנבויגנס קוועטשט זי אַרויס אַ טרער פון אירע קאַליע אויגן, רופט צו די קינדער, שאַרט מיט די אויסגעדרייטע הענט אונטער די קישנס, נעמט אַרויס און שענקט זיי איטלעכן באַזונדער אַ פּאָר גראָשנס. דערזעט דאָס די קליינע חוה־ליבע מיט די רויטע בעקלעך און מיט די קליינע ליפּעלעך און טראָגט עס אָפּ באַלד צו דער מומע סאָסיע. און די מומע סאָסיע גיט עס באַלד איבער דעם פעטער איצען, און ביידע שושקען זיי זיך, אַז פאַר אירע א י י ג ע נ ע קינדער זשאַלעוועט מען אַ קאָפּיקע, און די פ ר ע מ ד ע קינדער צעטיילט מען מאַיאָנטקעס

גאַנצע!... און די קינדער הערן דאָס, און עס גייט זיי נישט אײַן. עס שלאָגט זיי צו דער גאַל.

וואָס ווייטער אַלץ ערגער. די קינדער פילן, אַז זיי זענען דאָ איבעריק. זיי זעען, ווי מע קוקט אויף זיי בעת זיי עסן, זיי הערן הינטער די פּלייצעס, אַז מע רעדט פון זייערע „אַפּעטיטלעך“. עס שטעלט זיך זיי שוין דער ביסן אין האַלדז. עס איז זיי שוין האָרט אַלצדינג נמאס און טריפה. זיי קוקן שוין אַרויס אויף אַ בריוול פון עם טאַטן, ווי אויף משיחן — ווען וועלן זיי שוין פאָרן אַהיים?...

דער גוטער גאָט האָט זיי געהאָלפן, דאָס גוטע בריוול איז שוין דאָ: דורך אַ פּערעיאַסלאַווער באַלעגאָלע אָנגעקומען מיט אַ צושריפט, אַז מיטן דאָזיקן באַלעגאָלע טאַקע — ער הייסט נח — זאָלן די קינדער זיך אויפזעצן אין פאָרן אַהיים. לאָזט זיך אויס, אַז דער באַלעגאָלע איז טאַקע אַ באַלעגאָלע מיט אַ בויד און מיט סוסים, ווי עס געהערט צו זײַן, און הייסן הייסט ער טאַקע נח, כאָטש ער אַליין זאָגט אויף זיך, אַז ער הייסט רב נח; האָט ער אָבער אַ חסרון — ער איז אַ הייזעריקער און האָט אַ פּליך. וואָלט דאָס אויך נישט אויסגעמאַכט. הייזעריק איז ער, זאָגט ער, געוואָרן פון שמחת־תורה. היינטיקן שמחת־תורה האָט ער געטרונקען בראָנפן. דאָס הייסט, בראָנפן טרינקט ער אַלעמאָל. נאָר צוליב שמחת־תורה האָט ער געמאַכט גאָר־גאָר אַ היפּשע כוסה! אַ סברה, אַז מען האָט אים געמינטערט... און דאָס, וואָס ער האָט אַ פּליך אויפן קאָפּ, איז איבער דעם, וואָס קינדווייז פלעגט ער זיך נישט לאָזן נישט צוואָגן, נישט קעמען. געווען אַן עקשן. האָט מען מיט געוואַלד געמוזט רייסן די האָר אײַנציקווייז. נאָר די אַלע זאַכן, זאָג איך נאָך אַמאָל, האָבן זיך מיט דער נסיעה גאָרנישט אָנגעקערט. געשאַט האָט צו דער נסיעה אַן אַנדער זאַך: כאָטש נח איז געשיקט געוואָרן פון פּערעיאַסלאַוו קיין באָהסלאַוו ספּעציעל, ער זאָל ברענגען צו פירן פון דאָרטן נחום ראַבינאָוויטשעס קינדער, פונדעסטוועגן האָט ער נישט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון — טאָמער וועט אים גאָט צושיקן אויף צוריקוועגס כאָטש אַ פּאָר פּאַרשוינדלעך, וועט דאָס זײַן ווי געפונען. האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין מאַרק מיט דער בײַטש אַ טאָג און צוויי און דריי, די פערדלעך האָבן געכראָמקעט דעם האָבער — און פּאַרשוינדלעך נישט אַ לעק! די קינדער איז האָס וואַרטן געווען על אפּם ועל המתם! און אָט זאָגט מען זיי אָן די גוטע בשורה — זיי פאָרן! אַ סימן: נח האָט שוין אפילו אַרויסגעקאַטשעט דעם וואָגן און שמירט שוין די רעדער:

„איצט מעגן שוין קומען כל מלכי מזרח ומערב—פֿאַרפֿאַלן! איצט מעג מען אים אָנשיטן אָט־אָ די בויד מיט גאָלד, ער זאָל בלײַבן אַן איבעריקע שעה אין באָהסלאַוו, מעג די שטאָט פֿאַרברענט װערן, אָדער אײַנגעזונקען װערן! איר קענט נישט רב נחן!“... די קינדער כאַפּן זיך אַרײַן אין שטוב אַרײַן. זײ קלויבן זיך אין װעג אַרײַן, געזעגענען זיך אָפּ מיט די באָהסלאַװער חברים, מיט דער אַלטער קלויז און מיטן געלן קלײַזל און מיטן „ראָס“ און מיטן זיידן און מיט דער באָבען. דער זיידע משה־יאָסע בעת מעשה זאָגט זײ מוסר, פֿאַרשטײט זיך, און הייסט זײ זײַן ערלעכע ייִדן, און די באָבע גיטל ווישט די אויגן מיט אירע אויסגעדרייטע הענט. נאָר פֿונעם פֿעטער איצע מיט דער מומע סאָסיע הערן זײ אַ קאַלטן „פֿאָרט־געזונט“. די צוויי װאָלטן דווקא געװען צופֿרידן, וואָס די „פֿרעמדע קינדער“ פֿאָרן אַוועק, איז זײ פֿאַרשטערט געוואָרן די שמחה, וואָס נישט אַלע פֿאָרן זײ אַוועק. עס פֿאָרן נאָר די ייִנגלעך. די צוויי מיידלעך זענען געבליבן אין באָהסלאַוו. וואָס איז די מעשה? אַ פּראָסטע מעשה. די באָבע גיטל האָט געזאָגט: זי וועט זײ נישט לאָזן. זי וויל נישט, איר חיה־אסתרס קינדער זאָלן אַרײַנפֿאַלן צו אַ שטיפֿמאַמע.

טענהט דער פֿעטער איצע מיט אַ שמייכעלע, גלעט זיך די פּאות און קוקט אויף די קישנס, וו עס ליגט דער באָבעס פֿאַרמעגן:

— נו, און אַז די י י נ ג ל ע ך פֿאַלן אַרײַן צו אַ שטיפֿמאַמע, איז גוט? בע־בע!

— וואָס גלייכסטו ייִנגלעך צו מיידלעך? וואָס האָרכט אַ ייִנגל אַ שטיפֿמאַמען? אַ ייִנגל גייט אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג אין חדר אַרײַן. און אַ מיידל וואָס? אַ מיידל בלײַבט אין דער היים ניאַנטשען דער שטיף־מאַמעס קינדער...

דער פֿעטער איצע איז מיט דעם נאָך אַלץ נישט באַפֿרידיקט. ער גלעט זיך די פּאות, קוקט אויף די קישנס און שמייכלט און רעדט טיף דיפּלאָמאַטיש, קוים וואָס מע שטויסט זיך:

— און ווי וואָלט געווען, למשל, ווען אַלע קינדער זאָלן זײַן מיידלעך? בע־בע!

— וואָלט איך אַלע מיידלעך — ענטפֿערט אים די באָבע — געלאָזט בײַ זיך.

דער פֿעטער איצע רעדט ווייטער, נאָר אָן אַ שמייכעלע, און אַלץ פֿאַרשטעלט:

— ווו וואָלסטו געגומען געלט, למשל, אויף אויסצוהאַלטן אַזויפֿיל מיידלעך? (שוין אָן אַ כע־כע).

— גאָט וואָלט מיר געהאָלפֿן — ענטפֿערט די באָבע רואיק. — אָט האָט האָך מיר גאָט געהאָלפֿן אויסהאָדעווען אַזאַ קדיש ווי דו, וואָס קוקט אַרויס אויף מיין ירושה, האָט מורא, ס׳וועט אים גישט קלעקן...

— איצע! — רופֿט אים די מומע סאָסיע פֿון איר הדרל. — איצע! קום אַהער, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן!...

די קינדער קווערלן אָן פֿון דער באָבע גיטל, וואָס זי האָט אַזוי קונציק אָפּגעשניטן דעם פֿעטער איצען, און זענען זיך מחיה, וואָס זיי פֿאָרן שוין צוריק אַהיים.

אַביסל איז זיי גאָר אַריין אין גאָז דאָס וואָרט „שטיפֿמאַמע“, וואָס זיי האָבן דאָ דערהערט צום ערשטן מאָל. זיי ווילן, הייסט עס, האָבן אַ שטיפֿמאַמע? וואָס איז דאָס אַזעלכעס „שטיפֿמאַמע“? און מיט וואָס איז אַ שטיפֿמאַמע אַזוי ביטער, וואָס די באָבע גיטל האָט שוין באַצייטנס אויף זיי רחמנות?... ס׳איז כדאי, כ׳לעבן, אָנצוקוקן די שטיפֿמאַמע. ס׳איז כדאי, שוין צו פֿאָרן אַהיים.

אַהיים! אַהיים! אַהיים!



שלום־עליכם און זיין פאמיליע (אלבעק, דייטשלאנד, 1914)

.45

# אַ מענה־לשון פון אַ שטיפמאַמע

א שטיפמאמע. — קללות לויטן אַלף־בית. — דאָס ערשטע ווערק. — א לעקסיקאָן פון קללות.

וואָס האָבן זיך מענטשן אָנגעכאַפּט — „שטיפמאמע“? ווערליג די קינדער האָבן זיך אָנגעהערט „שטיפמאמע“ און „שטיפמאמע“, האָבן זיי געמעגט מיינען, אז א שטיפמאמע איז באמת מיט הערנער. אז אויף יעדן טריט און יעדן שריט האָט מען זיי געסטראשעט מיט דער שטיפמאמע: „וואַרט אוים, שקצים, אָט וועט דער טאטע ארויספאָרן אויף דער וועלט און וועט אייך ברענגען א שטיפמאמע, וועט איר וויסן, וואָס פאר א גאָט מיר האָבן!“... וואָס דארפט איר מער — טאָמער ווארעמט די זון נישט אזוי פויגלדיק, זאָגט מען: „די זון ווארעמט ווי א שטיפמאמע“... עס מוז דאָך עפּעס זיין אין דעם. א וועלט איז דען משוגע?

מיטאמאָל איז דער טאטע נעלם געוואָרן. ס'איז אוועק א וואָך, און א וואָך, און נאָך א וואָך. ווו איז אהינגעקומען דער טאטע? מען זאָגט נישט! עלטערע רעדן צווישן זיך, נאָר שטילערהייט, די קינדער זאָלן נישט הערן, און מער אויפן ווינק. נאָר איין מאָל האָט אין חדר דער רבי זיך ארויסגעכאַפּט מיט א וואָרט. ער האָט א פרעג געגעבן ביי די קינדער: „נישטאָ נאָך דער טאטע פון בערדיטשעוו?“ צו דער דאָזיקער דיפּלאָמאַטישער פראגע האָט די רביצין צוגעזעצט פון איר זייט נאָך מער דיפּלאָמאטיש: „וואָס זשע? אזוי גרינג קומט עס אָן אן אלמן אראָפּצוברענגען א שטיפמאמע פאר די יתומים?“... ווייסן מיר שוין, הייסט עס, אז דער טאטע איז אין בערדיטשעוו, און אז ער זוכט א שטיפמאמע צו זיינע קינדער: וואָס זשע, פרעגט זיך, באדארף מען זיך דאָ באהאלטן? וואָס איז דאָ דער סוד? והראיה: אז ער האָט באדארפט צו קומען אהיים מיט דער סחורה פון בערדיטשעוו, האָט ער פריער צוגעשיקט א „שטאפעט“, אז גאָט האָט אים מזכה געווען זיין גלייכן, וואָס איז א מציאה אין אלע אופּ=

נים — הן אין יחוס, הן אין געלט, און אַז ער וועט איבערגעבן, אם ירצה השם, קומען מיט דער מציאה, און ער בעט, מע זאָל איר נישט זאָגן אַזוי גיך וויפל קינדער ער האָט — צו וואָס זאָל זי דאָס וויסן מיט א מאָל? מיט דער צייט וועט זי דאָס אַליין געוויר ווערן. סיי ווי זענען נישט אַלע קינדער חל אויף איר: די עלטערע זענען דאָך עלטערע, און די צוויי מיידלעך — די זענען דאָך ביי זייער באָבע. ער וואשט זיך נישט אָפּ די הענט חלילה פון זיי. קינדער זענען קינדער. נאָר ביי אָט אַזעלכע ביטערע אָבסטאַיאַטעלסטוועס איז געזינטער, אַז מען פאַרלייקנט עטלעכע קינדער אויף א קורצער צייט. „יותר אין לחדש רק חיים ושלום. השם יתברך זאָל העלפן, מען זאָל זיך זען אין גיכן בשלום. ממני...“

דער האָזיקער בריוו וואָלט געמאַכט א גוטן איינדרוק, ווען נישט דער קנייטש מיט די קינדער. ערגער פון אַלץ איז דאָס געווען פאַר די קינדער גופא. אמת, זיי האָבן געפילט, אַז דער טאַטע האָט זיי ליב, אַז זיי זענען אים טייער איטלעכס קינד באַזונדער, נאָר וואָס זיי זענען אויף אַ ווייַלע געוואָרן אַ מין קאָנטראַבאַנדע־סחורה — דאָס האָט זיי אַ ביסל אַ פּאָרקע געגעבן און ארויסגערופן מאָדנע מחשבות און געדאַנקען. אָבער נישט אויף לאַנג, וואָרום אָט איז מען געקומען צו זיי אין חדר אַריין און מע האָט זיי אָנגעזאָגט א בשורה: „דער טאַטע איז געקומען און געבראַכט צו פירן פון בערדיטשעוו א שטיפמאמע“. „מזל טוב! — האָט זיך אריינגעמישט די רביצין. — איר זאָלט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בשורות!“... און דער רבי האָט אָפּגעלאָזט די קינדער אהיים פאַר דער צייט.

געקומען אהיים, האָבן די קינדער געטראָפן די גאַנצע משפחה: דעם פעטער פיניע מיט זיינע זין, די מומע חנה מיט אירע טעכטער — אַלע ארום טיש. מען האָט געטרונקען טיי, כלומרשט געגעסן לעקאַך און איינגעמאַכטס און געריבענע פּאַפּיראָסן, און גערעדט פּוסטע רייד, וואָס א וואָרט צו א וואָרט האָט זיך נישט געקלעפּט, וואָרעם קיינער האָט נישט געהערט וואָס דער אנדערער זאָגט. יעדער איז געווען איינגעטאָן אין זיינע אייגענע געדאנקען, און אַלע אינאיינעם האָבן געהאלטן אין איין קוקן אויף דער שטיפמאמע און אין איין באַטראַכטן און אָפּשאַצן די מציאה, וואָס דער טאַטע האָט איינגעהאנדלט אין בערדיטשעוו — און, דוכט זיך, מען איז געווען צופרידן מיטן אָנקוק. אַ יידענע אַ בכבודיע, נישט קיין נאַרישע, און דער עיקר — א ליבלעכע, א צוגעלאָזטע, א גוטע, א מענטש אָן א גאַל! הייַנט וואָס האָבן זיי דאָ געפּילדערט, געמאַכט אָנשטעלן — „שטיפּ־מאמע“?...

ערשט העט שפּעטער, אין אַ וואָך אַרום אָדער אין צוויי, האָט זיך די שטיפמאַמע אַרויסגעוויזן מיט איר היציקן טעמפּעראַמענט און קודם כל אַרויס מיט איר שפּראַך, מיט איר אמת בערדיטשעווער שטיפמאַמע=לשון, אַ שפּראַך אַ גלאַטע, אַ רייכע, אַ בלומענדיקע. אויף איטלעכס וואָרט אַ קללה, און צום גראַם, און דווקא אין גוטן מוט. למשל: עסן — עסן זאָלן דיך ווערעם! טרינקען — טרינקען זאָלן דיך פּיאַווקעס! שרייען — שרייען זאָלסטו אויף די ציין! פאַרגייען — גייען זאָל מען אייך תכריכים! גיין — גיין זאָלסטו אין דער ערד! שטיין — שטיין זאָלסטו פּראַווצעס! זיצן — זיצן זאָלט איר אין געהאַקטע ווונדן! ליגן — ליגן זאָלט איר אין דער ערד! רעדן — רעדן זאָלט איר פון היץ! שווייגן — אַנטשווייגן זאָלט איר ווערן אויף אייביק! — זאָגן — געזאָגט זאָל אייך ווערן אַלדאָס בייז! — האָבן — האָבן זאָלסטו מכות בכורות! נישט האָבן — נישט האָבן זאָלסטו קיין גוטס, ווייל דו לעבסט! טראָגן — טראָגן זאָל דיך דער רוח אויף די פּלייצעם! אַריינטראָגן — אַריינטראָגן זאָל מען דיך אַ קראַנקן! אַרויסטראָגן — אַרויסטראָגן זאָל מען דיך אַ טויטן! אַרומטראָגן — אַרומטראָגן זאָל מען דיך אויף די הענט! אוועקטראָגן — אוועקטראָגן זאָל מען דיך אויפן בית=עולם! צי, אַשטייגער, למשל, נעמט אַזאַ אומשולדיק וואָרט ווי שרייבן? איז שרייבן זאָל מען דיך רעצעפּטן! פאַרשרייבן — פאַרשרייבן זאָלסטו ווערן צום טויט! אָפּשרייבן — אָפּשרייבן זאָל מען דיך פון קדחת! אַריינשרייבן — אַ משוגענעם אויסשרייבן און דיך אַריינשרייבן!... און אַמאָל אַז זי איז געווען אויפגעלייגט און אַ וואָרט האָט זיך אַריינגעכאַפּט איר אין מויל אַריין — האָט עס זיך געדרייט און געפלאָכטן און געגאָסן זיך און געצויגן זיך, ווי אַ גוטער בוימל, גאָר אָן איין אָפּשטעל, און אין איין אָטעם, ווי ביי אַ גוטן חזן די עשרת בני המן: ס'זאָל דיך אָנכאַפּן, רבונו של עולם, אַ שטעכעניש און אַ ברעכעניש, אַ רייסעניש און אַ בייסעניש, אַ טריקעניש, אַ פאַרטריקעניש, אַן אויסטריקעניש, אַן איינטריקעניש, אַ דאַרעניש, אַ פאַרדאַרעניש, אַן איינדאַרעניש, אַ שרימפעניש, אַן איינשרימפעניש, ליבער גאָט, האַרציקער פאָטער, געטרייער!“...

דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע איז זיך מודה, אַז אַ היפּש ביסל קללות און שלאָגווערטער אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק האָט ער גענאַשט פון דער שטיפמאַמע און פון איר מענה=לשון. נאָך גאָר=גאָר אין די יונגע יאָרן. ער האָט נאָך גאָרנישט געוווסט, וואָס שרייבן באַטייט, און האָט נאָך אפילו נישט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל זיין אַ שרייבער, האָט זיך אים, אַלס קוריאָז, פאַרוואָלט פאַרשרייבן אַלע קללות,

וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון זיין שטיפמאמע, צונויפזאמלען זיי איגיינעם, מאכן א מין ווערטערביכל. ער האָט זיך נישט געפוילט, געזאמלט און געזאמלט, און אז ער האָט זיי אָנגעזאמלט א היפש ביסל, האָט ער זיי גענומען סאָרטירן לויטן אלף־בית, אָפּגעשוויצט א פּאָר גוטע נעכט און צונויפגעשטעלט א גאנץ פיינעם לעקסיקאָן, על פּי אלף־בית, וועלכער עס ווערט דאָ געגעבן נאָר אויפן זכרון:

אַ — אביון, אומגליק, אידיאָט, אייזל, איינגעגעסענע בריאה, אָפּגעריסענער נאַר, אשמדאי.

ב — באַלוואַן, באָדיונג, בטלן, בייטלשניידער, בלינדערהאָליץ, בעדער, בעזעם, בעטלער, בערנטרייבער, בעלי־עגלה, באשעפעניש.

ג — גוי, גולם, גדלן, גזלן, גנב, געשלייערטע האנזי.

ד — דאָנאָששטשיק, דבר־אחר, דלות, דערקאטש.

ה — האָלענדראנצעס, האָצמאַך, האָצעקלאָץ, הולטיי, הינטשלעגער, הינקעדיקער שניידער, המן, הפקר־יונג.

ו — וואנץ, וויסטע קאליקע, וועוויריק, ווערעמיקער, וצדקתך.

ז — זאַאיקע, זאַק פּאָלאָווע, זויערע קיסליצע, זומער־פויגל, זויפער, זיצפלייש.

ח — חוזק, חזיר, חיים־יענקל, חכם־בלילה.

ט — טאָטער, טאָרבע, טויגעניכטס, טפש, טערקישער פעפער, טריפה קישקע.

י — יאַטקעהונט, יונגאַטש, יורקע, ימח־שמוניק, ים־קאָטער.

כ — כאליפוסניק, כאַפּער, כאָליערע.

כ — כזבן, כל־בוניק, כלב שבכלבים.

ל — לאָבוז, לאָבאָזניק, לאָדער, לא־יוצלח, לאמטערנשיסער, ליגנער, למד־ווניק, ליידיק־גייער.

מ — מאַלפּע, מאמעטליוועבחור, מאנדריש, מגיד, מלמד, משומד.

נ — נאַריש פּנים, נאַפּודעלע, נאַשער, נודניק, נכפהניק.

ס — סאוואולע, סוואָלאָטש, סווישטשון, סמאַרקאַטש.

ע — עזות־פּנים, עני ואביון, עפּוש, עקדיש, עקשן.

פּ — פּאַסקודניאַק, פּאַציארע, פּאַרטאַטש, פּאַרך, פּוסטע־פּאַסניק, פּופּיק, פּיפּערנאַטער, פּלעצל, פּעטעלעלע, פּעמפּיק, פּרא־אדם, פּריטשעפּע.

פ — פאָנפאטש, פאַלשער מענטש, פארשלעפּטע קרענק, פוילאַק, פייפער, פליאַסקעדריגע, פלאָכט, פלאקנשיסער, פערדאַטש, פרעסער.

צ — צבועק, צדיק־אין־פּעלץ, צורה־מלוכה, צלם־קאָפּ, צעבראָכע־נער שאַרבן, צרעת.

ק — קאַטאָרזשניק, קאָכלעפל, קאַליקע, קאָרטאָפּלשלינגער, קאָרטנ־שפּילער, קאַפּעלושמאַכער, קבצן, קוימענקערער, קישקע־אָן־א־דנאָ, קלעק, קריכער, קשקשת.

ר — רויטער, רוצח, רכילותניק, רעטעך, רשע מרושע.

ש — שאַרלאַטאַן, שבת־גוי, שוטה בן פּיקהאָלץ, שוסטער, שייגעץ, שליאַטענטש, שיקסע, שלאַנג, שלים־מזל, שמאַטע, שמד־קאָפּ, שמינ־דער־בגעץ, שמענדריק, שנויץ מיט ברויט, שקראַב.

ת — תרח.

דאָס איז געווען קאָן מען זאָגן, דאָס ערשטע ווערק, וואָס דער קו־מענדיקער שלום־עליכם האָט פאַרפאַסט, און א נאָמען געגעבן האָט ער עס: „א מענה־לשון פון א שטיפמאמע“... מיט דעם ווערק האָט זיך גע־טראָפן א מעשה, וואָס האָט זיך געקאָנט ענדיקן מיט א גאָר מיאוסער קאַטאַסטראָפע.

מחמת עס האָט געמוזט זיין אויסגעשטעלט שטרענג לויטן אלף־בית, האָט דער פאַרפאַסער שטאַרק געשוויצט, עטלעכע מאָל איבערגעשריבן דאָס ווערטערבוך. האָט דער טאַטע, אפּנים, באַמערקט, אז דער חברה־מאַן אַרבעט עפּעס זייער געשמאַק. איז ער אונטערגעגאַנגען איינמאָל בייגאַכט פון הינטן, אריינגעקוקט אינעווייניק און א נעם געגעבן צו זיך דעם כתב־יד און איבערגעלייענט פון אלף ביז תיו. און לאַ־די וואָס ער האָט עס אליין געלייענט, האָט ער עס נאָך דורכגעלייענט פאַר דער שטיפמאַמע. און עס איז געשען א נס: ס'איז שווער צו וויסן, צי ווייל ס'איז גראָד געווען אין א גוטער מינוט, ווען זי איז געווען אויפגעלייגט, צי ווייל זי האָט זיך געשעמט צו זיין אין כעס — נאָר ס'איז אָנגעפאַלן אויף איר א מאָדנער בייזער געלעכטער. יענע האָט אזוי געלאַכט, אזש געקוויטשעט. מען האָט געמיינט, אז זי וועט דעם שלאַק באַקומען! מער פון אלץ זענען איר גע־פעלן די ווערטער „פּופּיק“ און „קשקשת“. „פּופּיק“ האָט ביי איר גע־הייסן טאַקע דער העלד פון דער דאָזיקער באַשרייבונג. און „קשקשת“ (קאַשקעט) — מיט דעם נאָמען האָט זי געקרוינט אַן עלטערן בחור־דערפאַר, וואָס ער האָט געטראָגן א נייעם קאַשקעט.

נו, גייט זייט א נביא, אַז ס'וועט זיך ענדיקן גאָר מיט א געלעכטער! אוודאי האָט דער מחבר פונעם לעקסיקאָן ביי זיך אין האַרצן געבענטשט גומל, וואָס ס'האָט זיך אזוי גוט אויסגעלאָזט.

46

## אויפֿן בענקעלע ביים טויער

דער „איינפֿאַר“. — דאָס פֿאַררופֿן אורחים. — ווידער חלומות וועגן אוצר.

ווייסט איר, וואָס הייסט אַן „איינפֿאָר“? — אַן „איינפֿאָר“ איז נישט קיין אכסניה און נישט קיין האָטעל, נאָר עפּעס, אַזעלכעס, וואָס געפֿינט זיך צווישן די דאָזיקע צוויי מינים, אָדער —ביידע מינים אינאיינעם. די אכסניה, אָדער דער טיפּ האָטעל, וואָס נחום ראַבינאָוויטש האָט געהאַלטן אין דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו און געלעבט דערפֿון, איז געווען דער אמתער „איינפֿאָר“. אַ גרויסער הויף מיט גרויסע שטאַלן פֿאַר פֿערד און וואָגנס און מיט גרויסע חדרים מיט בעטלעך פֿאַר די אורחים. מייסטנס זענען אין די חדרים געשטאַנען צו עטלעכע בעטלעך, און דער אורח, וואָס איז פֿאַרפֿאָרן, האָט נאָר אָפּגעדונגען אַ בעטל, נישט קיין גאַנצן חדר. סיידן אַ נגיד, אַן אָפּגעפּוצטער, אַ מיוחס. אַזעלכע זענען אָבער געווען זעלטן, און די האָבן געהייסן „פֿעטע“ אורחים. דאָס רוב אורחים זענען געווען „בעטלער“. די האָבן נישט באַדאַרפֿט באַזונדער קיין סאַמאָוואַרן מיט באַרינערס. איין סאַמאָוואַר אַ גרויסער איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין „זאַל“ און יעדער פֿון די „בעטל-אורחים“ האָט זיך געהאַט זיין טשייניק מיט זיין ביסל טיי — גיסט אייך, יידישע קינדער, און טרינקט אייך וויפֿל אייער האַרץ גלוסט!... אַ מחיה געווען אָנצוקוקן אינדערפֿרי, אָדער אויפֿדערנאַכט, ביי ראַבינאָוויטשן אין איינפֿאָר. אַ גאַנץ בינטל יידן אַרום טיש, מען טרינקט און מען רעדט אַלע אינאיינעם און מען גרעגערט און מען רויכערט — דעם רויך כאָטש שנייד מיט אַ מעסער! און רעדן רעדט מען פֿון וואָס איר ווילט. דער רעדט פֿונעם יאַריד — אַ יאַריד-מענטש. דער פֿון ווייץ — אַ ייד, וואָס האַנדלט מיט ברויט. דער רעדט פֿון דאָקטוירים — אַ ייד אַ קראַנקער, וואָס הוסט. און דער רעדט גאָר פֿון חזנים — אַ ייד,

וואָס האָט ליב נגינה און טוט אים עפּעס. און יענער זיצט זיך אין א ווינקל, שאָקלט זיך און דאַוונט דערווײַלע פון פאַרנט מיט א קול פון א נקבה. און דער בעל=הבית אליין, רב נחום ראַבינאָוויטש, א ייִד א חלוש, ווי אייך איז שוין באַקאַנט, מיט א קעצן באָלאָטל, מיט א קײַלעכיק יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ און מיט א גראָבן פּאַפּיראָס, זיצט צווישן די אורחים אויבן אָן, ווי א מלך, און הערט זיי אויס אלעמען אין איין צײַט, אָבער נאָר מיט איין אויער, ווײַל מיטן אנדערן אויער הערט ער זיך צו, אפשר נישט ווילנדיק, צו דער שטיפמאַמעס מענה=לשון, וואָס גיסט זיך אַזוי ווי בוימל און ציט זיך אַזוי ווי האָניק. דאָס רעכנט זי זיך מיט אירע שטיפקינדער אויפן ניכטערן האַרצן, טיילט זיי אויס ברכות, יעדן באַזונדער מיט דער פולער האַנט. דערלאַנגט דעם א זעץ אין א זײַט אַרײַן, דעם א סטוסאַק אין האַלדז=און=נאַקן, און יענעם איז זי מכבד מיטן רעכטן פוס אין בויך אַרײַן. זי וויל, אז אײנער זאָל גיין פאַרוויגן איר דאָס קינד, אז דער אנדערער זאָל גיין אין מאַרק אַרײַן איר העלפן טראָגן דעם קויש, און אז דער דריטער זאָל גיין גלאַט אין דער ערד אַרײַן... און די קינדער פאָלגן, טוען אלץ וואָס מען הייסט זיי, וואָרעם די צײַט איז שלעכט, פּרנסה איז געשלאָגן, אין חדר גייט מען נאָר א האַלבן טאָג, דעם אנדערן האַלבן טאָג העלפט מען אויס דעם טאַטן ווי ווײַט מען קאָן. ווער אין שטוב אַרום די אורחים, ווער אינדרויסן אויפן בענקעלע בײַם טויער — צו פאַרופן די דורכפאָרנדיקע בעל=עגלות: „אַהער פאָרפאָרט, אַהער!“...

אוודאי איז אינדרויסן אויפן בענקעלע בײַם טויער שוין בעסער, ווי אויסצושטיין דעם הו=האַ, מיטן גיהנום, מיטן גלות=שטיפמאַמע אינעווייניק אין שטוב. דאָס זיצן בײַם טויער אויפן בענקעלע איז גאָר קיין אַרבעט נישט. דאָס איז א שפּילעכל, א פאַרגעניגן. ווער שמועסט זומער, אז די בעל=עגלות פליען מיט א הוק, מיט א פײַף, מיט א קנאַק. דאָס פאָרן זיי פונעם פאַראַכאָד מיט פאַרשווינדלעד, ווילן איבעריאָגן אײנס דאָס אנדערע, הייבן זיי אויף אַזא שטויב, אז מען זעט נישט אַרויס די פּאַסאַזשירן, וואָס פאָר א פּנים זיי האָבן. נאָר אז אין וואָגן געפינען זיך פּאַסאַזשירן — דאָס זעט מען. און אלע ייִנגלעך מיט אלע משרתים פון די אײַנפאָר=הײַזער טוען זיך א לאָז אַנטקעגן דעם בעל=עגלה מיט א פרײלעכן געפילדער: „אַהער, פעטער! אַהער פאָרפאָרט!“ און דער בעל=עגלה ענטפערט זיי אָפּ מיט דער בײַטש, פליט דורך פאַרבײַ און ווערט פאַרשווונדן אינגעם געדיכטן שטויב, לאָזט איבער די ייִנגלעך און די משרתים מיט א נאָז.

דאָס איז אָבער נאָר זומער=צײַט, בעת נאַוויגאַציע, ווען דער דניעפּ

גייט. ווינטער, אז דער דניעפּר שמעלט זיך אוועק, לעבט דער איינפאָר פון אן אנדער סאָרט אורחים. ווינטער פאָרן אריין גרויסע בוכטעס אָדער בוידן, געפּאַקט מיט א מין סחורה, וואָס איז איינגעוויקלט אין צינאָוועס און שטינקט מיט טאראַן. דאָס זענען שוין נישט קיין אורחים אויף צו עסן שבתים און פאַרנעמען בעטלעך. זיי זענען נישט קליין צו ליגן אלע אינאיינעם אויף דער ערד, אָדער אין הויף ביי די וועגן, און זיי גיבן צו לייזן נאָר פאַר היי און האָבער. פון אזעלכע פאַרשוינען האָט מען ווייניק נחת און פּרנסה נאָך ווייניקער. היינט דאָס זיצן אליין אויפן בענקעלע ביים טויער אויפן פראָסט איז אויך עפּעס נישט אזוי זיס. דער העלד פון די דאָזיקע באשרייבונגען געדענקט גאַנץ גוט יענע צייט, ווען ער איז געזעסן אויפן בענקעלע ביים טויער. זומער אין דער גרעסטער היץ געבראָטן זיך אויף דער זון, און ווינטער אויף דער קעלט געפרוירן ווי אַ הונט, איינגעהילט אין א צעריסן פּעלצעלע, מיט אזעלכע שטיוועלעך, וואָס האָבן זיך געבעטן צום שוסטער, און ער האָט געקלאַפּט א פוס אָן א פוס און ארויסגעקוקט טאָמער וועט זיך באַווייזן א בעל=עגלה, אָדער א בוכטע מיט אורחים, וועט ער אויפשטיין, זיך לאָזן אנטקעגן: „אהער פאָרט! פאַרפאָרט אהער!" זענען אָבער בעלי=עגלות, ווי אויף צו להכעיס, דורכגעפלויגן פאַרביי און זענען גאָר פאַרפאָרן אין א צווייטן, א רייכערן איינפאָר, טאַקע אנטקעגן, צו ראובן יאַסנעגראַדסקי. דאָרט זענען, זאָגט מען, פאַראַן חדרים גרויסע, מיט ווייכע בענקלעך, מיט שפּיגלען, מיט נאָך און נאָך זאכן, וואָס די ראבינאָוויטשעס פאַרמאָגן דאָס נישט. דערפאַר איז דאָרט תמיד פול געפּאַקט מיט פעטע אורחים, און ביי זיי, ביי די ראַבינאָוויטשעס אין איינפאָר, איז פוסט, כאָטש הינט צו פאַרטרייבן. און דאָס פאַרדריסט שלומען זייער שטאַרק — אויף וועמען? אויף גאָט! פאַרוואָס האָט גאָט נישט געמאַכט אַזוי, אז ער זאָל בעסער געבוירן ווערן ביי ראובן יאַסנעגראַדסקי, איידער ביי נחום ראבינאָוויטשן פאַר א זון?...

און ראובן יאַסנעגראַדסקי ווערט ביי אים אַ סימבאָל פון מזל, פון עשירות און פון אלדאָס גוטס. און א סך פעטע אורחים ווערט ביי אים אן אידעאַל, א צווייטער „אוצר" פון וועלכן ער חלומט אציינד, ווי ער האָט געחלומט אמאָל, אין שמואליקס צייטן. און עס שמעלט זיך אים פאַר אין יעדן פורל, וואָס פאָרט דורך פאַרביי, אז דאָס פאָרט א בעל=עגלה מיט בכבודע פאַרשוינען, פעטע אורחים אין בערענע פעלצן. עס פאָרט דורך דער בעל=עגלה אקוראַט נעבן זייער אריינפאָר און איידער שלום באַווייזט ארויסצורעדן דאָס וואָרט „אַהער!" האָט דער בעל=עגלה שוין אָפּ=



שלום=עליכם אויף זיין לעצטן טור אין רוסלאַנד (גראָדנע 1914)

געשטעלט די פערדלעך: „טפררררו!“ — און עס קריכן ארויס פון דאָרטן אײנס נאָך דאָס אנדערע די בכבודע פאַרשוינגען אין זייערע בערענע פעלצן. און מען טראָגט אראָפּ נאָך זיי געלע לעדערנע טשעמאָדאַנעס, אָנגעפּאַקט מיט כּל־טוב, יעדער טשעמאָדאַן וועגט אַ פּוד! און זיי מאַרשירן אַריין אין שטוב אַרײַן, און זיי הייסן זיך געבן איטלעכן באַזונדער אַ גומער, אין בעטן, מען זאָל זיי דערלאַנגען סאַמאָוואַרן, און הייסן קאָכן וואַרעמעס און וועטשערע. און עס קומט אַרײַן צו זיי דער טאַטע אין דער יאַרמעלקע, מיט אַ שמייכלענדיק פּנים, און שטעקט זיי אָפּ אַ ברייטן שלום־עליכם און פרעגט זיי, צי רעכענען זיי דאָ שבת האַלטן? צעלאַכן זיי זיך און זאָגן: „וואָס עפּעס איין שבת? פאַרוואָס נישט דריי שבתים?“ און לאָזט זיך אויס, אַז דאָס זענען גאָר סוחרים, וואָס זענען געקומען קויפן ווייץ, און ביי קויפן ווייץ, וועט דער טאַטע קאָנען כאַפּן אַ שיין פאַרדינסטל קאָמיסיע, און טאַקע פאַרוואָס נישט אָפּלעקן אַ בייגדל?... אינדעם קומט אַן די שטיפמאַמע, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די שבתדיקע פאַטשיילע; דאָס פּנים פלאַקערט איר פאַר פרייד, און זי קוקט מיט איין אויג אויף די פעטע אורחים און טוט אַ פרעג שטילערהייט: „ווער האָט דאָס זיי געבראַכט צו פירן?“ „ס'איך האָב זיי פאַרופן, איך!“ — ענטפערט איר שלום מיט גדלות, און איז גליקלעך מיטן ליגן, וואָס ער האָט דאָ נאָר וואָס אָפּגעטאָקט. גליקלעך, וואָס אויך ביי זיי וועט אַמאָל זיין אַ גוטער טאָג, כאָטש איין טאָג אַ גוטער. און אַ שבת אַ גוטער — אַך! וואָס פאַר אַ פריילעכער שבת ביי זיי וועט זיין! און פאַרוואָס נאָר עפּעס איין שבת? פאַרוואָס נישט אַלע דריי שבתים?...

דאָס אַלצדינג וואָלט געווען זייער גוט, ווען ס'זאָל נישט זיין קיין דמיון, קיין חלום. די דאָזיקע פעטע אורחים אין די בערענע פעלצן מיט די געלע טשעמאָדאַנעס זענען טאַקע צוגעפאָרן און טאַקע אָפּגעשטעלט זיך, נאָר נישט ביי זייער אייניקל — אַקוראַט אַנטקעגן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, ביי ראובן יאַסנעגראָדסקיס אייניקל... אַך! וואָסערע שלעכטע, שלעכטע אורחים! וואָס וואָלט זיי געאַרט, זיי זאָלן בעסער געווען פאַרפאָרן צו אונדז?“ — טראַכט זיך דער שטענדיקער בעל־דמיון און קומט אַרײַן אין שטוב אַ דורכגעפרוירענער דורך און דורך, און טרעפט דעם טאַטן אינעם קעצענעם כאַלאַט, איינגעבויגן אין דרייען איבער אַ ספר, און די שטיפמאַמע גליט ווי אויף פאַקן: „נישט געקומען קיינער? וואָס וועט זי טאָן מיטן ברויט, וואָס זי האָט אָנגעבאַקן, און מיט די פיש, וואָס זי האָט אָנגעקאָכט? כאָטש נעם וואַרף זיי ארויס פאַר די הינט! צי איר מיינט אפשר,

אז ס'וועט זיין פון אייערטוועגן? — ווענדט זי זיך צו די שטיפקינדער. — איר זענט גאָר נעבעך קראַנק צו עסן אַלטגעבאַקן ברויט! ס'וועט זיך אייך אוודאי שטעלן פּאָפּעריק אין האַלדז, אָדער אייער מאָגן וועט עס חלילה גישט פאַרדייען! א קליינינקייט, אזעלכע איבערגעוואַשענע קינדערלעך, א גאַנצע כאַליאַסטרע, קיין עין־הרע, און אלע אַזוי אייד׳ל געפּאַציקעט! מען האָט זיי גאָרנישט געקאָנט איבערלאָזן, ווי די מיידלעך, אין באַהאַלאָוו, ביים זיידן מיט דער באָבע, זיי זאָלן בעסער דאָרטן קרענקען, איידער נעמען זיי אהער, נעמען זאָל אייך דער רוח, זיי זאָלן העלפן עסן, עסן זאָלן אייך ווערעם און טאַטשען אייער לייב לעבעדיקערהייט, ס'זאָלן פאַלן פון אייך שטיקער, ווי ס'פאַלט פון מיר, אז עס קומט דער ווינטער, קומען זאָל אויף אייך אַן אויסכאַפּעניש מיט אַן איינדאַרעניש, מיט אַן איינשרומפּעניש״...

דאָ גייט אַוועק א באַקאַנטער מענה־לשון, און שלום דער בעל־החלומות פאַרגעסט, אַז ס'איז אים קאַלט, און ער לויפט אַרויס צוריק אויף דער קעלט, צוריק צום טויער אויפן בענקעלע. דאָרט איז בעסער. דאָרט קאָן מען כאָטש זיצן רואיק און חלומען וועגן דעם, טאָמער וועט גאָט פאָרט צושיקן עפּעס פּעטע אורחים מיט בערענע פּעלצן, מיט געלע לע־דערנע טשעמאָדאַנעס, וואָס וועלן זיך אפשר פאָרט אָפּשטעלן ביי זיי אין אייַנפאָר, נישט אנטקעגן ביי ראובן יאַסנאַגראָדסקי?... גאָט, אז ער וויל, קאָן ער!

## 47

# דער קאָלעקטאָר

זאקסישע און ברונשוויקער לאָטעריע־צעטלען. — גרויסע האָפענונגען, נישטיקע געווינסן. — ער שרייבט א ראָמאַן אויפן שניט פון מאַפּו'ס „אהבת ציון".

צו באַוואונדערן, וואָס פאַר א שטאַרקער מענטש אָט דער שוואַכער ייִד, דער שטילער און פאַרטראַכטער נחום ראַבינאָוויטש האָט באַדאַרפט צו זיין, אז ער האָט געקאָנט אריבערטראָגן דעם גלות פון דער שטיפמאַמע, אויסהערן איר מענה־לשון מיט אירע ברכות, צוזען, ווי זי פייניקט זיינע קינדער, און נישט אַרויסטרעטן מיט א וואָרט אפילו! וואָס דער מענטש האָט איבערגעטראָגן אינעווייניק ביי זיך אין הארצן — קאָן מען נישט וויסן. אַרויסבאַוויזן האָט ער עס אָבער קיינמאָל נישט און אַרויסגעזאָגט האָט ער עס קיינעם נישט. און דערפאַר, אפנים, האָט זי געלייגט אויף אים כבוד, געערט, רעספּעקטירט, נישט באַגאַנגען זיך קעגן אים אזוי גראָב, ווי צו זיינע קינדער, למשל, און געשעצט אים אזוי הויך, ווי ס'איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אַזאַ ייִדענע, וואָס האָט אַליין אויך קיין האָניק נישט געלעקט, געבעך גוט אויסגעריסן געוואָרן, געהאָרעוועט ווי אן אָקס אויף אזא גרויסער שטוב מיט א כאַליאַסטרע קינדער, אייגענע און פרעמדע.

און אפשר האָט זיך איר רעספּעקט גענומען דערפון, וואָס זי האָט געזען, מיט וואָס פאַר א כבוד מען האַלט איר מאַן אין שטאָט, כאָטש אלע וויסן, אז ער איז ווייט פון א נגיד, פאַרדינט קוים דאָס שטיקל ברויט. קיין נאַרישע ייִדענע, ווי געזאָגט, איז זי נישט געווען. נאָר אַ פאַרביטערטע נשמה, נישט קיין איינגעהאַלטענע בשעת כעס און בטבע אן אָפּגעטלעכער מענטש: וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. דערפאַר, וואָס דער טאַטע האָט איר קיינמאָל נישט געשטערט אין איר מענה־לשון, האָט זי אים נישט געשטערט אין זיינע זאכן — אריינקוקן אין א בוך, שפּילן א

שאַך, אָדער אזוי פֿארברענגען מיט א מענטשן. און די מענטשן, מיט וועלכע דער טאַטע האָט פֿארבראַכט, זענען געווען לומדער משכילים, אויפֿגעקלערטע יונגעלייט און גלאַט „קאָפּמענטשן“, מען קאָן זאָגן, די סמעטענע פֿון דער דעמאָלטיקער שטאָט־אינטעליגענץ. דאָס איז געווען א גאַנץ בינטל משכילים, וואָס פֿארדינען אויסגערעכנט צו ווערן ביי די נעמען און אָפּגעמאָלט צו ווערן, ווי זיי שטייען און גייען, מיט זייער גאַנצער פֿיגור.

דער ערשטער דאַרף באשריבן ווערן „דער קאָלעקטאָר“, א ייד א בעל־בשר, א שווערער ייד, נאָר א „קאָפּמענטש“ און — ווי מען האָט אונטערגעשמועסט — אַ שטיקל אפּיקורס, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע און געדיכטע פּאות. נחום ראבינאָוויטש האָט געזאָגט אויף אים, אז דער ייד איז „עמוק“ און אז ער „ווייסט א שלל“. גאַנצע טעג האָבן זיי געקאָנט אָפּזיצן אין צווייען און רעדן אָן א שיעור. פֿון וואַנען האָט זיך ביי זיי גענומען אזוי פֿיל רייד? אָפֿטמאָל פֿלעגט דער קאָלעקטאָר קומען מיט א ביכל, אָפֿטמאָל נעמען א ביכל. ביי דער שטיפֿמאַמע האָט ער געהאַט א צונעמעניש: „דער קאַלטון“ — דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַט א קאַלטונעוואַטע באָרד. נאָר אין שטאָט האָט ער געהייסן „דער קאָלעקטאָר“. געהאַנדלט מיט צעטלען, זאַקסישע און בראַונשווייקער צעטלען. געטראָגן האָט ער שוואַרצע ברילן (געהאַט קאַליע אויגן), זומער און ווינטער איז ער געגאַנגען אין טיפֿע קאַלאָשן. קיין שטיוול נישט, נאָר קאַלאָשן, ווייסע זאָקן און קאַלאָשן. א גרויסער אביון, נאָר א מוראדיקער בעל־בטחון. געווען זיכער, אז זיינע קונדן מוזן אַמאָל אויסנעמען דאָס גרויסע געווינס, און דורך דעם וועט ער שוין אַליין אויך געהאָלפֿן ווערן. און געווינען, האָט ער געזאָגט, וועט נישט קיין אַנדערער, נאָר נחום ראבינאָוויטש. ער איז אים מבטיח, וואָרעם קיינער באַדאַרף נישט אזוי נייטיק דאָס גרויסע געווינס, האָט ער געזאָגט מיט א טעם, ווי רב נחום ראבינאָוויטש.... עס קאָן זיין, אז דאָס אייגענע האָט ער מבטיח געווען אויך זיינע אַנדערע קונדן. ער האָט זיי געהאַט א סך, כמעט די גאַנצע שטאָט יידן האָבן געשפּילט לאָטעריע. נאָר נחום ראבינאָוויטש האָט אין אים געגלויבט ווי אין אַ רבין, און גלייך מיט אים אַרויסגעקוקט אויפֿן גרויסן געווינס, ווי אויף משיח'ן, געזיפֿצט און געבענקט און געוואַרט, אז אָט־אָט קומט דער קאָלעקטאָר מיט דער גוטער בשורה: „מזל טוב, רב נחום, איר האָט געוווּנען די פֿינף און צוואַנציק טויזנט“...

דער העלד פֿון דער באשרייבונג געדענקט, אז אַלע מאָל, ווען ס'האָט געהאַלטן ביי דער לעצטער ציונג פֿון דער לעצטער קלאַס, האָט דער־

טאטע נישט געקענט איינזיצן אויף אן אָרט, געזיפצט מער ווי אלע מאָל, שטאַרק געגעניצט און געצויגן זיך, ווי אין א פיבער. גלייך מיטן טאַטן האָט אויך שלום געפיבערט און ארויסגעקוקט אויף דעם גליקלעכן טאָג, אפשר נאָך מער ווי דער טאטע. ער איז געווען זיכער, אז נישט קיינער, גאָר זיין טאטע איז דער קאנדידאט אויפן גרויסן געווינס. דאָ האָט זיך איבערגעחזרט ווידער אמאָל דער אוצר פון זיין חבר שמואליק. ער האָט געטראכט וועגן דעם גאנצע טעג. ער האָט געקאָנט אויסנווייניק די נומערן פונעם טאַטנס צעטלען. ער האָט זיי געזען אין חלום. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן, אז גאָט זאָל זיין אזא שלעכטער. וואָס וועט אים ארן, דעם רבונו=של=עולם, אז ס'וועט ארויס דעם טאטנס נומער? דאָס איז דאָך שוין ביי גאָט אזוי גרינג, וואָס גרינגער קאָן שוין גאָר נישט זיין...

שלום, זיצנדיק אין דרויסן אויפן בענקעלע ביים טויער, דערזעט פון ווייטן דעם קאָלעקטאָר, ווי ער שפּרייזט מיט די טיפע קאלאָשן גלייך צו זיי — לויפט ער אנזאָגן דעם טאטן א בשורה: „ער גייט!“ — „ווער?“ — „דער קאָלעקטאָר“. — „און אז דער קאָלעקטאָר, איז וואָס?“ — „וואָס הייסט, היינט איז דאָך דער לעצטער טאָג פון דער ציונג!“...

אזוי זאָגט שלום צום טאטן, און ער באמערקט, ווי דעם טאטנס געלגעקנייטשט פּנים איז בלאס געוואָרן. אין זיינע פארזאָרגטע אויגן האָט זיך באוויזן א פייערל און איז באלד פארלאָשן געוואָרן.

דער קאָלעקטאָר קומט אריין א פארסאפּעטער — ער האָט אן אסטמע. „ביי אים בלייב עס“, זאָגט די שטיפמאמע. מוז ער פריער איבערכאפּן דעם אָטעם און זאָגט א גוט=מאָרגן. דער טאטע פרעגט נישט ביי אים גאָרנישט. ס'זאָל עפּעס זיין, וואָלט ער דאָך אליין געזאָגט... יענער זעצט זיך אוועק, פארשארט דאָס היטל, ווישט זיך מיט דער פּאָלע דעם פארשוויצטן שטערן און דערציילט א נייעס, אז ס'איז הייס מיט סכנות־נפשות! ממש עס ברענט! עס ברענט!... א פּויזע. ביידע שווייגן. דערנאָך בינדט ער אויף די פּאטשיילע, א פארשמאָלצעוועטע, א רויטע, מיט גרינע פליאַמעס און שמעקט מיט הערינג. דאָרט ליגן ביי אים אלע לאָטעריע־צעטלען. ער נעמט ארויס מיט ציטערדיקע באוואָקסענע הענט א גרויסן בויגן פּאַפּיר מיט א סך ציפערן פון אויבן ביז אראָפּ, זוכט און זוכט מיט די שווארצע ברילן. שאַט! ער האָט געפונען! ער שטעלט אָן די שווארצע ברילן אויפן טאטן:

— אייער נומער, רב נחום, איז, דוכט זיך, אויב איך האָב קיין טעות נישט, זעכצן טויזנט דריי הונדערט פיר און אכציק?

— איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס איר פֿרעגט ביי מיר. — ענטפֿערט אים דער טאַטע מיט אַ שמייכל. — מיר דוכט, אַז איר האָט אַ גוטן זכּרון: איר ווייסט אַלעמענס נעמען אויף אויסנווייניק.

— אויף אויסנווייניק — זאָגט איר? סע קאָן זיין... הכּלל, זעכצן טויזנט, זאָגט איר, דריי הונדערט מיט פֿיר און אַכציק.

ער קוקט דורך די שוואַרצע ברילן און טאַפּט מיטן פֿינגער אינעם ציפֿערדיקן פּאַפּיר. שלום פּילט, אַז אָט־אָט שפּרינגט אים אַרויס דאָס האַרץ. נו? לאָמיר שוין הערן!... נאָר דער קאָלעקטאָר האָט צייט. ער רעדט זיך פּאַוואָליע:

— אייער נומער, רב נחום, האָט געוואונען... יאָ ער האָט געוואונען...

שלום זעט, ווי אויפֿן טאַטנס פּנים פּליט דורך אַ געל במאַרעלע און ווערט פֿאַרשוואונדן. און אַליין גלוסט זיך אים אויסשרייען מיט אַ קווויטש: קוקוריקו! — נאָר ער האַלט זיך איין און שלינגט איטלעכס וואָרט, וואָס גייט אַרויס פֿונעם קאָלעקטאָרס מויל:

— געוואונען... אָבער אַ קליין געווינסל. נאָר אַ קליין געווינסל! עס וועט זיך אָננעמען, אחר נכּיון פּעט און כּל ההוצאות, אַזוי גרויס, אַזוי גרויס...

דער קלייגער חלשט שיעור!

— אַזוי גרויס, ווי אַכט רובל מיט זעכציק. קומט פֿון אייך, אַפּנים, אויב איך בין מיך נישט טועה, צוועלף מיט פּופֿציק, און פֿון פֿריער, אויב איר געדענקט, דריי מיט אַכציק. האָבן מיר, הייסט עס, אַ קיימאַ־לן פֿון זעכצן מיט דרייסיק? נמצא, אַז איר בלייבט מיר שולדיק אויף להבא אַזוי גרויס, אַפּנים, ווי זיבן מיט זיבעציק. הא? איז דאָס אַזוי, צי ניין? אַציינד ווילט איר דאָך מסתּמא אַ ניי צעטל? וועל איך אייך געבן. נעמט, רב נחום, קלייבט אייך אויס אַ נומער. היינטיקס מאָל, אם ירצה השם, וועט איר שוין געווים געווינען. דאָס איז אַזוי זיכער, הערט איר, ווי מיר האָבן היינט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט! שוין? האָט איר אויס־געקליבן? וואָס פֿאַר אַ נומער? אַכט טויזנט זעקס הונדערט דרייצן? לאָז גאָט געבן מיט גליק, אין אַ גוטער שעה זאָל זיין!... וואָס קוקסטו זיך אַזוי איין — זאָגט ער צו שלומען — דו קונדאַס איינער? (אַ קוועטש דעם „אָס“). ווו האַלטסטו אינעם „שירי־תּפֿארת“, דו שייגאַץ איינער? (אַ קוועטש דעם „אָץ“).

דער „שיר־תּפֿארת“ פֿון נפֿתּלי הערץ וויזעל — דאָס איז אַ ביכל, וואָס דער קאָלעקטאָר האָט געהאַט געבראַכט צו טראָגן דעם „שייגאָץ“,

ער זאָל לייענען, מיט נאָך ביכלעך פון אדם הכהן לעבענזאָן און פון קלמן שולמאַן און פון רב יצחק בער לעווינזאָן. און דער שייגאַץ (שלום) האָט זיי געשלונגען, זיצנדיק אין הרויסן אויפן בענקעלע ביים טויער. און דער טאַטע האָט אָנגעקוואָלן, וואָס זיין זון לייענט שוין אַזעלכע ביכלעך, און געפרעגט ביי אים, צי ער פאַרשטייט כאָטש וואָס ער לייענט? שעמט זיך שלום צו זאָגן, אַז ער פאַרשטייט, וואָרעם ווי אַזוי רעדט מען דאָס מיט אַ טאַטן? ענטפערט פאַר אים דער קאָלעקטאָר, אַז ער פאַרשטייט זייער גוט, דער „שייגאַץ“, פאַרוואָס זאָל ער נישט פאַרשטיין? זעט איר, מאַפּו און סמאָלענסקי איז פאַר אים נאָך אַ ביסל פרי, פאַר אַזאַ ווערוריק, נאָך צו פרי! — אַזוי לאָזט אויס דער קאָלעקטאָר, און מהאי טעמא, ווייל דער קאָלעקטאָר האָט געזאָגט, אַז ס׳איז נאָך צו פרי, האָט דער ווערוריק באַקומען ערשט רעכט חושק צו אָט די דאָזיקע ביכלעך, און ער האָט בגנבה זיך צוגעכאַפּט צו מאַפּון און סמאָלענסקין און אַ נאַש געגעבן בסוד, אַז קיינער זאָל נישט זען, אַ ביסל מאַפּו און אַ ביסן סמאָלענסקין.

דאָס ערשטע, וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט, איז געווען דער יידישער ראָמאַן „אהבת ציון“ פון אברהם מאַפּו. מאַפּו׳ס „אהבת ציון“ האָט ער איינגעשלונגען אין איין שבת, פון אָנהייב ביזן סוף, ליגנדיק אויפן בוידעם און ברענענדיק ווי אַ שטרויענער דאַך. ער האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן אויפן אומגליקלעכן אמנון, געוויינט און געכליפּעט! און האָט זיך שטרעבלעך פאַרליבט אין דער שיינער געטלעכער תמר׳ען גלייך מיט דעם העלד פונעם ראָמאַן, מיט אמנונען, אויב נישט מער נאָך פון אמנונען, געזען זי אין חלום און גערעדט מיט איר אויף שיר־השירים שפּראַך, אַרומגענומען זי און געהאַלדזט זי און געקושט זי...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן איז דער פאַרליבטער שלום אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען, ווי אַ שאָטן, מיט אַ מוראַדיקן קאַפּוויטיק, פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צום עסן, אָבער טאַקע לחלוטין — וואָס ס׳איז געווען פאַר דער שטיפמאַמע אַ רעטעניש: „געפּגרט אַ בער אין וואַלד! נישט אַנדערש!“ — אַזוי האָט די שטיפמאַמע געזאָגט און גענומען נאָכקוקן און נאָכפאָרשן, וואָס איז די מעשה, וואָס דער בחור האָט אויפגעהערט צו עסן?...

דער סוף פונעם „אהבת ציון“ איז געווען אָט וואָס פאַר אַ סוף. פון די אורחים, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי זיי אין איינפאָר, זענען אַריינגעפאַלן אים אָפטמאָל עטלעכע גראָשנס פאַר פאָלגן אַ גאַנג. אָט די גראָשנס האָט שלום אויסגעגעבן אויף פּאַפּיר, צונויפגענייט דאָס פּאַפּיר אין אַ

ביכל, צעוווירעט אלע בלעטלעך פון ביידע זייטן, און האָט זיך אוועקגעזעצט צו דער אַרבעט — שרייבן אַ ראָמאַן אויפן שניט פון מאַפּו'ס „אהבת ציון“, אַן אייגענעם ראָמאַן, נאָכגעגאַנגען מאַפּון פיס־טריט, מיטן לשון און מיטן סטיל און מיטן גאַנצן פּלאַן, נאָר אונטער אַן אַנדער נאָמען: נישט „אהבת ציון“, נאָר „בת ציון“ און די העלדן האָבן נישט געהייסן נישט אַמנון און נישט תמר, נאָר שלמה און שולמית. און אַזוי ווי בייטאָג איז נישט געווען קיין סך צייט צו שרייבן — אַ האַלבן טאָג דאַרף מען גיין אין חדר אַריין און אַ האַלבן טאָג העלפן אין אייזנפּאָר — לכן האָט ער געמיינט אויסצונוצן דערצו אויך די נאַכט, אַוועקגעזעצט זיך ביי אַ לאָמפּ און געשריבן מיט קליינע אותיותלעך, און געשריבן, ביז... ביז די שטיפמאַמע האָט דערהערט, סע סקריפּעט עפּעס און דערזען, אַז עס לייכט זיך, האָט זי זיך נישט געפּוילט און איז אַראָפּ פון בעט אַ באָרוועסע, זיך אונטערגעגנבעט און דערזען דעם חברה־מאַן זיצן און שרייבן, האָט זי אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַז די גאַנצע שטוב האָט זיך אויפגעכאַפּט אין איין שרעק, געמיינט, אַז ס'ברענט. דער גאַנצער געוואַלד איז אָבער געווען נאָר צוליבן קעראָסין, וואָס איז אויסגעברענט. „גאַז וועלן זיי ברענען, ברענען און שרפהנען זאָלט איר, ליבער גאָט! א מיתה משונה! א כאָליערע! א שרפה! א מגפה!“...

וואדאי האָט דער טאַטע דעם נישט־געענדיקטן ראָמאַן „בת ציון“ צוגענומען צו זיך, אינאיינעם מיטן געגנבעטן „אהבת ציון“, און דער מחבר פון דער „בת ציון“ האָט שוין געוואַרט אויף אַ רעכטן פּסק. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דער טאַטע האָט דעם „בת ציון“ באַוויזן, צום אַלעם ערשטן, דעם קאָלעקטאָר. האָט דער קאָלעקטאָר זיך גאָרנישט געקאָנט אָנקוקן אינעם כתב און אינעם לשון און אין דער מליצה! און ער האָ געשענקט דעם „קונדאס“ אַזאַ קניפּ אין באַק, אַז ס'איז געבליבן שטיין אַ בלויער סימן!

— איר ווייסט גאָר נישט, רב נחום, וואָס פאַר אַ פּרי דאָס איז! שטראָף מיך גאָט, אויב איר ווייסט! פון אים וועט עפּעס אויסוואַקסן! אָט וועט איר זען, וואָס פון אים וועט אויסוואַקסן!... קום נאָר אַהער, די שייגעץ איינער, לאָם איך דיר שענקען כאָטש נאָך אַ רעכטן קניפּ אין ריינע רויטע פּאַמפּעשקעס, א רוח אין דיין פּאַרנט און מיטן אַריין!

## 48

# די געראָטענע איידעמס

דער „מיראָוואָי סודיאַ“, א גוי, זאָגט מוסר די יידן. — לייזער-יאָסל און מאַגידאָוו. — צאַצקעוואַטע איידעמס. — טויזנט בלאַט גמרה אויסנווייניק.

נאָכן „קאָלעקטאָר“ זענען אָפטע אריינגייערס צו נחום ראַבינאָוויטשן געווען די „געראָטענע איידעמס“, די אמתע זיידענע יונגעלייט, די צאַצקעס, די אינטעליגענץ פון שטאָט.

איטלעכע שטאָט מיט אירע השגות און מיט אירע מאָדעס. אין פּערעיאַסלאַוו איז געווען אין יענער צייט א מאָדע — איידעמס. ביי די דאָרטיקע בעלי-בתים איז דאָס געווען א מין ספּאָרט, וואָס מען האָט זיך דערויף אויסגעבראַכט, זיך געלאָזט קאָסטן געלט, אבי צו קריגן א רעכטן איידעם. געברענגט האָט מען די סחורה, מיינסטנס, פון דער פרעמד. זעלטן ווער עס האָט א שידוך געטאָן אין דער היים. סיידן אזעלכער, וואָס האָט נישט צו באַצאָלן. ווער אָבער עס האָט געקאָנט און געוואָלט געבן נדן, דער האָט זיך געבראַכט צו פירן פון דער ליטע אָדער פון פּוילן אן איידעמל א צאַציקע, יעדער נאָך זיין גוסט, נאָך זיין פאַסאָן, נאָך זיין השגה און נאָך זיין פאַרמעגן.

למשל, דער פעטער פיניע, האָט זיך געבראַכט אן איידעמל דווקא נישט פון ווייט, פון לובען, א יונגערמאַן א בן-תורה, א רוחניות, וואָס האָט נישט געוווּסט קיין צורת מטבע. די מומע חנה פאַר איר שיינער טאָכטער האָט אראָפּגעבראַכט אן איידעם פון יאַגאַטין, א פאַרשוין, וואָס מע האָט געמעגט אים אָנקוקן אויף בילעטן! נישט קיין איבעריקער חכם און נישט קיין גרויסער למדן, דערפאַר א פאַרשוין! שבת נאָך דער חתונה, אַז מע האָט געפירט דאָס פּאָרל אין שול און פון שול, האָבן יידן און ווייבער זיך געשטופּט קאָפּ אויף קאָפּ, איינגעקוקט זיך און באַוווּנדערט און גע=

שאצט, ווער פון די צוויי איז שענער? און חווקא הויך אויף א קול. אייניקע האָבן געזאָגט, אז ז י איז שענער; אנדערע האָבן געדרונגען, אז ע ר איז שענער. דער „ער“ מיט דער „זי“ האָבן דאָס ביידע געהערט, זיך פאררויטלט און דערפון געוואָרן נאָך שענער. מער האָבן די עלטערן נישט געדארפט, אבי זיי האָבן אויסגענומען, זייער סחורה איז געפעלן, און די שטאָט רעדט פון זיי. וואָס נאָך דארף מען האָבן צו פּאָפּולאריטעט?... אָפּטמאָל האָט זיך געמאכט, אז מען האָט זיך געשלאָגן פאר איידעמס. דאָס הייסט, מען מיינט נישט, חלילה, זיך געשלאָגן מיט שטעקנס, געשלאָגן הייסט — מחותנים האָבן זיך געקריגט און געזידלט, ווער עס האָט א שענערן איידעם. מחותנתטעס האָבן זיך געשטעלט פייגן, און עס איז טאקע דערגאנגען אמאָל צו פּעטש אויך, און ראָמאנאָווסקי דער „מיראָוואָי סודיאַ“. א גוי א חרוץ, וואָס פארשטייט יידיש, האָט געזאָגט מוסר... פּאָרט א גוי! ווי קאָן א גוי פארשטיין דעם תענוג פון פירן אן איידעם שבת אין שול אריין, אוועקזעצן אים אין זיינע נייע בגדים פון קאָפּ ביז פיס גאנץ אויבנאָן אין מזרח, אויף דער אויסשטעלונג, אים אָפּגעבן מפטיר, און ער זאָל ארויפגיין אויף דער בימה און אָפּקלינגען אַ הפטרהלע, אַז ס'זאָל קנאַקן, און די ווייבער פון עזרת=נשים זאָלן זיך שטופּן דורך די פענצטערלעך: ווו איז ער? ווו?“... ניין, דאָס וועט א גוי קיינמאָל נישט פארשטיין, ער מעג זיין דער גרעסטער חכם אין דער וועלט!

מערסטנטייל אָבער איז דער דאָזיקער ארטיקל געווען אזא מין, וואָס ווערט גיך אָפּגענוצט, טוט אַ גלאַנץ און ווערט וואָכעדיק, ווי יעדער מין סחורה, וואָס הייבט אָן ווערן אלט, אָדער גייט ארויס פון דער מאָדע. א יאָר, צוויי יאָר — און דער געוועזענער איידעם, די צאַצקע, דער נעכטיקער פרינץ ווערט א ייד גלייך מיט אלע יידן; עס הייבט זיך אים אָן אויסשיטן אַ בערדל, און ס'איז צו זען, ווי ער הייבט עס אָן צו טראָגן אויף זיך דעם עול פון פרנסה. א רחמנות צו קוקן, ווי אזוי דער געוועזענער איידעם, דער נעכטיקער פרינץ, וואָס איז, דאכט זיך, ערשט פאראכטאָגן שבת געשטאַנען אין בית=מדרש אין מזרח אויף דער אויסשטעלונג, האָט אָפּגעטראָטן מחילה דעם אויבנאָן א נייעם איידעם א צאַצקע, א נייעם פרינץ, און ער קוקט אויף אים און איז אים מקנא, און זיין יונג ווייבל, וואָס איז ערשט אָט דאָ נישט לאנג געווען א קעניגין, שטופּט זיך מיט אלע ווייבער גלייך פון עזרת=נשים אהין, צום פענצטערל: „ווו איז ער? ווו?“... אָט אזוי איז אלצדינג אויף דער וועלט. מיר וואָלטן דאָ באדארפט זאָגן: ד ו ר  ה ו ל ך  ו ד ו ר  ב א, און עס וואָלט געווען א יושר ארייצולאָזן זיך א

ביסל אין לעבנס=פילאָזאָפיע, נאָר מיר האלטן ביי גראָטענע איידעמס, גיין מיר דעריבער אונדזער וועג.

צוויי אזעלכע גראָטענע איידעמס זענען געוועזן, קאָן מען זאָגן, אן אויסנאַם פונעם כלל איידעמס, און זיי זענען דעריבער פארבליבן אין דער שטאָט פערעיאסלאַוו מיטן גאנצן גלאנץ אויף א לאנגער=לאנגער צייט נאָך זייער חתונה, נישט אָפּגעבליאַקעוועט ווי אלע אנדערע איידעמס, און נישט ארויס אזוי גיך פון דער מאָדע. אייגער האָט געהייסן לייזער=יאָסל, דער אנדערער — מאגידאוו. דעם ערשטן האָט ארָאָפּגעבראכט פון קארסון א נגיד א לעדער=הענדלער, וואָס האָט געהאַט נישט קיין איבעריק שיינע טאָכטער און האָט אָבער געקאָנט רעכט באצאָלן. דעם אנדערן האָט אויסגעשריבן פון דער ליטע ערגעץ א נגיד א ליוועראנט, וואָס שטעלט צו פערד אין „קאַזנאַ“, אים געגעבן ביידע זאכן; אי א שיינע טאָכטער, א געזונטע שטיק, אי היפּשלעך נדן, אחוץ מתנות און קעסט, און וואָס איר ווילט. און אז מען האָט זיי ארָאָפּגעבראכט, האָט געקלונגען די שטאָט, ממש געגאנגען „כאָדאָראָם“! חתונות זענען געוועזן אזעלכע, וואָס ליגן עד היום אין טעם און זענען א לאנגע צייט נישט פארגעסן געוואָרן. מען האָט גערעדט פון זיי נאָכדעם אין שטאָט און אויסער דער שטאָט און אין אנדערע שטעט ארום און אין דער גאנצער סביבה. א קלייניקייט, וואָס די צוויי חתונות האָבן אָפּגעקאָסט!... אויב די טעכטער זענען געוועזן גליקלעך, אָדער נישט — דאָס איז זיך אַ באַזונדערע זאַך. אויף וויפל אונדז איז באוווסט, האָט איינע פון זיי זיך געגעט מיט איר מאַן שוין נאָכדעם, ווי זי האָט געהאט פון אים א מתנה — עטלעכע קינדערלעך — און זי איז אַוועק קיין אַמעריקע... די אַנדערע — דער מאַן איר'ער איז, דאַכט זיך, אָדער א מלמד, אָדער א שדכן, אָדער ביידע זאכן אינאיינעם, פאַר זיכער איז שווער צו זאָגן, נאָר אז ער איז אן אָרעמאַן — דאָס איז געווים. מיר רעדן אָבער נישט פון איצט. מיר רעדן פון דעם, וואָס איז געוועזן אמאָל, מיר רעדן פון דעמלט! דעמלט זענען די פאָטער און מוטער, די שווער און שוויגער, הייסט עס, געוועזן אין זיבעטן הימל! איינע פאר דער אנדערער האָבן זיך די שוויגערס באריימט מיט די „מציאות“, וואָס זיי האָבן איינגעהאנדלט. איינע האָט זיך אויסגערעדט פאר די ווייבער, אז זי האָט געבראַכט אַ פּרוכתל אין שול אַריין. האָט די אַנדערע זיך אויסגעדריקט נאָך שארפער, אז זי האָט אריינגעבראכט א ספר=תורהלע אין ארון=קודשל אַריין (צוליבן פרוכתל מיטן ספר=תורהלע איז שוין דער ארון=קודש ביי איר געוואָרן אן „ארון=קודשל“...).

און בארימען זיך האָבן זיי געמעגט. זיי האָבן געהאט מיט וואָס. לייזער=יאָסל איז געווען אַן עלוי: א יונגערמאנטשיק, וואָס האָט געקענט — אזוי האָט מען געשמועסט — טויזנט בלאט גמרא בעל=פה; 1.000 נישט קיין 999! פון תנ"ך שמועסט מען נישט. היינט א בעל=לשון=קודש, און א בעל=מליץ, און א כתבא רבה, און א ברען, א ליץ, א פארשלעפטע קרענק... בסוד האָט מען אפילו אונטערגעשמועסט, אז ער איז א ביסל „געכאפט": פארקנייטשט דאָס דאַווענען, האלט נישט פון תעניתים, טראָגט דאָס נאָזטיכל אום שבת, שרעקט זיך נישט איבער פאַר אַ נקבה — און נאָך אַזעלכע זאכן האָט מען געקאָנט הערן ביים פעטער פיניע אין שטוב, למשל. דאָס איז אָבער אלצדינג געווען בטל אנטקעגן די טויזנט בלאט גמרא אויסנווייניק.

דער צווייטער איידעם, מאגידאָוו, איז אויך געווען אַן עלוי, אויך טויזנט בלאט גמרא אויסנווייניק — 1.000 — נישט קיין 999 — און אויך א בעל=תנך, און א בעל=דקדוק און א בעל=לשון=קודש און א שיינער בעל=דברן, נאָר שוין נישט קיין ליץ און נישט קיין פארשלעפטע קרענק, ווי לייזער=יאָסל. אדרבה, שוין א ביסל צו א חוקר, צו א טיפער, פארדרייטער מוח. אלצדינג, וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, איז פונקט קאפויר. א שטיק עקשן — א „ליטוואַק"!

פארשטייט זיך, אז נחום ראבינאָוויטש האָט נישט דורכגעלאָזט אזא טייערע געלעגנהייט, אַז די דאָזיקע געהאָטענע איידעמס זאָלן פאַרהערן זיין קליינעם בעל=תנך און זען, ווי דער ימח=שמו'ניק שלום שרייבט לשון=קודש. ביידע איידעמס האָבן געפונען, אז דער ימח=שמוניק איז טאקע א ימח=שמו'ניק און מען טאָר אים נישט לאָזן גיין לאיבוד. מע דארף זען פאר אים עפעס א „תכלית", מאכן דאָס קינד פאר א „מענטשן". איינער פארן אַנדערן האָבן זיי אים אָפּגעלויבט אין טאָג אריין, געזאָגט, אַז „מען קאָן גאָרנישט וויסן, הערט איר, וואָס פון דעם ימח=שמו'ניק קאָן אמאָל זיין"... און דער קאָלעקטאָר מיט די שווארצע ברילן, וואָס רייבט זיך ארום יונגעלייט, האָט אויך צוגעבאָמקעט, אַז ער זאָגט שוין לאַנג, אַז מען קאָן גאָרנישט וויסן, וואָס פון דעם „שייגאץ" (א קוועטש אויף דעם „אץ") קאָן אמאָל זיין... און דער ימח=שמו'ניק, אָדער דער שייגאץ, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט דאָס אלצדינג געהערט און די נשמה האָט אים געצאפּלט און דאָס הארץ האָט אים געוואקסן און דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, ווי ביי איינעם, וואָס קלעטערט אויף א גאנץ הויכן לייטער און מענטשן שטייען ארום אים און זעען, ווי ער קלעטערט גוט און גיבן אים אונטער הייץ

און מאַכן אים קוראַזש. א קליינעקייט, אַזעלכע מענטשן לויבן אים, זאָגן: אַז „מע ווייסט נישט, וואָס פון אים קאָן אמאָל זיין!"... און דער טאַטע — שמועסט מען נישט. יענער איז געווען אויפן זיבעטן הימל! יעדער זיפץ פונדעסטוועגן האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק האַרץ. דאָס זיפצן האָט באַדאַרפט זאָגן: „איך ווייס אליין, אַז מען קאָן גאָר נישט וויסן, וואָס פון דעם ימח־שמו'ניק קאָן אמאָל זיין; נאָר גיט מיר אַן עצה, יידישע קינדער, וואָס מען טוט מיט אים? ווי אַזוי מאַכט מען אים פאַר אַ „מענטשן"? אדרבה, גיט עפּעס אַן עצה?"...

און עס האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט אים געגעבן אַן עצה, אַ שאַרפע, אַ ראַדיקאַלע, נאָר אַ רעכטע עצה — און אים האָט דער טאַטע געפאָלגט. דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע פערעיאַסלאַווער אינטעליגענטן מיטן נאָמען „אַרנאָלד", אַ יונגערמאַן אַ פילאָזאָף פון הינטער דער שטאָט, פון די אַזוי גערופענע „פידוואָרקעס". אים שענקען מיר אַ באַזונדער קאַפּיטל.

49

# אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס

די פאַרשטאָט פון פּערעיאַסלאַוו. — אַרנאָלד אַן אַפּיקורס. — יציאת-מצרים אַ לעגענדע. — וואָס דרעפּער זאָגט אויפן רמב"ם. — ראַבינער-שול און גימנאַזיע.

כמעט יעדע שטאָט פון דער געבענטשטער „טשערטא" האָט זיך איר פאָרשטאָט, איר „סלאָבאָדקע", וואָס איר באַפעלקערונג באַשטייט מער פון גויים איידער פון יידן און די יידן, וואָס זיצן דאָרט, זענען נישט די יידן, וואָס אין שטאָט. אַן אַנדער טיפּ יידן. זיי זעען אויס מער דאָרפיש, זענען נישט אַזוי פּיפּיק, ווי די שטאָט-יידן, א ביסל פאַרגרעבט, טראָגן גרויסע שטיוול, שמעקן מיט פעלץ. אנשטאָט „געוועוג" זאָגן זיי „האָדי". לאַכן לאַכן זיי הויך און מיט אַ קמץ: האָ-האָ! און די ריש רעדן זיי אַרויס האַרט, ווי צוויי רישן, אָדער נאָך מער: „ררבי! דערר פעטעררר מררדכי האָט אייך גערופן אויפן ברית"...

אין דער געגנט פון פּערעיאַסלאַוו געפינט זיך אַזא מין סלאָבאָדקע, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער שטאָט מיט א הילצערנער בריק און מיט א טייכל, און רופט זיך עס מיטן נאָמען אויף יידיש: „די פּידוואָרקעס". דאָס איז אַן ערטל מיט אַן אַנדער אויסזען, מיט אַן אַנדער אַטמאָספער. אַהין גייט מען זיך דורך אַמאָל, אַז מען האָט צייט, כאַפּן פרישע לופט, ווייל דאָרטן זענען דאָ סעדער, דאָרט וואַקסט גראָז. אַהין גייען שפּאַצירן שבת ביינאַכט יינגלעך און מיידלעך. דאָס הייסט נישט חלילה יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען — יינגלעך באַזונדער און מיידלעך באַזונדער, נאָר ס'איז שוין במילא, אַז מען באַגעגנט זיך איבער דער בריק גייענדיק, שמעלט מען זיך אָפּ, כאַפּט מען א קוק, וואַרפט מען זיך דורך מיט א וואָרט. אַמאָל טוט מען זיך א שאר אויך, א ריר-אָן איינס דאָס אַנדערע מיטן עלנבויגן און דער בחור מיטן מיידל ווערן רויטלעך, יונגע הערצער

קלאַפּן... פון עטלעכע מאָל איז באַגעגענען זיך אויף די „פידוואָרקעט“ הייבט מען אָן זיך איבערשרייבן בסוד־סודות מיט בריוועלעך און עס פּיקט זיך אויס אַמאָל אַ ראָמאַן. מיט וואָס אָט אַזאַ ראָמאַן ענדיקט זיך — דאָס וועלן מיר האָבן אַ געלעגנהייט צו זען ווייטער. דערווייל האַלטן מיר נאָך ביי „ארנאָלדן פון די פידוואָרקעס“ און אָט מיט אים ווילן מיר זיך באַקענען.

דאָרט, אויף די „פידוואָרקעס“, האָט נחום ראַבינאָוויטש געהאַט באַקאַנטן און אַ גוטן פריינד מיטן נאָמען „בנימין־קלמן פון די פידוואָרקעס“. אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, האָט בנימין־קלמן פון די פידוואָרקעס געהאַנדלט מיט תבואה בשותפות מיט נחום ראַבינאָוויטש, איינאייגעם „געגרויזעט“ באַרקעס און בערלינעם קיין קעניגסבערג און דאַנציק. די לעצטע צייט איז ער אַ ביסל אַראָפּ, אָנגעוווירן דעם גלאַנץ, געהאַנדלט קליין, געגאַנגען האַרט ביי די ווענט. נאָר די גוט־פריינדשאַפט פון די געוועזענע שותּפים איז פאַרבליבן די זעלבע ווי אַמאָל. ער איז אָפט אַריינגעקומען אַ ביסל זיצן און שמועסן. געשמועסט האָט, אייגנטלעך, בנימין־קלמן. ער האָט ליב געהאַט רעדן. צום מייגסטן — דערציילן מעשיות פון זיין יינגערן ברודער ארנאָלד. „מיין ארנאָלד! ווו האָט איר נאָך אַזאַ קאָפּמענטש, ווי מיין ארנאָלד? אַזאַ קענער, ווי מיין ארנאָלד? אַזאַ ערלעכן מאַן, ווי מיין ארנאָלד? וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַן ארנאָלד דאָס איז! שוין איינמאָל אַן ארנאָלד!“... און אַזוי ווייטער.

נישט נאָר דער ברודער בנימין־קלמן — אַלע האָבן גערעדט פון ארנאָלדן. „ארנאָלד פון די פידוואָרקעס“ איז געווען אַ מין העלד אין שטאָט. ערשטנס, אַ באַיאָרטער בחור, אָדער אַן אַלמן, און אפשר אַ גרוש, נאָר סיי־ווי־סיי — אָן אַ ווייב. אַ ייד אָן אַ ווייב איז דאָך גלאַט אַ זעלטנהייט. אַחוץ דעם איז ער אַ נאָטאַריוס. אַ ייד אַ נאָטאַריוס — דאָס איז דאָך שוין אַוודאי אַ זעלטנהייט! איר האָט עפּעס אַ סך געזען יידישע נאָטאַריוסן ביי אונדז? דאָס הייסט, ער איז נאָך דערווייל נישט קיין נאָטאַריוס, נאָר ער וועט זיין אַ נאָטאַריוס. וואָרעם ער שטודירט אויף נאָטאַריוס. ער שטודירט שוין פון לאַנג. ער דאַרף נאָר אָפּגעבן „עקזאַמענס“, אַזוי ווערט ער באַלד אַ נאָטאַריוס. סיידן ער וועט נישט אָפּגעבן דעם „עקזאַמען“, נאָר פאַרוואָס זאָל ער נישט אָפּגעבן? „ער וועט געוויס אָפּגעבן — אַזוי זאָגט בנימין־קלמן — און ער וועט געוויס זיין נאָטאַריוס, ס'איז נאָרנישט דאָ וואָס צו רעדן. איר שפּילט זיך מיט מיין ארנאָלדן?“...

וואָס א נאָטאריוס איז — ווייסן אלע און שלום אויך. פאראן אין פערעיאַסלאַוו א נאָטאריוס, איז ער א גוי און הייסט גאוואָוו, גאוואָוו דער נאָטאריוס. נאָר וואָס הייסט „אָפּגעבן עקזאמענס“ — דאָס ווייסט ער שוין נישט. וואָס דארף ער אָפּגעבן און וועמען דארף ער אָפּגעבן, און ווי אזוי גיט מען דאָס אָפּ „עקזאמענס“? — דאָס זענען פון די זאכן, וואָס מען הערט פון זיי און מען רעדט זיי נאָך, נאָר מען זאָל פארשטיין, וואָס דאָס איז — דאָס נישט. למשל, אויף ארנאָלדן פון די פידוואָרקעס זאָגט מען, אז ער שרייבט אין די גאזעטן און אז די גאנצע שטאָט, סיי יידן, סיי קריסטן, האָבן מורא פאר אים, ער זאָל זיי נישט באשרייבן אין „קיעוולאנין“. פארשטייט נישט שלום, ערשטנס, וואָס האָבן זיי מורא? און צווייטנס, ווער איז געווען דער „קיעוולאנין“? ער הערט אלע זאָגן, זאָגט ער נאָך, אז אלע ציטערן פאר ארנאָלדן, פאר זיין מויל און פאר זיין פען, ווי פארן מלאך=המות. אויסבאהאלטן זיך פאר אים איז אוממעגלעך, און אנטערקויפן אים — פארמאָגט קיינער נישט אזוי פיל געלט. „זיי וועלן זיך דערשפּילן! — אזוי פלעגט בנימין=קלמן זאָגן מיט א שמייכעלע. לאָז מיין ארנאָלד נאָר וועלן זיך פּאַצקען די הענט, אזוי באשרייבט ער זיי אין „קיעוולאנין“ פון קאָפּ ביז פיס אלעמען, לאָזט נישט איבער איינעם נישט קיין באשריבענעם! איר שפּילט זיך מיט מיין אַרנאָלדן?“..

שענער פון אלץ איז דאָס — און זייער כאראקטעריסטיש — וואָס אַרנאָלד איז געזעסן מיט זיין ברודער בנימין=קלמן אויף די פידוואָרקעס אונטער איין דאַך ימים ושנים ברוגזע, נישט אויסגערעדט א וואָרט צווישן זיך, נאָר איינער פארן אנדערן האָבן זיי זיך געלאָזט די פינגער שניידן! „מיין ארנאָלד“... „מיין בנימין=קלמן“... קיינער, נישט אויף די פידוואָרקעס, נישט אין שטאָט, האָט געזען אמאָל ביידע ברידער גיין אינאיינעם, אָדער געהערט אויסרעדן זיי א וואָרט. אפילו ביי איין טיש נישט געזעסן. ארנאָלד האָט זיך געהאט ביי בנימין=קלמנען אין שטוב זיין חדרל, פול מיט ספרים און ביכער ביז דער סטעליע און געלעבט זיך גאנץ אליין — א מין פרוש. מאָדנע ברידער! א מאָדנער מענטש אָט דער ארנאָלד! און דער איז דאָס געווען פון די אָפּטע אריינגייער צו נחום ראבינאָוויטשן. זיין אריינגיין איז אָבער געווען נישט ווי דאָס אריינגיין פון די איבריקע משכילים. ער איז אריינגעקומען נישט גלאט פלאפּלען, רעדן דברים בטלים, נאָר אָדער מיט א בוך, וואָס קיינער האָט דאָס נאָך נישט געזען, אָדער מיט א בלאט „קיעוולאנין“, אָדער מיט א טענה צו דער שטאָט און צו אירע רעדלפירער. שלום האָט פאר אים געהאט מער רעספּעקט, ווי פאר אלע

אנדערע. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים, געקוקט אים גלייך אין מויל אריין און אייגנגעהערט זיך, ווי ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס רעדט. אָט דאָס איז דער ארנאָלד, וואָס וועט אָ פּ ג ע ב ן דעם „עקזאמען“ און וועט זיין א נאָטאריוס? אָט דאָס איז דער ארנאָלד, וואָס שרייבט אין „קיעווי־לאנין“, נאָר ער וויל זיך נישט פּאצקען די הענט? צו וואָס דארף מען זיך פּאצקען די הענט, אז מען שרייבט אין „קיעוולאנין“?... און ער לאָזט קיין אויג נישט אַראָפּ פון אַרנאָלדן. דער אַרנאָלד איז אים געפעלן. זייער א סימפּאטישער, אן אָנגענעמער פּארשוין. נישט קיין גרויסער, א דארינ־קער, נאָר א פעסטער, ווי פון שטאָל אויסגעגאָסן. א געל בערדעלע און הוזקא גוט אונטערגעשוירן, קיין סימן פון פּאות. א קורץ רעקעלע, א דין שטעקעלע און א ציגעלע — שארף ווי אַ גאָלמעסער! פּעד און שוועבל! רעדט ער על ה' ועל משיחו! לאַכט אָפּ פון די חסידים, מאַכט אַ תל פון די „פּאנאטיקער“. „ערלעך דארף מען זיין — וואָס טויג מיר פרומקייט? מען איז אייך מוחל אייער פרומקייט, זייט בעסער ערלעך!“ — און זיין שאר־פער גיפטיקער געלעכטער הילכט אָפּ ווייט־ווייט!

וווּנדערט זיך שלום, ווי אזוי שטעלט זיך איין א ייד אזוי צו רעדן און אזעלכעס צו זאָגן? אפנים, אז ער מעג. ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס מעג אלצדינג, וואָרעם ער הייסט ארנאָלד און איז נאָטאריוס, דאָס הייסט, ער יועט זיין א נאָטאריוס.

מאַכט זיך אמאָל, אז דער פעטער פיניע זיצט אויך דערביי און הערט, ווי ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס הרשנט. קאטשעט ער זיך פאַר געלעכטער און זאָגט: „ארנאָלד! אוי, ארנאָלד, ארנאָלד!“ דער פשט דערפון, אפנים, דארף זיין: „ווי טראָגט אויף זיך די ערד אַזאַ רשע, ווי דו ביסט?!..“ „פּוג־דעסטוועגן האלט אפילו דער פעטער פיניע אויך פון ארנאָלדן. איבער זיין ערלעכקייט. זיין ערלעכקייט האָט א שם אין שטאָט. א מ ש ו ג ע נ ע ר ע ר ל ע כ ע ר! א מענטש, וואָס האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט, זאָגט אלעמען דעם ריינעם אמת, און גלייך אין די אויגן, און דער עיקר, ער לאַכט זיך אוים פון די גבירים, שפייט אויף געלט! נו, זאָגט שוין איר אליין, ווי אזוי האלט מען נישט פון אזא מענטשן? האלט אָבער ארנאָלד נישט פון אייך, נישט פון קיינעם. למשל, פונעם פעטער פיניען איז ער אויך נישט נתפעל. מאקע א שיינער ייד מיט א שיינער באָרד, נאָר ארנאָלד האלט נישט פונעם פעטער פיניען. ער האלט פון זיין ברודער נחומען א סך מער. דערפאַר, זאָגט ער, וואָס נחום ראַבינאָוויטש איז א ייד אָן א מאסקע און נישט קיין פארנארישטער חסיד; אים קאָן מען זאָגן,

וואָס מען וויל, רעדן נישט נאָר אויפֿן רבין, אפֿילו אויף משה רבינו. שלום אליין האָט געהערט ארנאָלדן זאָגן דעם טאַטן, אז ער, ארנאָלד פֿון די פּידוואָרקעס, גלויבט נישט אין יציאת־מצרים! ס'איז א „לעגענדע", האָט ער געזאָגט. די גאנצע מעשה איז א „לעגענדע". שלום האָט אָפּגעשאצט דאָס וואָרט „לעגענדע", אז עס נעמט זיך מסתמא פֿונעם וואָרט „ליגן". א „לע־גענד". הייסט, אפֿנים, א קליין ליגנדל. נאָך גוט, וואָס נישט קיין גרויסער ליגן... הערט אַ שיינס: איינמאָל איז אַרנאָלד פֿון די פּידוואָרקעס געקומען צו לויפֿן מיט א גראָבן בוך: „נאַט אייך, זעט, וואָס דרעפּער זאָגט אויף אייער רמב"ם! דער רמב"ם איז געווען הויף־דאָקטאָר ביים טערקישן סולטאַן דרייצן יאָר. האָט ער זיך צוליב דעם געשמדט. דרייצן יאָר געווען א טערק. אייער רמב"ם, אייער „מורה־נבוכים" — וואָס וועט איר היינט זאָגן?"...

א גליק, וואָס דער פֿעטער פּיניע איז דערביי נישט געווען! ווײ, ווײ, וואָס וואָלט געווען, אשטייגער, ווען דער פֿעטער פּיניע זיצט דערביי?...

פֿאַר אָט דעם חברה־מאַן האָט זיך, אפֿנים, שלומס פֿאָטער באַרימט מיט זיין זונס שרייבעכצן און מיט אים, אפֿנים, זיך אַן עצה געהאלטן, וואָס טוט מען מיטן קינד, ווי אזוי מאכט מען אים פֿאַר א „מענטשן"? שלום איז אָנגעקומען אויף די דאָזיקע רייד פֿון ארנאָלדן:

— די שרייבערייעכצן זיינע בין איך אייך מוחל. נעמט וואַרפֿט זיי אַרויס אויפֿן מיסט. אַזעלכע שרייבערייעכצן זענען נישט ווערט דאָס פּאַפּיר. און דעם קליינעם, אויב איר ווילט אים מאכן פֿאַר א מענטש, נעמט און גיט אים אוועק אין דער „אויעזדנע". פֿון דער „אויעזדנע" זענען פֿאַר אים דערנאָך אלע וועגן אָפֿן: ווילט איר אין ראבינער־שול — איז אין ראבינער־שול ווילט איר אין גימנאזיע — איז אין גימנאזיע...

מיט שלומס אַריינקומען איז דער שמועס איבערגעריסן געוואָרן. און הגם אַרנאָלדס קריטיק איבער זיינע „שרייבערייעכצן" איז געווען פֿאַרן יונגן שטריפטששטעלער עפּעס נישט אזוי פֿויגלדיק און אָן אָרט האָט מען זיי אַוועקגעגעבן עפּעס נישט אַזאַ בכבודיקן (אויפֿן מיסט), פֿונדעסטוועגן איז שלום געוואָרן אָט דעם אַרנאָלדן פֿון די פּידוואָרקעס דער גרעסטער גוטער פֿריינד — נאָך פֿאַרן וואָרט „גימנאזיע", וואָס האָט געקלונגען אין זיינע אויערן ווי די שענסטע מוזיק און געהאט דעם זיבעטן חן ביי אים אין די אויגן. נישט אזוי נאָך דאָס וואָרט „גימנאזיע", וואָס ער האָט נאָך, אייגנטלעך, נישט געוווסט מיט וואָס מען עסט דאָס, ווי דאָס, וואָס ער וועט זיין א „גימנאזיסט"! א קלייניקייט, א גימנאזיסט? א גימנאזיסט האָט



יעקב דינעזאָן, י. ל. פרץ און שלום-עליכם (וואַרשע, 1914)

יִר געוואוסט, געקענט, געזען מיט זיינע אויגן. דאָס איז געווען דער איינציקער יידישער גימנאזיסט אין פערעיאַסלאַוו. און נישט קיין גימנאזיסט, נאָר א „גימנאַזיסטל“, מיט ווייסע זילבערנע קנעפלעך און מיט א זילבערנער צאַצקע אויפן קאַשקעטל. און געהייסן האָט ער אויך שלום, נאָר גערופן האָט מען אים סאַלאָמאָן — אַ יינגל גלייך מיט אלע יינגלעך, נאָר פּאָרט נישט גלייך, פּאָרט א „גימנאַזיסטל“, גאָר אַן אַנדער באַשעפעניש, ווי מיר וועלן דאָס באלד ארויסזען. דערווייל האלטן מיר נאָך ביי דער עצה, וואָס אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס האָט געגעבן. ער האָט מיט זיין אידעע ארייננגעלאָזט א גריל און פון דעמלט אָן האָבן די ווערטער „קלאסן“, „עקזאמענס“, „ראבינער-שול“, „גימנאזיע“, „דאָקטאָר“ זיך באזעצט ביי די ראבינאָוויטשעס אין שטוב. פון וואָס מע זאָל נישט רעדן, איז מען ארויף אויף איינס פון די אויבנדערמאָנטע ווערטער. יעדער האָט געהאט עפּעס צו דערציילן א שיינס: ווי אַזוי אן אָרעמער בחור פון דער ישיבה האָט זיך אַוועקגעלאָזט א באָרוועסער קיין זשיטאָמיר און דער ראַבינער-שול... ווי אזוי א מלמדס א יינגל, א ליטוואַק, איז פּאַרפאלן געוואָרן אויף עטלעכע יאָר און מען האָט געמיינט, אז ער איז אין אמעריקע. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז ער האָט אָפּגעגעבן „עקזאמענס“ אויף אלע אכט קלאסן גימנאזיע און איצט שטודירט ער, זאָגט מען, אויף דאָקטאָר. דאָס קאָן נאָר א ליטוואַק!

— שאַט! וואָס דאַרפט איר אַ סך? אמער נעמט אונדזער יענקל דעם רופאס זונדל. וויפל מיינט איר, גייט אים אָפּעט צו בלייבן אַ דאָקטאָר?

— פּאָלג מיך א גאנג! עס דארף נאָך אוועקגיין א יאָר מיט א מיטוואָך, ביז יענקל דעם רופאס זונדל וועט אַמאָל זיין אַ דאָקטאָר...

יענקל דעם רופאס זונדל — דאָס איז דער גימנאַזיסט, אָדער „גימנאַזיסטל סאַלאָמאָן“, וואָס איז דערמאנט ביי אונדז אויבן און פון אים וועלן מיר דערציילן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

50

# גימנאַזיסטל סאַלאָמאָן

יענקל דעם דאָקטאָרס זונדל אַ גימנאַזיסטל. — ער איז אים שרעקלעך מקנא. — דער ווינקעלער „יוזשנאיא בערעגא“. — ווימאָראָזיג פון ראָזשינקעס. — „צעי־קאָווע כשר לפסח“.

עס זענען געווען אין פערעיאסלאַוו עטלעכע דאָקטוירים און יעדער מיט זיין צונעמעניש: דער גראָבער דאָקטאָר, דער האַרבאַטער דאָקטאָר, דער שווארצער דאָקטאָר. די אלע דאָקטוירים זענען געווען קריסטן און נאָר איין דאָקטאָר איז געווען א ייד, און דאָס — נישט קיין גאנצער דאָקטאָר, אַ האַלבער דאָקטאָר — יענקל דער רופא. געהאַלטן האָט ער זיך אָבער ווי א גאנצער דאָקטאָר. געטראָגן א טענדעווערענדע, פאַרשריבן א רעצעפּט און אָנגערופן אים דווקא הויך און דווקא אויף לאטיין:

— איר וועט מוחל זיין איינעמען אלע צוויי שעה אן עסלעפל „קאַליברָאָמאַלי“, און אלע דריי שעה א טיי־לעפעלע „נאַטרי באָמאַטרי“. וועט אייך מאָרגן זיין בעסער. און אז ס'וועט נישט זיין בעסער, וועט אייך ווערן ערגער, וועט איר מיך רופן, וועל איך קומען נאָך אמאָל...

די שטאָט האָט ליב געהאַט יענקל דעם רופא א סך בעסער, ווי אַלע דאָקטוירים. דערפאַר, ווייל מיט יענקל דעם רופא קאָן מען זיך דורכשמועסן, געוויר ווערן, פון וואַנען נעמט זיך דאָס, וואָס סע שפּארט אונטערן לעפעלע? און וואָס איז דער שכל, אז מען האָט רעוומאטיזם אין פוס, זאָל מען טרינקען טראָן? וואָס פאר א שייכות האָט א מאָגן מיט א פוס? — און נאָך אַזעלכע זאַכן. הײנט האָט ער אייך אַ מעלה — ער דינגט זיך נישט. ער נעמט וויפל מען גיט אים. קוקט גאָר אפילו נישט. ער שארט נאָר מיט די פינגער עטלעכע מינוט און טרעפט שוין אין דער פינצטער, וואָס פאר א מטבע מען האָט אים אריינגערוקט. אויב ס'איז אן אָפּגערי־

בענער דרייער, וואָס האָט נישט קיין שום ווערט, גיט ער אייך אָפּ צוריק און זאָגט, אַז מען דאַרף גאָרנישט. ווערט אייך איבער דער טבע, גיט איר אים שוין אַן אַנדערע מטבע.

און נאָך אַ מעלה האָט ער: ער לאָזט זיך רעדן און האָט אַליין אויך ליב צו רעדן, דערציילן מעשיות און צום מיינסטן — פֿון זיינע קינדער, וואָסערע געראָטענע קינדער ער האָט. איינער, דער עלטערער, שלום הייסט ער — סאַלאָמאָן — איז ער שוין אַ גימנאַזיסט. ער וועט, אם ירצה השם, ענדיקן די גימנאַזיע און וועט אַריין אין אוניווערסיטעט און וועט אַרויס פֿון דאָרט אַ דאָקטאָר, אַ פּאַרטיקער דאָקטאָר. טאַקע אַ גאַנצער דאָקטאָר!

— כ'וואָלט שוין געוואָלט ס'זאָל שוין זיין יום־טובֿ! — זאָגט יענקל דער רופֿא מיט אַ זיפֿץ. — אם ירצה השם, אויף יום־טובֿ קומט ער צו פֿאָרן, מיין סאַלאָמאָן, וועט איר זען אַ גימנאַזיסטל!...

שלום וואָלט שוין אויך גערן געוואָלט, ס'זאָל שוין זיין יום־טובֿ און ער זאָל אָנקוקן דאָס גימנאַזיסטל, וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט דאָס אַ גימנאַזיסטל.

קוים דערלעבט יום־טובֿ, פּסח. אָט דאָ וועט ער שוין זען, וואָס הייסט אַ „גימנאַזיסטל“.

יענקל דער רופֿא איז נישט אַזאַ גרויסער דאַוונער, וואָס זאָל לויפֿן יום־טובֿ אין שול אַריין. ער איז דאָך עפּעס אַ דאָקטאָר! טאַקע נאָר אַ האַלבער דאָקטאָר, אָבער דאָך אַ דאָקטאָר. פֿונדעסטוועגן, צוליבן זונדל, דעם גימנאַזיסטל, איז ער שוין אויך געקומען אין שול אַריין. און אויסגעצוואָגענער, און אָנגעפּאָמאַדעטער און אַ גליקלעכער. ער זיצט אין שפּיגלבאַנק, אַקוראַט אַנטקעגן מזרח. נעבן אים שטייט זיין זונדל שלום, אָדער סאַלאָמאָן, אָנגעטאָן אין אַ מונדירל מיט זילבערנע קנעפּלעך פֿון אויבן ביז אַראָפּ, מיט אַ מאָדנע היטעלע אויפֿן קאָפּ, אַ היטעלע מיט אַ צאַצקע. אין די הענט האַלט ער אַ קליין סידורל און דאַוונט, ווי אַ געוויינלעכער מענטש, און אַלע בעלי־בתּים, און אַלע קינדער לאָזן נישט אַראָפּ קיין אויג פֿונעם גימנאַזיסטל מיט די זילבערנע קנעפּלעך. דאַכט זיך, אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן, אַ יינגל גלייך מיט אַלע יינגלעך — און פֿאָרט נישט גלייך: אַ גימנאַזיסטל! און עס רייסט זיך אַרויס אַ טיפֿער זיפֿץ פֿון האַרצן.

אָפּגעדאַוונט, כאַפּט זיך יענקל דער רופֿא נאָך נישט אַוועקצוגיין פֿון שול. ווײַל ער דאַרף נאָך זאָגן אַ גוט יום־טובֿ, ווער עס דאַרף

אים זאָגן א גוט יום=טוב. און דער עיקר וועט דאָך ווערן א שמועס מסתמא פון זיין זונדל דעם גימנאזיסטל. און כך הוה.

— אָט דאָס איז ער, אייער גימנאַזיסטל, רב יענקל? נאַ דיר אָפּ שלום.

און מען שטעקט אים אָפּ שלום פון אלע זייטן. דאכט זיך, א יינגל — און יידן מיט בערד גיבן אים שלום=עליכם! אנדערע שטעלן זיך אָפּ אַ ביסל שמועסן מיט יענקל דעם רופא טאַקע פון זיין זונדל: ווו לערנט ער? און וואָס לערנט ער? און וואָס וועט זיין, אז ער וועט שוין אויסלערנען? צו וואָס וועט ער זיך דערלערנען?...

— צו וואָס וועט ער זיך דערלערנען? — זאָגט יענקל דער רופא מיט אַ געלעכטער — ער וועט זיך שוין דערלערנען, הע=הע=הע. ער וועט שוין זיין א דאָקטאָר. טאקע א גאנצער דאָקטאָר, הע=הע=הע.

יענקל דעם רופאס זונדל וועט זיין אַ דאָקטאָר? אַ גאַנצער דאָקטאָר?! — וואָס=וואָס, נאָר מיט פרנסה וועט ער שוין זיין באוואָרנט... אפילו גרויסע, אלטע יידן וואונדערן זיך, כאָטש מען פארשטייט נישט און זיי אליין פארשטייען נישט, ווער שטערט זיי, למשל, אז ז י י ע ר ע קינדער זאָלן זיין דאָקטוירים? קיינער שטערט זיי נישט. נאָר אז זייערע טאטעס האָבן ז י י נישט געוואָלט מאכן פאר דאָקטוירים, ווילן זיי נישט, אַז ז י י ע ר ע קינדער זאָלן זיין דאָקטוירים, טרייסטן זיי זיך דערמיט, וואָס זייערע קינדער וועלן דערפאר זיין י י ד ן. אי, וואָס — פרנסה? עט! „מאן דיהיב חיי יהיב מזוני“. דער פשט איז: ווער עס גיט לעבן, דער וועט געבן צום לעבן און גליק איז ביי גאָט... אָט האָט יוזי פינקלשטיין נישט געענדיקט אויף דאָקטאָר און איז, פונדעסטוועגן, חוץ זיין שאָדן אויף אונדז אלעמען געזאָגט געוואָרן כאָטש האלב!...

— איז וויפל, זאָגט איר, רב יענקל, דאַרף ער נאָך לערנען, אייער דאָס, אייער גימנאַזיסטל? — פרעגן אים די יידן, קוקנדיק פון אויבן אראָפּ.

— מיין סאַלאָמאָן? — זאָגט יענקל דער רופא און גלעט זיך דאָס בערדל און טאַנצט אונטער אויף איין פוס. — אָ! ער דאַרף נאָך לאַנג=לאַנג שטודירן! — און ער רעכנט אויס אויף די פינגער, וויפל יאָרן ער דאַרף נאָך שטודירן אין גימנאזיע, וויפל יאָרן אין אוניווערסיטעט און דערנאָך ארבעטן אין א שפּיטאָל, אָדער גאָר אריין אין וואָיעננע האָספּיטאַל, ווערן וואָיעננע דאָקטאָר, דאָס הייסט כמעט אליין אָפיציר, מיט פּאָלעטן, כע=כע=כע....

און ס'איז נישטאָ קיין מער גליקלעכער מענטש אויף דער וועלט, דאַכט זיך, ווי יענקל דער רופא — אַ קליין יידעלע מיט אַן איינגעפאַלענער נאָז, נאָר מיט געקרייזלטע שטאַרק אָנגעפּאָמאַדעטע האָר און מיט אַ טענדעוועדיגע, ווי אַן אמתער דאָקטאָר. און ס'איז נישטאָ קיין מער גליקלעכער אויף דער וועלט, ווי אָט דאָס גימנאַזיסטל, מיט די רויטע בעקלעך און מיט די זילבערנע קנעפּלעך און מיטן מאָדנעם היטעלע מיט דער צאַצקע. ביידע גייען זיי פון שול, אַרומגערינגלט פון אַ סך בעלי־בתים. יידן רייבן זיך אַרום יענקל דעם רופא. יינגלעך רייבן זיך אַרום זיין גימנאַזיסטל, ווילן זיין וואָס נעענטער. עס דוכט זיך אויס, אַז ער איז עפּעס גאָר אַן אַנדער מין באַשעפעניש. ע ר שמעקט גאָר אנדערש...

גיין, שלום האָט נאָך אויף זיין לעבן קיינעם אזוי נישט מקנא געווען, ווי אָט דעם גליקלעכן גימנאַזיסטל. „פאַרוואָס איז ער נישט אויף זיין אָרט? פאַרוואָס איז ער בעסער נישט יענקל דעם רופאס זון? ער הייסט דאָך אויך שלום... דוכט זיך, וואָס וואָלט גאָט געאַרט, אַז נחום ראַבינאָוויטש זאָל זיין יענקל דער רופא און יענקל דער רופא זאָל זיין נחום ראַבינאָוויטש?"... ער האָט אים געזען נאָכדעם אין חלום. ער האָט פון אים געחלומט אויף דער וואָר. ער איז אים נישט אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ אויף אַ מינוט. ער איז געוואָרן ביי אים אַ משוגעת, אַ „אידעע־פיקס", דער צווייטער חיים פּרוכשטיין... ער האָט אים מקנא געווען, שטאַרק מקנא געווען! צוגיין צו אים און רעדן האָט ער נישט געהאַט קיין מוט. ווי אַזוי רעדט מען דאָס מיט אַ גימנאַזיסטל?... ווי אַזוי טרעט מען צו צו אַ יינגל, וואָס הייסן הייסט ער שלום און רופן רופט מען אים סאָלאָמאָן?... נאָר פאַרגעשטעלט האָט ער זיך אין דער פאַנטאַזיע, אַז ער איז אַליין אַ גימנאַזיסטל, און הייסט שוין אַליין אויך נישט שלום, נאָר סאָלאָמאָן און אַז ער טראָגט אַ מונדירל מיט זילבערנע קנעפּלעך און אַ צאַצקע אויפן היטל, און אַלע יינגלעך זענען אים מקנא, און אַלע חידושן זיך: „אָט דאָס איז נחום ראַבינאָוויטשעס זונדל, דער גימנאַזיסטל?... אָט דער האָט אַמאָל געהייסן שלום?"...

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ גדולה, וואָס פאַר אַ יום־טוב ס'איז געוואָרן ביי שלומען אין האַרצן יענעם טאָג, ווען דער טאַטע האָט אים געגעבן צו וויסן, אַז מאָרגן, אם ירצה השם, הייבט ער אָן גיין אין די קלאַסן. ער איז שוין געווען, זאָגט ער, ביים דירעקטאָר, איינגעגעבן אַ „פּראָשעניע", דערוויייל אין „פּריגאָטאָוויטעלנע".

— אין זעקס וואָכן וועסטו ענדיקן די „פּריגאָטאָוויטעלנע“, וועסטו אריין אם ירצה השם, אין דער „אויעזדנע“ און פֿון דאָרטן, אז גאָט וועט וועלן, אין גימנאזיע, און פֿון דאָרטן נאָך ווייטער... ביי גאָט איז אלץ מעגלעך, אבי זאָלסט נאָר וועלן זיך צוסטארען א ביסעלע.

שלום האָט שיעור נישט ארויסגעלאָזט קיין קוויטש — ער זאָל זיך נישט שעמען פֿאַרן טאַטן. א שאלה, אויב ער וועט זיך צוסטאַרען! ער האָט נאָר נישט געוווסט, אקוראט, וואָס איז „אויעזדנע“, ווער איז דער דירעקטאָר און וואָס הייסט „פּריגאָטאָוויטעלנע“? ער האָט גוט געדענקט, וואָס ארנאָלד האָט געזאָגט, ארנאָלד פֿון די פּידוואָרקעס. און פֿאר די אויגן איז אים געקומען יענקל דעם רופֿאס גימנאַזיסטל מיט די זילבערנע קנעפּלעך און מיטן מאָדנעם היטעלע און מיט דער צאצקע — און דאָס הארץ איז אים געוואָרן פֿול, און דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, און טרערן, טרערן פֿון פֿרייד האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. נאָר ער איז געבליבן שטיין ווי א סטאַטיק, א נעבעכל, וואָס קאָן קיין צוויי נישט ציילן. דער סטאַטיק האָט אָבער ארויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען ער וועט קאָנען בלייבן אַליין, וועט ער זיך שוין ראָסקאָשעווען: ער וועט שענקען זיך אליין צוויי פּעטש אין ביידע באקן, אָדער אין ביידע לידקעס, אָדער גאָר געבן זיך א וואָרף אויף דער ערד און איבערקוליען זיך דריי מאָל הין־און־צוריק, אָדער אוועקשפּרינגען אויף איין פֿוס ווייט־ווייט און אויסרופֿן מיט א ניגון:

סאַלאָמאָן! סאַלאָמאָן!<br>
גימנאזיסטל סאַלאָמאָן!...

— און דערווייל גיי, זיי מוחל, פֿארוויגן דאָס קינד, דערנאָך וועסטו זיך זעצן העלפֿן האַקן ראָזשינקעס...

דאָס, פֿארשטייט זיך, זאָגט די שטיפֿמאַמע. און בכדי דעם לעזער זאָל נישט זיין קשה, וואָס איז דאָס פֿאר א ראָזשינקעס, וואָס מען דארף זיי האַקן, באדארף מען אים דאָ געבן צו וויסן, אז וויל פֿונעם איינפֿאָר אליין קאָן מען נישט לעבן, האָט נחום ראבינאָוויטש געעפֿנט א קעלער, א וויין־קעלער, און אויפֿגעהאָנגען א שילד:

„פּראָדאַזשא ראזניך ווין יוזשנאָהאָ בערעגא“.

ער אליין טאקע האָט געמאכט די וויינען פֿון געהאקטע ראָזשינקעס אונטער אלערליי נעמען, פֿון וועלכע עס געדענקט זיך „ווימאראזיג“, „כערעס“, „מאַדערא“ און נאָך א סאָרט רויטער וויין מיטן נאָמען „צערקאָוונע כשר לפּסח“. דעם סאָרט וויין האָבן די קינדער ליב געהאט מער

פון אַלע ווייַנען — איבער דעם, וואָס דער „צערקאָווגע כשר לפּסח“ איז געווען זיס און טערפּקע. זיין זיסקייט האָט זיך גענומען פון אַזאַ מין סיראָפּ, וואָס מען האָט אין אים אַרייַנגעטאָן און זיין טערפּקייט האָט געשטאַמט פון די קערעלעך פון די ראָזשינקעס. און פון וואַנען האָט זיך גענומען זיין רויטקייט — דאָס האָט דער טאַטע געהאַלטן בסוד... אַלעמאָל, ווען מען האָט די קינדער געשיקט אין קעלער נאָך אַ קוואַרט וויין, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צום „צערקאָווגע כשר לפּסח“ און אויסגעזשליאָקעט צוויי מאָל אַזוי פיל — און פונדעסטוועגן האָט זיך געצויגן פון עם וויין דאָס שטיקל ברויט גאָר נישקשהדיק, מער פון אַלע אַנדערע פּרנסות.

51

# די „פענסיע"

דער טאַטע שטאַל און אייזן פאַרן „קלאַסניק". — דער העלד באַקומט אַ סטי־פּענדיע. — אַ רעש אין שטאָט. — די חלומות וועגן אוצר הייבן אָן מקוים צו ווערן.

נישט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי ס'רעדט זיך. דאָס אַריינטרעטן אין דער „אויעזדנע" איז נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג און נישט אָפּגעלאָפן גלאַט. דער ערשטער שטיין אין וועג איז געווען דער טעטער פּיניע. ער האָט געאַרבעט מעשים: ס'טייטש, נעמען קינדער און מאַכן זיי פאַר גויים בידים! — ער האָט געטענהט, זיך שטאַרק געערגערט און האָט זיך נישט באַרואיקט, ביז ער האָט נישט געקומען ביים ברודער דאָס וואָרט, אַז ער וועט קאָטש נישט לאָזן זיינע קינדער שרייבן אום שבת. דעם תנאי האָט טאַקע נחום ראַבינאָוויטש אויסגענומען מיטן דירעקטאָר (סמאָטריטעל) פון דער „אויעזדנע" בפירוש, אַז שבת באַדאַרפן זיינע, ראַבינאָוויטשעס קינדער, זיין פריי. נאָך אַ תנאי האָט ראַבינאָוויטש אויסגענומען מיטן דירעקטאָר (דאָס איז געווען אַ צייט, ווען ייִדן האָבן דיקטירט תנאים), אַז זיינע קינדער זאָלן נישט זיין אין קלאַס, ווען דער גלח גייט אָפּ זיין שטונדע — און אויסגעפירט האָט ראַבינאָוויטש.

די צווייטע שווערקייט פאַר די קינדער איז געווען די שפּראַך. זיי האָבן ביים אַריינטרעטן אין קלאַס פאַרשטאַנען אַזוי ווייניק רוסיש, אַז אַלע האָבן פון זיי געמאַכט חוזק — סיי דער לערער, סיי די חברים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די בענק לאַכן. און דאָס האָט דעם משיקאַווען שלומען פאַרדראָסן. ער איז געווווינט געווען אָפּצולאַכן פון דער גאַנצער וועלט, צום סוף לאַכט מען נאָך פון אים!... און די חברים, די שקצימלעך, האָבן אויך נישט געשוויגן. קוים האָט זיך געענדיקט דאָס

לערנען און די יידישע קינדער, די „זשידעניאטיעס“, האָבן זיך באוויזן אין הויף, אזוי האָט מען זיי, במחילת כבודם, אוועקגעלייגט אויף דער ערד, און דווקא אין גוטן מוט, צוגעהאַלטן די הענט מיט די פיס, און גוט אָנגעשמירט זיי די יידישע פיסקעס מיט גויאישן חזיר.... געקומען דערנאָך אהיים מיט באטריבטע הערצער, האָבן זיי מורא געהאט צו דערציילן דעם אמת, מען זאָל זיי נישט אָפּנעמען פון די קלאסן. די שטיפמאמע האָט אזוי אויך געקאָכט און געגראָבן אויף די „קלאסניקעס“ (אזוי האָבן געהייסן ביי איר די קינדער נאָכן אריין אין דער „אויעזדנע“). און ווייל שלום איז געווען מער מתמיד פון אלע, האָט זי אים גערודפט מער פון אלעמען. האָט זיך אָבער געטראָפן א מעשה און מען האָט איר אָפּגעהאקט די פליגל, איז זי געוואָרן שטיל, וכך היה מעשה:

איינמאָל, אין א שיינעם פרימאָרגן, האָט שלום געלערנט, ארומגעשפאנט איבער דער שטוב און איינגעחזרט דעם „אוראָק“ אויף אויסנווייניק און דער טאַטע איז געשטאנען אין טלית און תפילין און האָט געדאווענט. און די שטיפמאמע האָט זיך געטאָן איר ארבעט: זי האָט געיאַדעט דעם טאַטן, אויסגעוואָרפן אים די אַלטע עבירה, וואָס ער האָט אמאָל פארלייקנט פון איר די עלטערע און די קלענערע קינדער, די מיידלעך, זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם, וואָס פאר א גוטן אפעטיט, קיין עין־הרע, זיינע קינדער האָבן צום עסן און וואָסערע גוטע מאָגנס זיי פארמאָגן. נישט פארגעסן אָנצורירן אויך די „משפחטערע“ זיינע... דאָס אלצדינג האָט דעם טאַטן נישט גערירט. ער איז געשטאנען מיטן פנים צו דער וואַנט און געדאַווענט, גלייך ווי נישט אים מיינט מען. נאָר אָט האָט זי זיך צעלאָזן אויף שלומען, למאי ער גייט ארום און לערנט:

— ער מיינט, דער שיינער קלאסניק, אז כריין איז זיין פעטער, און אז ער איז שוין א גאנצער פריץ און איז שוין פטור פון אלצדינג, אחוץ עסן! די סך משרתים, וואָס מען האָט דאָ, מיט די דינסטן! נישקשה, עס מעג דיך אָנשטיין, דו שיינער קלאסניק מיט די אויסגעדרייטע שטיוועלעך, זיך מטריח זיין אַריינטראָגן דעם אורח דעם סאַמאָוואַר, עס וועט חלילה נישט אָפּפאלן פון דיר קיין האָר אפילו, און צום אפעטיט וועט דאָס דיר נישט שאטן, און צום שידוך אוודאי נישט...

דער „קלאסניק“ איז שוין גרייט געווען אוועקלייגן דעם „אוראָק“ און לאָזן זיך אין קיך אריין נאָכן סאַמאָוואַר, אז עס טוט זיך נישט א וואָרף דער טאַטע און כאפט אים נישט אָן פאר א האנט און צעלאָזט

זיך נישט מיט אימפּעט אויף לשון קודש (נישט געוואָלט אין האַווענ׳ען מפסיק זיין):

— אי־אַ־נו־פּע — לאַ! לאַ! בשום אופן! מען דאַרף נישט! איך היים נישט! איך וויל נישט! — האָט ער אויסגעלאָזט אויף יידיש און איז אָנגעפאַלן אויף דער שטימפמאַמע מיט אַ פייער, אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט זי איז זיין ווייב, אַז זי זאָל זיך נישט דערוועגן מער שאַפן מיט אים פון דאַנען אהין! מיט אַלע קינדער קאָן זי זיך שאַפן, נאָר נישט מיט שלומען! שלום איז נישט גלייך צו אַנדערע! שלום דאַרף זיך לער־נען!

— איין מאָל פאַר אַלע מאָל! אָט אַזוי וויל איך, און אָט אַזוי איז דאָס, און אָט אַזוי וועט דאָס זיין!

צי דערפאַר, וואָס יעדער דעספּאָט, יעדער שלאַק־פּורעניות, אַז ער דערהערט אַ הויך וואָרט, דערשרעקט ער זיך און ווערט אַנטשוויגן, אָדער דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען דעם טאַטנס ערשטער ווידערשטאַנד זינט זיי קענען זיך און פירן אַזאַ זיס לעבן — נאָר ס׳איז געשען אַ נס: די שטיפמאַמע האָט צוגעביסן די צונג און איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי אַ קעצעלע. פון דעמלט אָן איז זי צו שלומען געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. דאָס הייסט, שטעכווערטלעך און קללות האָט זי נישט געזשאַ־לעוועט, אַלע מינוט אים פאַרגעוואָרפן די „קלאַסן“, געגעבן אָנצוהערע־נישן בדרך גוזמא, אַז עס גייט אַוועק אַ פוד פאַפיר אַ וואָך און דריי פלעשער טינט אַ טאָג, און זי פלעגט פאַרגעסן מיט אַ כיוון אָנצוגיסן דאָס לעמפּל אויף בייַנאַכט, אָנצוגרייטן אָנבייסן און נאָך אַזעלכע זאַכן. דערפאַר אָבער שאַפן זיך האָט זי מיט אים מער זיך נישט געשאַפט. סיידן אַזוי, אין גוטן מוט, אַז ער האָט געוואָלט פאָלגן אַ גאַנג, אָדער אַ קוק טאָן צום סאַמאָוואַר, אָדער פאַרוויגן דאָס קינד — מהכתיתי.

— שלום? — זאָגט צו אים די שטיפמאַמע ווייך און מיט אַ ניגון, ווי מען רעדט אין בערדיטשעוו. — וואָס איז דאָס, וואָס דו, אַז דו טוסט נאָר אַ קוק צום סאַמאָוואַר, אַזוי הייבט ער אָן צו זידן?

אָדער:

— שלום? קום נאָר אַהער! פאַרוואָס ווערט דאָס קינד ביי דיר אַנט־שלאָפן מיט דער מינוט?

אָדער:

— שלום? וואָס געדויערט ביי דיר א שפּרונג אין מאַרק הין און צוריק? א האַלבע מינוט! קיין האַלבע מינוט אויך נישט!...

און דערצו האָט אים צוגעשפּילט די הצלחה אויך א ביסל. אז עס הייבט אָן צו גיין א מענטשן, גייט עס. איינמאָל אין קלאַס האָט דער „סמאָטריטעל״ פון דער „אויעזדנע״, א גאַנץ ווילער גוי, אָנגענומען שלו־מען ביים אויער און געהייסן, אז דער טאַטע זאָל קומען צו אים צו גיין אין דער קאַנצעלאַריע. ער דאַרף אים עפּעס זאָגן. דערהערט, אז דער „אַדון דער דירעקטאָר״ רופט אים, האָט זיך נחום ראַבינאָוויטש נישט געלאָזט לאַנג בעטן, אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, נאָך שטאַרקער אונטערגעקאַטשעט די אונטערגעקאַטשעטע פּאות און איז אַוועק צום די־רעקטאָר הערן, וואָס וועט ער זאָגן. לאָזט זיך אויס אזא געשיכטע: אזוי ווי זיין זון שלום לערנט זיך אויסגעצייכנט גוט, וואָלט ער, אייגנטלעך, „פּאָ זאַקאָנו״, באַדאַרפט אים צוגעמען אויף „קאַזיאָנע שטשאָט“. נאָר אַזוי ווי ער איז א ייִד, קאָן ער אים שענקען א פּענסיע (רוכט זיך, אויב נישט הונדערט צוואַנציק רובל א יאָר, אָדער הונדערט צוואַנציק רובל א האַלב יאָר).

דאָס האָט אָנגעמאַכט א מאָדנעם רעש און א טומל אין שטאָט. איי־נער נאָכן אַנדערן איז מען געקומען געוווירֿ ווערן, צי ס׳איז אמת?

— וואָס זשע? א ליגן?

— פּענסיע?

— פּענסיע.

— נאַזנאַטשעט פון קאַזנאַ?

— נישט פון קאַזנאַ, נאָר פון נאַראָדנע פּראָסוויעשטשעניע.

א מענטש, וואָס געהער זיך אָן מיט „נאַראָדנע פּראָסוויעשטשעניע״

— א קאַטאָוועס א ביסל?!... פאַרנאַכט קלייבט זיך צונויף די משפּחה — אָנקוקן וואָס פאַר א פּנים ער האָט, „דער בעל הפּענסיע״... אך! ווער עס האָט נישט געזען דעמלט דעם טאַטן, ווי ער האָט געשיינט און גע־לויכטן, דער האָט גאָר קיין גליקלעכן מענטש אויף זיין לעבן נישט געזען! אפילו די שטיפמאַמע, וואָס האָט זיך משמח געווען גלייך מיט אלע און איז דעם דאָזיקן טאָג געווען מאָדנע גוט, ומכבד געווען די משפּחה מיט טיי און מיט איינגעמאַכטס, האָט באַקומען חן אין די אויגן פונעם בעל הפּענסיע, וואָס האָט איר פאַרגעסן און מוחל געווען אַלצדינג. „וואָס ס׳איז געווען, איז געווען״... איצט איז ער א העלד. אלע קוקן אויף אים. אלע רעדן פון אים. אלע לאַכן און פרייען זיך. דער מומע חנהס קינדער,

וואָס האָבן ליב טרייבן מיט אים קאַטאָוועס, פרעגן אים: „וואָס רעכנט ער צו טאָן מיט אַזוי פיל געלט?“ גלייך ווי זיי ווייסן נישט, אַז פונעם געלט וועט ער נישט זען א גראָשן פאר די אויגן. גלייך ווי זיי ווייסן נישט, אז דאָס געלט וועט צוגויץ קומען דעם טאַטן אין געשעפט אריין, אינעם וויינקעלער „יוזשנאָהאָ בערעגא“...

שאַט! אָט איז ער אויך דאָ — דער גראָבער קאָלעקטאָר מיט די שווארצעברילן און מיט די טיפע קאַלאָשן. ער וויל נאָר א קוק טאָן מיט זיינע בלינדע אויגן דעם קונדאס (א קוועטש אויפן אַס) און געבן אים, דעם שייגאַץ (א קוועטש אויפן אַץ), א קניפ אין בעקל, ארויסרייסן א שטיק פלייש! אויך די „איידעמס“, לייזער־יאָסל און מאגידאוו, זענען ארייגעקומען צום טאַטן אָפּגעבן מזל־טוב און א ביסל זיצן און שמועסן פון השכלה און פון ליטעראַטור, פון פראָגרעס און פון ציוויליזאַציע... און נאָך זיי איז געקומען ארנאָלד פון די פידוואָרקעס און האָט א ביסל פארשטערט שלומען די שמחה. ערשטנס, האָט ער באַוויזן די ייִדן, אז זיי זענען בהמות, זיי ווייסן נישט, וואָס זיי רעדן. די פענסיע איז נישט קיין פענסיע, נאָר א סטיפענדיע. פענסיע איז פענסיע, און סטיפענדיע איז סטיפענדיע... והשנית, איז שלום נישט דער איינציקער — ס'איז דאָ נאָך איינער אין דער אויעזדנע, וואָס האָט באַקומען א סטיפענדיע, אויך אויף הונדערט צוואַנציק רובל און דאָס איז געווען שלומס נייער חבר פון דער אויעזדנע, אלי האָט ער געהייסן. נאָר וועגן אים שפּעטער. דערווייל איז דער העלד פון אונדזער באַשרייבונג געווען אויפן זיבעטן הימל. ער האָט ארויסגעזען בחוש, אז זיינע אמאָליקע חלומות וועגן זיין חבר שמואליקס „אוצר“ הייבן אָן פאַוואָלינקע מקוים צו ווערן... און זיין פאַנטאַזיע כאַפּט אים אויף אירע פליגלען און פאַרטראָגט אים ווייט־ווייט, אין עולם־הדמיון אריין. און ער זעט זיך ארומגערינגלט מיט זיינע חברים, וואָס קוקן אויף אים מיט שטראַלנדיקע אויגן און זענען אים מקנא. און דעם טאַטן זעט ער, נאָך גאָר א יונגערמאַנטשיק עפּעס. ווו איז אהינגעקומען דער אויסגעבויגענער רוקן? די טיפע קנייטשן אויפן שטערן? דאָס געלע פארזאָרגטע פנים? גאָר אַן אנדער מענטש געוואָרן! און ער זיפצט שוין גאָרנישט מער. און די גאַנצע משפּחה — שטעלט זיך אים פאר — רינגלט אים ארום, גיט אים אָפּ גרויס כבוד, אים און זיין זון שלומען, דעם אויסדערוויילטן, דעם גליקלעכן, וואָס פון אים ווייסן הייגט אלע, אפילו „קאַזנאַ“ און אפילו די „נאַראָדנע פּראָסוויעשטשעניע“ אלע, אלע, אפשר טאקע ביזן קיסר — ווער ווייסט?...

52

# חבר אלי

אלי דאָדיס. — די ערשטע באַקאַנטשאַפט אויף א שרפה. — שמועסן וועגן קאָסמאָגראַפיע מיטן פעטער פיניע. — דער העלד איז מחלל שבת בפרהסיא. — ער ווערט געקרוינט מיטן נאָמען „פיסאַטעל“.

א פנים אַ ווייס, אַ קײַלעכיקס, אַ ביסעלע אַ געשטופלטס. האָר שטייענדיקע, הארטע, שווארצע, געדיכטע, שטעכעדיקע — א גאַנצע גריווע. אויגן לאַכנדיקע, ציין געזונטע, ווייסע. פינגער קורצע. א געלעכטער א הילכיקער, א שיסנדיקער. א טעמפעראַמענט א פייערדיקער. — אָט דאָס איז דער פּאָרטרעט פון שלומס חבר אלי, פון דעם ערשטן קלאַס אויעזדנע ביזן סוף.

זייער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן בײַנאַכט אויף א שרפה.

א שרפה — דאָס איז א ספעקטאַקל, אן אומזיסטיקע פאָרשטעלונג, א העכסט אינטערעסאַנטע פארזאמלונג פון אלערליי טיפּן יידן און ווייבער, און אָפשפיגלונג פון אלערליי סצענעס, טרויעריקע און פרייליכע — מען דארף נישט קיין טעאַטער. די נאַכט איז שטיל, דער הימל איז טיף, שטערן פינקלען. ווו-נישט-ווו לאָזט זיך הערן דאָס בילן פון א הונט. און דאָס שטיבל ברענט זיך ווי אַ ליכטל, רואיק, פּאַמעלעך. ס'האָט צייט. פון אלע גאסן ציען זיך מענטשן. פריער שלעפעריק, דערנאָך לעבעדיקער און האַמעטנער. פריער אייגציקווייז, דערנאָך מחנותווייז, און יידישע קינדער — א גאַנצע כאַליאַסטרע. יידן מיט ארבע-כנפות! וואַרפן זיך אין פייער אריין ראַטעווען, ווייבער קווטשען, קליינע קינדער וויינען, בחורים זאָגן ווערטלעך, אונטערגעוואָקסענע מיידלעך לאַכן. ראַבינאָוויטשעס

קינדער זענען אויך דאָ. פלוצים דערהערט שלום עמעצנס קול, א קול פון א יינגל און גלייך צו אים אויפן אויער:

— זיי פאָרן!

— ווער?

— די „פאָזשארנע קאָמאנדע". קום, וועלן מיר העלפן לעשן.

אוןביידע יינגלעך נעמען זיך פאר די הענט און מען לאָזט זיך לויפן איבערן גאנצן מארק צו באגעגענען די „פאָזשארנע קאָמאנדע". לויפנדיק, ווערט שלום געוווירע, אז זיין חבר רופט מען אלי און אז ער איז דאָדי דעם שרייבערס יינגל. און אלי ווערט געוווירע, אז זיין חבר הייסט שלום און אז ער איז נחום ראבינאָוויטשעס א יינגל.

זייער צווייטע באגעגעניש איז פאָרגעקומען א ביסל שפעטער, שוין דווקא בייטאָג, אויך אין גאס, און אויך אויף אן אומזיסטיקער פאָרשטעלונג. עפעס א שווארצער מיט ווייסע ציין ווייזט א מאלפע און די גאנצע שטאָט מיט יינגלעך לויפן אים נאָך. האָס איז איינס פון די חידושים, וואָס מען זעט זעלטן אין פערעיאסלאוו. אָדער מען פירט ארום א בער מיט אויסגעבערנטע אויגן, וואָס טאנצט אויף א שטעקן. אָדער א וואנקע רוטוטיו מיט רויטע הויזן, וואָס מאַכט אָנשטעלן. אָדער אַ ציגיינער ווייזט א מאלפע. דער ציגיינער און די מאלפע האָבן איין פנים, גלייך ווי איין מאמע האָט זיי געהאט. ביידע האָבן די זעלבע געקנייטשטע באוואָקסענע פנימער, די זעלבע אויסגעקראָכענע קעפ און קוקן ביידע מיט די זעלבע רחמנותדיקע אויגן און ציען אויס די באוואָקסענע ברודיקע דארע הענט, מען זאָל זיי עפעס געבן. און רעדן רעדט דער ציגיינער מיט אזא מאָדנעם קול און אויף אַזאַ מאָדנער שפּראַך, שאָקלט מיטן קאָפּ און מאַכט אַזאַ מאָדנע גרימאַסע דערביי, אַז מען מוז לאַכן: „דאי, בארין! כאראָש אָבעזשיאַן! אמעריקאנסקו!"... און חברה שיסן אויס א געלעכטער. די דאָזיקע צוויי באַגעגעניש זענען שוין גאַנץ גענוג, אַז אַזעלכע צוויי יינגלעך, שקצים, ווי שלום נחום ראבינאָוויטשעס און אלי דאָדי דעם שרייבערס, זאָלן ווערן חברים. דארף נאָך גאָט פירן אזוי, אז זיי טרעפן זיך ביידע אין איין קלאס אין דער אויעזדנע, א באנק נעבן א באנק, און אקוראט דעמלט, ווען דער לערער האלט אָפּ זיין ערשטע לעקציע פארן גאנצן קלאס. דערזעט שלום זיין נייעם חבר אלי, ווי ער ציט אויס די האנט, שאָקלט מיטן קאָפּ, מאכט דעם ציגיינערס גרימאסע: „דאי, באַרין! כאָראָש אָבעזשיאַן! אמעריקאנסקו!" — זייט א בריה, האלט זיך איין און צעלאכט זיך נישט. אוודאי באקומען ביידע חברים א מיאוסן פסק, בלייבן ביידע איבער

„אָז וואַרעמעס" און זייער פרײנדשאַפט ווערט געשלאָסן אויף שטענדיק, אויף אייביק.

פון דעמלט אָן ווערן זיי נפש אחת, איין גייסט, איין נשמה. ווו איינער, דאָרט איז דער צווייטער. ביידע אינאײנעם לערנען און לערנען גוט. מען האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן, אַז מען זאָל איבערשטייגן אַלע גויים, מען זאָל זיין די ערשטע, די בעסטע תלמידים אין קלאַס. און מען האָט אויסגעפירט. מען האָט ווייט־ווייט איבערגעשטיגן אַלע גויים און מען איז געגאַנגען פון קלאַס צו קלאַס די ערשטע בעסטע תלמידים, אָבער אויך די ערשטע און די גרעסטע שקצים אין שטאָט. וואָס די צוויי האָבן זיך דערלויבט אָפּצוטאָן אין שטאָט האָבן דאָס אַנדערע יינגלעך נישט געוואַגט. די בעסטע יינגלעך, פענסיאָנערן, סטיפּענדיסטן — אַ קלייניקייט? הייגט זייער קענען רוסישע גראַמאַטיקע! וואָס פאַר אַ וואָרט מען זאָל נישט אַרויסרעדן, איז באַלד צו דער גראַמאַטיקע. למשל, אַ טיש איז סטאָל. און סטאָל איז: סטאָל, סטאָלאַ, סטאָלו, סטאָל, סטאָלאָם, אַ סטאָליע, אַ מעסער איז נאָזש. און נאָזש איז: נאָזש, נאָזשאַ, נאָזשו, נאָזש, נאַזשאָם, אַ נאָזשיע. הייגט געאָגראַפיע! ווער גאָר ווייסט אַזוי ווי זיי, פאַר וואָס די ערד איז קיילעכיק? ווער דרייט זיך אַרום וועמען — די ערד אַרים דער זון, צי די זון אַרום דער ערד? און פונוואַנען נעמט זיך אַ ווינט? און וואָס איז פריער — דער דונער, אָדער דער בליץ? און פונוואַנען נעמט זיך אַ רעגן?

פון אַלע לערנעכצן, וואָס מען לערנט אין קלאַסן, געפעלט שלומס טאַטן נאָר געאָגראַפיע. מחמת פון געאָגראַפיע ווערט מען געבילדעט, אויסגעקלערט. חשבונען איז אויך אַ גוטע זאַך. מאַטעמאַטיקע שאַרפט אויס דעם מוח. אָבער נישט מער. אָט איז יאָסי פרובשטיין אַ פראָסטער ייד, נישט געלערנט אין ערגעץ, פונדעסטוועגן גיט אים די שווערסטע „זאַדאַטשע", וועט ער אייך מאַכן אויפן קאָפּ. צי, אַשטייגער, נעמט דעם קאָלעקטאָר. ווו האָט ער שטודירט? ערגעץ אין דער ישיבה. נו, קען ער נישט, מיינט איר, קיין אַלגעברע? פון לייזער־יאָסלען שמועסט מען נישט, אין אַרנאָלד פון די פּידוואָריקעס — פון יענעם איז אָפּגערעדט. אַרנאָלד איז דאָך גרייט אָפּגעבן „עקזאַמענס". ניין, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, געאָגראַפיע איז נישט מאַטעמאַטיקע. געאָגראַפיע דאַרף מען לערנען. געאָגראַפיע דאַרף מען קענען. און שלום קען געאָגראַפיע. זיין פאָטער האָט ליב מיט אים צו שמועסן נאָר וועגן געאָגראַפיע. און איז צופרידן, און איז גליקלעך, אַז עס זיצט דערביי אַ הריטער.

א קאָמעדיע איז, אז דער פעטער פיניע זיצט דערביי. דער פעטער פיניע גלעט די באָרד, שמייכלט, מאַכט חוזק פון דעם קליינעם פילאָזאָף, ווי ער צעשפרייט זיך דאָס א ביסל מיט זיין געאָגראַפיע. א יינגל א שנעק האָט א העזה צו זאָגן פאר אן עלטערן ייד, פאר א פעטער, אז די ערד דרייט זיך, נישט די זון. אי, עס שטייט בפירוש: „שמש בגבעון דום"? — דו, זון, אין גבעון, בלייב שטיין? בלייבט א קשיא... „צי, א שטייגער, דו זאָגסט, אז דער דונער קומט פריער פאַרן בליץ. אי, מיר זעען פריער דעם בליץ און ערשט נאָכדעם קומט דער דונער?" — פרעגט ביי אים דער פעטער פיניע אויף א משעקאָוועס און קאַטשעט זיך פאר געלעכטער. „צי דו זאָגסט, אז די ערד איז א כדור, קיילעכיק, הייסט דאָס, ווי אן עפל, מיט וואָס וועסטו דאָס מיר באַווייזן?" ענטפערט אים שלום: „אויב איר ווילט זיך מטריח זיין, פעטער, שטייט אויף, זייט מוחל, מאָרגן גאַנץ פרי און טוט אַ קוק אויפן שפּיץ מאָנאַסטיר, בעת די זון גייט אויף, וועט איר זען, ווי דער שפּיץ קלויסטער ווערט באַלייכט פריער פון אלצדינג"... אוודאי האָב איך מער נישט וואָס צו טאָן, נאָר אויפשטיין דיר כאור און קוקן אויפן שפּיץ קלויסטער צוליב דיין געאָגראַפיע — כאַ־כאַ־כא!"...

נײַן, דער פעטער פיניע איז נישט צופרידן נישט מיט דער געאָגראַפיע, נישט מיט די קלאַסן און נישט מיט דעם, וואָס זיין נחומס זון איז א חבר מיט דאָדי דעם שרייבערס יינגל. ער וועט אים ארויספירן ווער ווייסט אויף וואָסערע דרכים... דער פעטער פיניע האָט געהערט וועגן זיי עפּעס נישט אזעלכע שיינע זאכן. ער האָט געהערט, אז די יינגלעך גייען שבת שפּאַצירן אויף די פּידוואָרקעס, און אז זיי טראָגן טיכלעך אום שבת, און אז זיי רעדן — רעדן זיי צווישן זיך אויף רוסיש, נישט אויף יידיש.

אוי־ווײַ — ס'איז געבער אלצדינג געווען אמת, קודש קדשים! נאָך מער: זיי גייען אלע שבת אויף די פּידוואָרקעס, אָבער נישט שפּאַצירן, ווי מיר וועלן ווייטער זען... זיי טראָגן נישט נאָר טיכלעך אום שבת, נאָר קליינגעלט אויף צו קויפן באַרלעך און רעדן אזעלכע זאכן — אַך! ווען דער פעטער פיניע זאָל נאָר וויסן, פון וואָס מען רעדט, און ווי אזוי מען רעדט!... דער פעטער פיניע זאָל נאָך וויסן, ווי אזוי די צוויי בחורימלעך שיפן זיך אויף א שיפל, פאַרקלייבן זיך אינצווייען העט־העט אויף יענער זייט טייך. דאָרט, אויפן גרינעם גראָז, לייענט מען ביכלעך (רוסישע) און מען זינגט לידלעך (גויישע) און מען חלומט אויף דער וואר, מען בויט אינאיינעם לופט־שלעסער, וואָס וועט זיין אמאָל, אז

מען וועט ענדיקן די אויעזדנע? וווהין מען וועט פֿאָרן? אויף וואָס מען וועט שטודירן? וואָס וועט מען זיין? און דער אמת מוז דאָ געזאָגט ווערן, עס האָט געהערשט אַזוי צו זאָגן, א גויישע שטימונג און קיין יידישער אינהאַלט איז אין די דאָזיקע זיסע חלומות ניט געווען, וואָרעם דער חבר אלי איז געוואָקסן אין א שטוב, וואָס איז געווען ווייט פֿון יידישקייט, כאָטש — איינס צום אַנדערן געהערט זיך ניט — פֿעטש פֿאַר ניט וועלן דאַווענען האָט אלי געכאַפּט פֿון זיין טאַטן ניט ווינציקער ווי אלע אנדערע ייִנגלעך פֿון זייערע טאַטעס. איך האָב מורא, אַז אלע טאַטעס זענען אַזוי. איר קאָנט נאָך היינט אויך באַגעגענען טאַטעס, וואָס אַליין טוען זיי כל הדבר אסור און ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין גוט און פֿרום, ניט אין זיי געראָטן...

ניט וועלן דאַווענען — דאָס איז געווען ביי חברה יונגוואַרג אַן אַלטע קרענק נאָך פֿון חדר. היפֿערן אין דאַווענען איז געווען א וואָכעדיקער גאַנג. און פֿון זינט זיי זענען אריין אין די „קלאַסן", האָבן זיי דאָס דאַווענען גאָר אינגאַנצן פֿאַרבויגן. דער טאַטע האָט דאָס געוווסט, נאָר געמאַכט זיך כלא־ידע. האָבן זיך אָבער געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָכגעקוקט און געעפֿנט דעם טאַטן די אויגן, ער זאָל זען, ווי זיינע קינדער גייען ביסלעכווייז אראָפּ פֿון דרך־הישר — און דאָס האָט געפֿירט דערצו, אַז די קינדער זאָלן נאָך מער ניט וועלן דאַווענען און זאָלן אין דעם ניט וועלן דאַווענען פֿילן א מין עונג רוחני. ניט אומזיסט האָט דער רבי געגעבן צו פֿאַרשטיין זיינע תלמידים, די קליינע בעלי־עבירהניקעס, דעם שכל פֿון אַן עבירה, אַז די עבריה אַליין איז ניט אַזוי מוראדיק, ווי די תאווה פֿון טאָ אַן עבירה... שלום געדענקט נאָך עד היום דעם טעם פֿון דער ערשטער עבירה, פֿון „חילול־שבת". אַזוי איז געווען די מעשה:

שבת ביי טאָג. יידן האָבן אָפּגעגעסן וואַרעמעס און געהאַלטן אין רעכטן שלאָף. אין גאַס איז נאָך נישטאָ קיין משוגענער הונט. שטיל און רואיק, כאָטש צי זיך אויס. די זון באַקט ווי אין דעם מדבר. די ווענט פֿון די געפֿאַרבטע הייזער און די הילצערנע פֿאַרקאַנעס און פֿון די הויפֿן בעטן זיך, מען זאָל עפּעס אויף זיי אָנצייכענען, אָנשרייבן. שלום האַלט די הענט אין די קעשענעס. דאָרט ליגט ביי אים א קריידל, פֿון די קריידלעך, וואָס ווערן באַנוצט אין קלאַס צו דער מאַטעמאַטיק. ער קוקט זיך ארום אויף אלע זייטן — נישטאָ קיין מענטש. די לאָדן זענען פֿאַרמאַכט. און דער יצר הרע רעדט אים אָן: „מאָל!"... וואָס זאָל ער מאָלן? נעמט ער

אויף דער גיך און טוט א מאָל אויס דאָס באַוווּסטע לידל, וואָס אַלע קינדער זינגען און מאָלן בעת־מעשׂה:

טאָטשקאַ, טאָטשקאַ, זאַפּיטאַיאַ,
מינוס, ראָזשיצאַ קריוואַיאַ,
רוטשקאַ, רוטשקאַ, אי קרוזשאָק,
נאָזשקאַ, נאָזשקאַ, אי פּופּאָק...[1])

פּאַרטיק א מענטשל מיט א קײַלעכיק פּנים, מיט הענטלעך און מיט פיסלעך און מיט א מויל, וואָס לאַכט... דער מאָלער איז צופריד'ן מיטן בילד. עס פעלט נאָר אַן אויפשריפט. שלום קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן — נישטאָ קיין מענטש. די לאָדן זענען פאַרהאַקט. און דער יצר הרע רעדט אים אָן: „שרײַב!“... וואָס זאָל ער שרײַבן? נעמט ער און שטעלט אַוועק פון אונטן, אונטערן בילד, מיט שיינע קײַלעכדיקע אותיות אויף רוסיש, צום גראַם:

קטאָ פּיסאַל — ניע זנאַיו,
אַ יאַ, דוראַק, טשיטאַיו...[2])

און איידער ער באַווײַזט איבערצולייענען וואָס ער האָט דאָ אָנגע־שריבן, דערפילט ער, ווי עמעצנס צוויי פינגער האַלטן אים ביים לינקן אויער, אָבער שטאַרק!...

איך מיין, אַז קיינעם פון די לייענער וועט נישט אײַנפאַלן צו טרעפן, ווער דאָס האָט געקענט זײַן דער, וואָס האָט געפּאַקט דעם העלד פּיז דער ביאָגראַפיע מיט דער דאָזיקער מיאוסער עבירה פון חילול שבת בפרה־סיה? פאַרשטייט זיך, אַז נישט קיין אַנדערער, נאָר דער פעטער פּיניע! גראָד ער באַדאַרף היינט פריער פון אַלעמען אויפשטיין פון שלאָף און פריער פון אַלעמען גיין מיט א וויזיט גוט־שבת זאָגן! וואָס ווייטער איז געווען — איז איבעריק צו דערציילן. יעדער קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז עס

---

1) אַ פּונקט, אַ פּונקט, און אַ קאָמאַ,
א פּאַסיקל אַ גלייכס, אַ פּנימל אַ קרומס,
אַ הענטל, אַ הענטל און אַ קײַלעכל,
א פיסל, א פיסל און א בײַכל.

2) ווער ס'האָט געשריבן — ווייס איך נישט,
נאָר איך, שוטה, לייען דאָס.



ד"ר חיים זשיטלאָװסקי און שלום־עליכם (פּאַראײניקטע שטאַטן, 1915)

האָט נישט געהאָלפן קיין זאך, קיין בעטן זיך, קיין טרערן — דער פעטער פיניע האָט דעם בחור, ווי אויסגעשמירטן אין קרייד, אָפּגעפירט גלייך אהיים און איבערגעגעבן אין טאטנס הענט. נאָר דאָס איז געווען גאָרנישט אקעגן דעם, וואָס איז געשען נאָכדעם, אז די גאנצע שטאָט איז געוווירגעוואָרן פון דער מעשה און ס'איז דערגאנגען צו דער נאַמשאַלסטווע פון דער אויעזדנע. עס האָט געהאלטן דערביי, אז מען זאָל דאָס בחורל „אויסשליסן“. דער טאטע האָט געוויינט מיט טרערן און האָט נעבעך געמוזט גיין צום אדון צום דירעקטאָר (סמאטריטעל), בעטן פאר זיין זון רחמנים און נאָר צו פארהאַנקען דאָס, וואָס ער איז געווען איינער פון די בעסטע תלמידים אין קלאס, א סטיפּענדיאַנט, האָט מען אויף אים געלייגט כבוד, רחמנות געהאט אויפן טאטן און נישט „אויסגעשלאָסן“. דערפאר האָבן די לערערס געבענטשט דעם תלמיד מיט א נייעם נאָמען. אז זיי האָבן אים באדארפט ארויסרופן אין קלאס צו דעם ברעט, האָבן זיי נישט געזאָגט, ווי ביז אהער: ראבינאָוויטש! זיי האָבן אים ארויסגערופן אָדער „כוהאָזשניק“ (מאָלער), אָדער „פּיסאַטעל“ (שריפטשטעלער). און צעציגן האָט מען דאָס וואָרט אויף דריי קלאַפּטער די לענג:

— פּי־סאַ־טעל!...

אָט דער נאָמען איז אים פארבליבן אויף לאנג, שוין ביזן סוף.

## 53

# צווישן חזנים און כלי־זמרים

א מעשה מיט א ייִדיש ביכל, וואָס רופט ארויס געלעכטער. — חזנים מיט א „קאָלאראַטור“. — יהושע־העשל דער כלי־זמר מיט זיין כאליאַסטרע. — דער יצר־הרע פון פידל.

צו „שרייבעריי“ האָט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע געהאט א בייגונג פון תמיד אָן. זיין אידעאַל איז געווען צו זיין א מחבר, א שרייבער, נישט נאָר מיטן קריידל אויף די ווענט, נאָר טאקע באמת א שרייבער, א פּאַרפּאַסער פון א בוך. אויף אים האָט נביאות געזאָגט נאָך זיין אלטער פריינד דער קאָלעקטאָר, אז ער וועט אמאָל זיין א שריפטשטעלער און וועט שרייבן העברעיש, אזוי ווי צעדערבוים, גאָטלויבער, יהל״ל און נאָך א סך אנדערע „גדולים“. האָט אָבער ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס געדרונגען פארקערט: אז אויב יאָ דער חברה־מאַן וועט אמאָל שרייבן, וועט ער שוין זיין בעסער א רוסישער שרייבער, נישט קיין העברעישער. אין „המליץ“, האָט ער געזאָגט, זענען פאראן אָן אים גענוג דילעטאַנטן, איגנאָראַנטן, מלמדים און בטלנים! נישט צעדערבוים, נישט גאָטלויבער, נישט יהל״ל, נאָר טורגעניעוו און גאָגאָל, פּושקין און לערמאָנטאָוו — אָט ווער עס באַדאַרף אים שטיין פאר די אויגן!...

מיט איין וואָרט — אָדער העברעיש, אָדער רוסיש. אז דער „חברה־מאַן“ וועט אמאָל שרייבן ייִדיש — דאָס איז קיינעם אויף די געדאַנקען נישט געקומען, וואָרעם ייִדיש איז דען אויך א שפּראַך? דאָס הייסט, רעדן האָט מען קיין אנדער שפּראַך נישט גערעדט אויסער ייִדיש, נאָר אז מען קאָן שרייבן אויף ייִדיש — ווער האָט דאָס געוווסט? „זשאַרגאָן“, „עברי־טייטש“ — דאָס איז א מאכל פאר ווייבער. א ייִד האָט זיך

געשעמט צו האַלטן אַ ייִדיש ביכל אין די הענט — מען וועט זאָגן: אַ גראָבער יונג!...

פונדעסטוועגן געדענקט זיך אַ מעשה נאָך פון דער קינדהייט. נאָך אין יענעם פאַרוואָרפענעם קליינעם שטעטעלע, אין וואָראָנקאָ, האָט אַ ייִדיש ביכל, און דווקא אויף „זשאַרגאָן" געשריבן, געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג. וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ ביכל — קאָן זיך דער העלד פון דער ביאָגראַפיע נישט דערמאָנען. ער געדענקט נאָר, אַז ס'איז געווען אַ ביכעלע אַ קליינטשיקס, אַ דאַרינקס, מיט געלע, פאַרשמאָלצעוועטע, צעפאַלענע און אָפּגעריסענע בלעטלעך, אָן טאָוולעך און אפילו אָן אַ פאָדערבלעטל. שבת־צו־נאַכטס, אַלע בעלי־בתּים פון שטאָט האָבן זיך צונויפגעקליבן ביי רב נחום וועוויקס אויף „מלווה־מלכּה". די מאַמע איז פאַרנומען אין קיך מיטן „וואַלכישן באָרשט" און דער עולם האַלט זיך אונטערדערווייל. רב נחום לייענט אַ מעשה־ביכל. דער טאַטע לייענט און דער עולם זיצט אַרום טיש, רויכערט פּאַפּיראָסן און מען קאַטשעט זיך, מען האַלט זיך ביי די זייטן פון געלעכטער, און מען רייסט אַלע מינוט איבער דעם פאָרלייענער און מען דריקט אויס די גרויסע התפּעלות הויך אויף אַ קול, און עס שיטן זיך קללות אויפן בעל־מחבּרס אַדרעס: „אָט אַ ימח־שמוניק! אַ כּל־בוניק! אַ ממזר! אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין"!... אפילו דער פאָרלייענער אַליין קאָן זיך נישט איינהאַלטן, ווערט שיעור דערשטיקט פאַר געלעכטער! די קינדער ווילן נישט גיין שלאָפן און שלום אַוודאי נישט. פאַרשטיין, וואָס דער טאַטע לייענט — פאַרשטייט ער נישט, נאָר ס'איז אים גלאַט געפעלן צו זען, ווי ייִדן מיט בערד קאַטשען זיך, האַלטן זיך ביי די זייטן און שיסן אויס אַלע מאָל מיט אַ געלעכטער. און ער זיצט פונדערווייטנס און קוקט אין אַלעמענס פּנימער, ווי זיי שיינען און ער איז מקנא יענעם ייִדן, וואָס האָט געמאַכט אָט דאָס ביכעלע, און זיין טיפסטער ווונטש איז, אַז גאָט וועט העלפן, ער וועט אויסוואַקסן און ווערן אַ גרויסער, וועט ער אויך אָנשרייבן אַזאַ מין ביכעלע, וואָס ייִדן וועלן דאָס לייענען און וועלן לאַכן און וועלן אים שעלטן אין גוטן מוט, גלאַט אַזוי זיך, אין טאַטנס טאַטן אַריין...

נאָר ווי די מעשה איז — אויב ער וועט זיין אַ שרייבער אָדער נישט, אָדער ער וועט זיין אַ העברעישער שרייבער אָדער אַ רוסישער — אַ „קענער" וועט ער שוין זיין געוויס. ס'איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. זיין אַ „קענער" — דאָס האָט ער געמוזט און דאָס האָט ער געוואָלט. ער האָט געוואָלט קענען אַלצדינג. אפילו אַזאַ זאַך, ווי פידל־שפּילן. דוכט זיך, וואָס

פאַר אַ שייכות האָט שפּילן אויפן פידל צו השׂכּלה? ניין, עס האָט אַ שייכות. שפּילן אויפן פידל איז אין יענער צייט געשטאַנען אין פּראָגראַם פון קענטעניש גלייך מיט אַנדערע זאַכן און האָט זיך אָנגעקערט מיט לערנען, ווי אַ שטייגער, אַ טאַטנס אַ קינד האָט געלערנט דייטש, אָדער פראַנצויזיש. קיין פּראַקטישע נוצן האָט קיינער דערפון נישט דערוואַרט, נאָר אַ טאַטנס אַ קינד, וואָס וויל זיין אַ משׂכּל, באַדאַרף אַלצדינג קענען. כּמעט אַלע פיינסטע בעל־הבתּישע בחורימלעך אין שטאָט האָבן דעריבער זיך געלערנט שפּילן פידל. חיים פרוכשטיינס האָט געשפּילט פידל, צאַלע מערפעטס האָט געשפּילט פידל, מאָטל סריבנערס האָט געשפּילט פידל. נאָך אַ סך יינגלעך האָבן געשפּילט פידל. מיט וואָס איז שלום ראַבינאָוויטש ערגער פון זיי? האָט אָבער דער טאַטע נישט געוואָלט. ער האַלט נישט דערפון. עס איז אַן איבעריקע זאַך, האָט ער געזאָגט, אַן עבירה די צייט און עס קומט אויס ביי אים מעשׂה כּלי־זמר. מאַטעמאַטיקע, געאָגראַפיע, מליצה — דאָס איז אַ זאַך. אָבער רימפּלען אויפן פידל — וואָס איז פאַר אַן עבודה?...

אַזוי טענהט נחום ראַבינאָוויטש און איז פון זיין שטאַנדפּונקט אפשר גערעכט. הערט זשע אָבער, וואָס זאָגט דערויף יהושע־העשל דער כּלי־זמר? יהושע־העשל דער כּלי־זמר איז אַ ייד אַן ערלעכער, אַן איידעלער ייד, מיט צוויי געדיכטע פּאות. זאָגט ער בפירוש: „וואָס געהער זיך אָן דאָס מיט דעם? ער האָט, זאָגט ער, אויך קינדער, נישט ערגער פון אַלע אַנדערע יידישע קינדער, און שקצים אויך גוטע, דער רוח האָט זיי נישט גענומען! אלא דעריבער איז וואָס? האָט איר מורא, אַז זיי שפּילן נישט ביי אים אויף אַלע אינסטרומענטן?... און בן־ציון דער כּלי־זמר וואָס זאָגט? אָט דער בן־ציון, וואָס האָט אויסגעלערנט די אַלע אויסגערעכנטע בחורימלעך פידל־שפּילן, איז אַליין אַ ייד מיט אַן איינגעפאַלענער נאָז און דעריבער פאָנפעט ער אַ ביסל אונטער. האָט ער אויסגעפּרוווט נחום ראַבינאָווי־טשעס יינגל, געגעבן אים די ערשטע פּאָר לעקציעס פון ערשטן חלק „בעריאָט“, האָט ער אַליין געזאָגט פאַר אַלע יינגלעך, אַז דאָס בחורל איז אַ „פּאַלאַנץ“. אויף בן־ציונס פאָנפעוואַטע לשון האָט דאָס באַדאַרפט הייסן אַ „טאַלאַנט“... צי האָט ער טאַקע געהאַט אַ טאַלאַנט אָדער נישט — דאָס ווייסט נישט שלום. ער ווייסט נאָר, אַז פון קינדווייז־אָן גייט ער אויס שפּילן און איז די כּפּרה נאָך אַ פידל, און ווי אויף צו להכעיס, גלייך ווי מען וואָלט זיך וועלן רייצן מיט אים, האָט ער זיך שטענדיק געפונען אין אַ וועלט פון געזאַנג און מוזיק, צווישן חזנים און כּלי־זמר.

חזנים און משוררים זענען כמעט קיינמאָל נישט אַרויס פֿון זייער שטוב, ווייל נחום ראַבינאָוויטש איז אַליין געווען אַ בעל=תּפֿילה און אַ יודע=נגן, און דערצו איז זייער אייגנפּאָר געווען, קאָן מען זאָגן, די אייגנציקע סטאַנציע פֿאַר חזנים. עס איז נישט אַוועק קיין שבת=מבֿרכים, ס'זאָל נישט קומען צו פֿאָרן אַ בויד, אָנגעפּאַקט מיט מאָגערע פֿאַרשוינען, לעבעדיקע, רירעוודיקע, אַלע הונגעריקע. געגאַנגען זענען זיי, מערסטנטייל, אָפּגעריבן און אָפּגעשליסן, כמעט נאַקעט און באָרוועס, נאָר די העלדזער אַרומגעוויקלט מיט שאַלן, וואָלענע, וואַרעמע שאַלן. אַזוי ווי די הייזעריקן זענען זיי באַפֿאַלן די אַכסניה, געגעסן אַלצדינג, וואָס מען האָט זיי געגעבן. דאָס איז שוין געווען אַ כּלל, אַז ווי=באַלד הונגעריקע — זענען דאָס געווען משוררים מיט אַ וועלט=באַרימטן חזן. גאַנצע טעג האָט זיך דער וועלט=באַרימטער חזן געקאַטשעט אויפֿן האַלדז, אויסגעפּרוווט זיין „קאָלאָראַטור“ און געשלונגען רויע אייער, און די זינגערלעך האָבן זיך געריסן אויף די גלייכע ווענט, מערסטנטייל געהאַט שוואַכע קולות, גאָר שטאַרקע אַפּעטיטן צום עסן, האָבן זיי דעריבער מיט זייער דאַוונען עפּעס נישט אַזוי שטאַרק אויסגענומען, נאָר אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען זיך און אַוועקגעפֿאָרן אומבאַצאָלטערהייט. דאָס האָט דער שטימפּאַמע, פֿאַרשטייט זיך, שטאַרק נישט געשמעקט. האָט זי ביסלעכווייז אָטלעגנטשעט די וועלט=באַרימטע חזנים, געבעטן, זיי זאָלן שוין מוחל זיין פֿאַרפֿאָרן צו ראובן יאַסנעגראָדסקי, מחמת עסערס האָט זי, קיין עין=הרע אַליין גענוג, און שרייערס איז אויך ביי איר דאָ אַ היפּש ביסל, נישט פֿאַרזינדיקן...
דער פּועל=יוצא איז געווען, וואָס ראַבינאָוויטשעס קינדער האָבן זיך אָנגעהערט אַזוי פֿיל נגינה, אַז זיי זענען געווען קלאָר אויף אויסנווייניק, וועמען געהערט אַט די און די קדושה, און וועמען געהערט דער און דער „תּכנת=שבת“: צי פּיצי דעם חזן, אָדער מיצי דעם חזן, אָדער דעם קאַשטאַנער חזן, אָדער דעם שעדלעצער, אָדער דעם קאַלוואַריער חזן, אָדער גאָר ניסי בעלזער? עס זענען געווען צייטן, וואָס געזאַנגען האָבן זיך, אַזוי צו זאָגן, געטראָגן אַליין פֿון זיך אין דער לופֿטן, און אין קאָפּ האָט זיך געפּלאָנטן אַ געדאַנק, און אין האַלדז האָט זיך געקייקלט און געקייקלט עפּעס אַ ניגונדל און נישט געלאָזט שלאָפֿן.

דאָס איז געווען מיט נגינה. און וואָס אָנבאַלאַנגט מוזיק, האָט דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע געהאַט די זעלבע געלעגנהייט צו הערן כּלי=זמר נאָך מער ווי חזנים, וואָרעם סיי יהושע=העשל דער כּלי=זמר מיט די גראָבע פּאות, סיי בן=ציון מיט דער איינגעפֿאַלענער נאָז האָבן געוווינט

נישט ווייט פון חדר, אַזוי, אַז מען איז געגאַנגען אין חדר אַריין, האָט מען באַהאַרכט דורכגיין פאַרבײַ יהושע-העשלען און פאַרבײַ בן-ציונען. דאָס הייסט, קיין מוז איז דערבײַ נישט געווען: מען האָט זייער שיין געקאָנט אויסמײַדן, און ווען מען מײַדט זיי אויס, וואָלט געווען אַ סך נעענטער. האָט אָבער שלום ליב געהאַט דווקא גיין פאַרבײַ זיי און דווקא בלײַבן שטיין אונטערן פענצטער און הערן, ווי בן-ציון דער כלי-זמר לערנט די ייִנגלעך פידל-שפּילן, אָדער ווי יהושע-העשל דער כלי-זמר מאַכט רעפּעטיציע מיט זײַנע בנים, וואָס שפּילן אויף אַלערלײַ אינסטרומענטן. און דערפֿאַר איז געווען אים נישט אָפּצוטרײַסן און נישט אָפּצוטרײַבן. יהושע-העשלס בנים האָבן דאָס באַמערקט, האָט דער עלטערער, העמעלע, אים מכבד געווען איינמאָל מיטן סמיטשיק, דאָס אַנדערע מאָל מיט אַ קוואַרט וואַסער — עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן. דורך איין ציגאַר טיטון איז מען מיט העמעלען געוואָרן חבר, און שלום איז געוואָרן אַ בן-בית בײַ יהושע-העשל דעם כלי-זמר, נישט דורכגעלאָזט קיין איין רעפּעטיציע — און רעפּעטיציעס זענען געווען האַרט אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק — און דורך זיי האָט ער זיך באַקאַנט מיטן גאַנצן בינטל מוזיקאַנטן, מיט דער גאַנצער כלי-זמרישער משפּחה, מיט זייערע ווײַבער און קינדער, מיט אַלע זייערע זיטן און מנהגים, מיט זייער אַרטיסטיש ציגײַנער-לעבן, און אַפֿילו מיט זייער שפּראַך, „כלי-זמר-לשון“, וועלכעס ער האָט נאָכדעם, שוין אַלס שלום-עליכם, טיילווײַז אויסגענוצט אין זײַנע ווערק: „אויפֿן פֿידל“, „סטעמפּעניו“, „בלאָנדזשענדע שטערן“, און אַנדערע.

אַלזאָ, ווי איר זעט, איז אין לערנען פֿידל שפּילן נישט געווען קיין מניעה, געהערט האָט ער געהאַט געניג. אַ טאַלאַנט, זאָגט בן-ציון, דער כלי-זמר, האָט ער אויך געהאַט. וואָס זשע נאָך פֿעלט? אַן אינסטרומענט, אַ פֿידל. און אַ פֿידל קאָסט געלט און קיין געלט איז נישטאָ! וואָס טוט מען? — חאַרף מען, הייסט דאָס, קריגן געלט... אָט דאָ, בײַ דעם געלט קריגן, האָט זיך געטראָפֿן אַ מעשה, אַ קאָמישע, נאָר אַ טרויעריקע. אַ מין טראַגי-קאָמעדיע.

## 54

# לא תגנוב!

דעם אורחס בײטעלע מיט קלײנגעלט. — ער באגײט א גנבה און האָט חרטה. — װי אזױ װערט מען פּטור פונעם בײטעלע.

צװישן די אורחים, װאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײ די ראַבינאָװי־טישעס אין „אײנפאָר“, איז געװען אײנער א שטענדיקער אורח, א ייִד א ליטװאַק, אַ תּבֿואה־הענדלער פון פּינסק, מיטן נאָמען װאָלפסאָן. דער װאָלפ־סאָן פלעגט אײנשטײן חדשים לאַנג און האָט זיך געהאַט זײַן שטענדיקן חדר, װאָס מען האָט אים גערופן „װאָלפסאָנס חדר“ (אפילו דעמאָלט, װען װאָלפסאָן אַלײן איז גאָר געװען אין פּינסק). און אױך א סאַמאָװאַר א באַזונדערן האָט ער געהאַט — „װאָלפסאָנס סאַמאָװאַרל“. און געװען איז דער װאָלפסאָן בײ די ראַבינאָװיטשעס א מענטש א הײמישער, געגעסן דאָס װאָס אַלע עסן, און אז די בעל־הביתטע — (די שטיפמאַמע) איז געװען עפּעס נישט אַזױ אױפגעלײגט, האָט ער געכאַפּט פון איר א פּסוק גלײַך מיט אַלע, װי אַן אײגענער... געטראָגן האָט ער אין שטוב א קורץ כאַלאַטל, און אַמאָל איז ער געגאַנגען גאָר אָן א כאַלאַט, און געריכערט האָט ער מוראדיק, גראָבע געבלעטערטע ציגאַרן, און ליב געהאַט צו רעדן, האַלטנדיק די געבלעטערטע ציגאַרן אין מױל, די הענט אין די הױזן, און גערעדט, און גערעדט — נײן מאָס רײך! דער חדר איז געװען אָפן, דאָס סאַמאָװאַרל בײם טיש, דאָס טישקעסטל צוגעשלאָסן, נאָר די שליס־סעלעך הענגען דערבײ — א דרײַ מיטן שליסל און דאָס טישקעסטל איז אָפן. װאָס אין טישקעסטל טוט זיך — װײסן אַלע. דאָרט געפינען זיך בי־כער, בריװ, חשבונות און געלט. אַ טײסטער אַ גרױסער, אַ גראָבער, אָנ־געשטאָפּט מיט אַסיגנאַציעס — װער װײסט, װיפל דאָרט איז דאָ! און א חוץ דעם טײסטער — א לעדערן בײטעלע, אַן אַלטס, אַן אָפּגעקראָכנס,

נאָר שטענדיק פול מיט קלייגגעלט, זילבערנע און קופּערנע מטבעות, אויך היפּשלעך — הלוואי פאַרמאָגט דאָס אזא ייִנגל, ווי שלום, כאָטש האַלב, וואָלט אים אויך געגוג געווען אויף צו קויפן די בעסטע פּידל אויף דער וועלט....

נישט איינמאָל האָט וואָלפסאָן געהאַט געפונט דאָס טיש-קעסטל פאַר איטלעכן אין די אויגן און, נישט ווילנדיק, האָט שלום געכאַפּט א קוק אויפן אָנגעפּאַקטן טייסטער מיט אסיגנאַצעס, און דערהויפּט — אויפן לעדערנעם בייטעלע מיט מינץ, און זיין גרעסטער ווונטש איז געווען, אז וואָלפסאָן זאָל אמאָל פאַרלירן אָט דאָס בייטעלע און ער, שלום, זאָל דאָס געפינען. דאָס וואָלט געווען, ווי מען זאָגט, א כשרער טאָפּ מיט א כשרן לעפל... „השבת אבידה“ איז טאַקע איינע פון די גרויסע מצוות. נאָר פאַר-מאָגן אָט אזא בייטעלע מיט קלייגגעלט איז נאָך מער מצוה... ווייל ער אָבער נישט פאַרלירן, דער ליטוואַק!... פּועלט ביי זיך שלום און איז זיך מתיר נדר, אז וואָלפסאָן גיט אים, למשל, די הויזן אויסצופּוצן און פאַרגעסט האָרטן דאָס בייטעלע, וואָלט ער עס אים א מכה אָפּגעגעבן צוריק! ס'האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון קעשענע בשעת ריייניקן — וואָס איז ער שול-דיק?... איז אָבער וואָלפסאָן אויך נישט קיין נאַר, אלע מאָל, ווען ער גיט די קינדער פּוצן די מלבושים, ליידיקט ער פריער אויס אלע קעשענעס — א ליטוואַק בלייבט א ליטוואַק! פאַרדריסט דאָס שוין שלומען. איז ער זיך מיישב איינמאָל, אז ס'איז יאָ אזוי, אז פאַרלירן נישט און פאַרגעסן אויך נישט, באַדאַרף מען געבן א קוק אריין אין בייטעלע, כאָטש וויסן, וויפל קלייגגעלט דאָרט געפינט זיך... און מיט דער דעה, נישט חלילה צו באַגיין א גנבה, נאָר גלאַט אזוי אויס נייגעריקייט, האָט שלום איינמאָל אין א פרימאָרגן זיך אריינגעכאַפּט צו וואָלפסאָנען אין חדרל אריין, זיך ארומגעדרייט א ווײַלע, כלומרשט אויפגערוימט ביים טיש, בשעת דער ליטוואַק איז געשטאַנען אין זאַל מיט דעם גראָבן בלעטערנעם ציגאַר אין מויל און געגרעגערט. פונעם האָזיקן ארומדרייען זיך איז אָבער נישט ארויסגעקומען גאָרנישט. ביים אָנרירן מיט דער האַנט די קאַלטע שליס-לעך, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז דאָס בינטל שליסעלעך האָט אויפ-געהויבן אַ געוואַלד עד לב השמים, און עס האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. האָט ער זיך געגעבן א דריי אויס און איז אוועק פון וואָלפ-סאָנס חדרל מיט ליידיקע הענט.

דער ערשטער סעאַנס איז אים נישט געראָטן, האָט ער געוואַרט אויף אַ צווייט מאָל, זיך אַליין פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז א גנב. „ביסט

אַ גנב, שלום! האָסטו נאָר געהאַט איין מחשבה אַ שלעכטע, ביסטו שוין אַ גנב... אַ גנב! אַ גנב!“...

דער צווייטער סעאַנס האָט נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף זיך. וואָלפסאָן האָט פיינט געהאַט זיצן איינער אַליין ביי זיך אין די פיר ווענט. אין זאַל זענען געווען נאָך אורחים. האָט ער בעסער פאַרבראַכט אין זאַל, גערויכערט און גערעדט, ווי אַלע מאָל. שלום האָט זיך ווידער אַמאָל אַריינגעכאַפּט אין וואָלפסאָנס חדרל. איצטיקס מאָל שוין מיט דער דעה נישט אַ קוק צו טאָן, נאָר טאַקע גענומען עפּעס אויך. סיי־ווי־סיי אַ גנב... אַריינגעכאַפּט זיך, האָט ער זיך איבערגעבויגן מיטן גאַנצן גוף איבערן טיש, גלייך ווי ער וואָלט וועלן עפּעס דערלאַנגען פונעם אַנדערן ברעג טיש, מיט דער לינקער האַנט געגעבן אַ נעם דעם קאַלטן שליסל, אַ דריי רעכטס — דער שלאָס האָט זיך געעפנט מיט אַ שטילן קלאַנג — דזין! — און אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געגעבן אַ קוק אַריין אינעווייניק און איז געבליבן אַ פאַרציטערטער. צוערשט האָט ער דערזען פאַר זיך דעם גראָבן טייסטער אָן אָפּענעם, פול און פול געפאַקט מיט פאַפּיר־געלט: צענער־לעך רויטע, פינפערלעך בלויע, דרייערלעך גרינע, און איינערלעך געלע — ווער ווייסט, וואָס דאָס האָט געקאָנט באַטרעפן?! איין פאַפּירל אַ רויטינקעם, ווען ער טוט נאָר אַ שלעפּ אַרויס פון דאָרטן — איז ער דאָך שוין אַ געהאָלפענער! ווער וועט זיך אַרומקוקן? נעם־זשע, שוטה, און שלעפּ אַרויס — ניין! קאָן ער נישט! עס טרייסלען זיך אים די הענט, עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן און עס פאַרציט אים דער אָטעם. ער כאַפּט בעסער אַ קוק אויפן לעדערנעם בייטעלע — ס'איז געפאַקט! ער וויל דאָס אַ נעם טאָן — פאָלגט אים נישט די רעכטע האַנט. עפענען דאָס בייטעלע און אַרויסנעמען פון דאָרט עטלעכע זילבערנע מטבעות וואָלט אויך געווען נישקשה — איז צופיל אַרבעט. נעמען דאָס בייטעלע און אַריינרוקן אין קעשענע — וועט מען זיך באַלד אַרומקוקן. דערווייל די צייט שטייט נישט און די מינוטן ציען זיך. אַ מינוט אַ יאָר... און דאָ דערהערט זיך אַ שאָראָך — אַהאַ, ער שקראָבעט שוין, דער ליטוואַק, מיט די אויסגעטראָטענע שטעק־שיך... אַ דריי דעם שלאָס מיט דער רעכטער האַנט צוריק — און לאָזט זיך גיין פון חדר ווידער מיט ליידיקע הענט, רעכנט באַגעגענען זיך מיט עמעצן, צום סוף — ווער? וואָס? נישטאָ קיינער! גיין נאָך אַמאָל צוריק — שוין צו שפּעט. באַדאַרפט פריער! דורכגעלאָזט אַזאַ געלעגנהייט! .. ביסט אַן אידיאָט, שלום! דו ביסט ביידע זאַכן — אי אַ גנב, אי אַן אידיאָט!“...

דער דריטער סעאַנס, אין אַ צייט אַרום, איז שוין גאָר אָפּגעלאָפֿן גלאַט. ער האָט אויסגעמיטן די פֿריערדיקע הכנות, נישט געמאַכט קיין שיהות, נאָר גלייך צום טיש, אויפֿגעעפֿנט דעם שלאָס, אַריינגעשטעקט די האַנט אין שופֿלאָד, געגעבן אַ נעם דאָס בייטעלע, געגעבן דאָס אַ לאָז אין קעשענע, צוגעמאַכט צוריק דעם שופֿלאָד און אַוועק מיט די ביכלעך אין קלאַס אַריין, דווקא נישט געכאַפּט זיך, דווקא פּאַוואָליע, און, דוכט זיך, אַזוי קאַלטבלוטיק, כמעט שלעפֿעריק. נאָר אַרויסגייענדיק פֿון שטוב האָט ער דערפֿילט, אַז דאָס בייטעלע בריט אים דורך דער קעשענע דאָס לייב, און אַז ער דאַרף עס ביי זיך נישט האַלטן בשום אופֿן ואופֿן! ווער שמועסט, דעם ערשטן טאָג — אוודאי און אוודאי נישט! און אָנשטאָט דעם, וואָס ער זאָל גיין אין קלאַס, כאַפּט ער זיך אַריין אין שטאַל אַריין, דאָרט, וווּ מען האַלט האָלץ, אָנגעהאַקט האָלץ, בייגט ער זיך אָן און טוט אַ רוק אַריין דאָס בייטעלע אין ווייטן, פֿינצטערן ווינקל אַריין, צווישן האָלץ און צווישן דער וואַנט, מאַכט אַ סימן מיטן אויג, ער זאָל געדענקען דאָס אָרט אַקוראַט — און מאַרש אין קלאַס אַריין.

האָט זיך אייך געטראָפֿן ווען באַגעגענען אייניעם מיט אַ פֿלאַמענדיק פּנים, מיט ברענענדיקע אויגן, וואָס איז מאָדנע אויפֿגערוימט און איז גרייט פֿאַר אייך אין פֿייער און אין וואַסער, נאָר ער איז עפּעס צעטראָגן, אַריינגעטאָן אין זיך — זאָלט איר וויסן, אַז דער חברה־מאַן ווייסט עפּעס אַ זאַך, וואָס נאָר ער ווייסט און גאָט, און ווייטער קיינער נישט. אָט אַזוי האָט אויסגעזען יענעם פֿרימאָרגן דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע. ער האָט אַלעמען געקוקט אין די אויגן אַריין, ווי אַ זינדיקער מענטש. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אַלע זעען, אַז ער ווייסט עפּעס זייער־זייער אַ הייליקן סוד... זיין חבר אלי, וואָס האָט אים געקענט מער ווי אַלע, האָט אים אַ פֿרעג געגעבן: „שלומאָנטשיק! וואָס איז מיט דיר? האָסט שוין ווידער עפּעס אויסגעמאָלט אַ צאַצקע מיט אַ קריידל אויפֿן פּאַרקאַן?“... „האַלט ס'מויל, אליק, וואָרעם איימאָל איך דיר אויס אַ צאַצקע אויף דער פֿיזיאָנאָמיע, וועסטו פֿאַרגעסן, ווי מען רופֿט דיך!“ „טאַקע? אַנו, פּרוּוו, לאָמיר זען, ווער וועמען!“ — און אַלי האָט שוין פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, גרייט געווען צו געבן אויפּגאָב, ווי ער קאָן. זיין חבר איז אָבער נישט געלעגן אין זינען שלאָגן זיך. זיין קאָפּ און אַלע זיינע געדאַנקען און אַלע זיינע חושים זענען געווען דאָרטן, אין שטאַל פֿון געהאַקטן האָלץ, ביים בייטעלע... פֿאַר גרויס אימפּעט האָט ער אפֿילו פֿאַרגעסן געבן אַ קוק אַריין, וואָס אין בייטעלע טוט

זיך... ער האָט קוים דערלעבט, די לעקציעס זאָלן זיך ענדיקן און ער זאָל שוין קומען אַהיים, וועט ער זיך אַריינכאַפּן אויף אַ רגע אין שטאַל, אַ קיש טאָן כאָטש פון אויבן־אויף — וויפל? וואָס פאַרמאָגט ער איצטער?...

געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפן אַ חורבן, אַן איבערקערעניש! דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט איז צעוואָרפן, די קיך — מיטן קאָפּ אַראָפּ. די שיקסע וויינט, שווערט, כאַפּט די ערד, אַז זי ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגן. דער טאַטע איז אויס מענטש, שוואַרץ ווי די ערד. אַזש איינגעבויגן אין דרייען. די שטיפמאַמע פייערט, שעלט, לייגט די תוכחה — אויף וועמען? שווער צו וויסן. וואָרעם די קללות גייען ביי איר מיט אַ לשון־רבים, אין אַ מערצאָל: „פון אונטער דער נאָז זאָל מען צונעמען — נעמען זאָל א יי ך דאָס שוואַרצע יאָר!" „אַריין אַ בייטל מיט געלט אין דער ערד אַריין — אין דער ערד זאָלט א י ר אַריין!" „קיינער האָט נישט געזען דאָס בייטעלע — נישט זען זאָלט א י ר די וועלט!", „וואָסער אורח וועט דאָ וועלן שטיין — שטיין זאָלט א י ר פּראַווּציעם!" און דער אורח אַליין, וואָלפסאָן מיטן כאַלאַטל, שטייט מיט דעם גראָבן בלעטערנעם ציגאַר אין מויל, האַלט די הענט אין די קעשענעס, קוקט אויף די קינדער, שמייכלט און רעדט צו זיך אַליין: „ערשט היינט אין דער פרי געהאַלטן דאָס בייטעלע, פון שטוב נישט אַרויסגעגאַנגען"...

— האָט איר נישט געזען דאָס בייטעלע? — פרעגט דער טאַטע ביי די קינדער, און שלום שטעלט זיך אַרויס פאַר אַלע:

— וואָסער בייטעלע?...

זעלטן־ווען דער טאַטע איז אין כעס. איצט קאָן ער שוין נישט איינהאַלטן זיך און פאַלט־אָן אויף זיין ליבלינג און קרימט אים איבער:

— „וואָסער בייטעלע?" וואָס זאָגט איר אויף דעם תם? אַ גאַנץ פרימאָרגן הערט ער „בייטעלע־בייטעלע! בייטעלע־בייטעלע!" — פרעגט ער גאָר: וואָסער בייטעלע!...

און צום אורח זאָגט דער טאַטע:

— וויפל פאָרט איז דאָרט געווען געלט ביי אייך אין בייטעלע?

— עס האַנדלט זיך נישט אום געלט — ענטפערט וואָלפסאָן אויף זיין ליטוויש לשון — דאָ האַנדלט זיך אום די בייטעלע! ערשט היינט

אינדערפרי געהאַלטן די בייטעלע, ניט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ניט אַרויסגעגאַנגען!...

ניין, איצט איז נישט די צייט אויף געוווער צו ווערן, וויפל געלט עס געפינט זיך אין בייטעלע. שלום איז נישט אַזאַ אידיאָט, ער זאָל איצטער, אויף דער הייסער שעה, גיין אין שטאַל אַריין טרייבערן דאָס בייטעלע. ער קאָן באַשטיין אָפּלייגן די אַרבעט אויף מאָרגן, אָדער אויף איבערמאָרגן. דערווייל דאַרף מען זיך נעמען צו די ביכלעך, חזרן די געאָגראַפיע מיט דער היסטאָריע אויף אויסנווייניק, מאַכן אַ פּאָר טעאָרעמעס פון געאָמעטריע... געבעך גאָט די נשמה שולדיק. און דאָ אין שטוב קאָכט זיך! די שיקסע האָט מען שוין אָפּגעשאַפט. די שטיפמאַמע פייערט. דאָס גאַנצע הויז איז אויף רעדלעך. אַלע זוכן דאָס בייטעלע, און שלום זוכט גלייך מיט אַלע, טוט אַ קוק אויפן טאַטנס פּנים, און עס פאַרגייט אים דאָס האַרץ, קאָן נישט זען, ווי ער גייט איינגעבויגן, קאָן נישט הערן, ווי ער זיפצט און קרעכצט. און ערשט דאָ דערפילט דער גנב, וואָס פאַר אַ מיאוסע זאַך ער האָט אָפּגעטאָן און ער האָט חרטה אויף דער מעשה, איז אויפגעטראָגן אויפן יצר־הרע, וואָס האָט אים אָנגערעדט אויף אַזאַ עבירה, אַרויסגעפירט אויף אַ גליטש...

ווי אַ יאָר האָט זיך געצויגן יעדע שעה, ווי אַן אייביקייט האָט אויסגעזען דער טאָג. קוים דערלעבט דעם פאַרנאַכט, ווען דער רעש מיטן טאַראַראַם האָבן זיך אַ ביסל איינגעשטילט און די שטוב־צרות מיט די דאגות פרנסה האָבן אַרויסגעשטויסן אויף אַ ווײַלע דעם האַרמידער פון דער גנבה, האָט זיך דער קליינער גנב אַריינגעכאַפּט אין הויף, אַריינגעכאַפּט זיך אין שטאַל פון האָלץ, פּאַוואָליע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אַרויסגעצויגן פון צווישן וואַנט דאָס בייטעלע, אויפגעעפנט עס, געגעבן אַ קוק אַריין — און... דאָרטן איז געלעגן אַן אַלטע, אָפּגעריבענע מטבע פון פאַרצייטן, וואָס האָט אַמאָל באַדאַרפט באַטרעפן צען קאָפּיקעס, נאָר הייַנט איז זי נישט ווערט גאָרנישט, וואָרעם קיינער נעמט זי נישט!... און דאָס בייטעלע אַליין איז אויך נישט ווערט גאָרנישט. אַ בייטעלע אַ פאַרזעעניש, אַ שלעסל הער רוח ווייסט וואָסערס, דאָס לעדער אָפּגעבאַרעט און פעט־פאַרשמאַלצעוועט, ביי די ברעגעס איינגעקאָרטשעט און פאַרגעלט, ווי ביי אַן אַלטער באָבע די הויט פון פּנים — אַזאַ בייטעלע האַלטן אין די הענט איז מוקצה מחמת מיאוס!... טאַקע כדאי געווען צוליב אַזאַ פּאַסקודסטווע אָפּטאָן אַזאַ מיאוסע זאַך, עובר זיין אויף אַ לאו פון די עשרת הדברות: „לא תגנוב“!...

אַרײַנגעקומען אין שטוב אַרײַן, איז אים די שטיפֿמאַמע מכבד מיט אַרײַנטראָגן דעם אורח דעם סאַמאָוואַר. דער אורח (וואָלפֿסאָן) האָט אַ טבע איטלעכס מאָל, ווען מען טראָגט אים אַרײַן דעם סאַמאָוואַר, רייבט ער אַ האַנט אָן אַ האַנט און טוט אַ זאָג מיט אַ ניגון און מיט אַ גראַם: „אָט אַזוי! אַצינד וועלן מיר טרינקען טיי!“... איצטיקס מאָל האָט ער צוגעלייגט אויך די ווערטער: „וואָס זשע הערט זיך — נישטאָ דאָס ביטעלע?“... און האָט געגעבן בעת מעשה אַ קוק אַריין דעם בחור אין די אויגן אַריין, און עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ פֿאַרבאָרגענע איראָניע סיי אין די ווערטער, סיי אין זיין קוק... און אפֿשר האָט זיך עס נאָר אויסגעוויזן אַזוי? ווי זאָגט מען דאָס: „עס ווייסט די קאַץ וועמענס פֿלייש זי האָט אויפֿגעגעסן“... אָדער: „אויפֿן גנב ברענט דאָס היטל“... יעדנפֿאַלס, האָט דער גנב אין דער מינוט פֿיינט געהאַט דעם אורח וואָלפֿסאָן מיט סכנות, נישט געקאָנט אָנקוקן זיין ליטוויש פּנים מיט זיין ליטווישן לשון: „די ביטעלע“, און ער האָט זיי ביי זיך אין האַרצן געשאָלטן מיט קללות נמרצות!... וואָס טוט מען מיטן פֿאַרשאָלטענעם ביטעלע? ס'איז נישט קיין תכלית, טאָמער געפֿינט מען דאָס אין שטאַל צווישן האָלץ! וואָלט מען זיך נישט צוגעאיילט אַזוי אָפּצושאַפֿן די שיקסע, וואָלט געווען דער בעסטער פּלאַן אונטערוואַרפֿן דאָס ביטעלע. איצט אָבער, אַז די שיקסע האָט מען שוין לאַנג דורכגעטריבן, קאָן דאָך ערשט פֿאַלן דער חשד אויף די קינדער — שלעכט!...

ביינאַכט האָט ער לאַנג נישט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. ער האָט ביי זיך אַליין נישט געקאָנט פּועלן, אַז דאָס איז נישט קיין חלום, קיין בייזער חלום. נישט שוין זשע איז דאָס אמת? נישט שוין זשע איז ער אַ גנב?!... און עס באַשלאָגט אים אַזש אַ שווייס, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן פֿאַלן!... און וואָס וועט זיין ווייטער?... ווייטער ווערט ער אַנטשלאָפֿן און עס פּלאָנטערן זיך אים ביטעלעך און די ביטעלעך זענען נישט קיין ביטעלעך, נאָר לעבעדיקע מיאוסע באַשעפֿענישן, אָפּגעקראָכענע, געלע און איינגעקנייטשטע, און קאַלטע און נאַסע, אַזוי ווי שרצים, זשאַבעס... און זיי רירן זיך און זיי קריכן אים איבערן לייב, פֿאַרקריכן אונטערן קאָלנער, אונטער די פּאַכוועס — ברר!... ער כאַפּט זיך אויף, קוקט אונטער דער קאָלדרע, טאַפּט זיך דאָס לייב — דאַנקען און לויבן גאָט, ס'איז נאָר אַ חלום... יאָ, אָבער ווי אַזוי ווערט מען פּטור פֿונעם ביטעלע? ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, סיידן פֿאַרוואַרפֿן דאָס ערגעץ אין אַזאַ אָרט, אַז קיין פֿויגל זאָל נישט וויסן. פֿרעגט זיך, וווהין? צום גויישן שכן

אין גאָרטן אַריין? ערגעץ ווייט אויפֿן הייליקן אָרט? אין דער ווייבערשער שול? ניין. דאָס בעסטע וועט זיין — פֿון דער בריק אין טייך אַריין. און די בעסטע צייט דערויף איז שבת. און אַזוי איז דאָס געבליבן.

שבת ביי טאָג. סוף זומער. אין דרויסן איז נאָך וואַרעם. יידישע קינדער שפּאַצירן נאָך אָן אויבערשטע מלבושים. מיידלעך גייען נאָך מיט זאָנטיקלעך. צווישן די, וואָס האָבן שפּאַצירט, האָט זיך געפֿונען אויך דער העלד מיטן בייטעלע. ס'איז געלעגן פֿאַרבאָרגן ביי אים ווייט אין אַ קעשענע, אָנגעפּילט מיט שטיינדלעך, בכדי אַז ער וועט דאָס אַראָפּלאָזן, פֿון בריק אין טייך אַריין, זאָל עס מיט זיכערקייט טוף אַראָפּ אויפֿן אָפּגרונט פֿונעם וואַסער. איז אָבער די צרה, וואָס די בריק איז פֿאַרפּלייצט מיט מענטשן — און ער האַרט, אַז קיינער זאָל נישט זען, ווי אַזוי ער וועט מאַכן די אָפּעראַציע. דרייט ער זיך אַרום הין און צוריק, פֿאַרקוקט איטלעכן אין די אויגן, און ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז אַלע קוקן אויף אים עפּעס מאָדנע... איז אפֿשר ווייזט זיך אים נאָר אויס אַזוי? אַלץ די אייגענע מעשה: „אויפֿן גנב ברענט דאָס היטל"... נאָר אָט האָט אים גאָט געהאָלפֿן — ער האָט זיך פֿאַרשלאָגן אין אַ ווינקל אונטער אַ גרויסן סלופּ פֿון די סוואיעס, אויף וועלכע עס האַלט זיך די בריק, איבערגעבויגן זיך מיטן גאַנצן קערפּער איבער דער פּאָרענטשע, איינגעקוקט זיך כלומרשט אין וואַסער אַריין, גלייך ווי האָרטן וואָלט ער דערזען גאָט ווייסט וואָס פֿאַראַ חידושים, אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט זיין קעשענע, ווו דאָס פֿאַרשאָלטענע בייטעלע ליגט, דערפֿילט אין האַנט אַ מיאוסקייט, אַ לעבעדיקע זאַך, אַ מין שרץ... אַרויסגעצויגן דאָס פּאַוואָליגקע פֿון קעשענע און צענומען די פֿינגער און אַרויסגעלאָזט דאָס פֿון דער האַנט. פֿליוך — אויס בייטעלע! אויפֿן אָרט, ווו דאָס בייטעלע איז געפֿאַלן, האָט זיך באַוויזן אַ רעדל. דאָס רעדל איז געוואַקסן אַלץ ברייטער און ברייטער, און פֿון דעם רעדל איז באַשאַפֿן געוואָרן נאָך אַ רעדל און נאָך אַ רעדל. ער האָט גאַרנישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פֿון דעם אָרט, ווו זיין עבֿירה איז געווען דערטרונקען און זיין סוד איז געווען באַגראָבן אויף אייביק. נאָר אַ שיינע שטימע האָט אים אויפֿגעוועקט פֿון זיינע מחשבֿות, און אַ זיסער געלעכטער האָט אים אָפּגעקלונגען אין די אויערן.

— פֿישעלעך שווימען? כאַ־כאַ, וואָס דען שטייט מען אַזוי לאַנג און מען קוקט?

ער דרייט אויס דעם קאָפּ און דערזעט דעם חזנס מיידל מיט איר ער אַ חבֿרטאָרין.

— איר זענט שוין דאָ לאַנג? — טוט ער אַ פרעג ביים חזנס מיידל מיט דער חברטאָרין.

די גאַנצע צייט, כאַ־כאַ! — ענטפערן זיי אים ביידע מיט אַ געלעכ־טער. ביי זיי איז דאָס אַ געלעכטער, און אים ווערט איינגעפאַלן אינעווייניק, טאָמער האָבן זיי געזען דאָס, וואָס ער האָט געטאָן!...

נאַרישער בחורל! אומזיסט געווען זיין מורא. אים האָט אָפּגעוואַרט אַן אַנדער צרה, וואָס דערויף האָט ער זיך גאָר נישט געריכט. אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, אַ גייע דראַמע מיטן נאָמען „דעם חזנס מיידל“.

## 55

# דעם חזנס מיידל

צאַליע דעם חזנס טאָכטער. — אַ פּלאַס־פּייערדיק פאַרליבעניש. — אַן איבער־שרייבעניש צווישן צוויי יונגע הערצער. — זיין בריוו פאַלט אַריין אין פרעמדע הענט.

די זעלביקע ראָל, וואָס אין דער גרויסער שטאָט שפּילן איצט גימנאַזיסטן און סטודענטן, האָבן אין דער קלענערער שטאָט אין יענער צייט געשפּילט די תלמידים פון דער „אויעזדנע". איין זאַך האָט זיי נאָר געפעלט — אַ באַזונדערער אוניפאָרם. ווייטער זענען דאָס געווען העלדן אין פולן זין פון וואָרט. זיי איז געווען דערלויבט אַלצדינג, וואָס פאַר סתם הדר־ייִנגלעך איז נישט געווען דערלויבט. אַ שטייגער, אָפּצוטאָן אַ שפּיצל דעם שמש פון שול, באָדן זיך אין טייך אויסער דער „קופּאַלני", פּראַווען לצנות מיט ווײַבער זייער הארץ גלוסט און אפילו רעדן מיט אַ מיידל, נאָר אַבי פון לייטישן שטאַנד, פון בעל־הבתישן גראַד. און מיידלעך זענען געווען נאָך זיי די כפּרה! איך מוז מיך אָבער פאַרכאַפּן באַלד אויפן אָרט און מאַכן אַ באַמערקונג, אַז דאָס איז נישט געווען קיין „פלירט" און נישט קיין ראָמאַנען. דאָס זענען די ריינסטע און סאַמע הייליקסטע באַציונגען, וועלכע זענען נאָר מעגלעך צווישן יונגע קינדער פון ביידע מינים. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן אויף אַ האָר, ווען איך וועל זאָגן, אַז די באַציונגען צווישן מלאכים קאָנען נישט זיין ריינער און אומשולדיקער ווי יענע באַציונגען, וואָס זענען געווען צווישן דעם חזנס מיידל און דעם יונגן העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע. וואו, ווען און ביי וועלכע אומשטענדן זייער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז פאָרגעקומען — איז שווער צו געדענקען אַקוראַט, און ס'איז אויך נישט אַזוי וויכטיק. קיין אַנדער צייט און קיין אַנדער פּלאַץ אויף צו באַגעגענען זיך איז אין

שטאָט נישט געווען, אויסער שבת ביי טאָג אויף דער בריק, וואָס פירט צו די „פּידוואָרקעס“. ווער פון די צוויי האָט אָנגעהויבן פריער צו רעדן, דער בחור אָדער דאָס מיידל, און וואָס איז צום ערשטן מאָל גערעדט געוואָרן — איז אויך נישט מעגלעך פעסטצושטעלן. אָנגעהויבן האָט זיך עס גיכער פון אַ שאַרפן קוק. דערנאָך אַ שמייכל. דערנאָך אָנגערירט זיך בלומריש אומגערן מיט די עלנבויגנס. דערנאָך אַ נעם געגעבן זיך צום היטעלע: „זדראַסטי“ (גוט מאָרגן). דערנאָך שוין אָן אַ נעם געבן זיך צום היטעלע: „קאַק פּאָזשיוואַיעטיע?“ (וואָס מאַכט מען?) דערנאָך, ביי שפּעטערע באַגעגענישן, שטעלט מען זיך אָפּ אויף אַ פּאָר מינוט אַ רעד טאָן וועגן אומבאַדייטנדע זאַכן און מען טוט אַ שמועס וועגן אַ צווייטער באַגעגעניש:

ער: אויף ווידערזען.

זי: ווען? ווידער שבת?

ער: ווען זשע, אַז נישט שבת?

זי: וווּ? ווידער אָט דאָ, אויף דער בריק?

ער: וווּ דען זשע?

זי: אפשר אַן אַנדער אָרט?

ער: דהיינו?

זי: וווּ וועט איר זיין שמחת תורה צו הקפות?

ער: וואָס הייסט וווּ? אין גרויסן בית־המדרש.

זי: פאַרוואָס נישט אין דער קאַלטער שול?

ער: דאָרט, וווּ אייער טאַטע דאַוונט?

זי: וואָס מאַכט דאָס אויס?

ער: מיין טאַטע וועט זיך כאַפּן, וווּ איך בין.

זי: אויב איר זענט אַ יינגעלע, וואָס האָט מורא פאַרן טאַטן...

ווייטער לאָזט ער זי נישט ענדיקן, וואָרעם עס דערלאַנגט אים ביי דער זיבעטער ריפּ. סטייטש — מען זאָגט אים, אַז ער איז אַ יינגעלע, וואָס האָט מורא פאַרן טאַטן! און ווער זאָגט דאָס אים?!... ער געפינט אָן אויסרייד אויף אַרויסצודרייען זיך, אָבער קונציק, ווי אַ מזיק. ער האָט איר וואָס צו זאָגן אַ גייטיקע זאַך. נאָר אַזוי ווי זי איז נישט אַליין, זי איז מיט איר חברטאָרין, קאָן ער עס איר נישט זאָגן. דעם הונם מיידל ווערט רויט און טוט אַ ווונק צו איר חברטאָרין, זי זאָל אָפּגיין אַ פּאָר טריט ווייטער. יענע פאָלגט, און זיי בלייבן איינצווייען. זי איז גרייט אויסצוהערן דעם סוד. ער לאָזט איר נישט לאַנג וואַרטן און, פלאָנ־

טערנדיק מיט דער צונג, גיט ער איר איבער אָט וואָס: „ער האָט איר שוין לאַנג געוואָלט זאָגן, אַז ער וואָלט אַ בעלן געווען זען זיך מיט איר אַליין, אָן באַגלייטערינס, אָן חברטאָרינס“. „מאַלע וואָס! און זי וואָלט דען נישט געוואָלט רעדן מיט אים אונטער פֿיר אויגן, אָן באַגלייטערינס און אָן חברטאָרינס? — קאָן זי אָבער נישט. מען לאָזט זי נישט אָפּ אַליין. די מאַמע גיט אַכטונג, אַז זי זאָל נישט זיין אַליין. נאָר ער באַדאַרף נישט מורא האָבן פֿאַר איר חברטאָרין. זי איז אַ מיידל אַ שטילע, אַן ערלעכע און האָט אַליין אויך גערן אַ בחור זאָל מיט איר רעדן, און אויב ער וויל וויסן, איז אָט דאָס מיידל אויך פֿאַרליבט אין אַ בחור“... „א ו י ך פֿאַרליבט? איז די משמעות, אַז זי, דעם חזנס מיידל, איז א וו ד א י פֿאַרליבט? וואָלט ער וועלן וויסן, ווער איז יענער גליקלעכער?“... „אַז ער וועט אַלצדינג וויסן, וועט ער גיך אַלט ווערן“...

דאַרף מען נאָך האָבן אַ ווייטערן פּירוש אויף די דאָזיקע ווערטער? פֿאַרשטייט מען דען נישט, אַז דער דאָזיקער גליקלעכער — דאָס איז נישט קיין אַנדערער, נאָר ער אַליין טאַקע? און טאָמער איז נאָך פֿאַראַן אַ שטיקל ספֿק אין דעם, איז גענוג איין קוק אויף איר ליכטיק־שיינענדיק פּנים און אויף אירע מיט גליק שטראַלנדיקע אויגן, אַ באַקאַנט פּנים. באַקאַנטע אויגן. וווּ האָט ער געזען אָט דאָס ווייסע מיידל מיט די בלאָנדע געקרייזלטע האָר? אפֿילו די האַנט איז אים קענטלעך. אַ ווייס הענטל מיט דינע, לאַנגע פֿינגער. אַ ווייס הענטל, אַ גלאַטס און אַ וואַרעמס. דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן בכלל, אַז ער האַלט אַ מיידלס האַנט...

ווי אַן ערלעכער ייִד, וואָס קוקט אַרויס אויף משיחן, אַזוי האָט ער געקומען אַרויסקוקן אויף דעם גליקלעכן יום־טוב שמחת־תורה. די צייט איז אים אָבער געווען צו לאַנג צו וואַרטן. ווי פֿון פֿעד האָבן זיך געצויגן די טעג. ער איז שיעור נישט משוגע געוואָרן. און ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויסגיסן דאָס האַרץ אויף פּאַפּיר אין דער פֿאָרם פֿון אַ בריוו, אַליין נישט צו וויסן, צוליב ווען און צוליב וואָס? אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט דאָס שרייבן צוגענומען, און געשריבן האָט זיך עס ווי אַ וואַסער, וואָס לויפֿט אומגעשטערט, ווי אַ פֿאָנטאַן, וואָס מען האָט אָפּגעלאָזט זיינע קראַנען. דאָס שרייבן וואָלט קיינמאָל קיין עק נישט געהאַט, ווען ס'זאָל נישט געווען אויסגיין דאָס פּאַפּיר. ווי דער פֿאַרפֿאַסער זאָל זיין נישט קיין גביר, וואָלט ער היינט אַ סך, אַ סך באַצאָלט פֿאַרן דאָזיקן האָקומענט!...

אַצינד איז געבליבן נאָר איין זאַך: ווי אַזוי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? ווי אַזוי וועט זי באַקומען דעם דאָזיקן בריוו? איין עצה איז נאָר



שלום־עליכם און זיין ארבעטס־צימער, לייענענדיק א צייטונג.
(ניו־יאָרק, 1915)

פאַראַן: איבערשיקן איר דעם בריוו דורך איר חברטאָרין. דאָס וועט הייסן אַזוי גוט, ווי אַריינגענומען אינעם סוד אַ דריטע פּערזאָן, פאַרטרויען זיך פאַר אַ זייטיק מיידל, וואָס מען קען זי נישט און מען ווייסט זי נישט. וואָלט אפשר אין דעם אויך נישט געווען קיין מניעה, איז אָבער אַ חסרון: ווי אַזוי קומט מען צו אָט דער דריטער פּערזאָן? איז דערצו אויך דאָ אַ רפואה: מען וועט מוזן אַריינשלעפּן נאָך אַ פערטע פּערזאָן. דאָס איז דער בחור, וואָס דעם חזנס מיידלס חברטאָרין איז אין אים פאַרליבט. אַ בחור מיט אַ בחור — איז גאָר אַנדערע ווערטער. אַ בחור מיט אַ בחור קאָנען אומגעשטערט זיך צונויפרעדן און אָפּהאַנדלען צווישן זיך די גרעסטע סודות. איצט איז געבליבן נאָר איין קלייניקייט — אויפזוכן דעם בחור און פאַרבינדן מיט אים ברודערשאַפט. דאָס איז, דוכט זיך, גאָר אַ גרינגע זאַך. נאָר נישט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך.

דער בחור איז געווען אַ יונג אַ פּריקאַזשטשיק אין אַן אייזן־געשעפט („זאַליאַז“), אַ גאַנץ שיינער אויפן פּנים, נאָר הענט האָט ער געהאַט אַ פּאָר — דאָס, וואָס מען רופט אָן „ידים“. צוטרעטן צום בחור איז נישט אַזוי שווער, ווי ס׳איז שווער געווען צו זאָגן אים, אויף וואָס מען דאַרף אים האָבן. שוין ביים ערשטן אַרויסטריט איז שיעור אויסגעפאַלן אַ שטיקל סקאַנדאַל. דער בעל־הביתטע פונעם אייזן־געשעפט, אַ יידענע אַן אָנגעפּעלצטע, גאָרנישט נאָכן סעזאָן, מיט שוואַרצע הענט און מיט אַן אונטערגעשוואַרצטער נאָז (פון דעם, וואָס זי וועגט שרויט און טשוויצקעם מיט די הוילע הענט און שנייצט מיט די זעלבע הענט די נאָז), איז נישט געפעלן געוואָרן די מעשה, וואָס איר פּריקאַזשטשיק קען זיך מיט ראַבינאָוויטשעס יינגל. וואָס פאַר אַ „דאָמשיניעניעס“ קאָן האָבן אַ בחור אַ פּריקאַזשטשיק מיט רב נחום ראַבינאָוויטשעס אַ יינגל? איז איין מאָל אַוועק. דאָס אַנדערע, אַז ס׳איז געקומען צום רעכטן שפּיץ, און שלום האָט אים אַ זאָג געגעבן, אַז ער האָט אַ בקשה צו זיין כלה, האָט זיך דער פּריקאַזשטשיק אויפגעבלאָזן, ווי אַ האָן אויף אַ קאַץ, ווען זי כאַפּט זיך אַריין צו זיינע הינער: „פון וואַנען ווייסטו, אַז איך האָב אַ כלה?“ „איך בין באַקאַנט מיט איר חברטאָרין“. „מיטן חזנס מיידל? ע! דאָרט וועסטו האָבן אַ ביינברעכער“... שלום פאַרשטייט נישט, וואָס דאָס הייסט, אייגנטליך, אַ „ביינברעכער“. נאָר נאָכן פּריקאַזשטשיקס געלעכטער שטויסט ער זיך אָן, אַז דאָס האַרף זיין נישט פון די אָנגענעמע זאַכן. טוט ער אים אַ פרעג: „ווער איז דער ביינברעכער?“... „דאָס איז שוין מיין עסק... נאָר לאָמיר האָרכן, וואָס איז די בקשה?“ שלום ציט אַרויס

דעם געפּאַקטן בריוו פֿון קעשענע און גיט אים איבער דעם פּריקאַזשטשיק: „אָט דאָס דאַרף אייער כלה איבערגעבן דעם חזנס מיידל און איבערשיקן מיר דורך אייך טאַקע אַן ענטפֿער“. דער פּריקאַזשטשיק נעמט צו דעם בריוו, באַטראַכט דעם קאָנווערט פֿון אַלע זייטן: „אָט דאָס איז גאָר? קום צו גיין מאָרגן, וועסטו מסתמא באַקומען אַן ענטפֿער“.

אַראָפּ אַ שטיין פֿונעם האַרצן. אויף מאָרגן און דער אָפּגעשטעלטער צייט האָט שלום באַקומען פֿונעם פּריקאַזשטשיק אַן ענטפֿער, אַז ער האָט נאָך נישט קיין ענטפֿער. „קום צו גיין מאָרגן, וועט געוויס זיין אַן ענטפֿער“. אויף מאָרגן ווידער דאָס אייגענע — נישטאָ נאָך קיין ענטפֿער! דאָ האָט שלום באַמערקט — און אפֿשר האָט זיך אים גאָר אויסגעוויזן אַזוי — אַז דער פּריקאַזשטשיק שמייכלט עפּעס מאָדנע אונטער. צו דעם חשד איז צוגעקומען נאָך אַ חשד: דער פּריקאַזשטשיק האָט אים אַ זאָג געגעבן מיט אַ זיפֿצל: „ווען איך זאָל קאָנען שרייבן אַזוי ווי דו!“... „פֿונוואַנען ווייסטו, ווי אַזוי איך שרייב?“ „מיין כלה האָט מיר דערציילט“. „פֿונוואַנען ווייסט דיין כלה?“ „זי ווייסט עס פֿונעם חזנס מיידל“.

אַ תירוץ איז דאָס אפֿילו אַ נישקשהדיקער, און ס'איז אוודאי זייער אָנגעלייגט צו הערן אַזאַ קאָמפּלעמענט פֿון אַ מיידל, וואָס מען האָט זי ליב. נאָר פֿונדעסטוועגן און נישט ווילנדיק גנבעט זיך אַריין אַ מחשבה זרה: טאָמער האָט דער פּריקאַזשטשיק נישט איבערגעגעבן דעם בריוו און האָט אים בעסער אַליין געלייענט?... דער דאָזיקער געדאַנק לאָזט נישט שלאָפֿן. קוים דערוואַרט זיך אויף אַן ענטפֿער! דאָס איז געווען שוין ערב יום־טוב. דער פּריקאַזשטשיק איז אים געלאָפֿן אַנטקעגן און אַריינגערוקט אין האַנט אַריין אַ געל שטיקל פּאַפּיר, צונויפֿגעלייגט אין פֿירן, אָן אַ קאָנווערט, נאָר מיט טריוואַקס פֿאַרזיגלט און צוגעקוועטשט מיט אַ מטבע. דאָס איז געווען דאָס לאַנג־דערוואַרטע בריוול פֿונעם חזנס מיידל, געשריבן מיט דינע לאַנגע אותיות, וואָס האָבן דערמאָנט אירע דינע לאַנגע פֿינגער. דאָרט איז געשטאַנען, אַז זי האָט זיין בריוו מיט טרערן אין די אויגן געלייענט טויזנט מאָל, און עס טוט איר באַנג, וואָס זי קאָן נישט אַזוי שרייבן, ווי ער. „זי זאָל האָבן פֿליגל, וואָלט זי צו אים געפֿלויגן. זי זאָל קאָנען שווימען, וואָלט זי אַלע ימים איבערגעשווומען, אַבי צו אים צו קומען. און אויב ער מיינט, אַז זי קאָן יאָ שלאָפֿן רויִק, האָט ער אַ טעות. און זי קוקט שוין אַרויס אויף דעם שמחת־תורה מיט אַלע אויגן, וואָרעם אַ האַרץ פֿילט אַ האַרץ!“... צום סוף האָט זי אים געוואָרנט, ער זאָל צו איר מער קיין בריוו דורך אַזאַ וועג נישט

שרייבן, וואָרעם זי איז זיכער, אַז דעם בריוו האָבן געהאַלטן פרעמדע הענט... דאָ קומען אים אַנטקעגן דעם פריקאַזשטשיקס „ידים“, און עס וואַרפט אים אַריין אין אַ קעלט מיט אַ היץ, אַז ער שטעלט זיך פאָר, ווי אַזוי דער פריקאַזשטשיק האָט געעפנט דעם קאָנווערט און געלייענט זיין בריוו, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן פאַרן חזנס מיידל!... נאָר ער עסט זיך גישט אָפּ לאַנג דאָס האַרץ, וואָרעם אָט־אָט איז שמחת־תורה און אָט באַלד וועט ער זי זען, שטיין נעבן איר, רעדן מיט איר — מיטן חזנס מיידל...

# שמחת־תורה צו הקפות

די נאַכט פון שמחת־תורה. — די פּאָעזיע וואָס פאַר הקפות. — יידן כאַפּן אַ טענצל. — ווייבלעך און מיידלעך קושן די רייניקייטן. — די הימלען עפענען זיך און מלאכים זינגען שירה.

ווען איך בין געטע — אסור אויב איך וואָלט באַשריבן די צרות פון אַ יונגן וו ע ר ט ע ר. איך וואָלט שוין בעסער באַשריבן די צרות פון אַן אָרעם בחורל, וואָס איז געפערלעך פאַרליבט אין אַ חזנס מיידל. אָדער ווען איך בין היינע — אסור אויב איך וואָלט באַזינגען די „פלאָרענטינישע נעכט". איך וואָלט שוין בעסער באַזינגען די נאַכט פון שמחת־תורה, בעת יידן גייען צו הקפות און יונגע ווייבלעך און שיינע מיידלעך קלייבן זיך צונויף אין שול, מישן זיך אוים מיט די מאַנסבילן — שמחת־תורה מעג מען. זיי קושן די תורה, שפּרינגען און רופן און קווינטשען אויף אַלערליי טענער: „דערלעבט איבער אַ יאָר!" און באַקומען צוריק אַן ענטפער: „גם אתם! גם אתם!"...

נאָך מיט אַ שעה אָדער צוויי פאַר די הקפות קומען זיך צונויף די קליינע קינדער, יינגלעך און מיידלעך, קלעטערן אַרויף אויף די בענק, די פאָנען פלאַטערן, די עפּל זענען רויט, די ליכטלעך ברענען, און די בעקלעך זייערע זענען נישט ווייניקער רויט ווי די עפּל, און די אויגן לויכטן נישט ערגער ווי די ליכטלעך. דאָס איז קליינוואַרג. די עלטערע בחורימלעך, די גמרא־יינגלעך אָדער תלמידים פון די קלאַסן — די שפּאַצירן נאָך דערווייל אַרום אינדרויסן אויפן שול־הויף. די לופט איז נאָך ליגנד און שיטער. דער הימל איז אויסגעשטערנט. עס פילט זיך יום־טוב אין דער גאַנצער וועלט. אפילו די שטילקייט איז אַ יום־טובדיקע. קיין זאַך איז נישט אימשטאַנד צו שטערן די הייליקייט פון דער דאָזיקער נאַכט

פון שמחת=תורה, ווען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק איבער דער גאַנצער
וועלט פרייט זיך מיט זיין הימלישער מתנה. און טאָמער פאָרט דורך
דערביי אַ גוישע פור און הייבט אויף אַ געדיכטן שטיקנדיקן שטויב; טאָ=
מער פליט דורך אַ פאַטשטאָווע גלעקל — דזין, דזין, דזין, עס פאָרט
אַ „קנעפל“— ווער הערט זיי? דער שטויב וועט זיך אָפּלייגן, דאָס גלעקל
וועט פאַרלוירן גיין ערגעץ ווייט=ווייט — און די נאַכט בלייבט אַלץ היי=
ליק, אַלץ יום=טובדיק, וואָרעם ס'איז דאָך שמחת=תורה אויף דער וועלט!
אַ שוואַרצע קאַץ לויפט דורך פאַרביי מיט אירע גלאַט=סאַמעטענע טריט
און שניידט דורך דעם גאַנצן שול=הויף אין דער ברייט און ווערט פאַר=
שוווּנדן. אַ הונט רופט זיך אָפּ ערגעץ פון אַ ווייטער גויישער גאַס מיט
אַ בילן אין אַ לאַנגן מינאָרנעם טאָן און ווערט אַנטשוויגן — און די
נאַכט בלייבט אַלץ הייליק, אַלץ יום=טובדיק, וואָרעם ס'איז דאָך שמחת=
תורה אויף דער וועלט. און עס אָטעמט זיך אַזוי גרינג. און אויפן האַרצן
איז אַזוי גוט, אויף דער נשמה אַזוי אויפגעלייגט. אַזוי גדולדיק איז מען
ביי זיך. אַ קלייניקייט — דאָס בין איך, און דאָס איז די נאַכט פון
שמחת=תורה, און דאָס איז אַ הימל, און דאָרט איז גאָט — מ יי ן גאָט,
מ יי ן הימל, מ יי ן יום=טוב!

— קינדער! מען גייט שוין מיט די הקפות!

מען כאַפּט זיך אַריין אינעווייניק אין שול — ווער? וואָס? עס הייבט
זיך גאָרנישט אָן. דערווייל דאַוונט מען ערשט מעריב. צאַליע דער חזן פון
דער קאַלטער שול שטייט ביים עמוד מיט זיינע צוויי משוררים. איינער,
אַ שוואַרצער בחורעץ מיט גראָבע ליפּן — אַ באַס. דער אַנדערער, אַן
אויסגעדאַרט ייִנגעלע מיט אַ ווייס פּנימל — אַ סאָפּראַן. און דער חזן
אַליין, רב צאַליע, מיט זיין גאָלדענעם האַלדז — אַ ייִד אַ הויכער, אַ גע=
לער, מיט אַן אויסגעבויגענער נאָז, ווי אַ שופר, מיט דינע געקרייזלטע
פּאהלעד און מיט אַ געלער געקרייזלטער באָרד, וואָס זעט אויס ווי אַ צו=
געבונדענע — ווער וועט דאָס גלייבן, אַז אַזאַ פאַרזעעניש וועט האָבן
אַזאַ שיינע, צאַרטע, איידעלע, ליבע טאָכטער?... „דעם חזנס מיידל“ —
דאָס איז ז יי ן טאָכטער, און צאַליע דער חזן — דאָס איז זי י ן
פאָטער, וואָס באַרימט זיך פאַר איטלעכן, אַז ער האָט אַ מיידל — איז
זי איינע ביי גאָט, די אַנדערע ביי אים. איין חסרון נאָר — זי וויל נישט
אַ כלה ווערן. „ווען מען זאָל איר נישט רעדן — איז איין מאָל גיין.
נאָר ס'וועט איר העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. אַז ס'וועט קומען דער
רעכטער זיווג, וועט זי שוין מוזן זאָגן יאָ. גאָרנישט געמט מען זי פאַר די

צעפּ. און פאַר גויט איז דאָ אַ שטעקן!"... אַזוי זאָגט ער אַליין, צאַליע דער חזן, געווייגלעד אין אַ שפּאַס, און באַווייזט זיין יאַמשאָווע שטעקן מיט אַן אַלטער פאַרגעלטער העלפאַנט־ביינערדיקער גאַלקע.

מען האָט שוין אָפּגעדאַוונט מעריב אין דער קאַלטער שול, און צו הקפות איז נאָך ווייט: מען האַלט ערשט ביי „אתה הראית לדעת" און מען טיילט אויס צווישן די מזרח־וואַנט בעלי־בתים די פּסוקים פון „אתה הראית", וועלכע יעדער זאָגט זיך אָפּ שטייענדיק אויף זיין פּלאַץ, און איטלעכער באַזונדער מיט אַן אַנדער קול און מיט אַן אַנדער נוסח. דאָס הייסט, דער נוסח איז איין און דער זעלבער נוסח אויף דער גאַנצער וועלט, נאָר מחמת יעדער האָט זיך זיין שטימע מיט זיין טעמבער און מען שרעקט זיך אַ ביסל איבער פאַר דעם אייגענעם קול, קומט אויס נישט דאָס, וואָס מען וואָלט אַליין געוואָלט, און דאָס הריידל, וואָס מען לאָזט איבער אויפן סוף פּסוק, גייט אינגאַנצן פאַרלוירן...

די קאַלטע שול איז געגוג גרויס און ברייט און הויך און אָן אַ סטע־ליע, נאָר מיט אַ דאַך — און דערפאַר רופט מען זי די „קאַלטע" שול. דער דאַך איז צעמאָלט ווי אַ הימל — בלוי, שוין אַ ביסל צו בלוי, אַזש גרין. דער פאַרבער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. און די גלאַנצנדיקע שטערן זענען אַ ביסל צו גרויס. יעדער שטערן איז אַ ביסל קלענער פון אַן עפּל און האָט דעם אָפּבליק פון אַ קאַרטאָפל, אַרום און אַרום באַגילדט מיט גאָלד. אויסגעלייגט זענען די קאַרטאָפל, דאָס הייסט די שטערן, נישט אַזוי, ווי די שטערן אין הימל, אָן אַ שום אָרדענונג — ניין! נאָר אויסגעלייגט שורותווייז, נאָענט און געדיכט איינס נעבן דאָס אַנדערע. פון אין מיטן צענטער, אויף לאַנגע מעשענע שטריק, הענגען אראָפּ אלטע פאַרצייטיקע הענג־לייכטער פון אַלטן געלן פאַרגרינטן מעש. פון דעם זעלבן אַלטן פאַרגרינטן מעש זענען אויך די העסעס, וואָס אויף די ווענט — און אַלץ איז אָנגעפּאַקט מיט ליכט. אַלע ליכט ברענען. ס'איז אַזוי ליכטיק, אַז עס דוכט זיך, אַז ליכטיקער קאָן שוין נישט זיין.

פונוואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל יידן, קיין עין־הרע, און ווייַ־בער, און ווייבלעך, און בחורים, און מיידלעך, און קליינע קינדער? שלום איז דאָס ערשטע מאָל אין דער קאַלטער שול און נישט ווילנדיק קומט אים אויפן זינען דער פּסוק: מה טובו אוהליך יעקב — ווי שיין זענען דיינע געצעלטן, יעקב!... עס קומט אים אָן נישט גרינג צו באַקומען אַן אָרט אויף צו זיצן. אַ גליק, וואָס דער שמש האָט אים דערקענט — ס'איז

דאָך רב נחום ראַבינאָוויטשעס אַ זונדל, דאַרף מען אים מאַכן אַן אָרט, און דווקא אין שפּיגלבאַנק, צווישן בעלי־בתּים.

ווו האַלט מען? דער רעש מיטן טומל זענען אַזוי גרויס, אַז מען הערט נישט דעם חזן, נישט זיינע משוררים. אומזיסט איז דעם עולמס שרייען „שאַ!“ אומזיסט דעם שמשס קלאַפּן אין טיש. ווייבלעך גרעגערן, מיידלעך לאַכן, קינדער פּישטשען, אָט שטייט אַ ייִנגעלע און וויינט מיט ביטערע טרערן. „וואָס וויינסטו, ייִנגעלע?“ — מען האָט אים אַראָפּגעוואָרפֿן דעם עפּל פֿון דער פֿאָן אומגערן און צעטראָטן מיט די פֿיס. וואָס וועט ער איצט טאָן אָן אַן עפּל?... און נעבן ייִנגעלע זיצט אַ בחור און שטשירעט די ציין, לאַכט פֿונעם ייִנגעלעס טראַגעדיע. פֿאַרדריסט דאָס שלומען, לאָזט ער זיך אַריין מיטן בחור אין אַ דיסקוסיע: „וואָס איז דאָס געלעכטער?“ — ענטפֿערט אים אָפּ דער בחור און הערט נישט אויף צו באַווייזן די ציין: „אַ ייִנגעלע אַ שוטה!“ פֿאַרדריסט דאָס שלומען נאָך מער: „נו, און דו אין זיינע יאָרן האָסט געהאַט מער שכל?“ דאָ הערט דער בחור אויף צו לאַכן און ענטפֿערט שוין ווי אַ שייגעץ: „וויפֿל שכל איך האָב געהאַט אין זיינע יאָרן געדענק איך נישט, נאָר אַז איצט האָב איך מער שכל אין פּיאַטע, וויפֿל דו אין קאָפּ — דאָס איז זיכער, כאָטש דו גייסט אין די קלאַסן און כאָטש דו ביסט נחום ראַבינאָוויטשעס זון“... וואָלט דאָס נישט געווען אין דער קאַלטער שול צווישן פֿרעמדע, וואָלט נחום ראַבינאָוויטשעס זון זיך אַנדעריש אָפּגערעכנט מיט אים. דאָ האָט ער אָבער געמוזט מאַכן אַ שווייג, וואָרעם צווישן יאָ און ניין וואָלט ער געקאָנט זיין אַ געפּאַטשטער פֿונעם דאָזיקן בחור דעם עזות פּנים. און אַגב האָט ער שוין דערהערט אינעם גרויסן טומל מיטן גרויסן רעש די ליבע ווערטער: „התורני רב שמשון־זאב ברב חיים־צבי הכהן, תּן כּבוד לתורה!“ „התורני רב משה־יעקב ברב נחמן־דוב הלוי, תּן כּבוד לתורה!“... די משמעות, אַז די הקפֿות האָבן זיך שוין אָנגעהויבן. ווו זשע איז דעם חזנס מיידל?...

„אָנא ה׳ הושיעה נא!“ — דער ערשטער טור האָט זיך געענדיקט מיט אַ ניגון, מיטן גראָבן ניגון „היידאַ“, און מיט אַ טענצל. און עד כּאן הקפֿה א׳! און דער שמש רופֿט שוין ווידער אויס מיט זיין הייזעריקן קול און מיטן זעלבן נוסח: „התורני דער און דער, תּן כּבוד לתורה!“ „התורני דער און דער, תּן כּבוד לתורה!“ און אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט די צווייטע הקפֿה, די דריטע, די פֿערטע. נאָך יעדער הקפֿה דער זעלבער גראָבער ניגון מיטן זעלביקן טענצל — און דעם חזנס מיידל זעט מען נישט.

שלום רוט נישט, קוקט אויף אַלע זייטן, טאָמער וועט ער זי פּאָרט אַמאָל דערזען — נישטאָ זי! נישט זי, נישט איר חברטאָרין! נישט שוין זשע האָט זי אים אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט?... אָדער אפשר האָט זי נישט געקאָנט קומען? אפשר האָט זיך מיט איר עפּעס געטראָפן? אפשר האָט מען זיך דערוווּסט וועגן זייער סוד און מען האָט זי איבערגעלאָזט אין שטוב אונטערן שלאָס? אויף צאַליע דעם חזן איז צו גלויבן! אַ מענטש, וואָס שלעפּט פאַר די צעפּ און גיט מיט אַ שטעקן!... און די שוואַרצע געדאַנקען און פינצטערע מחשבות האָבן גאָר קיין גרענעץ...

אפּנים, דעם שמש האָט זיך אויסגעדוכט, אַז האָס, וואָס נחום ראַבינאָוויטשעס בחורל דרייט זיך, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, זיצט נישט איין אויף אַן אָרט, איז אַ סימן, אַז ער גאַרט, אַז ער גייט אויס נאָך אַ הקפה. און אפשר האָט אים איינער פון די גבאים אַ ווונק געגעבן, ער זאָל ראַבינאָוויטשעס זונדל אויך מכבד זיין מיט אַ הקפה? יעדנפאַלס, האָט זיך צווישן אַנדערע נעמען פּלוצעם דערהערט אויך זיין נאָמען: „הבחור שלום ברב מנחם־נחום, תן כבוד לתורה!“... דאָס גאַנצע בלוט איז אים אַריין אין פּנים, נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די בעל־הביתישע אויגן, וואָס האָבן אויף אים געקוקט. ער האָט זיך געפילט, ווי עס פילט זיך יעדער בחור, אַז מען רופט אים אויף מפטיר. און איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווו ער איז אין דער וועלט, האָט אים שוין דער שמש אונטערגעטראָגן אַ רייניקייט, און ער שטייט שוין אין דער ריי מיט אַ בינטל ייִדן און מיט אַ גרויסער ספר־תורה אין די הענט, און די פּראָצעסיע גייט שוין אָן: דער חזן רב צאַליע גייט פאָרויס און זינגט: „עוזר דלים, הושיעה נא!“ ווייבלעך און מיידלעך רייסן זיך, קושן די ספר־תורה און ווינטשן אים: „דערלעבט איבער אַ יאָר!“ ער פילט זיך מאָדנע, וואָס מען זאָגט אים „איר“ און איז צעטומלט פונעם אומגעריכטן כבוד, און איז גרויס ביי זיך, וואָס ער גייט אין דער ריי, איין בחור צווישן אַזוי פיל ייִדן — און נאָר דערפאַר, וואָס ער איז נישט קיין אבי־ווער, רב נחום ראַבינאָוויטשעס אַ זונדל, פאָרט אַ „טאַטנס אַ קינד!“... נאָר סאַמע אין רעכטן טומל דערפילט ער אַ קוש אין האַנט אַריין: „דערלעבט איבער אַ יאָר!“ ער הייבט אויף די אויגן, דערזעט ער — ס'איז זי, דעם חזנס מיידל, און איר חברטאָרין, פאַרשטייט זיך, נעבן איר.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַלע הימלען עפענען זיך און מלאכים נידערן אַראָפּ און זינגען שירה. זיי באַזינגען די וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן — אַזאַ גוטע, זיסע, שיינע, ליבע וועלט! זיי באַזינגען די מענטשן, וואָס גאָט האָט באַשאַפן — אַזעלכע גוטע, זיסע, שיינע, ליבע מענטשן! ס'איז אַזוי גוט, אַז עס ווילט זיך וויינען פאַר גוטסקייט. און אין האַרצן זינגט זיך אים צו די מלאכים: „שלום עליכם, מלאכי השרת!"...

אמת, די ערשטע מינוט איז אים געווען פריקרע און וווּנדערלער. אָנשטאָט דעם, וואָס זי זאָל קושן די ספר־תורה, האָט זי אַ קוש געגעבן זיין האַנט! איז דאָס אפשר געווען אומגעריכט? ניין, נישט אומגעריכט. ער האָט דאָס אַרויסגעזען פון אירע שמייכלענדיקע אויגן. ער איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ס'איז אָפּגעגאַנגען אַ האָר, ער זאָל אַרויסלאָזן די ריינקייט פון די הענט. ער האָט חשק געהאַט זיך אָפּשטעלן, נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אין די שיינע אויגן אַריין, אויב נישט זאָגן אַ צוויי ווער־טער — לאָזט מען אים אָבער נישט. די יידן, וואָס גייען אים נאָך פון הינטן, לאָזן אים נישט. מען האָרף גיין ווייטער. מען דאַרף איבערגעבן די ריינקייט צו אַנדערע. די הקפות האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט. ערשט דאָ,ביים ארון־קודש, איבערגעגעבן דעם שמש די ספר־תורה, קוקט ער זיך אום צוריק, טאָמער וועט ער זי דערזען נאָך אַמאָל, כאָטש פונדער־ווייטנס. מען זעט זי נישט. לאָזט ער זיך מיט דער ווייטערדיקער הקפה גייט נאָך די יידן גלאַט אַזוי, מאַכט אַ טור, זוכט מיט די אויגן — נישטאָ דעם חזנס מיידל, נעלם געוואָרן! לויפט ער אַרויס אינדרויסן, זוכט זי אויפן שול־הויף — נישטאָ אין ערגעץ נישט!... אפשר איז דאָס געווען אַ חלום? אפשר איז דאָס געווען אַ דמיון? ניין. ס'איז נישט געווען קיין חלום, ס'איז נישט געווען קיין דמיון. ער פילט נאָך איצט אויף דעם קוש פון אירע ליפּן אויף זיינע הענט. ער גייט ווייטער און ער פילט נישט די ערד אונטער זיך. עס ווייזט זיך אים אויס, אַז ער האָט פליגלען און ער פליט, ער שוועבט, און די מלאכים שוועבן מיט אים, טראָגן זיך אין דער לופטן, באַגלייטן אים גלייך ביזן גרויסן בית־המדרש.

דאָרט האַלט מע נאָך אין מיטן די הקפות. דער טאַטע איז מאָדנע אויפגעלייגט, יום־טובדיק געשטימט און זעט אויס אין דער אַלטער צע־האַקטער זיידענער קאַפּאָטע, פון וועלכער עס קוקט אַרויס ערטערווייז דער געלער אונטערשלאַק, אַזוי שיין, אַזוי גרויסאַרטיק, ווי קיינמאָל נישט. נעבן אים שטייען ביידע געראָטענע איידעמס, פון איין זייט לייזער־יאָסל, פון דער אַנדערער זייט מאַגידאָוו. ביידע וויצלען זיך, און דער טאַטע

הערט זיך איין, ווי זיין שטייגער איז, און לאַכט. „ווו ביסטו געווען אַזוי שפּעט?“ — טוט דער טאַטע אַ פרעג, חלילה נישט צו באַשטראָפן, נאָר גלאַט אַזוי, אויס נייגעריקייט. „אין דער קאַלטער שול“ — ענטפערט אים שלום און באַרימט זיך, אַז מען האָט אים מכבד געווען דאָרט מיט אַ הקפה. איז האָם דעם טאַטן געפעלן און ער זאָגט: „ס׳איז זייער שיין פון זיי“. און די גרויסאָטענע אײדעמס וויצלען זיך איבער ראַבינאָוויטשעס בחורל. אײנער פרעגט אים: צי האָט ער זיך באַקענט אין דער קאַלטער שול מיטן „עוזר־דלים?“ און דער אַנדערער באַמערקט: ווי קומט אַהין דער „עוזר־דלים?“ דאָרט איז דאָך גאָר דעם „עוזר־דלימס“ אַן אייניקל! און אַלע דריי לאַכן זיי פון דער חכמה און שלום העלפט זיי לאַכן. עס גיט זיך אויס אַ נאַכט! אַזאַ נאַכט קאָן געמאָלט זיין נאָר שמחת־תורה צו הקפות.

57

# דער קריזיס

זיך מיאוס אָפּגענאַרט אין די הייליקסטע געפילן. — ווערט קראַנק אויף טיפוס. — שטייט אויף אַן אַנדער מענטש. — געזעגנט זיך אָפּ מיט זיינע קינדערשע יאָרן.

אַלע מאָל, ווען דער פּראָפעסאָר פון די דאָזיקע באַשרייבונגען לאָזט זיך אַראָפּ אין די טיפע קאַטאַקאָמבן פון זיין ווייטער קינדהייט, טראָגט אַרויס אויף גאָטס וועלט און לופטערט דורך זיינע זכרונות פון די אויף אייביק פאַרגאַנגענע יינגלשע יאָרן, פאַרטיפט זיך אין זיינע שפּעטערדיקע דערפאַרונגען פונעם גרויסן וועלט־יאַריד, וואָס מען רופט דאָס „לעבן" און באַטראַכט דאָס אַלצדינג מיט אַ קלאָרן קאָפּ און מיט אַ קאַלטן מוח, באַוווּנדערט ער, ווי ער האָט געקאָנט אַריבערטראָגן אַזעלכע אומדערבאַרעמדיקע קלעפּ, מיאוסע אָפּנאַרעכטסן און ביטערע אַנטוישונגען, און בלייבן גאַנץ אויף צו כאַפּן פרישע קלעפּ מיט נייע אָפּנאַרעכטסן מיט נאָך גרעסערע אַנטוישונגען? די קלעפּ אַליין זענען נאָך נישט אַזוי מסוכן, ווי די אַנטוישונגען, ווי דאָס, וואָס מען בלייבט אָפּגענאַרט. אַ קלאַפּ פאַרהיילט זיך, אָבער אַן אַנטוישונג לאָזט איבער נאָך זיך אַ קרעל אין דער נשמה אויף אייביק.

דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע האָט שוין געפּרוּווט געשלאָגן ווערן מאָראַליש און באַנומען ווערן מאַטעריעל פון קאָפּ ביז פיס. ער האָט פאַרזוכט דעם טעם, ווי דער לעזער וועט דאָס זען פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך, פון פאַרלירן אַ ריזיקן קאַפּיטאַל אין אַ קורצער צייט דורך פאַרשידענע ספּעקולאַציעס, וואָס אַלערליי מנחם־מענדלס האָבן אים אין זיי אַריינגעפירט, און ער קאָן זאָגן מיט אַ ריינעם געוויסן, אַז אים האָט נישט אַזוי גענומען דער פאַרלוסט פון געלט, ווי דאָס, וואָס מענטשן האָבן

אים אָפּגענאַרט און וואָס ער האָט זיך אָפּגעגאַרט אין מענטשן. די אַנטוישונג — אָט וואָס אים האָט מקצר ימים געווען אַלע מאָל, אָט וואָס אים האָט געטריבן אין דער ערד אַריין.

שוין אין יענער עפּאָכע, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ שנעק און האָט זיך נאַריש פֿאַרליבט אין אַ חזנס מיידל, האָט ער שוין געכאַפּט דעם ערשטן קלאַפּ פֿון שרעקלעכער אַנטוישונג — אַזאַ קלאַפּ, וואָס נישט ער, נישט קיינער האָט זיך געקאָנט דערויף ריכטן. מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, למשל, אַז די עלטערן זאָלן געוווירווערן פֿון דעם אומגעלומפּערטן ראָמאַן און צעשטערן דעם נאַרישן שידוך. מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, אַז צאַליע דער חזן זאָל נעמען די טאָכטער פֿאַר די צעפּ אָדער דערלאַנגען איר מיטן שטעקן נישט אויף קאַטאָוועס, נאָר טאַקע אויף דעם רעכטן אמת. נאָר ווער וואָלט געקאָנט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דעם חזנס מיידל זאָל אין דער זעלבער צייט, ווען זי האָט געפֿירט אַ ראָמאַן מיט נחום ראַבינאָוויטשעס בחורל, נאָך זיין פֿאַרליבט אין אַ גוי, אַ פּריקאַזטשיק ביי קאָטיעלניקאָוון אינעם גרויסן אייזנגעשעפֿט, און זאָל מיט אים איינמאָל אין אַ שבת־צונאַכטס, נישט לאַנג פֿון יענעם שמחת־תּורה, וואָס איז באַשריבן אויבן, אַנטלויפֿן, אַריינגעבן זיך אין אַ פּרויען־מאָנאַסטיר, צווישן מאָנאַשקעס, זיך הערנאָך אָפּשמדן און חתונה האָבן טאַקע פֿאַר דעם זעלבן קאָטיעלניקאָווס פּריקאַזטשיק?!...

קיין שום פֿאַנטאַזיע פֿון אַ שרייבער וועט נישט צוטראַכטן דאָס, וואָס דאָס לעבן אַליין קאָן צוטראַכטן. אוודאי איז געבעך צאַליע דער חזן אַרומגעלאָפֿן, געזוכט זכות־אבות, פּראָטעקציעס צום אַרכימאַנדריט, צו דיזער איהומענשע פֿונעם מאָנאַסטיר און צום גובערנאַטאָר אַליין — עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין שמע ישראל, די שטאָט האָט געקאָכט ווי אַ קעסל. די „גאַנצע וועלט" האָט זיך געוויגט. וואָלט דאָס געווען כאָטש גלאַט אַ מיידל, אַ יידישע טאָכטער — עס מאַכט זיך אַן אומגליק, וואָס זאָל מען טאָן? איז ניין. דאַרף עס זיך טרעפֿן מיט אַ חזן, אַ כלי־קודש! ווער וועט אים איצט צולאָזן צום עמוד? פֿרעגט זיך אַ קשיא: פֿונוואַנען וועט ער לעבן? היינט דער בזיון פֿאַר די בעלי־בתּים פֿון דער קאַלטער שול איז אויך עפּעס ווערט. וואָרעם פֿאַרוואָס האָט זיך עס געטראָפֿן גראָד מיט זייער חזן פֿון זייער שול?...

וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן אָבער געהאַט די אַלע אויסגערעכנטע צרות, בזיונות און יסורים קעגן דעם גיהנום, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער נשמה פֿון יענעם בחורל, וואָס איז געווען מיט סכנות פֿאַרליבט אינעם

חזנס מיידל און וועלכן האָס מיידל האָט אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט, פאַרביטן אים, אַ טאַטנס אַ קינד, אויף אַ גוי, אַ פּריקאַזשטשיק ביי קאָטיעלניקאָוון?! צוליב וואָס האָט זי באַדאַרפט נאַרן אַן אומשולדיק בחורל, שרייבן אַזעלכע בריוועלעך? קושן אין דער האַנט שמחת-תורה צו הקפות? שווערן אים אייביקע ליבע און נאָך אַזעלכע זאַכן? דאָס אַנטלויפן מיטן פּריקאַזשטשיק איז דאָך נישט געווען קיין פּלוצעמדיקע, אומגעריכטע פאַרליבעניש. דאָס איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך שוין פון לאַנג. און ער דערמאָנט זיך, וואָס איר חברטאָרינס חתן, דער פּריקאַזשטשיק מיט די „ידים", האָט אים אַ זאָג געגעבן, אַז ביים חזנס מיידל וועט ער זיך טרעפן מיט אַ ביינברעכער. איצט ווייסט ער שוין, ווער דער ביינברעכער איז... און דאָס וואַרפט אים אַריין אין אַזאַ פייער, אַז ער פאַרשעלט זיך זיין געביין. ער שעלט דעם טאָג, ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיטן חזנס מיידל. ער שעלט דעם בחור, דעם פּריקאַזשטשיק פון דער „זאַליאַזנע" קראָם, און קאָטיעלניקאָוום פּריקאַזשטשיק, און אַלע פּריקאַזשטשיקעס פון דער גאַנצער וועלט. אַך! ווי גוט ס'וואָלט געווען, ווען אַ פייער ברעכט אויס און פאַרברענט אַלע „זאַליאַזנע" קראָמען פון שטאָט, אָדער ווען אַ שטורעם-ווינט הייבט זיך אויף און טראָגט אַראָפּ אַלע קראָמען מיט אַלע הייזער פון שטאָט, אָדער די ערד עפנט זיך אויף און די גאַנצע שטאָט פּערעיאַסלאַוו מיט דער בריק און מיט די פידוואָרקעס ווערן איינגעזונקען, אַזוי ווי קורח! נישטאָ ביי אים קיין טראָפּן רחמנות אויף אייגענע, אויף פרעמדע, אויף אלטע לייט, אויף קינדער, עופעלעך — אַלע און אַלץ זאָל גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר!... און ער פאַרשעלט די וועלט, וואָס גאָט האָט באַהערשט — אַזאַ פאַלשע, אַזאַ מיאוסע, פאַסקודנע וועלט! און ער פאַרשעלט די מענטשן, וואָס גאָט האָט באַשאַפן — אַזעלכע פאַלשע, מיאוסע, פאַסקודנע מענטשן!...

פאַרטיפט אין אַזעלכע מיזאַנטראָפּישע געדאַנקען, קומט ער איינמאָל פון קלאַס אַהיים און פילט, אַז דער קאָפּ איז אים עפּעס ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. פאַר די אויגן שוועבן אים רעדלעך מיט עפּעס מאָדנע פיגורן. די רעדלעך ברייטלען זיך, די פיגורן ווערן צעגאַנגענע, אַזוי ווי דער שניי אויף דער זון און אויף זייער אָרט קומען אָן אַנדערע פיגורן. קיין וואַרעמעס עסן וויל ער נישט. די שטיפמאַמע חידושט זיך: „געפגרט אַ בער אין וואַלד" — זאָגט זי מיט איר געוויינלעכן גיפט. ער קאָן זיך נישט האַלטן אויף די פיס. ער לייגט זיך אויף דער קאַנאַפּע. דער טאַטע גייט צו, טאַפּט אים ביים קאָפּ. עפּעס פרעגט ביי אים דער טאַטע, און

ער ענטפערט, נאָר וואָס מען האָט אים געפרעגט און וואָס ער האָט געענטפערט — ווייסט ער נישט. ער געדענקט נישט. דאַכט זיך, עפּעס האָט מען גערעדט וועגן „מאָגן“... „דאָקטאָר“... „אַפּטייק“... און עפּעס פילט ער, ווי מען גיט אים איין דורך אַ טיי=לעפל און עס שמעקט מיט מאַנדלען... און דער קאָפּ, אוי דער קאָפּ!... און עס וויקלען זיך קנוילן פאַר די אויגן, און זיי שפּאַרן זיך דורך די אויערן אַרויס און גייען אַוועק מיט אַ לאַנגן=לאַנגן פּייף. און ווי קליינע מוראַשקעס גריבלען זיי זיך איבעווייניק אונטער דער הויט, אין די אָדערן, קיצלען, זידן, בולבען זיך אינעווייניק אין לייב, און ביטעלעך, ביטעלעך קאַטשען זיך אַראָפּ אַ באַרג, אָן אַ שיעור ביטעלעך... און מענטשן ווילן כאַפּן די ביטעלעך — און קאָנען נישט... דער אַנטיק איז אָבער דאָס, וואָס ער האַלט דאַכט זיך, צוגעמאַכט די אויגן, און זעט פונדעסטוועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך! ער הערט נישט — צוליבן פייפן, וואָס פייפט אים אין די אויערן, קאָן ער נישט הערן, נאָר זען זעט ער אַלעמען. אַלע זענען דאָ. אַ מישמאַש פון אַמאָליקע און הייַנטיקע חברים און גלאַט מענטשן. זיין חבר שמואליק, פינעלע שימעלעס, אלי דאָדיס, איצל דעם פעטער פיניעס, דער אורה וואָלפסאָן... שענער פון אַלץ איז דאָס, וואָס קאָטיעלניקאָוו פריקאַזשטשיק דאַוונט פאַרן עמוד, זינגט „אתה הראית“ און דעם חזנס מיידל שלאָגט זיך „על חטא“... און עפּעס אַ קול, אַ פאַרדומפּענע שטימע, הערט זיך פון דער קאַלטער שול אַרויס — מאָדנע וויינענדיקע שטימען מיט אַ כליפּען. דאָס דאַווענען די מתים. מתים דאַווענען אַלע שבת=צו=נאַכטס אין דער קאַלטער שול. מיט אַ מנין דאַווענען זיי. ווער ווייסט עס נישט? און ס'איז אים קיין זאַך נישט קשה, אפילו דאָס, וואָס קאָטיעלניקאָוו פריקאַזשטשיק, אַ גוי, זינגט „אתה הראית לדעת“ מיטן יידישן ניגון. איין זאַך נאָר איז אים יאָ קשה: ווי קומט דאָס, וואָס אָט איז דאָ נאָר=וואָס געווען זיין חבר שמואליק, שמואליק דער יתום — פאַרוואָס האָט ער אים נישט געפרעגט, וואָס הערט זיך מיטן „אוצר“? ווי קומט דאָס, ער זאָל פאַרגעסן אַזאַ וואַזשנע זאַך? ער עפנט אויף די אויגן און זוכט שמואליקן און קאָן אים נישט געפינען. נישטאָ קיין שמואליק, נישטאָ קיינער פון די, וואָס זענען דאָ נאָר=וואָס געשטאַנען. ווו האָבן זיי געקאָנט אַהינקומען אַלע? און ער מאַכט צוריק צו די אויגן, און ער הערט זיך צו צום האַרצן, ווי עס קלאַפּט, און צו די שלייפן, ווי זיי שלאָגן. און ער פילט, אַז ער איז אָפּגעגאָסן מיט שוויים, ער שווימט אין אַ טייך פון שוויים. די שפּיץ פינגער זענען אויפגעבלעזלט, ווי נאָך אַ שוויץ=באָד, און די האָר פון קאָפּ

זענען נאַס און קלעפּן זיך צום שטערן. און ער פילט אַ קאַלטע האַנט אויף זיך. און ער דערהערט אַ באַקאַנטן זיפץ. עפנט ער אויף די אויגן — ס'איז דער טאַטע! און נעבן אים דער אורח וואָלפסאָן, און דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן, און נאָך און נאָך מענטשן. און ער זעט, אַז אַלע קוקן אויף אים מיט רחמנות. און ער הערט און פאַרשטייט, אַז מען רעדט פון אים. „קריזיס“, הערט ער, זאָגט מען. און ער פאַרשטייט נאָך נישט, וואָס פאַר אַ „קריזיס“? און ער איז גאַנץ צופרידן, וואָס ער איז מיט איין מאָל געוואָרן אַזאַ מיוחס ביי אַלעמען, וואָס אַלע אינטערעסירן זיך מיט אים אַזוי. מער פון אַלע אינטערעסירט זיך דער טאַטע. ער בייגט זיך אָן איבער אים און פרעגט אים: וואָס וואָלט ער געוואָלט? ער ענטפערט נישט באַלד. ער וויל זיך פריער גוט באַטראַכטן, ווו ער איז אין דער וועלט און וואָס טוט זיך דאָ מיט אים? עס נעמט היפש עטלעכע מינוט, ביז ער קומט צו זיך און פאַרשטייט, וואָס מיט אים איז — אַז ער איז קראַנק געווען, אפנים, זייער קראַנק, און אַז איצט איז אים בעסער. בעסער? אויסגעצייכנט גוט. ערשט דעמלט, אַז ער האָט שוין כמעט אַלץ באַגריפן, באַנעצט ער מיט דער צונג די פאַרטריקנטע ליפּן און לאָזט אַרויס אַ וואָרט, מער נישט איין וואָרט:

— אַגרעסן...

קוקט זיך דער טאַטע איבער מיט די איבעריקע מענטשן, וואָס שטייען אַרום קראַנקן און טוט אים אַ פרעג איבער:

— אַגרעסן? וואָסערע אַגרעסן?

— איינגעמאַכטס — ענטפערט דער קראַנקער מיט אַ מאָדנער גראָבער שטימע, וואָס הייבן הייבט זי זיך אָן דין, סאָפּראַנעדיק, און לאָזט זיך אויס גראָב, מיט אַ באַס. דער קראַנקער האָט זיך אַזש אַליין איבערגעשראָקן, נישט דערקענט זיין קול. אין דער צייט, וואָס ער איז קראַנק געווען, האָט ער זיך אַזוי פאַרענדערט, אַז ווען ער איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אַראָפּ פון בעט, קוים דערשלעפּט זיך אין זאַל אַריין, אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל, האָט ער זיך קוים דערקענט. פאַר אים איז איצט געשטאַנען שוין גאָר אַן אַנדער מענטשל. פריער איז דאָס געווען אַ טשעקאַווע יינגל מיט רויטע פוכקע בעקלעך, אַ רירעוודיקס, אַ לעבעדיקס, מיט שמייכלענדיקע אייגעלעך, קיילעכיק אונטערגעשוירן, מיט אַ געגרייזלט טשובעקל פון בלאָנדע האָר פון פאָרנט אויפן שטערן. איצט האָט זיך דאָס פנים אויסגעבלייכט, די בעקלעך זענען אָפּגעפאַלן, די אויגן זענען גרעסער געוואָרן, דער קוק פאַרטראַכט און אַליין האָט ער זיך אויסגע=

צוויגן אין דער לענג. די בלאָנדע געקרייזלטע האָר האָט מען אים אָפּגע־שוירן ביז דער הויט ווי אַ טאָטער. גאָר אַן אַנדער בחור איז דאָס אַצינד.

אָבער נישט נאָר אין זיין אויסזען האָט ער זיך פאַרענדערט. ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט. ער האָט דערפילט, אינעווייניק ביי זיך, אין דער נשמה, איז פאָרגעקומען אַ קריזיס. און עס טוט אים באַנג, האַרציק באַנג, זיין גאַרישע נאַיווע פאַרגאַנגענהייט, וועלכע וועט זיך שוין נישט אומקערן און נישט איבערחזרן קיינמאָל, קיינמאָל!... און אויך איצט, איבערלעבנדיק אין דעם זכרון נאָך אַמאָל יענע גליקלעכע יאָרן און אַריבערגייענדיק צו די ווייטערדיקע באַשרייבונגען, קוקט ער זיך אום צוריק מיט אַ שטילער בענקשאַפט און געזעגנט זיך שוין אויף אייביק מיט זיינע גוטע יינגלשע יאָרן:

— זיי געזעגנט, קינדהייט!

.58

# ער גיט שטונדן

דער פשט פון „געבן שטונדן“. — יונגע און אַלטע לערערס. — דער כוח פון „גראַמאַטיקע“. — מען גייט צו אים מיט פּראָטעקציעס. — אין פּערעיאַסלאַווער שטאָט־גאָרטן און ביי דער שטיפמאַמע אינדערהיים. — דעם קאָלעקטאָרס פּשרה. — ער באַקומט אַ שטעלע און פּאַקט זיינע ביכער.

איצט איז שווער צו זאָגן, צו וועמען האָט געהערט די איניציאַטיוו, דאָס הייסט, וועמען איז דאָס איינגעפאַלן צום ערשטן, אַז אַ בחורל, נאָך קיין פולע זיבעצן יאָרן נישט אַלט, נאָך קיין סימן פון וואָנסעלעך אויף דער אויבערשטער ליפּ, נאָך נישט געענדיקט דעם גאַנצן קורס פון דער „אויעזדנע“ — זאָל שוין נעמען דאָס שטעקעלע אין האַנט, אַרויפוואַרפן דאָס אויבערעקל אויף די פּלייצעס אָן די אַרבל, און שוין מאַרשירן פון שטוב צו שטוב „געבן שטונדן“? „געבן שטונדן“ האָט געהייסן — לערנען מיט יינגלעך און מיט מיידלעך אַליין, וואָס מען לערנט אין די קלאַסן, אונטערנעמען זיך דורכגיין מיט זיי אַ געוויסן קורס און צוגרייטן זיי צו אַ געוויסער צייט, אַז זיי זאָלן קאָנען אַריין אין די קלאַסן, אָדער אָפּגעבן עקזאַמען.

אָפּגעבן עקזאַמען איז געוואָרן אַ גאַנג, ס'איז אַריין אין דער מאָדע. אַלע און אַלץ האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען. יינגלעך און מיידלעך, חתנים און יונגעלייט, בעל־הביתלעך, יידן מיט בערד שוין — האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו גאָוואָראָוום גראַמאַטיקע, צו יעווטושעווסקיס אַריפמעטיקע, צו סמירנאָווס געאָגראַפיע, צו דיסטערוועגס געאָמעטריע, און גענומען לערנען אויף אויסנווייניק „באַשניע קרילאָוואַ“, שטודירן דאָס ווערטערבוך. ס'איז געוואָרן אַ מין עפּידעמיע — עקזאַמענס! פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ עפּידעמיע איז נישט געווען גענוג לערערס אין שטאָט. פּראָ־

בעסיאָנעלע יידישע לערערס זענען געווען אינגאַנצן צוויי: דער אַלטער מאַניסאָוו — איז ער געווען אָן ציין, געשפּיגן נישט גערעדט, און דערצו נאָך טויב, ווי די וואַנט; און דער ייִנגערער, נח בוסעל — דער האָט געלערנט פּראָגנציוזיש, געטראָגן אַ בלויען מונדיר, גלאַנציענדיקע שטיוול, און איז געווען אַ יקרן, געגומען צו טייער. און ווייטער איז געווען איטשע דער שרייבער און זיין ברודער, אברהם דער שרייבער — ביידע אויסגעפּוצטע יידלעך מיט רויטע בעקלעך־פּאַמפּעשקעס. די האָבן שוין געגומען צו וואָלוול, זענען זיי אָבער געווען צעקריגט מיט דער רוסישער גראַמאַטיקע אויף מעסער־שטעך און האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי עס לייגט זיך אויס דאָס וואָרט „פּעטשעניעגי". דאָס הייסט, זיי האָבן געוווסט, אַז אינעם וואָרט „פּעטשעניעגי" באַדאַרף ערגעץ זיין אַ „יאַט", נאָר זיי האָבן נישט געקאָנט טרעפן, וווּ אַוועקצושטעלן דעם „יאַט": נאָך דער פּע? נאָך דער טשע? נאָך דער ניע? אָדער גאָר נאָך דער ני? דאָס אייגענע איז געווען מיט אַן „עס" און מיט אַ „שאַ". אַז ס'איז געקומען, למשל, צו סושאַ (טריקעניש) אָדער סאַשאַ (אַלכסנדר), איז רעכט געווען ביי זיי צו שרייבן: סושאַ, שוסאַ, אָדער שושאַ; סאַשאַ, שאַסאַ אָדער שאַשאַ. אין שטאָט, צווישן יונגוואַרג, איז געגאַנגען אַן אַנעקדאָט, אַז מען האָט פאָרגעלייגט די ברידער, זיי זאָלן מוחל זיין איבערזעצן אויף רוסיש די ווערטער „סאַשאַ האָט זיך געטריקנט אויף דער טריקעניש" — האָט איינער אָנגעשריבן: „שאַסאַ שוסילסאַ נאַ שוסיע" און דער אַנדערער האָט אַוועקגעשטעלט: „שאַשאַ שושילשאַ נאַ שושיע".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר געווען אַן אַנעקדאָט. נאָר ווי אַזוי האָט דאָס נעבעך זיי געקרענקט, אַז דער אַנעקדאָט איז דערגאַנגען צו זיי! און ס'איז טאַקע געווען אַ פאַרדראָסיקע זאַך: סטייטש, זיי האָבן אויסגעלערנט שרייבן אַ גאַנצע שטאָט, מיט קינדער און קינדס־קינדער — קומען צו גיין יונגע צוציקעס, וואָס די מילך איז זיי נאָך נישט אָפּגעטריקנט אויף די ליפּן און דערציילן אַנעקדאָטן!... עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן קיין חכמות — גראַמאַטיקע איז געוואָרן אַ גאַנגבאַר אַרטיקל. אָן גראַמאַטיקע האָט מען זיך נישט געקאָנט געבן אַ ריר. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אפילו דער פעטער פּיניע, וואָס האָט, ווי איר ווייסט, פיינט געהאַט די קלאַסן, ווי אַ כשרער ייד האָט פיינט חזיר, האָט אויך מודה געווען, אַז גראַמאַטיקע איז אַ גוטע זאַך. ער איז אַ ייד, וואָס קאָטאָרע ער פאָרט אויף יאַרידים, האַנדלט מיט מאָסקווע, איז אַ חשיב ביי פּאָניען און רעדט רוסיש אויסגעצייכנט, נאָר ער פילט, אַז עס פעלט

אים גראַמאַטיקע (דאָס וואָרט „גראַמאַטיקע" האָט ער באַוויזן מיט צוּ־
נויפגעלייגטע פינף פינגער).

פונדעסטוועגן, זיין פּלימעניק שלום זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק איבערנעמען, האָט דער פעטער פּיניע געפונען פאַר גייטיק צוזעצן, אַז ער פאַרשטייט גישט, צו וואָס דאַרף מען נאָך מען גאָך דערצו גיין אָן אַ היטל, עסן אומגעוואַשן און שרייבן אום שבת? אים דאַכט זיך אויס, אַז מהיכא תיתי — מען קאָן קענען גראַמאַטיקע און דווקא גיין אין אַ היטל, און דווקא וואַשן זיך צום עסן, און דווקא נישט שרייבן אום שבת! דער פּע־טער פּיניע איז, יאַפּנים, געווען אַ נוקם ונוטר, ווי אַן אמתער תלמיד־חכם. ער וויל נישט פאַרגעסן יענע אַלטע עבירה פון שרייבן אום שבת אויפן פּאַרקאַן... נאָר ווער רעכנט זיך מיט אים? אַ בחורל, וואָס נעמט סטי־פּענדיעס, גיט שטונדן, פאַרדינט געלד — מען צערייסט אים אויף שטי־קער, מען שלאָגט זיך נאָר פאַר אים: אַלע ווילן, אַז דווקא ער זאָל גרייטן זייערע קינדער אין די קלאַסן, נישט קיין אַנדערער — ווי אַזוי זאָל ער זיך נישט איבערנעמען? יידן גייען צו אים מיט פּראָטעקציע דורכן קאָ־לעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן, וואָס איז אַ גוטער ברודער מיט רב נחום ראַבינאָוויטש, אַז ער זאָל זיין אַזוי גוט און פועלן ביי דעם פאָטער, אַז דער פאָטער זאָל פועלן ביי זיין זון כאָטש איין האַלבע שעה אַ טאָג: „מען זאָגט, אַז זיין שלום האָט אַ גרינגע האַנט, און אַז דורך אים גיט מען אָפּ עקזאַמען בעסער, ווי דורך אַלע אַנדערע"... און דעם טאַטנס האַרץ וואַקסט, די נשמה קוועלט — אַ קלייניקייט, אַזאַ כבוד דערלעבט זיך, כאָטש נחת ווינציק, זייער ווינציק! וואָס פאַר אַ נחת, איך בעט אייך, אַז מען קוקט נישט אָן קיין קינד אין די אויגן? דעם ערשטן האַלבן טאָג איז ער אין קלאַס, דעם אַנדערן האַלבן טאָג ביז אין דער נאַכט — פאַרנומען מיט די שטונדן. און קומט פאַרנאַכט, שפּאַצירט מען אַרום מיט חברים אין שטאָט־גאָרטן. זומער איז דער פערעיאַסלאַווער שטאָט־גאָרטן אַ גן־עדן. דאָרט שפּילט מוזיק — די מיליטער־מוזיק — מיטן פּאָלקאָוואָי קאַפּעל־מייסטער, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד און שוואַרצע אויגן, ווי די קאַרשן, און מיט גראָבע ליפּן. אַלע מיידלעך זענען פאַרליבט אין זיין שטעקעלע, און ער האָט זיי ליב אַלע גלייך, שמייכלט צו זיי פונדערווייטנס מיט זיינע שוואַרצע קאַרשן־אויגן און מיט זיינע גראָבע ליפּן און מאַכט מיטן שטעקעלע נאָך שטאַרקער. און די טרובעס טרובן, און דער קעסל־פּויק באַראַבאַנעט, און דער שטויב פון די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך צווישן די אַלעען קאָנקורירט מיטן שמעקנדיקן ריח פון דער

נאָר וואָס אָפּגעצוויטעטער בוזינע, וואָס פּילט אָן די לופט מיט אַ געדיכטער זיסקייט. דאָס איז דער ריח און דאָס איז די זיסקייט, וואָס נאָר דער דאָרטיקער, פון יענע מקומות, פון מאַלאָראסיע — דער ווייסט עס, דער געדענקט עס און דער קאָן אָפּשאַצן, וואָס הייסט אַ זומער־אָוונט און אַ שפּאַצירגאַנג אין שטאָט־גאָרטן. באַלייכט איז דער גאָרטן זייער שוואַך. איינגאַנצן געפינען זיך דאָרט אַ דריי־פיר לאַמטערנס מיט גאַז־לעמפּלעך, אי דאָס פאַררויכערטע, פאַרחושכטע, מיט צעבראָכענע גלעזלעך, אַזוי אַז עס הייבט זיך אויף אַ צו שטאַרק ווינטל, בלאָזן זיך די לעמפּלעך אָן און ווערן גאָר פאַרלאָשן. נאָר ווער קוקט דערויף? אדרבה, אויב איר ווילט, איז נאָך גלייכער, וואָס ס'איז פינצטער. קאָן מען דעמלט אָפּשטעלן זיך, בחורימלעך און מיידלעך, און אַ שמועס טאָן, אַ לאַך טאָן און געבן אַ רעד אָפּ אויף מאָרגן אין דער צייט נאָך אַמאָל זיך צו באַגעגענען אָט דאָ, אין דער אַלעע, אונטער דער נאָר־וואָס אָפּגעצוויטעטער שמעקנדיקער בוזינע...

און מען קומט אַהיים אַ פאַרפאַליעוועטער, אַ צעהיצטער און אַ הונגעריקער און מען עסט וואָס גאָט גיט — אַ שטיקל הערינג, אַ טאַראַנקע, אַ גרינע אוגערקע, אַ ציבעלקע מיט ברויט. אַן אַפּעטיט, איז, קיין עין־הרע, דאָ אַ פיינער. ווער וואַשן זיך? וואָס בענטשן? דער טאַטע פרעגט שוין אפילו נישט וועגן מעריב־דאַווענען... קרענקען קרענקט דאָס אים, נאָר ער מאַכט זיך נישט ווייסנדיק. רעדן מיט די קינדער אַ וואָרט — איז קיין צייט נישטאָ. אָפּגעגעסן, דאַרף מען זיך זעצן לערנען, צוגרייטן די אוראָקן אויף מאָרגן. זעצט זיך אַוועק שלום ביי אַ לאָמפּ לערנען, ברענגט קעראָסין — ווייל די שטיפמאַמע נישט ליידן, בורטשעט זי. פאַרדריסט עס דעם טאַטן. זאָגט שלום, אַז ער וועט זיך קויפן קעראָסין פאַר זיין געלט און אַ לאָמפּ אַן אייגענע וועט ער זיך איינפירן. זאָגט דער טאַטע, ער זאָל זיך נישט דערוועגן צו טאָן אַזאַ זאַך און זאָל אים נישט מקצר ימים זיין. דערהערט דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן און זאָגט, אַז ער האָט פיינט מחלוקת. מישט ער זיך אַריין און מאַכט אַ פשרה. באשר בכן, אַזוי ווי דאָס בחורל איז שוין אַ מענטש פאַר זיך, פאַרדינט שוין, קיין עין־הרע, אַ קערבל, און לערנען דאַרף ער אויך, עס שטייט אים פאָר, אָפּגעבן דעם לעצטן עקזאַמען, איז אַ יושר, מען זאָל דעם קונדס (שוין אויס „קונדאַס“, נאָר „קונדעס“) לאָזן צו רו. און ער לאָזט אויס: „עצתי, אַז ער זאָל זיך ערגעץ אָנדינגען אַ קוואַרטיר מיט קעסט ביז איבער די עקזאַמענס און לאָז ער זיך לערנען געזונטערהייט“. און

טאָמער איז אים שווער צו געפינען, נעמט ער, דער קאָלעקטאָר, אויף זיך די דאָזיקע טרחה.

פאַרשטייט זיך, אַז תחילת האָט דער טאַטע נישט געוואָלט הערן, נישט זען פון אַזאַ משוגענעם פּלאַן. דער קאָלעקטאָר האָט אָבער געהאַט אין זיך אַ כוח, אַז ער האָט געקאָנט איבערעדן אַ וואַנט. און דערצו האָט ער פיינט געהאַט רעדן. ער האָט ליב געהאַט טאָן. איז ער אַוועק און איז געקומען מיט אַ גדולה — ס'איז אים אָפּגעראָטן על צד היותר טוב! ער האָט געקראָגן אייגעם אַ בעלן, וואָס גיט אָפּ אַ חדר מיט קעסט מיט אַלעם גרייטן אומזיסט, נאָר מיט דעם תנאי, אַז דער קונדאַס זאָל לערנען סך הכל איין האַלבע שעה אין טאָג אין דער פרי און איין האַלבע שעה בייטאָג מיט די עלטערע קינדער, און אַמאָל נאָך אַ האַלבע שעה אָדער אַ שעה פאַרנאַכט מיט די קלענערע קינדער.

— וויפל־זשע זענען פאַראַן קינדער אַרום און אַרום? — פרעגט דער טאַטע.

— וואָס מאַכט אייך אויס וויפל? ער דאַרף זיי דען געבן עסן? ער דאַרף דאָך נאָר לערנען. וואָס־זשע איז אים די נפקא־מינה, צי דריי קינדער, צי פינף קינדער, צי זיבן קינדער? דאַכט זיך, איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין אייך אַ גוטער פריינד און וועל אייך נישט פאַרפירן — וואָס איז שייך? עצתי, אַז דער קונדס זאָל זיך צונויפפּאַקן און זאָל זיך אַריבערפּעקלען גלייך מיט מיר, און טאַקע באַלד, און טאַקע שוין, וואָרעם בעלנים אויף אַזאַ שטעלע וועלן זיך געפינען אַ סך. הייידאַ!

דער קונדס נעמט זיך פּאַקן. קיין סך צייט דאַרף עס ביי אים נישט נעמען. זיין גאַנצע גאַרדעראָב באַשטייט פון אַ פּאָר העמדער, איין פּאָר זאָקן, אַ תפילין־זעקל, אַ סידורל און ביכער, ביכער, ביכער. פּאַקנדיק, כאַפּט ער אַ קוק אויפן טאַטן — זיין פּנים איז געל, אַזוי ווי וואַקס. ער דרייט דאָס שיטערע בערדל און קייעט עס מיט די ציין. ער האָט נישט קיין ווערטער, נאָר יעדער זיפץ רייסט אַרויס אַ שטיק האַרץ. דערפאַר אָבער האָט זיך די שטיפמאַמע צערעדט, גענומען באַדויערן, זאָגן, אַז עס געפעלט איר נישט דער פּלאַן. ערשטנס, וואָס וועט די וועלט זאָגן? די וועלט וועט זאָגן, געזאָגט זאָל זיי ווערן פּרעהס מכות, אַז שולדיק איז די שטיפמאַמע. איז איין מאָל אַוועק. און ווידער — ווען מען מאַכט קאַליע אַ קינד, אַז ער איז ביי זיין טאַטן? מער מיט אַ מויל, וויניציקער מיט אַ מויל — מען זעט שוין דערמיט די יויך נישט פעט מאַכן... און אַז ס'איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָט זי געלאָזט אַ טרער.

אַרויסבאַגלייט דעם קונדס, האָט דער טאַטע גענומען ביי אים תקיעת־כף, אַז שבת איז ער אַ היימישער. מילא — אַ גאַנצע וואָך — ווי די מעשה איז. אָבער שבת — אין גאָטס ווילן, שבת!... דאָס שטיקל נחת פאַרוואָס זאָל ער אים נישט צוטיילן? ובפרט, אַז ס'איז פאַר אים אַליין אַ געננוס און אַ פאַרגעניגן. וואָרעם ווו ריכט מען אָפּ אַזאַ שבת ווי ביי זיין טאַטן? ווער זאָגט אַזוי די „שלום־עליכמס“, ווי זיין טאַטע? ביי וועמען קלינגט אַזוי שיין דער „אשת־חיל־מי־ימצא“, ווי ביי אים? ווער קאָן אַזוי זינגען זמירות ווי זיין טאַטע? און דער קידוש? אַלע יידן מאַכן קידוש. נאָר נישט אויף אַלע יידן רוט די שכינה. אין אַלע יידישע הייזער פראַוועט מען שבת. אָבער נישט אין אַלע יידישע הייזער נידערן אַראָפּ די מלאכי השלום, מלאכי עליון, שוועבן, טראָגן זיך אין דער לופטן און פילן אָן די שטוב מיט אַ שטילער הייליקייט, אָדער מיט אַ הייליקער שטילקייט פונעם הייליקן גרויסן ליבן טאָג שבת...

.59

# אַן אידיליע

אורחים אויף שבת. — אַ העברעישער משורר בנימינזאָן. — דאַנטעס גיהנום און בנימינזאָנס „עמק יהושפט או החלירע“. — ווי אַזוי אַ דיכטער בראָט אַ שטיקל הערינג אויף קוילן. — שבת ביים טיש. — „פּייגע־לאה די גבאיטע“ קוקט אַרוים אויף שבת.

האָבן אַן אורח אויף שבת איז געווען נישט נאָר אַ מצוה — עס איז אַריין אין דער טבע, עס איז געוואָרן אַ מין הגילות. אַזוי איז דאָס געווען ביי די בעל־הביתישע יידן אין יענער צייט. אַזאַ ייד אַ בעל־הבית, ווי נחום ראַבינאָוויטש, למשל, האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס הייסט זעצן זיך שבת צום טיש אָן אַן אורח? דאָס וואָלט געווען ביי אים אַ פאַר־שטערטער שבת.

אַלע מאָל האָט אים גאָט צוגעשיקט אַן אַנדער אורח. איצטיקס מאָל איז דער זון געווען אַן „אורח“. אויך גוט. ער איז אָבער געווען נישט איינער. אחוץ אים זענען געווען נאָך צוויי. דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן — אים קענט איר. דער אַנדערער האָט געהייסן בנימינזאָן — מיט אים וועל איך אייך באַקאַנט מאַכן.

אַ משורר. נישט קיין משורר ביי אַ חזן, נאָר אַ פּאָעט, אַ דיכטער. אַ העברעישער שרייבער. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך מיטן נאָמען „עמק יהושפט או החלירע“. אין זייער אַ שיינער מליצה־שפּראַך שילדערט דער מחבר, ווי אַזוי גאָט האָט זיך צעבייזערט אויף דער פאַר־דאָרבענער מענטשהייט און האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער ערד די חלירע, נאַטירלעך, אין דעם געשטאַלט פון אַ נקבה, אַ מיאוסע, אַ שרעקלעכע, אַ „חלירע“, מיט אַ גרויסן חלף אין די הענט, און זי שניידט רעכטס און לינקס. פאַרשטייט זיך, אַז דער גיהנום פון דאַנטע איז באַשריבן מיט

מער שרעקלעכע פֿאַרבן און מאַכט אויפֿן לייענער אַ מער טיפֿן אײַנדרוק, ווי די „חלירע“. נאָר נישט דאָס איז דער עיקר. די הויפּטזאַך איז דאָ די שפּראַך. דאָס איז געווען אַ מין פּילפּאַרביקע, גרויסאַרטיקע, זיס=צוקערדיקע מליצה=שפּראַך, וואָס די „חלירע“ האָט אַזעלכעס זיכער נישט פֿאַרדינט. דאָס איז, וואָס איז שייך צום ווערק. אַצינד קומט דער מחבר אַליין.

אַ טרוקענער, נאָר אַ ברייטביינערדיקער, מיט אַ ברייט פּירעקעדיק גלאַנצנדיק פּנים, שיטער באַוואַקסן, אַזוי שיטער, אַז בעת ער עסט, קאָן מען זען יעדן שלונג, וואָס גייט אַראָפּ אין האַלדז, ווי ביי אַ הונגעריקער גאַנדז. ביי יעדן שלונג טוט ער אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, אויך ווי אַ הונגעריקע גאַנדז. די האָר, וואָס אויפֿן קאָפּ, זענען אויך שיטער, דערפֿאַר זענען זיי לאַנג און הענגען אַראָפּ מיט פֿאַרקרײַזלטע קוטשערלער, אַלע מאָל מיט עפּעס אַ פֿעטער זאַך אָנגעשמירט, ס'זאָל גלאַנצן. אָנגעטאָן גייט ער ווי אַ דײַטש, מיט אַ הויכן, האַרטן קאַפּעליוש. אַלץ האָס אויף אים איז שרעקלעך אַלט, נאָר מיט סכנות ריין, ציכטיק, אויסגעבערשטלט און צוגעפּרעסט. און אַלצדינג אַליין. אַליין געריייניקט, אַליין געפּרעסט, אַליין פֿאַרריכט, אַליין אַ קנעפּל אײַנגענייט. אַ סברה, אַז ער וואַשט זיך אַליין אויס ביינאַכט דאָס העמד, וואָס ער טראָגט בייטאָג און אַפֿילו דער שניפּס, וואָס איז ביי אים אויפֿן האַלדז, איז אויך זײַן אייגענע מלאכה. אַז ער רעדט, רעדט ער מיט אַלע אבֿרים, מיט אַ האַרציק קול, מיט אַ רחמנות=פּנים, און די אויגן האַלב צוגעמאַכט, פֿאַרגלאַנצט אַרויף. קוקנדיק אויף דעם פֿאַרשוין, האָט דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע נישט איינמאָל געטראַכט ביי זיך: „טשעקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי האָט אויסגעזען אָט דער בנימינזאָן מיט אַ יאָר דרייסיק אָדער פֿערציק צוריק, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ ייִנגל?...

פֿונוואַנען האָט ער זיך גענומען אַהער — ווייסט קיינער נישט. אויסדריקנדיק זיך מיט דעם לשון פֿון דער שטיפֿמאַמע, האָט אים „פֿאַרנאַדעט“ אַהערצו דער קאָלעקטאָר. „איין שלים=מזל שלעפּט דעם אַנדערן“... אויף זײַן „טריפֿהנעם“ גליק, האָט אים דער קאָלעקטאָר געבראַכט צו פֿירן איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג מיט אַ גרוי טשעמאָדאַנדל אַקוראַט אין דער שעה, ווען זי, די שטיפֿמאַמע, איז נישט געווען אין דער היים. אַז זי איז געקומען און געטראָפֿן דעם פֿאַרשוין מיטן טשעמאָדאַנדל, לייענענדיק פֿאַרן טאַטן עפּעס פֿון אַ ביכל, האָט זי באַלד געזאָגט, אַז ס'איז אַ שלים=מזל, איינער פֿון יענע שלים=מזלען, וואָס „מען דאַרף זיי געדיכט זייען און זיי זאָלן שיטער אויפֿגיין“. און געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָט ער

בעסער נישט געטראָפֿן צו ראובן יאָסנעגראָדסקי אויף סטאַנציע? עס איז שוין אָבער געווען פֿאַרפֿאַלן. מען טרייבט נישט קיין מענטשן פֿון שטוב, בפֿרט אַזאַ מין נפֿש, וואָס דאַרף נישט קיין זאַך און וויל נישט קיין זאַך און פֿאָדערט נישט קיין זאַך. שלאָפֿן שלאָפֿט עס אויף דער אַלטער צע־ראַטענער קאַנאַפּקע, אין אַ פֿינצטערן קאָרידאָר, צווישן צוויי חדרים. אַז מען טראָגט אַריין דעם סאַמאָוואַר, צאַפּט ער זיך אָן אין זיין אייגענעם גרויסן טשייניק זודיק וואַסער, פֿול ווי אַן אויג, שיט זיך אַרויף פֿון אַ געל פּאַפּירל עפּעס אַ מין „סענעס־בלעטלעך", וואָס ס'איז „גוט צום האַרצן", נעמט זיך אַרויס פֿון קעשענע זיין שטיקל צוקער און טרינקט זיך זיין טיי.

מיטן עסן איז אויך דאָס אייגענע. ער האָט זיך זיין ברויט ביי זיך אין גרויען טשעמאָדאַנדל. דאָס ברויט איז אַלט געבאַקן. וואָס עלטער איז בעסער (שפּאָרעוודיקער). און הערינג קויפֿט ער זיך אַלע טאָג, פֿאַר אַ קאָפּיקע אַ שטיקל הערינג, גייט מיט דעם פּאַוואָלינקע, אויף די שפּיץ פֿינגער, אין קיך אַריין, אַנטשולדיקט זיך אַ מאָל פּופֿצן־צוואַנציק פֿאַר דער שטיפֿמאַמע, זי זאָל אים דערלויבן אָפּוועקלייגן דאָס שטיקל הערינג אין אַ ווינקעלע אויף הייסע קוילן, ס'זאָל זיך אַ ביסל צובראָטן. און אַז דאָס שטיקל הערינג הייבט זיך אָן צוצובראָטן, הייבט עס אָן צו פּראָטעסטירן, זשומען און פּרעגלען זיך, און לאָזט אַרויס אַזאַ געשטאַנק, אַז מען דאַרף אַנטלויפֿן פֿון שטוב. שווערט די שטיפֿמאַמע, אַז דאָס אַנדערע מאָל וועט זי אים אַרויסוואַרפֿן מיטן הערינג. נאָר איר שבועה איז זי נישט מקיים. וואָרעם מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פֿון אַ טאַ־טער, מען זאָל אַזעלכעס טאָן מיט אַ מענטשן, וואָס לעבט אַ גאַנצע וואָך מיט אַ שטיקל געבראָטענעם הערינג.

אַן אויסנאַם איז שבת. קומט שבת, איז ער אַן אורח ביים טיש גלייך מיט אַלעמען. און נאָך מיט אַ קאָפּ העכער פֿון אַלע אַנדערע אור־חים. אַ ייִד אַן איידעלער, אַ תּלמיד־חכם, אַ משׂכּיל, אַ שרייבער, אַ משורר! אי וואָס, ער איז נעבעך אַן אָרעמאַן — וואָס זאָל ער טאָן? ס'זאָל זיין אין אים געוועזן, וואָלט ער בעסער געווען אַ גביר. נאָר אַז ס'איז נישטאָ קיין מזל... און ער טוט אַ זיפֿץ. דער בעל־הבית ענטפֿערט אים מיט אַ זיפֿץ און גיסט אים אָן אַ גלעזל וויין, און גיסט זיך אָן אַ גלעזל וויין, און גיסט אָן דעם קאָלעקטאָר אַ גלעזל וויין און אַלע דריי טרינקען לחיים, נישט נאָר פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר כּלל־ישׂראל. און פֿון אַ גלעזל וויין ווערט מען לעבעדיק, און די צונג ווערט אויפֿגעבונדן, און מען הייבט אָן

רעדן אַלע אינאײנעם — נישט קײן דברים בטלים, חס ושלום, נאָר דברי־תורה, פֿון ספֿרים, ביכער, חכמה, השׂכּלה, װיסנשאַפֿט...

דער ייִנגסטער פֿון די „אורחים“, דער פּראָפֿעסאָר פֿון די האָזיקע באַשרײַבונגען, מישט זיך אױך אַרײַן אין געשפּרעך, נאָר ער היט זיך מיט אַן איבעריק װאָרט צװישן גרױסע, כאָטש מען קוקט אױף אים שױן כמעט װי אױף אַ גרױסן. אַ בחור'ל, װאָס פֿאַרדינט שױן אַלײן געלט, ניט שטױנדן — אַ קלײניקײט?

פֿון זינט דאָס בחור'ל איז אַראָפּ פֿון קעסט און איז געװאָרן אַ מענטש פֿאַר זיך, האָבן די צװײ אַנדערע אורחים זיך גענומען רעכענען מיט אים, װי מיט אַ גרױסן, זאָגן אים „איר“. בײַם קאָלעקטאָר איז ער געװאָרן אַ „קונד“, אַ קונה. ער האָט אים פֿאַרשריבן אַן אַכטל ברױנשװײַגער לאָ־טערײ, צוגעזאָגט מיט דעם זעלבן טאָן און מיט דער זעלבער זיכערקײט, װי זײַן טאַטן, אַז ער װעט, אם ירצה השם, מיט גאָטס הילף, געװינען דאָס גרעסטע געװינס. און דער דיכטער בנימינזאָן — דער איז גלאַט געװאָרן אַן אָפּטער אַרײַנגײער צום חברה־מאַן, װאָס גיט שטונדן, גע־שריבן אױף זײַן טישל אין דער צײַט, װען ער איז געװען אױף די שטונדן, געבראַכט צו טראָגן אײנמאָל זײַן גרױ טשעמאָדאַנדל מיט די פּאַפּירן, מיטן אַלטגעבאַקענעם ברױט און אָנגעשטאָפּט דעם, ער זאָל בראָטן אַלע פּרי־מאָרגן אַ שטיקל הערינג בײַ דער האַבינאָװיטשן אױף דער אכסניה און אױס־שטײן בזיונות פֿון דער שטיפֿמאַמע, האָט ער שױן בעסער זיך פֿאַרגונען צו טאָן די האָזיקע אַרבעט בײַ דער בעל־הביתטע פֿון זײַן יונגן פֿרײַנד שלום, צו װעלכן ער האָט זיך סוף כּל סוף אינגאַנצן אַריבערגעקליבן און באַזעצט אױף שטענדיק.

דאָס איז אױסגעקומען גאַנץ פּראָסט און נאַטירלעך. צװײ מענטשן האָבן זיך נישט פֿײַנט און קאָנען נוצלעך זײַן אײנער דעם אַנדערן — פֿאַרװאָס זאָל מען נישט זײַן אינאײנעם? בנימינזאָן איז אַ שײנער העב־רעער, אַ משורר. זײַ יונגער פֿרײַנד האָט אַ באַזונדער חדר, אַ בעט, אַ ברײטס, אַ פּעלד נישט קײן בעט — װעמען שאַדט עס, אַז עס װעלן ליגן צװײ, נישט אײנער? אי, דער דיכטער בנימינזאָן האָט אין זיך נײַן מאָס רײד און הערט נישט אױף צו לױבן זײַנע אײגענע שירים, לײענען גאַנצע פּאָעמעס ביז שפּעט אין דער נאַכט, און דװקא מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ התפּעלות, אַז עס שטײען אים אַזש טרערן אין די אױגן — איז דאָס אױך פֿון די קלײנע אומגליקן. זײַן יונגער פֿרײַנד שלום האָט, דאַנקען גאָט, אַ גוטן שלאָף, און דער פּאָעט בנימינזאָן קימערט זיך װײ־

ניק, וואָס יענער שלאָפֿט. וואָרעם אַז ער, בנימינזאָן, האַלט אין לייענען זײַנע אייגענע פּערזן, מעג זיך דעמלט די גאַנצע וועלט איבערקערן!

דאַכט זיך, אין פֿלוג, וואָס האָבן זיך אָנגעקערט די דאָזיקע אַלע באַשרײַבענע פּאַרשוינען איינס מיט דאָס אַנדערע? וואָס פֿאַר אַ מחותּן, למשל, איז נחום ראַבינאָוויטש, אַ ייִד אַ בעל-הבית, אַ האַלבער חסיד און אַ האַלבער משׂכּיל, מיט אַזאַ ייִד אַ ליטוואַק און אַ מתנגד, ווי דער קאַלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן? און וואָס פֿאַר אַ סמיכות-הפּרשיות איז צווישן די צוויי מיט אַ הונגעריקן עקזאַלטירטן משורר בנימינזאָן? און ווי האָט זיך געקאָנט אין דער דאָזיקער סבֿיבֿה פֿילן אַ טשעקאַווע בחור׳ל מיט פּוכקע בעקלעך, מיט בלאָנדע געקרײַזלטע האָר (נאָכן טיפֿוס האָבן די האָר גענומען וואַקסן בײַ אים, ווי גראָז נאָך אַ רעגן)? וואָס האָט דאָ געהאַט צו טאָן אַ בחור׳ל אין די יאָרן, ווען עס ציט אים גאָר אין דרויסן אַרויס, אין שטאָט-גאָרטן, אויפֿן שפּאַציר מיט חבֿרים, מיט האַלב באַקאַנטע מיידלעך? און האָד דאַרף מען זאָגן, אַז דאָס איז אַ זעלטענע אידיליע, אַן אומפֿאַרשטענדלעכע פֿרײַנדשאַפֿט, אַן אומבאַשרײַבלעכע אינטימיטעט, און דער שבת איז געווען אַ געווונטשענע באַגעגעניש, אויף וועלכער זיי האָבן אַרויסגעקוקט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג די גאַנצע וואָך. וואָס עמעצער פֿון די פֿיר האָט געהאַט עפּעס אַ גוטע זאַך צו זאָגן, צו באַווײַזן, צו דערציילן, האָט ער עס איבערגעלאָזט אויף שבת. בנימינזאָן דער משורר, וויפֿל ער האָט אייך נישט געמאַטערט אַ גאַנצע וואָך מיט זײַנע שירים, האָט ער די בעסטע פֿון זיי דאָך איבערגעלאָזט אויף שבת, נאָכן טיש. דאָס הייסט, עס רעדט זיך אַזוי „נאָכן טיש“. אין דער אמתן האָט ער אַרויסבאַווײַזן אַלץ, וואָס עס האָט זיך בײַ אים אָנגעזאַמלט פֿאַר דער וואָך, פֿ אַ ר ן טיש, ב ײַ ם טיש און נ אָ כ ן טיש.

דער קאַלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן איז שוין געווען אַ סך פּראַקטישער פֿון אים. אַז מען איז געקומען פֿון שול און דער טאַטע האָט אָפּגעזאָגט אַלץ, וואָס מען דאַרף, אָפּגעמאַכט קידוש און געגאַנגען זיך וואַשן, האָט ער, דער קאַלעקטאָר, אַרײַנקוקנדיק דורך די שוואַרצע ברילן אין טעלער אַרײַן, אַ זאָג געגעבן: „אַצינד וועט אונדז אונדזער משורר מסתּמא עפּעס זאָגן“. און דער משורר, כאָטש ער איז נעבעך גוט אויסגעהונגערט, וואָס מען האָט געקאָנט אַרויסזען פֿון זײַן כאַראַקטעריסטישן שלינגען, לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן, און דער קאַלעקטאָר דערווײַל פּאַקט אויף בײדע באַקן, טונקט די פֿרישע חלה אין דער שטאַרק געפֿעפֿערטער

פֿיש־יויך, פֿאַרטרינקט מיט אַ קליין קעלישעקל שטאַרקן בראָנפֿן און ווישנדיק אַ האַנט אָן אַ האַנט, טוט ער אַ זאָג מיט התלהבות: „אויסגע־צייכנט! עס לאָזן זיך אויס אַלע וועלטן!!“...

עס איז גאָר שווער געווען צו טרעפֿן, מיט וואָס לאָזן זיך ביי אים אויס אַלע וועלטן: מיט בנימינזאָגנס שירים? אָדער מיט דער געפֿעפֿער־טער פֿיש־יויך? אָדער מיטן קעלישעקל בראָנפֿן? אָדער מיט אַלע זאַכן אינאיינעם? יעדנפֿאַלס איז די שטימונג אַזאַ הויכע, אַז אפילו אַזאַ פּראָזאַאישע נשמה, ווי די שטיפֿמאַמע, הייבט זיך אויך אויף דעם דאָזיקן שבת אויף אַ האָר העכער און אויסגעשלייערט לכבוד שבת אין איר בער־דיטשעווער פּריזורקע, קוקט זי מיט אַ פֿריינדלעך אויג אויף די שבתדיקע אורחים און טרייבט זיי אונטער, זיי זאָלן שוין אַמאָל עפּעס עסן אויך און איבערלאָזן דאָס איבריקע ביסל רעדן אויף נאָכן עסן.

בכדי דאָס בילד זאָל זיין פֿאַרענדיקט און די אידיליע זאָל זיין נאָך מער בולט, מוז דאָ געזאָגט ווערן כאָטש אַ פּאָר ווערטער וועגן נאָך אַ לעבעדיקן נפֿש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף די שבתדיקע אורחים. דאָס איז געווען „פֿייגע־לאה די גבאיטע“. דער מחבר פֿון די דאָזיקע זכרונות האָט זי שוין געהאַט אַמאָל באַשריבן טאַקע אונטער דעם דאָזיקן נאָמען אויף אַן אַנדער אָרט (אינעם בוך „מאָטל פּייסי דעם חזנס“). דאָס איז געווען אַ קאַץ. און ווייל זי איז געווען אַ גראָבע, האָבן איר חברה אַ נאָמען געגעבן „פֿייגע־לאה די גבאיטע“. חברה האָבן געהאַט אַ שוואַכקייט צו קעצעלעך און פֿייגע־לאה האָט אַלע יאָר אַראָפּגעבראַכט אַ דור פֿון שיינע ראבע קעצעלעך. די קעצעלעך זענען אונטערגעוואַקסן, האָט מען זיי צעשענקט, צעוואָרפֿן און פֿייגע־לאה איז פֿאַרבליבן אַן אַלט־געזעסענע, אַן איינגעוואָרצלטע, אַ פֿאַרפֿונדרעוועטע, אַ קאַץ, וואָס פֿאַר־שטייט איר ווערט און לאָזט זיך נישט טרעטן מיט די פֿיס. אמת, קיין גרויסער מיוחס איז זי ביי דער שטיפֿמאַמע נישט געווען. געכאַפּט אַ שמיץ מיטן פֿוס, אַ בוכצע אין זייט אַריין, און אַמאָל מיט דער באַרשט איבערן קאָפּ — נאָר מיט וואָס איז זי מער צאַצקע פֿון דער שטיפֿמאַמעס איי־גענע קינדער? און דער שטיפֿמאַמעס קינדער באַגייען זיך מיט איר, מיט פֿייגע־לאהן, אויך נישט איבעריק קוצעניו־מוצעניו, טוען איר צום טויט, שלעפּן ביי איר אַוועק די קליינע קעצעלעך פֿון דער ברוסט און מוטשען זיי מיט סכנות־נפֿשות! ס'איז אָבער דערויף אויך פֿאַראַן אַ תירוץ (אויף אַלצדינג קאָן מען געפֿינען אַ תירוץ): פֿאַרוואָס זאָלן קינדער זיך באַגיין מיט אַ קאַץ בעסער, ווי זייער אייגענע מאַמע באַגייט זיך מיט אירע איי־

גענע קינדער?... אוודאי, ווען שלום איז געווען אַ היימישער, האָט ער אַכטונג געגעבן, מען זאָל פייגע-לאהן אומזיסט נישט באַליידיקן. איצט, אַז ער איז נאָר אַ גאַסט, קומט צו גיין איין מאָל אין וואָך, שבת, איז אים פייגע-לאה מקבל-פנים, ווי אַן אייגענעם, שטייט אויף, אַז ער קומט אַריין, בייגט אויס דעם רוקן, טוט זיך אַ רייב מיטן קאָפּ ביי זיינע פיס און ציט אויס אַ לאַנגן גענעץ און באַלעקט זיך. „וואָס איז דיר, פייגע-לאה?“ — טוט ער זי אַ גלעט איבערן קעפּל, אָנגעבויגן זיך צו איר אויף דער ערד. „מניאַ-אַו!“ — ענטפערט אים אָפּ פייגע-לאה מיט אַזאַ טאָן, וואָס דאַרף הייסן: „עט! אַבי מע לעבט און מען זעט זיך!“... — און הערט נישט אויף צו רייבן זיך אין זיינע פיס און צו מורליקען, קוקן ווי אַ זינדיקער מענטש און וואַרטן, מען זאָל איר עפּעס צווואַרפן.

— צער בעלי-חיים! — זאָגט דער קאָלעקטאָר מיט אַ זיפץ. טוט בנימין-זאָן אַ שלונג, אַ קוק אויף אַלע דריי און זאָגט, אַז ער האָט דערויף אַ שיר, הייסט עס: „ורחמיו על כל מעשיו“. און נישט געוואַרט ביז מען וועט אים בעטן, פאַרגלאַנצט ער די אויגן אַרויף און זאָגט דעם שיר.

.60

# די צעשטערטע האָפֿנונגען

די עקזאַמענס אויף דער נאָז. — ער בויט לופֿטשלעסער מיט זיין חבר אלי דאַרים. — „למנצח על השלישית“. — ער שרייבט אַ מליצה־בריוו צו ח"י גורלאַנד. — דער „קלוב“ אין דער „טאַבאַטשנע“. — ח"י גורלאַנד ענטפֿערט מיט אַ בריוו, און די לופֿטשלעסער צעפֿאַלן זיך.

די צייט איז געגאַנגען. קינדער וואַקסן. עס קומט אָן דער זומער, דער לעצטער זומער, ווען מען דאַרף ענדיקן דעם קורס. די עקזאַמענס זענען אויף דער נאָז. אָט נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי — ווערט מען פּטור פֿון דער „אויעזדנע“, וואָס האָט זיך שוין צוגעגעסן. דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע האָט קיינמאָל נישט געפֿילט קיין באַזונדערע סימפּאַטיע צו די קלאַסן. קיין קוואַל אויף צו שעפּן פֿון דאָרטן חכמה און וויסנשאַפֿט איז זי פֿאַר אים קיינמאָל נישט געווען. דאָס ביסל, וואָס ער האָט יאָ געכאַפּט, איז דאָס געווען ביכער פֿון דעם בוים, וואָס האָט געהייסן אין יענער צייט „השכלה“. ביכער, רוסישע און העברעישע, בלעטער, צייטונגען, זשורנאַלן — דאָס זענען געווען די פּירות, וואָס ער האָט געגעסן מיטן פֿולן מויל. אַ סך האָט אים מיטגעהאָלפֿן דער „קלוב“, די דעמאָלטיקע פּערעיאַסלאַווער אינטעליגענץ, מיטן קאָלעקטאָר, מיט בנימינזאָנען און מיט די געראָטענע אייניקלעך בראש, און דער אידעאַל איז געווען — אַ נאָלד פֿון די פּידוואָרקעס מיט זיין גרויסער ביבליאָטעק.

דאָס איינציקע, וואָס האָט אים געבונדן מיט דער „אויעזדנע“, איז געווען זיין חבר אלי דאַרים, וועלכן ער האָט באמת ליב געהאַט פֿאַר זיין לעבעדיקן כאַראַקטער און פֿאַר זיין קאָנען נאָכמאַכן און איבערקרימען אַלע לערערס, ווי אַן אמתער אַקטיאָר, אַ קאָמיקער. ביידע צוזאַמען האָבן זיי איבערגעקערט די וועלט. ביידע צוזאַמען האָבן זיי געלייענט ביכער, געלעבט אַ גוטן טאָג, געווען אָפּגעטיילט פֿון אַלע איבעריקע חברים, צום

מיינסטן פֿאַרשטאָפּטע קעפּ, פֿלעקער. אין דער צייט, ווען יענע האָבן זיך געגרייט צו די עקזאַמענס, געפֿיבערט, מורא געהאַט פֿאַר אַ דורכפֿאַל, האָבן די צוויי חברים, שלום ראַבינאָוויטש און אלי האָדיס, געמאַכט חוזק פֿון דער גאַנצער וועלט, געהאַט די עקזאַמענס אין דער לינקער פּאה. זומער־לעבן. אין דרויסן איז אַ גן־עדן. די בעסטע צייט אויף צו באָדן זיך אין טייך, אויף צו שיפֿן זיך אין אַ שיפֿל, העט־ווייט, אויף יענער זייט ברעג, אין הויכן גרינעם אָטשערעט. דאָרטן איז דאָ אַ לעוואַדע, אַ פֿעלד, מיט אַ סך ווייסע און רויטע מאַרגאַריטקעס באַשפּרענקלט. און ווייטער פֿון דער לעוואַדע גייט אַ וועלדל, טאַקע אַ גאַנצער וואַלד. לאָזן זיך לויפֿן איבערן גאַנצן פֿעלד, ביז צום וואַלד, אין איין אָטעם — איז נישט פֿון די קליינע זאַכן. ווער פֿון זיי, ער אָדער זיין חבר אלי, וועט קומען צו לויפֿן פֿריער? זיי בלייבן ביידע אָן אָטעם. טוט מען זיך אַ וואָרף אויפֿן גרינעם שמעקנדיקן גראָז. מיטן פּנים אַראָפּ ליגט מען און מען גראַבלט די פֿרישע רויע זאַמדיקע ערד, ווו עס קריכט אַ פֿליגעלע, שפּאַצירט אַ זשוקל, פּויזשעט אַ מוראַשקע, שלעפּט מיט די פֿעדערשטע פֿיסלעך אַ גאַנצן שטרוי, אַ שטיקל קאָרע, אַ נאָדל פֿון אַ בוים. ס'איז שטיל. אַ מאָדנע, הייליקע, אַ פֿאַרוויגנדיקע, אַ פֿאַרשלעפֿערנדיקע שטילקייט. זעלטן ווערט די שטילקייט געשטערט דורך אַ צוויטש פֿון אַ ריי שוועלבעלעך, וואָס טראָגן זיך דורך איבער די קעפּ — אַ סימן אויף אַ רעגן. אָדער עס דערהערט זיך אַ קוואַק פֿון אַ פֿאַריתומטער זשאַבע ערגעץ ווייט פֿון אָטשערעט אַרויס: קוואַ! — און ווערט אַנטשוויגן. אויך אַ סימן אויף אַ רעגן. כאָטש דער הימל איז ריין, קלאָר ווי זאַפֿיר. קיין שפּרענקעלע אויפֿן האָריזאָנט. עס פֿילט זיך אַ נאָענטע שייכות מיט אָט דעם וואַלד, מיטן פֿעלד, מיט די מאַרגאַריטקעס, מיט דער פֿרישער ערד און מיטן שמעקנדיקן גראָז און מיטן פֿליגעלע, מיטן זשוקל און מיט דער מוראַשקע, וואָס פּויזשעט, מיט די שוועלבעלעך, וואָס פֿליען און מיט די זשאַבעס, וואָס קוואַקען, און מיט דער גאַנצער נאַטור אַרום און אַרום — יעדע זאַך באַזונדער איז אַ חלק פֿון דער וועלט און אַלץ אינאיינעם מיט די מענטשן גענומען — דאָס איז איין וועלט, איין משפּחה, איין געזינדל. און דאָס ווימלט, און דאָס גריבלט, און דאָס ליאַרעמט, און דאָס טאַרעראַמט — עס איז אַ י אַ ר י ד, עס איז אַ וועלט, עס הייסט „לעבן“. ביידע יונגע חברים פֿילן זיך גוט אין דער דאָזיקער וועלט, ביידע זענען צופֿרידן פֿון זייער לעבן, זאַט מיט זייער פֿאַרגאַנגענהייט, קאָנטענט מיט זייער היינט און דערוואַרטן נאָך מער פֿון דעם, וואָס וועט זיין, פֿון דעם, וואָס

קומט. זיי פירן אַ לאַנגן, שטילן, רואיקן געשפּרעך. אַ געשפּרעך, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און האָט נישט קיין סוף. דער גרעסטער טייל פון זייער געשפּרעך דרייט זיך אַרום דעם, וואָס זיי שטייט פאָר: וואָס וועט ווייטער זיין? און מען לייגט פאָר פּלאַנען און מען בויט לופט־שלעסער, און מען שטעלט זיך פאָר אַ זיס פּילפאַרביק לעבן, וועלכעס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער פאַנטאַזיע פון יעדן יונגן מענטשן און וועלכעס גיט זיך קיינמאָל קיינעם נישט איין אויף דער ערד...

מען קאָן אָבער דאָ אַזוי לאַנג נישט פאַרברענגען. די צייט שטייט נישט. עקזאַמענס איז פאָרט נישט קיין שפּילעכל. זיי זענען טאַקע די ערשטע און די בעסטע אין קלאַס, נאָר אַ קשיא, וואָס סע מאַכט זיך? עס קאָן זיך אַמאָל טרעפן, אַז דער בעסטער זאָל דורכפאַלן. נאָר איין מענטש איז געווען געזיכערט — און דאָס איז געווען דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן. „וואָס מיר עקזאַמענס? ווען מיר עקזאַמענס? מען שטעלט זיי אַ פייג!“ — אַזוי האָט געטענהט דער קאָלעקטאָר, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך די דאגות פונעם קונדס מער ווי זיין אייגענער פאָטער. און דעריבער האָט זיך קיינער אַזוי נישט דערפרייט ווי דער קאָלעקטאָר, מיט דער גוטער בשורה, וואָס שלום האָט איינמאָל געבראַכט צו טראָגן אַהיים, אַז ער און זיין חבר אלי דאָדיס זענען פון עקזאַמען אינגאַנצן באַפרייט.

— דאַנקען גאָט! מיר זענען פריי! פריי פון עקזאַמענס! מיר וועלן הוליען!... — אַזוי האָט געזאָגט דער קאָלעקטאָר.

און פאַר גרויס שמחה האָט דער קאָלעקטאָר אין דעם אייגענעם טאָג, אויף דער נאַכט, געבראַכט צו טראָגן צום „קונדס“ אויף דער קוואַרטיר אַ הערינג מיט צוויי פּראַנזלען, און אין קעשענע — אַ פלעשל בראָנפן, און אינדרייען, מיטן משורר בנימינזאָן, האָט מען געגעבן אַ לעב אונטער, ווי גאָט האָט געבאָטן. אויף בנימינזאָנען איז אָנגעפאַלן, ווי ער אַליין האָט געזאָגט, דער רוח הקודש, און ער האָט אויפן אָרט אָנגעשריבן אַ שיר:

„למנצח על השלישית מזמור שיר“...

„על השלישית“ — מיינט מען דאָס די דריי קלאַסן, וואָס שלום האָט געענדיקט. און איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה: וואָס טוט מען ווייטער? וואָס וועט זיין דער תכלית? ער זענען אַרוים אויף דער כציענע אַלע אונדזערע אַלטע באַקאַנטע פאַרשוינען: ביידע געראָטענע אייַדעמס, אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס, די אַלע איבעריקע פריינד און גוטע פריינד, יעדער מיט אַן אַנדערער עצה: גימנאַזיע, ראַבינער־שול, אוני־

ווערסיטעט, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן... דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער: אַזוי פיל וועגן, פּראָפעסיעס, פּרנסות — אַז דער קאָפּ דרייט זיך!

פון אַלע פּראָיעקטן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם זשיטאָמירער לערער-אינסטיטוט, ווו מען האָט צוגעזאָגט אַריינצונעמען אויף „קאַזיאָני שטשאָט" ביידע אויסגעצייכנטע תּלמידים — שלום נחום ראַבינאָוויטשעס און זיין חבר אלי דאַדיס. עס זענען שוין וועגן דעם אַוועקגעגאַנגען פּאַפּירן קיין זשיטאָמיר, צום דירעקטאָר פון אינסטיטוט, ה"י גורלאַנד. ליתר בטחון האָט שלום צוגעלייגט צו די פּאַפּירן פון זיך אַליין אַ בריוו אויף העברעיש, איז זייער אַ שיינער מליצה-שפּראַך — צו באַווייזן דעם דירעקטאָר גורלאַנדן, אַז ער האָט צו טאָן נישט מיט קיין יינגעלע און דער קאָלעקטאָר איז געווען מלא גדולה:

— ברוך שפּטרני! — האָט ער געזאָגט און אויסגעווישט מיט דער נאַסער פּאָלע די שוואַרצע ברילן (אָן די ברילן זעט אויס דעם קאָלעקטאָרס פּנים ווי געשוואָלן, און די אויגן ווי קישעלעך). — דער קונדס איז שוין אַ באַוואָרנטער. וואָלט איך שוין האָבן אַזאַ דאגה מיט פּרנסה, ווי איך האָב אַ דאגה מיט אים. וואָס ער זאָל שוין נישט זיין, אַ ראַבינער אָדער אַ לערער — אַ מענטש וועט ער שוין זיין, דאָס איז זיכער! און פון פּריזיוו זענען מיר אויך באַוואָרנט. קאַזיאָנע לערערס און קאַזיאָנע רבנים דינען נישט. איצט בלייבט איבער נאָך אַ שיינע כלה פון אַ לייטיש אָרט מיט אַ פופצן-הונדערט קרבונים נדן, וועט זיין, ווי זאָגט איר, הי געלעבט! הייסט זשע, רב נחום, דערלאַנגען אַ ביסל „צערקאָווניע כשר לפּסח"...

לאָזט זיך אויס, אַז דער קאָלעקטאָר האָט זיך צו פרי משמח געווען. און אָט וואָס עס האָט זיך געטראָפן.

די אַלע פּרנסות, וואָס נחום ראַבינאָוויטש האָט זיך מיט זיי פאַרנומען, זענען סוף-כל-סוף געווען נישט גענוג אויף צו לעבן. האָט זיך געפונען אַ רייכער בעל-הגוף, אַ גוי מיטן נאָמען זאַכאַר געסטאָראָוויטש, וואָס האָט געהאַלטן פון ראַבינאָוויטשן איין עולם ומלואו און האָט אים אָפּגעטראָטן אַ קלייט מיט אַ קעלער אין סאַמע פּראָנט פון זיין גרויסן מויער און דאָרט האָט ער אים געעפנט אַ געשעפט פון טאַבאַק, גילזעס און פּאַפּיראָסן, און אויך דעם ווײַנשענק „ראַזניך ווין יוזשנאָהאָ בערעגאַ" האָט מען אַריבערגעטראָגן אַהער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן פּרנסה בשפע. דאָס הויז פון נחום ראַבינאָוויטש איז, ווי איר געדענקט, תּמיד געווען אַ בית-ועד, אַ קלוב פון משכילים און גלאַט יונגעלייט. איצט איז

דער קלוב געוואָרן נאָך לעבעדיקער און מער באַזוכט פון פריינד און גוטע פריינד און גלאַט קונים. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל פרייע צייט, געוואָלט זען זיך מיט אַ מענטשן, וויסן, וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט — דער איז זיך דורכגעגאַנגען אין דער „טאַבאַטשנע" רויכערן אַ פאַפיראָס און רעדן אַ וואָרט.

איינמאָל האָט זיך אין „קלוב" אָדער אין דער „טאַבאַטשנע", צונויפגעזאמלט די גאַנצע סמעטענע פון דער פּערעיאַסלאָווער אינטעליגענץ. דאָרט זענען געווען אַלע אונדזערע באַקאַנטע פּאַרשוינען: יאָסי פּרוכשטיין, ביידע געראָטענע איידעמס, אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס, און פאַרשטייט זיך, דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן און בנימינזאָן דער משורר און זייער יונגער פריינד דער קונדס האָבן אויך נישט געפעלט. עס איז געווען זייער אַ לעבעדיקער שמועס, און אַלע מינוט האָט אויסגעשאָסן אַ הילכיקער געלעכטער. דעם געלעכטער האָט אַרויסגערופן איינער פון די געראָטענע איידעמס, לייזער־יאָסל. ער האָט געפאָדערט פון יעדן איינציקן אַ קליינינקייט: ער זאָל מוחל זיין געבן צו פאַרשטיין דעם פּשט פון דעם וואָרט „מאַסיוו", נאָר אָן הענט. און אַזוי ווי עס איז אַן אוממעגלעכקייט, אַז אַ ייד זאָל קאָנען געבן צו פאַרשטיין אַזאַ זאַך אָן הענט, האָט יעדער איינער אויף זיין אופן באַוויזן מיט די הענט, וואָס באַדייט דאָס וואָרט „מאַסיוו". און אָט דערפון זענען דאָס געפלויגן די דאָזיקע געלעכטערן.

נאָר פּלוצעם, סאַמע אין רעכטן מיטן לאַכן, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער בריוו־טרעגער מיט אַ פּאַקעט — „זאַקאַזנאָיע". אויפן קאָנווערט שטייט אויף רוסיש מיט גרויסע אותיות: „קאַנצעלאַריאַ זשיטאָמירסקאָווא קאַזיאָנאָווא יעווריסקאָווא אוטשיטעלסקאָווא איסטיטוטאַ".

— אַהאַ! דאָס איז פון אים, פון ה״י גורלאַנדן!

מען האָט געעפנט דעם פּאַקעט און מען האָט איבערגעלייענט אַ בריוו פון דעם דירעקטאָר ה״י גורלאַנד. אין בריוו איז געשטאַנען: „אַזוי ווי אין אינסטיטוט האַרף מען לערנען פיר יאָר, און אַזוי ווי פון די פּאַפּירן און פון די מעטריקעס איז צו זען, אַז דער באַזיצער פון זיי איז געבוירן געוואָרן אין דעם 18־טן פעווראַל, 1859, קומט אויס, אַז אין דעם יאָר 1880, דאָס הייסט, אין דריי יאָר אַרום שוין, אין אָקטאָבער, וועט ער זיך דאַרפן שטעלן צום פּריזיוו. דאָס הייסט, מיט אַ יאָר פריער, איידער ער וועט ענדיקן דעם גאַנצן קורס פון דעם לערער־אינסטיטוט".

ווי אַ באָמבע, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג, איז געווען די דאָ=

זיקע ידיעה. צום אַלעם ערשטן האָט מען זיך גענומען שפּאַרן און לערנען דעם פּשט פון דעם בריוו: מאי קא משמע לן — וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערן? און פאַרוואָס האָט ער נישט אויסגעפירט, טאַקע אָט דער ח״י גורלאַנד, דעם היוצא־לנו־מזה? און טאָמער איז פאַראַן עפּעס אַן עצה, אַ דריידל, אויף אַרויסדרייען זיך פונעם האָזיקן פּלאָנטער? ס'איז אָבער אומזיסט געווען דאָס שפּאַרן זיך מיטן דעבאַטירן. אַלע האָבן אַרויסגעזען, ווי צוויי מאָל צוויי, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול — די שאַנסן אויף אַריינצוטרעטן אין אינסטיטוט זענען פאַרלוירן. די מעטריקעס קאָן מען שוין נישט איבערמאַכן. און ח״י גורלאַנד איז נישט אַזאַ מענטש, וואָס מען מאַכט מיט אים דריידלעך. פאַרפאַלן!

דער העלד פון די דאָזיקע באַשרייבונגען שטעלט זיך פאָר יענע צייט אַלס זיין איבערגאַנגס־עפּאָכע פון איין וועלט אין דער אַנדערער. עס האָט באַדאַרפט אויסגעוויילט ווערן אַ וועג, וווהין צו גיין, אויסגעאַרבעט ווערן אַ פּלאַן, וואָס צו טאָן, און באַשטימט ווערן, אַזוי צו זאָגן, אַ פּראָגראַם שוין אויפן גאַנצן לעבן. צווישן אים און זיין חבר אלי האדים איז שוין לאַנג געווען אַן אָפּגעמאַכטע זאַך, ווי אַזוי מען וועט ביידע איינאיינעם פאָרן קיין זשיטאָמיר, ביידע וווינען אין איין צימער, ביידע לערנען, שפּאַצירן, באָדן זיך, שיפן זיך... און אַז עס וועלן קומען „קאַניקולן“, וואַקאַציעס, וועט מען פאָרן ביידע אַהיים — און אַד! ווי זיי וועלן דאָס איבעראַשן זייערע געוועזענע חברים מיט זייער זשיטאָמירער אוניפאָרם, זיך האַלטן פון זיי פונדערווייטנס און חעדן פון פּושקינען און לערמאָנטאָוון, פון בייראָנען און פון שעקספּירן, הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלן הערן און וויסן, אַז דאָס רעדן נישט קיין פּאַרכעס... די חברים וועלן דאָס הערן און שטוינען, מקנא זיין. מיידלעך וועלן זיך רויטלען, דרייען אַרום זיי, כלומרשט פאַריכטן די הענטשקעלעך, וואַרפן מיט אויגעלעך, וועלן זיך וועלן באַקענען נעענטער — קורץ, דאָס וועט זיין אַ גן־עדן!

און מיט אַ מאָל האָט זיך פון די אַלע חלומות אויסגעלאָזט אַ טייך. אויס זשיטאָמיר! אויס לערער־אינסטיטוט! אויס באָדן זיך, שיפן זיך! אויס וואַקאַציעס! אויס חברים! אויס מיידלעך! אויס גן־עדן! אויס קאַריערע! און דאָ דעם טאַטנס פּנים — אַ רחמנות אַ קוק צו טאָן. געל ווי וואַקס. נייע קנייטשן, נייע זאָרגן, נייע זיפצן: „געוואַלד, וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?“... בנימינזאָן דער פּאָעט פילט זיך נישט גיט. ער וויל ברענגען אַ טרייסט כאָטש מיט אַ נייעם שיר, נאָר — אוי־וויי! עס זינגט זיך נישט!

דעם קאָלעקטאָר זעט מען עפּעס נישט. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל געהאַט באַוויזן אויף אַ פּאָר מינוט, געזאָגט, אַז ער האָט עפּעס זייער אַ גוטן פּלאַן פאַרן קונדס, וואָס וועט אים פאַרזאָרגן אויפן גאַנצן לעבן מיט קינדער און קינדס־קינדער, נאָר ער האָט איצט זייער קיין צייט נישט. און ער איז אַוועק. און פון דעמלט אָן הערט מען נישט פון אים א.., מען זעט נישט.



י. ד. בערקאָוויטש, שלום־עליכם און ראובן ברײַנין (מאָנטרעאַל, 1915)

## .61

# דער סוף פון דער אידיליע

ווער איז געווען דער קאָלעקטאָר? — דריי רובל מיט „גראַמאַטיקע“ אויף יום־טוב. — דעם קאָלעקטאָרס טויט. — די לויה. — „געווען אַ מאָדנער מענטש“. — דער משורר בנימינזאָן פאַרשווינדט און ווערט מגולגל אין אַמעריקע.

גישטאָ קיין אייביקע זאַך אויף דער וועלט. געקומען אַ סוף צו דער אויבנבאַשריבענער אידיליע. איינער פון די אויסגערעכנטע פריינד איז אַוועק פאַר דער צייט, און באַלד נאָך אים דער אַנדערער און די כנופיה איז צעפאַלן געוואָרן. דעם ערשטן פעטשאַטעק האָט געמאַכט אונדזער אַלטער באַקאַנטער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן און מיט די גרויסע טיפע גומענע קאַלאָשן, און נאָך אים האָט זיך אין גיכן אָפּגעטראָגן אויך דער משורר בנימינזאָן.

ווער איז געווען, אייגנטלעך, אָט דער ייד דער קאָלעקטאָר? פונוואַנען האָט ער זיך גענומען? ווו און ווען האָט ער געהאַט אויף דער דאָזיקער וועלט? פון וועמענס וועגן האָט ער געהאָרעוועט דאָס גאַנצע לעבן? טאָג־איין טאָג־אויס זיך געטיאָפּקעט אין דער בלאָטע, געשוויצט און אַרויסגעקוקט אויפן גרויסן געווינס? — דאָס זענען זאַכן, וואָס ס'איז שווער אויף זיי צו געבן, מער אָדער ווייניקער, אַ קלאָרע תשובה. עס געדענקט זיך נאָר, אַז ער האָט אָפּטמאָל געבעטן ביי זיין יונגן פריינד, ביים „קונדס“, ער זאָל זיך מטריח זיין אויף אַ ווײַלע אָנשרייבן מיט זיין שיין הענטל אויף רוסיש אַן אַדרעס. דעם אַדרעס האָט ער אַזוי דיקטירט: „מיעסטעטשקאָ פאָגאָסט, פינסקאָוואָ אויעזדאַ, מינסקאָי גובערני, גאָספאָזשאַ פריידקאַ עטקאַ...“

— גאָספאָזשע פריידקע עטקע. — פאַרריכט אים דער קונדס על פי גראַמאַטיקע און דער קאָלעקטאָר דיקטירט ווייטער:

— סא וואָזשעניעם טרי רובליאַ.

— טריאָך רובליי. — פאַרריכט אים ווידער אַמאָל דער קונדס על־פּי גראַמאַטיקע.

— צו וואָס גראַמאַטיקע? — שפּאַרט זיך דער קאָלעקטאָר. — דאָרט דאַרף מען נישט קיין גראַמאַטיקע אויף יום־טוב, דאָרט קוקט מען אַרויס אויף געלט...

נישט אומזיסט גייט ביי אונדז אין וואָלין אַ שפּריכוואָרט, אַז אַ ליטוואַק פאָרט אַוועק אויף זיבן פּסחן פון דער היים און פאַרגעסט דעם זיי־געזונט. דער קאָלעקטאָר האָט געהאַט אַ טבע — אַוועקגיין אויף אַ ווייַלע און פאַרפאַלן ווערן אויף אַ צייט, און וויפל איר זאָלט אים דערנאָך נישט מוטשען, ווו ער איז געווען — וועט איר קיינמאָל נישט דערגיין ביי אים קיין טאָלק: „נישט געווען — אַ דאגה האָט איר!"

אויך איצט איז דער קאָלעקטאָר פאַרשוווּנדן געוואָרן און קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו ער איז.

איינמאָל — דאָס איז געווען נאָך אין דער פרי, שלום איז געזעסן ביי זיך אויף זיין קוואַרטיר, געמאַכט מיט זיינע תלמידים די אוראָקן — עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ גאַסט — דער טאַטע! שלום האָט זיך דערשראָקן: „וואָס האָט זיך געטראָפן?" — גאָרנישט. דער קאָלעקטאָר איז נישט געזונט. מען דאַרף זיך דורכגיין צו אים. מבקר חולה זיין...

אויפן וועג ווערט ער געוווּיר פון דעם טאַטן אייגנצלהייטן, אַז דער קאָלעקטאָר איז, אייגנטלעך, שוין לאַנג נישט מיט אַלעמען. נאָר די לעצטע צייט איז ער שוין גאָר ערנסט קראַנק. וואָס ווייטער ווערן די אייגנצלהייטן אַלץ טונקעלער און געדיכטער. עס לאָזט זיך אויס, אַז ער איז געפערלעך קראַנק. „אַ סברה, אַז ער האַלט זייער שמאָל. דאָס הייסט, ער וויל זאָגן, אַז דער קאָלעקטאָר איז פאַרביי"... און אַזוי רעדנדיק, קומען זיי צום שול־הויף.

דער שול־הויף איז באַגאָסן מיט די שטראַלן פון דער ברענענדיקער זון אין די לעצטע זומערדיקע טעג. אַ גאַנצע כאַליאַסטרע יידישע קינדער, האַלב־נאַקעטע און גאַנץ־באָרוועסע, שפּילן אין פערדלעך און פילן אָן דעם שול־הויף מיט הילכיקע קולות פון זייערע יונגע געזונטע העלדזער. עס איז אַ לעבן און אַ פרייד אויף דער יידישער גאַס. די לופט, ווי ס'זאָל דאָ נישט זיין ענג און געשטיקט, איז דאָך אַ מחיה. ווו־נישט־ווו וואַרפט זיך דורך אַ ביימל, שלאָגט זיך דורך און קוקט אַרויס אַ גרעזל. די אויסגע־

גאַסענע פּאַמעניצע שלאָגט צו דעם שטויב, וואָס די קינדער (די פערד־לעך) האָבן אויפגעהויבן מיט זייער לויפן. עס איז פאַרט זומער, מען איז פאַרט אין דרויסן און עס איז פאַרט גוט אויף גאָטס וועלט!

— אָט דאָ וווינט דער קאַלעקטאָר — רופט זיך אָן דער מאַמע און ביידע לאָזן זיך אַראָפּ אין אַ מין קעלער, אָדער אַזוי אַ פינצטערער גרוב, האַלטן זיך אָן ביי די נאַסע ווענט, עפענען אויף אַ טיר מיט אַ גרויסער שווערער אייזערנער קליאַמקע און פאַר זייערע אויגן באַווייזט זיך אַזאַ מין בילד:

אויף דער הוילער ערד, מיט שוואַרצן איבערגעדעקט, ליגט עפּעס אַ זאַך, און מיטן קיילעכיק פאַרשפּיצט. צוקאָפּנס, ביי דער זאַך, צאַנקען צוויי ליכט, אַריינגעשטעקט אין צוויי פלעשלעך פון פאַרשידענער גרייס און פאַרשידענער פאַרב. פון יענער זייט ליכט, אויף אַ בענקל, אין מיטן שטוב, זיצט עפּעס אַ ייד אַ שמש מיט אַ קאַלטונעוואַטער באָרד און מיט אַ צעפּליקטער קאַפּאָטע. ביי דער רעכטער זייט, ביי דער וואַנט, שטייען פּאַריטומט, איינס נעבן דאָס אַנדערע, ווי אַ צווילינג, אַ פּאָר אַלטע טיפע צעריסענע גומענע קאַלאָשן און אויפן ביישטיבל פונעם איין־און־איינציקן פענצטער וואַלגערן זיך אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע ברילן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם זעלבן טאָג איז געווען די לויה. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַרא לויה האָט דאָ געקאָנט זיין, אַז דער געשטאָרבענער איז, ערשטנס, אַ ייד אַן אָרעמאַן — ווער קען אים און ווער ווייסט אים? און, צווייטנס, האָט ער געהאַט אַ שם אין שטאָט פון אַ שטילן אפּיקורס. נאָר אַזוי ווי אין זיין אַרויסבאַגלייטן האָבן זיך מתעסק געווען אַזעלכע יידן, ווי רב נחום ראַבינאָוויטש, יאָסע פּרוכשטיין, ביידע געראָטענע איידעמס און אַרנאָלד פון די פּידוואַרקעס איז אויך געקומען — דאָס איז געווען די ערשטע, אויב נישט די איינציקע לויה, וואָס אַרנאָלד זאָל זיין דערביי — האָט זיך די שטאָט פאַראינטערעסירט און קוקנדיק איינער אויפן אַנדערן, האָט דער עולם גענומען קלייבן זיך און וואַקסן און וואַקסן — און ס'איז געווען גאָר אומגעריכט אַ לויה אַ גרויסאַרטיקע, אַן אימפּאָזאַנטע. אַרע־מעלייט האָבן דערשמעקט אַ „פעטע" לויה, זענען זיך צונויפגעקראָכן קאַליקעס פון אַלע ווינקעלעך, געשלעפּט פאַר די פאָלעס, געמאַכט גע־וואַלדן, פאַרוואָס מען טיילט קיין געלט נישט פאַר דער מטה. עס איז

שווער געווען איינצורעדן זיי, אַז עס איז געשטאָרבן אַ ייד אַן אביון גלייך מיט זיי.

— פאַר וואָס זשע קומט אים אַזאַ לויה? — האָבן זיי געטענהט. — אַז קיין גביר נישט און קיין רב, ווי מען זעט אויס, אויך נישט, היינט וואָס איז מיט אים דער יחוס?...

די זון האָט נאָך געהאַלטן אין רעכטן בראָטן, אַז מען האָט אַרויסגעטראָגן די מטה, מיט שוואַרצן איבערגעדעקט, פון פינצטערן קעלער אַרויס. דער שול־הויף און די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרפלייצט, שוואַרץ פון מענטשן. קיינער האָט אָבער קיינעם נישט גערופן. מען איז אַליין געקומען. קיינער האָט נישט געוויינט, נאָר זיפצן האָבן זיך געלאָזט הערן. קיינער האָט קיין הספד נישט געמאַכט, קיין קריעה נישט געריסן, קיין קדיש נישט געזאָגט, קיין שבעה נישט געזעסן. נאָר שבחים האָבן זיך געהערט, געטראָגן אין דער לופטן: „אַ ווילער ייד געווען“... „נישט קיין צדיק, נאָר אַ ווילער, גוטער מענטש“... „אויסגעהאַלטן אַ שטאָט מיט אָרעמעלייט“... „וויפל ער האָט פאַרדינט — אַוועקגעגעבן“... „דעם לעצטן בּיסן“... „זיך מפקיר געווען פון יענעמס וועגן“... „געריסן פון טויטע און פון לעבעדיקע צוליב קראַנקע אַלטע יידן“... „פיינט געהאַט מען זאָל אים דאַנקען“... „קיינמאָל נישט גערעדט פון זיך, נאָר יענעם אין זינען געהאַט“... „געווען אַ מאָדנער ייד“... „נישט קיין מאָדנער ייד, נאָר אַ מאָדנער מענטש“... „יאָ, אַ מענטש איז דאָס געווען“...

דאָס איז געווען אַ שטילע, נאָר אַ שיינע לויה. עפּעס האָט זיך געפילט אַ באַפרידיקונג. אַ דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס מענטשן צאָלן אָפּ, אויב נישט פאַרן לעבן, איז כאָטש נאָכן טויט, כאָטש וויפל ס'נישט איז, כאָטש אַ טראָפן כבוד פאַר אַזוי פיל יאָר פיין און ליידן, צער, מאַטערניש, און ביטערניש. ס'איז נאָר אַ ווייטיק, וואָס ער אַליין, דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילן, קאָן נישט אויפשטיין כאָטש אויף אַ מינוט, כאָטש אויף אַ רגע, אַ קוק טאָן אויף דעם כבוד, וואָס ער האָט... און אפשר — ווער ווייסט? וואָס ווייסן מיר?... און עס פלאָנטערן זיך מחשבות און געדאַנקען פון „השארת־הנפש“, אין וועלכן דער נפטר האָט געגלויבט, כאָטש ער האָט געשמט פאַר אַן אפיקורס. אפשר גייט אָט־דאָ זיין נשמה נאָך דער מטה גלייך מיט אונדז און ווייסט מער פון אונדז, אַ סך, אַ סך מער?... ווער ווייסט? ווער ווייסט?...

וואָס ווייטער ווערט דער עולם שיטערער. ביזן בית־עולם זענען געבליבן נאָר די סאַמע נאָענטע פריינד. דער גאַנצער „קלוב“. אַן אָרט האָט

מע אים אָפּגעגעבן אַ באַשיידנס, ווי ער אַליין. אין אַ זייט האָט מען אים באַהאַלטן, אַ בערגל ערד האָט מען אויפן פרישן קבר אָנגעשאָטן. און מען איז זיך צעגאַנגען. קיינער האָט נישט געוויינט. קיינער האָט קיין הספּד נישט געמאַכט, קיין קדיש נישט געזאָגט, קיין שבֿעה נישט געזעסן. די ערשטע צייט האָט מען נאָך פון אים אין „קלוב" אַ פּאָר מאָל גערעדט. דערנאָך האָט מע אויפגעהערט פון אים צו רעדן — און פאַרגעסן.

גאָר אין גיכן נאָך דעם איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אויך בנימינזאָן דער משורר. אַ שטיק צייט האָט מען נישט געוווּסט, ווו ער איז אַהינגעקומען. דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער איז אין קיעוו. און אַ צייט אַרום האָט זיך דער נאָמען בינמינזאָן געלאָזט הערן אין דער גרויסער „מלחמה", וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן די „חכמי קיעוו", מיט וועלכע מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך. זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערן אינאיינעם מיט די נעמען פון משה־אהרן שאַצקים, יצחק־יעקב ווייסבערג, דובזעוויטש, דאַרעווסקי. און נאָך גאָר שפּעטער איז אַרוים אַ סלוך, אַז בנימינזאָן איז מגולגל געוואָרן אין אַמעריקע און אַז ער איז דאָרטן אַ רעווערענט און איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אָלל־רייט.

און אָט אַזוי איז נתפּחדה והחבֿילה געוואָרן, צעשלאָגן געוואָרן די בנופֿיה, צעשטערט געוואָרן די זעלטענע גוט־פריינדשאַפט. אוים אידיליע.

.62

# אַ האַלב יאָר נע־ונד

עלנט און פאַריתומט. — „דער ייד פון די שמויסן“. — ער לאָזט זיך אַוועק אין דער וועלט אַריין זוכן גליק. — נישט אייביק איז מען אַ גאַסט. — קאָנ־קורענץ פון מיידלשע שרייבערס און קליינשטעטלדיקע קנאה־שנאה. — אברהם דער כלי־זמר. — אַ מין סטעמפעניו. — ער אנטלויפט פון דער „וועלט“ צוריק אַהיים.

פאַרלוירן אַזעלכע צוויי נאָענטע גוטע פריינד, ווי דער קאָלעקטאָר און בנימינזאָן, האָט דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך געפילט פאַריתומט. נאָך מער עלנט האָט ער זיך דערפילט, ווען זיין איינציקער איבערגעבליבענער חבר אלי איז אַוועקגעפאָרן קיין זשיטאָמיר. דאָ, האָט זיך, נישט ווילנדיק, צוגע־מישט אויך אַ געפיל פון קנאה. ער האָט געוווסט גאַנץ גוט, אַז ס'איז אַ מיאוסע מדה, נישט קיין ריין געפיל. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אַז עס האָט אים פאָרט פאַרדראָסן — פאַרוואָס קומט זיין חבר אַזאַ גליק און אים נישט? מיט וואָס איז ער שולדיק, וואָס ער האָט זיך געכאַפּט געבוירן ווערן מיט אַ פּאָר חדשים פריער? איבער אַזאַ נאַרישקייט זאָל ער פאַרלירן זיין קאַריערע? פאַרשפּילן דאָס גאַנצע לעבן? ער האָט באַ־האַלטן דאָס פּנים אין קישן און לאַנג און שטאַרק געוויינט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער הימל איז צו דער ערד געפאַלן און די גאַנצע וועלט האָט זיך אים אויסגעוויזן פינצטער־חושך. נאָר צו וועלכער מכה איז נישטאָ קיין רפואה? דער בעסטער דאָקטאָר איז די צייט.

מיר וועלן בעטן דעם לעזער זיך מטריח זיין מיט אונדז צוריק צו דער אַמאָליקער אכסניה, וואָס די ראַבינאָוויטשעס האָבן געהאַלטן און צו אירע שטענדיקע אורחים. צווישן זיי איז געווען נאָך איינער אַ שטענדי־

קער אורח. ער האָט געהייסן מיט אַ מאָדנעם נאָמען: „דער ייד פו די שמויסן“. ער האָט געהאַנדלט מיט שמויסן (שאָפּן־פעל). די שמויסן האָט עס עקספּעדירט צו זיך אין דער גאַרבאַרניע. דאָרט האָט מען די שמויסן געריייניקט, געפּאַרבט, אויסגעאַרבעט און געמאַכט פון זיי גוויישע היטלען און פּעלצן. אַז דער ייד פון די שמויסן איז געקומען צו פאָרן, האָט מען דאָס געקאָנט הערן אויף דער צווייטער גאַס. אַזוי שאַרף איז געווען דער ריח פון די שמויסן, אַז די גאַנצע שטוב האָט די ערשטע צייט געהאַלטן אין איין ניסן. דערנאָך זענען ביי אונדז אַלעמען פאַרלייגט געוואָרן די נעזער און מען האָט שוין נישט געהערט קיין שום ריח.

דערפאַר אָבער איז ער אַליין, דער ייד פון די שמויסן, געווען אַ ליבער מענטש. אַ פּראָסטער, אַ גוטער, אַן אָפּנהאַרציקער. און גערעדט האָט ער מיט דער „סין“. אַ גראָבער יונג איז ער אויך געווען אַ גוטער און האָט ליב געהאַט דאַווענען הויקא הויך, אויף אַ קול. אַז ס'איז געקומען שבת צום קידוש־מאַכן, האָט ער גענומען דעם כוס אין דער האַנט, צוגעמאַכט די אויגן און אויסגעשריגן אויף אַ קול:

„יום הסיסי ויכולו הסמים...“

האָבן חברה קליינוואַרג זיך באַהאַלטן אונטערן טיש. דער ייד פון די שמויסן האָט געוווּסט, אַז דאָס לאַכט מען פון אים, נאָר ס'זאָל אים אָנהייבן אַרן!

— סקצים! עכברוסים! מאָר מען לאַכן פון אַן עלטערן מענצן? גאָט וועט אייך סטראָפן, סאַרלאַטאַנעס!...

דאָס האָט אַרויסגערופן נאָך אַ גרעסערן געלעכטער. עס האָבן גע־לאַכט גרויס און קליין און ער אַליין האָט אויך געלאַכט.

אָט דער ייד פון די שמויסן האָט אַ סך מיטגעהאָלפן, אַז דער פאַר־פּאַסער פון די דאָזיקע באַשרייבונגען זאָל פאַרלאָזן זיין געבורטס־שטאָט און זיך אַוועקלאָזן אין דער וועלט אַריין זוכן גליק. און אַוועקגעלאָזט האָט ער זיך, נישט חלילה, קיין אַמעריקע, קיין לאָנדאָן, אָדער קיין פּאַריז און נישט אפילו קיין אָדעס, קיין וואַרשע, אָדער קיין קיעוו. נאָר גאָר נישט ווייט פון פּערעיאַסלאַוו, אין אַ קליין שטעטעלע, קיין רזשישטשעוו (קיע־ווער גובערניע). „ביי אים אין רזשישטשעוו — אַזוי האָט געזאָגט דער ייד פון די שמויסן — איז נישטאָ קיין לערערס. מען וועט אייער זון דאָרט אָפּגילטן! ער אַליין האָט קינדער, זיבע פריינד און באַקאַנטע האָבן קינדער, וואָס ווילן לערנען און קיין לערערס איז נישטאָ, כאָטש צי זיך אויס און שטאַרב!“

— גלויבט מיר, בנאמנות, אַז אייער זון וועט ביי מיר זיין, ווי אַן אייגענער, דאָס סוואַרצאַפּל פונעם אויג!...

הקיצור, ער האָט אַריינגעגעבן אי דעם פּאָטער, אי דעם זון אַזויפיל השק, אַז ס'איז געווען שווער בייצושטיין דעם נסיון און נחום ראַבינאָוויטש האָט גענומען דעם זון און האָט זיך אויפגעזעצט מיט אים אויפן פּאַראָכאָד און איז אַוועק קיין רזשישטשעוו.

פאַרפאָרן איז מען גלייך צו דעם יידן פון די שמויסן און מען איז געווען אַזעלכע געסט, אַז מען האָט דעם ערשטן טאָג גאָרנישט געוווסט, וו זיי אַוועקצוזעצן און וואָס מען זאָל מיט זיי טאָן. דעם בעל־הבית אַליין האָבן זיי געטראָפן ביי דער אַרבעט — סאָרטירן די שמויסן — אין אַ לייבל, אָן אַ קאַפּאָטע און באָרוועס. דערזען אַזעלכע געהויבענע געסט, האָט ער קודם אָנגעטאָן די שטיוול, געכאַפּט אויף זיך די קאַפּאָטע און גענומען שרייען אין צווייטן צימער אַריין נישט מיט זיין קול:

— סיינע־סיינדל! סיינע־סיינדל! סטעל דעם סאַמאָוואַר! מיר האָבן געסט!

גיך איז באַשאַפן געוואָרן א סאַמאָוואַר, גלעזער, טיי, און קאַווע, און ציקאָריע, און מילך, און פּוטערגעבעקס, אַזעלכע, וואָס אַ ייד קאָן זיך פאַרגינען נאָר שבועות צו דער מילכיקער סעודה, אָדער צו אַ קימפּעט. און אַ וואַרעמעס איז צוגעגרייט געוואָרן — כיד המלך. פיש געפילטע, פיש געפּרעגלטע, פיש געבאַקענע, יויך מיט לאָקשן, יויך מיט רייז, יויך מיט מאַנדלען — קלייבט אייך אוים וואָס איר ווילט. פליישן שמועסט מען נישט — אַלערליי סאָרטן. און אַפילו צימעסן צווייערליי. דערנאָך — דעם סאַמאָוואַר. ווידער טיי, איינגעמאַכטס, פאַרבייסעכטסן. און אַז ס'איז געקומען צו וועטשערע, האָט דער בעל־הבית זיך גענומען נאָכפרעגן ביי די געסט: וואָס האָבן זיי בעסער ליב פון מילכיקע מאכלים — קרעפּלעך, וואַרעניקעס אָדער „קאַסניקעס“? די געסט האָבן באַשיידן געענטפערט, אַז פאַר זיי איז אַלץ איינס. אוודאי האָט מען דערלאַנגט צום טיש אַלע דריי אויסגערעכנטע מאכלים, פאַרטרונקען מיט קאַווע און פאַרביסן ווידער מיט אַלערליי איינגעמאַכטסן. דעם פּאָטער האָט מען באַלייגט אין זאַל אויף אַ סאַמעטענער קאַנאַפּע, דעם זון — אויף דער אַנדערער קאַנאַפּע, אויסגעבעט, ווי מען בעט פאַר אַ מלך מיט אַ פּרינץ. אויף מאָרגן האָט זיך דער טאַטע אָפּגעזעגנט און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים און דער זון איז געבליבן ביים יידן פון די שמויסן אויף קעסט און קוואַרטיר, און דערפאַר געלערנט מיט זיינע קינדער.

אויף דעם אַנדערן טאָג איז דאָס וואַרעמעס געווען שוין נישט מיט אַזאַ שיק און אַזאַ קנאַק, ווי דער ערשטער. אַ געוויינלעכע קאַשע מיט יויך, אַ שטיקל פלייש — און פאַרטיק. די וועטשערע אויך אַ מילכיקע, נאָר באַשטאַנען איז זי פון אַ שטיקל קעז און פוטער מיט ברויט. ברויט לרוב. באַלייגט האָט מען דעם גאַסט שוין נישט אין זאַל און נישט אויף קיין סאַמעטענער קאַנאַפּע, נאָר אויף אַן אייזערנעם קאַסטן, פון וועלכן מען איז אויפגעשטאַנען אַ צעבראָכענער, אָן אַ האַלדז און נאַקן. אויף אי־בערמאָרגן איז דאָס וואַרעמעס באַשטאַנען פון אַ געקאָכטער טאַראַנקע מיט קאַרטאָפל, וואָס האָט נאָכדעם אויסגעבערנט דאָס האַרץ אויף צו הלשן. קיין וועטשערע האָט מען נישט געגעבן, נאָר אַ גלעזל טיי מיט ברויט און באַלייגט האָט מען דעם לערער אויף דער ערד, אויסגעבעט אויף אויסגעמאַכטע שמויסן. מען האָט באַדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזן, מען זאָל אַריבערטראָגן דעם ריח פון די שמויסן. דערצו האָט אַ גאַנצע נאַכט געקוואַקעט אַ קינד אין וויגעלע, זיך געריסן די קישקעלעך, נישט געלאָזט שלאָפן. אַ קליין לעמפּל האָט געדרייבערט און געטשאַדעט, פאַר־האַקט דעם קאָפּ און דאָס עופֿלע האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען אין צי געוואַלדעווען — ס'איז געווען אַ גאַנץ רחמנות! דער רעפּעטיטאָר האָט געזען, אַז שלאָפן וועט ער שוין סיי־ווי־סיי נישט, איז ער אויפגעשטאַנען פון די שמויסן, צוגעגאַנגען צום קינד אַ קוק טאָן, וואָס שרייט דאָס. לאָזט זיך אויס, אַז די קאַץ האָט זיך פאַרקליבן צום קינד אין וויגעלע, האָט זיך צעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן, זיך געמאַכט נאַכטלעגער. פאַרן לערער איז געשטאַנען אַן אַלטערנאַטיוו: וואָס טוט מען? אַרויסוואַרפן די קאַץ? — אַ רחמנות אויף דער קאַץ. צער בעלי־חיים. איבערלאָזן די קאַץ? — שרייט דאָס קינד. פאַלט ער אויף אַ המצאה (אַ יונג אַ חכם גיט זיך אַן עצה): ער וועט נעמען וויגן דאָס קינד, וועט די קאַץ אַליין אַוועק. דאָס ווייסט ער פון דער פּראַקטיק. ביי אים אין דער היים, ווי אויך אין חדר, איז אים אויסגעקומען צו זען אַלע מאָל אַזעלכעס. איידער מען האָט אַוועקגעלייגט אַ קליין קינד צום ערשטן מאָל אין אַ ניי וויגעלע, איז געווען אַ סגולה, מען זאָל פריער אויסוויגן אין וויגעלע די קאַץ. האָט אָבער קיין קאַץ נישט געלאָזט זיך וויגן בשום אופן. קוים האָט מען זי אַריינגעלייגט אין וויגל און געגעבן אַ ריר — אַזוי איז זי אויפגעשפּרונגען, גרייט געווען אויסדראַפּען יעדן אייניציקן די אויגן. אַזוי איז געווען אויך איצט. דער רעפּעטיטאָר האָט זיך נאָר צוגערירט צום וויגל, אַזוי האָט זיך די קאַץ אויפגעהויבן און געגעבן אַ שפּרונג אַרויס פון וויגל — אין

גישטאָ זי. דערפֿאַר אָבער האָט דאָס עופֿלע דערפֿילט, אַז מען וויגט עס, איינגעהערט שרייען, זיך באַרואיקט און אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אויף מאָרגן, אַז ער האָט דאָס דערציילט דער מוטער פֿונעם עופֿלע, האָט זי געשלאָגן די קאָפּ מיט טויטע קללות, געהאָלובעט דאָס קינד — איר זאָל זיין פֿאַרן קינדס ביינדעלעך! נאָר דאָס, וואָס דער לערער איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן — דאָס גייט איר אָן ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי.

איינגעזען, אַז ס'איז קיין תכלית נישט אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט, האָט דער לערער זיך געמוזט אונדינגען קעסט און קוואַרטיר אין אַן אַנדער פּלאַץ און באַצייטנס זיך געזעגענען מיט די שמוסן. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַר אים אַ גאַנצע ריי פֿון אַלערליי צרות, שלעק, פּורעניות. אַ סדרה פֿון בייזע בעל־הביתטעס, איינגעגעסענע טאַראַקאַנעס, בייסנדיקע וואַנצן, לויפֿנדיקע מייז, שטשורעס און אַנדערע מיאוס־קייטן. נאָר די אַלע יסורים, צרות און ווייטיקן זענען געווען גאָלד אַנטקעגן די אינטריגעס, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען אויסצושטיין פֿון זיינע קאָנקורענטן די לערערס. דאָס זענען געווען יידן מלמדים, מיידלשע שרייבערס, וואָס האָבן געפֿירט צווישן זיך אַ מוראדיקע קאָנקורענץ און אַלע אינאיינעם — אַ קאַמף קעגן דעם נייעם לערער פֿון פּערעיאַסלאַוו. ווי ס'איז פֿאַראַן ערגעץ אַ שמוץ אויף דער וועלט — האָט מען אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן. צוהערן זיך צו זיי — איז דאָס געווען אַ קרימינאַליסט, אַ גנב, אַ גזלן, וואָס נאָר אין דער קאָרט. זיי האָבן אָנגעפֿירט צווישן אים און די בעלי־בתים אַזעלכע פּלאָטקעס, אַז ער האָט געבעטן גאָט, דער זמן — דער זומער — זאָל שוין אַוועקגיין און ער זאָל קענען אַנטלויפֿן פֿון דאָרטן מיטן לעבן. די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט פֿאַרברענגט אין רזשישטשעוו, איז געווען ווי אַ קאָשמאַר, ווי אַ בייזער חלום. דאָס איינציקע הויז, וווּ ער איז אַריינגעקומען און געפֿילט זיך צווישן מענטשן, איז געווען ביי אברהם דעם כלי־זמר. אברהם דער כלי־זמר — דאָס איז אַ טיפּ פֿון אַן אַרטיסט, אַן אמתער מאַעסטראָ, וואָס פֿאַרדינט באַשריבן צו ווערן.

א הויכער מענטש, אַ ברייטער, מיט אַ קיילעכיק ברייט פּנים, מיט קליינע אייגעלעך, געדיכטע ברעמען, שוואַרצע לאַנגע געקרייזלטע האָר. הענט ברייטע, גראָבע, באַוואַקסענע. אַזוי, אַז די פֿידל האָט אין זיינע הענט אויסגעזען נישט ווי אַ פֿידל, נאָר ווי אַ פֿידעלע, אַ שפּילעכל. קיין נאָטן האָט ער נישט געקענט און דאָך האָט ער געהאַט זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס. און שפּילן האָט ער געשפּילט אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט

ממש אויסגיין אונטער זיינע הענט. דאָס איז געווען אַ מין סטעמפּעניו. און אפשר מיט אַ קאָפּ העכער פון סטעמפּעניו. אין לעבן איז ער אויך געווען אַ סטעמפּעניו. אַ מאָדנער פּאַרשוין. אַ פּאָעטישע נאַטור און אַ גרויסער ליבהאָבער פון שיינע ווייבלעך און מיידלעך... דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ ווייב — נישט אַזאַ שלאַק, ווי סטעמפּעניוס. אדרבה, זיין ווייב, אַברהמעכע די כלי=זמרין, איז געווען פּונקט ווי ער. אַ הויכע, אַ גרויסע, אַ שיינע און אַ ברייטע. שוין אַ ביסל צו ברייט. מען האָט פּין איר געקאָנט מאַכן דריי ווייבער. אויך מיטן כאַראַקטער איז זי געווען ווי צוויי טראָפּן וואַסער איר מאַן. ביידע זענען קיינמאָל נישט געווען אויפגערעגט, תמיד פריילעך, אויפגעלייגט, שטענדיק געלאַכט, און ליב געהאַט גוט עסן, גוט טרינקען, גוט לעבן. איז געווען פאַר וואָס — האָט מען איינגעקויפט דאָס בעסטע און דאָס שענסטע. איז נישט געווען — האָט מען פאַרוואָרפן די ציין אויף דער פּאָליצע און געוואַרט ביז גאָט וועט צושיקן אַ פּאַרדינסטל, וועט מען קוילן אַ הערינג און מען וועט געבן אַ לעב=אונטער, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. מיט קינדער האָט זי גאָט אויך נישט פאַרזען. עס איז געווען ביי זיי אַ גאַנצע כאַליאַסטרע. און אַלע מיט געבוירענע טאַלאַנטן. אַלע אויסגעצייכנטע מוזיקער אויף אַלערליי אינסטרומענטן — אַ זעלטענער אָרקעסטער.

אַהין האָט זיך דאָס אַריינגעכאַפּט דער מאָדערנער לערער פון פּערעיאַסלאַוו. דאָרט האָט ער זיך געפילט, ווי אַ פיש אין וואַסער. דער מאַעסטראָ אַליין האָט אים געלערנט פידל שפּילן. געצאָלט האָט ער גאָרנישט. אַברהם דער כלי=זמר איז נישט אַזאַ מענטש, וואָס זאָל פאַר אַזאַ הייליקע זאַך, ווי די געטלעכע מוזיק, נעמען געלט. „נאָר אויב דער לערער איז רייך אין אַ פּאָר גראָשן, בעט ער ביי אים אַ גמילת=חסדל“. האָס אייגענע אויך זיין ווייב, אַברהמעכע די כלי=זמרין. זי באַדאַרף גראָד אַצינד האָבן עטלעכע קאָפּיקעס אין מאַרק אַריין... „וועט זיך נישט געפינען ביי אייך עפּעס קליינגעלט אין קעשענע?“

פאַרשטייט זיך, אַז קליינגעלט וועט זיך תמיד געפינען. און אַזוי ווערט ער דאָרט אַ היימישער, אַ בן=בית, אַן אייגענער — און דאָס איז געווען פאַר זיינע קאָנקורענטן די לערערס, זיי זאָלן אים באַרעדן, באַוואַרפן מיט שמוץ, אים און דעם כלי=זמר מיט דער כלי=זמרין מיטן גאַנצן געזינדל. זיי האָבן צעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז אַלץ, וואָס דער פּערעיאַסלאַווער לערער פאַרדינט, גיט ער אַוועק דער כלי=זמרין און אַז מען פראַוועט דאָרט אַלע נאַכט הוליאַנקעס, די כלי=זמר

שפּילן און זיי טאַנצן — ס'איז זיי געלעבט! עס גייט זיי נישט אָן, וואָס אָרעמעלייט גייען אויס פון הונגער און קליינע קינדער שטאַרבן... דער, וואָס דערציילט, מאַכט א פרום פּנים און פאַרגלאַנצט די אויגן אַרויף, און די, וואָס הערן, שפּייען=אויס... וואָס פאַר א סמיכות=הפּרשות איז דאָס מיט אָרעמעלייט? און וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט קליינע קינדער? וואָס באַטייט דער שפּיי? — דאָס דאַרף מען נישט פרעגן. דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך אין קאָנקורענץ, שווייגט דער געזונטער פאַרשטאַנד. קורץ, ער האָט קוים דערצויגן דעם זמן און איז אנטלאָפן פון דעם פאַרשאָלטענעם שטעטל אהיים, מורא געהאַט אפילו זיך ארומצוקוקן צוריק, פאַרזאָגט קינדער און קינדס=קינדער מער קיין שטונדן אין די קליינע שטעטלעך נישט געבן. ער האָט באַשלאָסן צו זוכן זיך אן אנדער קאַריערע אין לעבן.

63

# ווידער אין דער היים

די זיסקייט פון צוריקקערן אַהיים. — ער באַגעגנט זיך ווידער מיט זיין חבר אַלי. — מען שמועסט אין שטאָט, אַז ער שרייבט אין „המגיד“. — דאַרווין, באַקל און ספּענסער. — צוויי טיפּן פון די אַמאָליקע ערשטע „עקסטערנעס“.

קיין שום נאָמען קלינגט נישט אַזוי שיין, ווי דער נאָמען „מאַמע“. קיין שום וואָרט רעדט נישט אַזוי צום האַרצן, ווי דאָס וואָרט „היים“, אַז מען מעג ווייל קאָנען אָפּשאַצן די היים, זאָל מען כאָטש אויף אַ קורצער צייט זיך אַוועקלאָזן, זיך וואַלגערן אַ ביסל אין דער פרעמד און דערנאָך אומקערן זיך צוריק אַהיים, אין דער היימישער נעסט אַריין. יעדע זאַך באַקומט אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער חן. אַלצדינג ווערט צוויי מאָל אַזוי ליב און טייער. מען פילט זיך אַן איבערגעבוירענער, אַ ניי=געבוירענער אויף דער וועלט.

דער העלד פון די דאָזיקע געשיכטעס, אַז ער איז געקומען אויף ראש=השנה אַהיים, האָט ער זיך צום אַלעם ערשטן געלאָזט איבער דער שטאָט שפּאַצירן, אויסגעמאָסטן אַלע גאַסן, געפונען אַלע הייזער און הויפן און גערטנער אויף זייערע ערטער. די מענטשן, וועלכע ער האָט באַגעגנט, האָבן זיך ווינציק=וואָס איבערגעביטן. זיי האָבן אים פריינדלעך געגריסט און ער איז צו אַלעמען געווען פריינדלעך, ווי ווייט ער האָט געקאָנט. גאָר דאָס יונגוואַרג, וואָס ער האָט אַוועקגעלאָזט, האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף די פיס און איז אַביסל אונטערגעוואָקסן. און אַליין איז ער, ווי מען האָט אים פאַרזיכערט, אויך אויסגעוואַקסן, געוואָרן „מענטשער“. דערצו האָט ער זיך איסגעקלייַדט משאַקענדיק און קנאַקדיק, נישט געזשאַלעוועט קיין סקריפּעס אין די שיך, אָפּצאַסן הויכע, הויזן ברייטע און לאַנגע — נאָך דער מאָדע. א רעקעלע אַ קורץ, אַ קאַפּעליושל אַ ווייכס, אַ העלס, אַ ביסל געלבלעך. די האָר פאַרלאָזט לאַנגע, מעשה פּאָעט, און פאַרקעמט אַראָפּ, אַלא גאָגאָל.

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען זיין חבר אלי, וועלכער איז אויך נאָר וואָס געקומען צו פאָרן אויף יום־טוב אַהיים, פון זשיטאָמיר. זיין אוני־פאָרם איז באַשטאַנען פון אַ קורץ ווייטיקל, פאַרשפּילעט, ווי אַ טו־זשורקע, ביז אַרויף. קורצע שמאָלע הויזן, אַ בלויער קאַשקעט מיט אַ ברייטן דאַשעק, און אָפּגעשוירן ווי אַ סאָלדאַט. די בריסט אַרויסגע־שטעלט, די ציין ווייס, די אויגן פריילעך — ער קאָן זיך גאָר זאַט נישט אָנדערציילן, ווי גוט עס איז אין אינסטיטוט. מען גייט דורך, זאָגט ער, העכערע מאַטעמאַטיק, מען לייענט רוסישע ליטעראַטור, מען לערנט גימנאַסטיקע, און יידיש — אויפן שפּיץ מעסער: אַ פּרשה חומש, אַ קאַפּיטל פּסוק, א שטיקל חיי־אדם — און פאַרטיק. „אָט דאָס איז די גאַנצע תורה פונעם לערער־אינסטיטוט? אָט דער אלי וועט דאָס זיין א יידישער לערער? א רב ביי יידן?“...

אויך איז ער געווען איבעראַשט פון דעם, וואָס זיין חבר אלי האָט געבראַכט צו פירן פון זשיטאָמירער לערער־אינסטיטוט א גאַנצן פּאַק מיט רוסישע לידער און נישט איינס א יידיש. גלייך ווי ער וואָלט דאָס געקומען צו פאָרן פון א „בורסע“, פון א גוישער סעמינאַריע. דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט זיי זאָלן בלייבן די זעלבע חברים, וואָס געווען. שטענדיק אינאיינעם. אומעטום אינצווייען. ביידע האָבן געהאַט געניג שטאָף אויף צו רעדן. און נאָך מער — אויף צו לאַכן און אויף אָפּ־שפּעטן פון דער גאַנצער שטאָט. און ווי אמאָל, אין די גוטע יאָרן, איז מען אַוועק צום טייך, געדונגען א שיפל און אַריבערגעפאָרן ווייט, הינטער דער שטאָט אַרויס.

סוף זומער. די קעלט האָט נאָך נישט אַריינגעטרעטן. נאָר דאָס פעלד איז שוין נישט מער גרין. נישטאָ שוין קיין זכר פון די ווייסע און רויטע מאַרגאַריטקעס. דער אַטשערעט שטייט נאָך אין דער בלאָטע. נאָר ער איז שוין געל און שיטער. רויטלעך איז דאָס וועלדל. אַוועק די צייט פון אויסציען זיך אויף דער ערד. די ערד איז פייכט און זומפּיק. די חברים זוכן אָפּ אַן אויסגעהאַקטן בוים אין וואַלד און זעצן זיך אַוועק אַ ביסל רוען. און מען דערציילט זיך איינס דאָס אַנדערע אלצדיינג, וואָס יעדער האָט דורכגעמאַכט דאָס ערשטע האַלבע יאָר פון זייער צעשיידן זיך. מען לאָזט נישט דורך קיין קלייניקייט, קיין ברעקל. עס ווערט איבער־געגעבן יעדער איינדרוק, יעדע באַגעגעניש, איטלעכע געשעעניש. און נאָך מער קונץ, וואָס ביידע אינאיינעם רעדן, ביידע לאַכן, שלאָגן זיך

איבער איינס דאָס אַנדערע אין דער רעכטער מיט — און דאָך הערט מען זיך און מען פאַרשטייט זיך און מען האָט הנאה.

דערנאָך ווערט מען אַנטשווויגן. יעדער פאַרטיפט זיך, קוקט אַריין צו זיך אין דער נשמה אַריין, בלייבט אַליין מיט זיינע געדאַנקען. מען איז שטאַרקע נאָענטע חברים, מען האָט זיך גערן. מען זאָגט אַרויס איינער דעם אַנדערן אַלץ, נאָר נישט אינגאַנצן. ניין, נישט אינגאַנצן, נישט אינגאַנצן. יעדער איינער האָט זיך זיינע געדאַנקען, זיין אידעאַל, זיין אייגן וועלטל, וווּ קיין אַנדערער, עס מעג זיין דער בעסטער חבר, האָט קיין שליטה...

עס הייבט אָן ווערן ווי קילבלעך. אויסגעלאָשן דער טאָג. די זון זעצט זיך. דער וואַלד ווערט פאַרצויגן, ווי איינגעהילט אין אַ דינעם רויך. עס פאַלט אַראָפּ אַ שישקע מיט אַ ווידער־קול. ביידע כאַפּן זיך אויף ווי פון אַ כישוף.

— צייט פאָרן אַהיין?

— צייט פאָרן אַהיים.

און מען הייבט זיך אויף. און מען שפּאַנט דורך דאָס גאַנצע פעלד דורך אַן אויסגעטראָטענער קרומער, שמאָלער סטעזשקע. מען זעצט זיך אַריין אין שיפל און מען זינגט אַ לידל (אַ גוייש, נישט קיין יידיש), און מען גליטשט זיך איבערן שמאָלן געדרייטן טייכל, פאַרביי דעם געלן אָטשערעט. און אַז מען קומט אַהיים, איז שוין פינצטער. די באַקן פלאַמען. די אויגן גלאַנצן. דער אַפּעטיט איז גרויס. מען האָט גייענדיק גע־קויפט אַ זיסן קאַוון (אַרבוז, וואַסערמעלאָן), מיט צוויי פרישע, ווייכע, נאָך וואַרעמע פראַנזעלן. און מען פרעסט אַ וועטשערע. און מען איז פריי־לעך. און עס לאַכט זיך גאָר אָן אַ וואַרום און אָן אַ זין.

דער זייטיקער האָט געקאָנט מיינען, אַז ביידע זענען גלייך צו־פרידן, גלייך גליקלעך — יונגע, געזונטע קינדער, וואָס פעלט זיי? אין תוך אַריין איז אָבער נאָר איינער פון זיי (אלי) געווען באמת אַ גליק־לעכער. דער צווייטער (שלום) האָט זיך געפילט אָנגעבראָכן, נישט אויפן ריכטיקן וועג. זיין איינציק שטיקל טרייסט איז געווען דאָס, וואָס די שטאָט האָט געקלונגען מיט זיין הפטרה־זאָגן אין בית־מדרש און מיט זיין קענען תנ"ך און העברעיש און מיט זיין שרייבן. אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס פאַר זיין חבר אלי איז דאָס אַ סוד. נישט פאַר אים געדאַכט. ווי קומט צו אליִן אַזאַ יידיש שרייבן? לשון־קודש? מליצה? דערויף איז נאָר ער, נחום יאַ־בינאָוויטשעס זונדל. קלאָר אין אַלע השכלה־ביכלעך ווי אין אַ וואַסער.

לייענט דעם „המגיד“. אַ וווּנדער, וואָס ער אַליין שרייבט נאָך נישט אין „המגיד“. נאָר פון וואַנען ווייסט מען, אַז ער שרייבט נישט? אפשר שרייבט ער אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען?...

אַזוי שמועסט מען אין פּערעיאַסלאַוו. און מען רינגלט אים אַרום מיט אַ באַזונדערן אַרעאָל, און ער וואַקסט אויס ביי זיך אַליין אין די אויגן מיט אַ קאָפּ העכער. און ער ווערט סאָליד. ער זוכט נישט מער קיין חברשאַפט מיט קיינעם פון די פריערדיקע ווייסע־חברניקעס. ער פאַרשרייבט זיך אין דער שטאָט־ביבליאָטעק. טראָגט אַהיים גראָבע ביכער. לייענט ד אַ ר ווי ן, ב אַ ק ל, ס פּ ע נ ס ע ר. שאַרט זיך אַרום די גרויסע, באַרימטע, אויפגעקלערטע בחורים אין שטאָט. בחורים אויטאָדידאַקטן, אַזעלכע, וואָס האָבן אַליין, מיט זייער זיצן און קוועטשן די באַנק, דורכגעמאַכט אַ גאַנצן קורס, בייגעקומען לאַטיין און גריכיש, דורכגעגאַנגען געאָמעטריע און אַלגעברע, און טריגאָנאָמעטריע, און פּסיכאָלאָגיע, און פילאָזאָפיע. גרייט געווען כאָטש היינטיקן טאָג אַריינטרעטן גלייך אין אוניווערסיטעט אַריין. זיי האָבן נאָר נישט אויף דער הוצאה. צוויי טיפּן פון די אַמאָליקע ערשטע עקסטערנעס. איינער האָט געהייסן חייטע רודערמאַן, דער אַנדערער — אַבּרהמל וואָלאָטושקין. ביידע זענען טויט און פאַרדינען באַשריבן צו ווערן כאָטש אין עטלעכע שורות אין די דאָזיקע זכרונות.

חייטע רודערמאַן איז געזעסן ווייט הינטער דער שטאָט, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און פון מענטשן. דאָס איז געווען אַ זון פון דעם מלמד משה־דוד רודערמאַן, וועלכער איז באַשריבן אינעם ערשטן טייל פון דער ביאָגראַפיע, און אַ ברודער פון שמעון רודערמאַן, וואָס האָט געהאַלטן ביי שמדן זיך, נאָר די שטאָט האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון מאָנאַסטיר און אַוועקגעשיקט קיין זשיטאָמיר אין דער ראַבינער־שול. חייטע איז גאָרנישט געווען געראָטן אין זיין בלאַסן, יאַדישליווען ברודער — שמעון. דאָס איז געווען אַ בחור אַ געזונטער, אַ ברייטבייניקער, אַ שיינער יונגאַטש מיט רויטע פּוכקע באַקן. משה־דוד דער מלמד איז געשטאָרבן פון אַן אַסטמאַ־הוסט און זיין ווייב, די אַלמנה, חייטעס מוטער, איז געוואָרן אַ סאַרווערקע אויף פרעמדע חתונות, געבאַקן לעקעכער. דאָס האָט איר געגעבן מיטלען צום לעבן און אויסצוהאַלטן איר זון, וואָס האָט געוווּסט נאָר איין זאַך — ביכער, ביכער און ביכער. מיט קיינעם אין דער וועלט האָט זיך חייטע נישט אָנגעקערט. זעלטן ווער עס האָט זוכה געווען מיט אים צו רעדן. נאָר אַלע האָבן געוווּסט, אַז חייטע קען, חייטע איז קלאָר

אומעטום, חייטע איז טיף, ווער עס האָט געהאַט אמאָל אַ זכיה מיט איר צו באַגעגענען זיך, איז געווען איבערראַשט פון אָט דעם באַהאַלטענעם פילאָזאָף. חייטע, אַז ער האָט זיך צערעדט, האָט ער געשאָטן מיט פייער, געמאַכט א תל פון אַלץ און פון אַלעמען, מבטל געווען די גאַנצע וועלט. זיין צונג איז געווען אַ פּייל. זיין געלעכטער איז געווען א גאַל. זיין וויץ איז געווען גיפט. פונוואַנען האָט דער פּרוש אַזוי געקענט די וועלט? דאָס בלייבט א סוד און אַ רעטעניש אויף אייביק. איינמאָל אין אַ זומער האָט ער זיך אָפּגעבאָדן אין טייך, פאַרקילט זיך און איז פון טובערקולאָז, אַ בחור פון צוויי און צוואַנציק יאָר, געשטאָרבן.

דער צווייטער פילאָזאָף=אויטאָדידאַקט, אברהמל זאָלאָטושקין, איז געווען נישט קיין פּרוש, נישט קיין פאַרבאָרגענער. א יונג א פּריישוין לעכער, א הייסער ברונעט, מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן, מיט שוואַרצע, שטאַרק געקרייזלטע האָר, אַליין אויך א שוואַרצער, ווי אַן אַראַבער, מיט ווייסע לאַכנדיקע ציין, א ביסל א הייזעריקע שטימע, ליב געהאַט אָנטאָן זיך, ווי אַן ענגלענדער, קעסטלדיקע הויזן, א מאָדנע מיצל אויפן קאָפּ, און ווינטער א מגושמדיקן הענגקאָלנער. אָנגעלייענט איז דער זאָלאָטושקין געווען ווי א פּויק, געקענט היינע אויף אויסנווייניק. נאָר ליב האָט ער געהאַט דיקענס און טעקערײ, סוויפט, סערוואַנטעס און אונדזער גאָגאָלן. און איז אַליין אויך געווען א הימעס מאָריסט. דאָס הייסט, ער האָט שטילערהייט פאַר זיך געשריבן א הומאָריסטישע זאַכן, און קיין איינציקע שורה נישט געוואָלט אָפּדרוקן, נישט באַווייזן קיינעם. בטבע געווען אַ גרויסער עקשן, אַ צו=להכעיסניק, אַן אָפּשפּעטער און אַ פאַרטיפטער אין זיך. געלעבט האָט ער פון דעם, וואָס ער איז געווען א שרייבער כל ימיו אין דער מיעשטשאַנסקע אופּראַווע. זיין כתב=יד איז געווען פונקט אַזוי געקרייזלט, ווי זיינע האָר. ער איז געשטאָרבן אַן אַלטער בחור אַריבער פערציק.

אָט דאָס זענען געווען די צוויי גרויסע שטערן, אַרום וועלכע שלום האָט זיך געריבן און פון וועלכע ער האָט גענאַשט וויפל עס האָט זיך געלאָזט. צווישן זיך זענען די צוויי שטערן, חייטע רודערמאַן און אברהמל זאָלאָטושקין, געווען פייער מיט וואַסער. זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט באַגעגנט און נישט געקענט אַפילו. און דאָך האָבן זיי זיך אַזוי פיינט געהאַט, אַז מען האָט נישט געטאָרט דערמאָנען פאַר איינעם דעם אַנדערנס נאָמען. מיר וועלן זיך נאָך מסתמא באַגעגענען מיט זיי אין אונדזערע ווייטערע באַשרייבונגען.

## 64

# ער פֿאָרט אויף אַ רייכער שטעלע

„פּוסטעפּאַס“. — ישׂראל בענדיצקי גיט אַן עצה און דער פֿאָטער שרייבט אַ בריוו צום „מאַגנאַט“. — ער לאָזט זיך ווידער אין דער וועלט אַריין און בלייבט מיט איין פּיאַטאַקל. — ביי די טויערן פֿון גן־עדן. — דער קאַלטער ברוך־הבא.

וואָס וועט זיין ווייטער?

פֿון אַלע פּראָפֿעסיעס, וואָס זענען פֿריער געווען אַ גאַנצער שלל, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די שטונדן זענען זיך צעקראָכן. פֿאַרן שטודירן — איז נישט געווען מיט וואָס. זיצן ביים טאַטן אויף קעסט איז אויך נישט זייער ליב... ובפֿרט נאָך דעם, ווי מען איז שוין געווען אַ זעלבשטענדיקער מענטש פֿאַר זיך. און כאָטש דער טאַטע האָט געקליבן תענוג פֿון זיין זון דעם קענער און דעם משׂכּיל, דאָך האָט דאָס אים געקרענקט און געעלטערט, וואָס זיין זון גייט אַרום בטל און אָן אַ שום אַרבעט. וואָס וועט זיין דער תּכלית? און די שטיפֿמאַמע, וועלכע האָט געהאַט געקוקט אויף דעם זעלבשטענדיקן שטיפֿזון מיט אַ געוויסער דאָזע פֿון רעספּעקט, האָט אַצינד מיטאַמאָל פֿאַרלוירן דאָס גאַנצע ביסל דרך־ארץ פֿאַרן „פּוסטעפּאַסניק“. זי האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אירע אַמאָליקע זאַכן: קוקן מיט איין אויג, אַריינוואַרפֿן אַ שטעכווערטל, זאָגן דער שוויגער און מיינען די שנור... דאָס אַלץ האָט דעם טאַטן מקצר־ימים געווען. און דער העלד אַליין האָט פֿאַרטיפֿט זיך אין זיינע ביכער, אָדער אָנגערוקט דאָס היטל, גענומען דאָס שטעקעלע און אַוועק צו זיינע אויבנבאַשריבענע באַקאַנטע פֿילאָזאָפֿן, צו חייטע רודערמאַן אָדער צו אברהמל זאָלאָטושקין. מיט זיי האָט ער ליב געהאַט צו דיסקוטירן וועגן אַבסטראַקטע זאַכן, וועלט־פּראָבלעמען. חייטע רודערמאַן, דער פּעסימיסט, האָט, ווי זיין שטייגער איז, געזידלט די גרעסטע מענטשן, נישט אָנערקענט קיין אויטאָריטעטן, גע־



שלום=עליכמס לעצט בילד (צווישן קורגעסט אין לייקוואוד, 1916)

פייפט אויף דער גאַנצער וועלט. דערפאַר האָט אָבער דער אָפּטימיסט זאָלאָטושקין ציטירט פון היינע און בערנע גאַנצע שטיקער מיט אַ באַזונ־דערן ניגון, געקרייזלט בעת מעשה דעם משוביק פון זיינע געקרייזלטע האָר און זיך אָנגעוואָרעמט מיט אַזאַ התלהבות, ווי אַ פאַרברענטער חסיד, בעת ער זאָגט נאָך דעם רבינ׳ס תורה.

דאָס אַלצדינג איז אָבער געווען גישט מער ווי אַ מיטל אויף די צייט צו פאַרטרייבן. עס האָט זיך געפילט אַ פוסטקייט אין דער נשמה און אַן אומזיסט פאַרלירן פון צייט און פון ענערגיע. עס האָט זיך געבענקט נאָך אַרבעט. עס האָט זיך געריסן אין דער וועלט אַריין. עס איז נישט ליב געווען דאָס לעבן. זיך אַליין נמאס. נמאס און מיאוס.

נאָר דער גאָט, וואָס פאַרלאָזט נישט קיינעם, האָט זיך אומגעקוקט אויך אויף דעם פאַרלוירענעם העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע. אים איז געקומען צו הילף זיין טאַטנס אַ גוטער פריינד מיטן נאָמען ישראל בענדיצקי. דער דאָזיקער פאַרשוין, כאָטש ער איז, איינגעטלעך, געווען נישט מער ווי אַ כלי־זמר, האָט דאָך געשפּילט אין שטאָט אַ ראָל פון אַ זייער אָנגעזעענעם בעל־הבית. געשפּילט האָט ער נאָר אויף געהויבענע רייכע חתונות, זיך גערעכנט פאַר דירידזשאָר און קאַפּעלמייסטער. זיין הויפּטגעשעפט איז געווען — אַ רייכע פּריצישע אכסניה. ער איז אויך געווען דער איינציקער פאָטאָגראַף אין שטאָט. דערצו איז ער געווען גלאַט אַ שיינער ייד, אַ הויכער, אַן אויסגעפּוצטער, מיט אַ זעלטן־שיינער קיי־לעכדיקער שוואַרצער באָרד. געטראָגן אַ שוואַרצן געווענטעניעם הענגקאָל־נער, אַ הויכן קאַפּעליוש און לעדערנע קאַלאָשן מיט מעשענע אָבצאַסן. אַ צינגל האָט ער געהאַט אַ געשליפנס, גערעדט זיס און קיילעכדיק און מער אויף רוסיש: „ווינטילי“... „מעזשדו פּראָטשים“... „סליעדאָוואַטעלנאָ“...

דער דאָזיקער בענדיצקי איז געווען אַן אָפטער אַרייגגייער אין קלוב, דאָס הייסט, צו ראַבינאָוויטשן אין דער „טאַבאַטשנע“ — אַ ביסל שמועסן. איינמאָל איז מען געזעסן אַזוי און געשמועסט, דערציילט בענדיצקי, ווי אַ מסיח לפי תומו, אַז די טעג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אים איינער אַ ייד, אַן עושר, אַ גביר, אַן אַדיר, אַ מאַגנאַט, מיטן נאָמען ק. זיצן זיצט דער דאָזיקער „מאַגנאַט“ אין אַ קליין שטעטל און ט. (קיעווער גובערניע). מען קאָן זאָגן, אַז ס׳איז אַ דאָרף, נישט קיין שטעטל. און ער האָט קינדער, צו וועלכע ער זוכט מיט ליכט עפּעס אַ רעכטן לערער, אַ רעפּעטיטאָר, אויף יידיש און רוסיש צוזאַמען. נאָר דער לערער זאָל זיין אַ געראָטענער, אַ קענער און, מעזשדו פּראָטשים, אַ טאַטנס אַ קינד.

לאָזט זיך אויס, אַז דער טאַטע קען דעם דאָזיקן „מאַגנאַט“ נאָך פון לאַנג. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אַז דער „מאַגנאַט“ ק. איז נאָך געווען אַ קליין מענטשעלע, זיך געדרייט אַרום אַ פריץ, איז ער געשטאַנען סטאַנציע ביי ראַבינאָוויטשן אין דער אלטער אכסניה און געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן אַ „גוט ברודערל“. הערהערט אַזאַ מעשה, רופט זיך אָן בענדיציקי: „סליעדאָוואטעלנאָ, האָט דאָך גאָט אַליין מיך געשיקט צו אייך פאַר אַ שליח! אויב אַזוי, וועל איך אייך געבן אַן עצה, אַז איר זאָלט באַלד אַוועקזעצן זיך און אָנשרייבן אַ רעכטן, אַ פיינעם בריוו, מעזשדו פראָטשים, אויף לשון קודש, אַזוי ווי איר קענט און אַזוי ווי אַ מאַגנאַט שטייט אָן, און דער בחור, ווינטילי, זאָל נישט מעדלעווען און זאָל גלייך אַוועקפאָרן מיט דעם דאָזיקן בריוו קיין ט. און פאַרנעמען די שטעל און ס'זאָל זיין אין אַ גוטער שעה — אמן“.

און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ בריוו, אַ שיינער פייערדיקער מליצה־בריוו מיט אַזאַ שיינער שפּראַך, אַז עס קאָן רירן אַפילו אַ שטיין. דער טיטל אַליין האָט פאַרנומען דריי לאַנגע שורות, אין וועלכע עס זענען געווען אויסגערעכנט אַזוי פיל מעלות און שבחים, אַז ווען אַפילו דער „מאַגנאַט“ זאָל פאַרמאָגן נאָר אַ דריט חלק פון זיי, וואָלט ער אויך געקאָנט זיין אַן אידעאַל פון אַ מענטשן... באַוואָפנט מיט אַזאַ שטאַרקער פּראָטעקציע, לאָזט זיך דער יונגער רעפּעטיטאָר אַוועק נאָך אַמאָל אין גאַנס וועלט זוכן גליק. קיין איבעריקע געלטער מיט זיך, דאַרף מען דעם אמת זאָגן, האָט ער נישט מיטגעפירט. קיין אַקרעדיטיוו אין די בענק האָט ער אויך נישט געהאַט. דאָס ביסל, וואָס ער האָט פאַרדינט פון זיינע שטונדן, האָט ער דעם גרעסטן טייל פאַרטראַנזשירט, זיך אויסגעקליידעט, ווי אַ פרינץ. דאָס איבעריקע האָט צוגענומען די באַן. היינט איז מען דאָך עפּעס אַ לעבעדיקער מענטש. אויף יעדער סטאַנציע שטעלט מען זיך אָפּ. די פּאַסאַזשירן שיטן אַרויס פון די וואַגאָנעס און לויפן צום בופעט. מען כאַפּט זיך צו, ווער צו די פלעשלעך מיט די גלעזלעך, ווער צו די הייסע פּיראָזשקעס. ווער עס הייסט זיך געבן אַ גלעזל טיי און ווער אַ פלעשל סאָדע־וואַסער. מען טרינקט דאָס אויס על רגל אחת און מען באַצאָלט דעם קעלנער טרינקגעלט פון דער ברייטער האַנט, מעשה באַנקיר, אָדער אָפיציר — לאָז ער וויסן דרך ארץ — און אַזוי איז אויף יעדער סטאַנציע. דאָס ביסל מינץ ווערט צעקראָכן, צעגאַנגען, אַזוי ווי שניי אויף דער זון. אין ביטעלע באָמבלט זיך עפּעס אַ מין פּיאַטאַקל. נאָר ווער טראַכט וועגן דעם? אַ מענטש פאָרט אויף אַ גריי־

מער זאַך. אַזאַ שטעלע! און באַוואָפנט מיט אַזאַ פּראָטעקציע — ווער מען הערט ער?

— — — — — — — — — — — — — — —

און אַז ער איז געקומען קיין ט., אַרום פּאַרנאַכטלעך איז דאָס געווען, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז ער איז נקי, ריין פון געלט, פאַרמאָגט זיין אייגנס דאָס אייגנע פּיטאַקל. און דאָך האָט ער אַפילו אויף קיין מינוט זיך נישט פאַרטראַכט. אַדרבה, ער האָט זיך געפילט אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין זיין לעבן. דאָס אַליין, וואָס ער איז פריי געוואָרן פון די רזשישטשעווער אינטריגאַנטעס־לערערס, טאַראַקאַנעס און וואַנצן — וואָס איז ווערט? מיט פולע לונגען האָט ער אריינגעאָטעמט אין זיך די געזונטע אסיענדיקע לופט. די זון איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן אויף יענער זייט וואַלד, וואָס האָט געשמעקט מיט דעמבענעס און סאָסנאָוון ריח.

ארויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן, האָט זיך דער יונגער רעפּעטיטאָר געלאָזט גלייך צום גביר — אים איבערגעבן דעם בריוו. פאַרגינט זיך אַזאַ „מאַגנאַט“ צו זיצן העט־ווייט אין אַלדי גוטע יאָר אַרויס פון דער שטאָט, אין אַ ווייסן פּאַלאַץ מיט א גרויסן גרינעם גאָרטן, אַרומגעגרייזט מיט געפאַרבטע שפּיצעדיקע צאַצקעדיקע שטאַכעטן. צוטרעטן צו אים איז נישט אַזוי גרינג, ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן. ערגער ווי צו א פריץ. נאָר אַז מען איז אָנגעלאָדן מיט אַזאַ שטאַרקער פּראָטעקציע, קאָן מען שוין גיין אַפילו צום קייסער אַליין... אַזוי טראַכט זיך דער העלד, נאָר ער האָט אַ טעות. וואָרעם נאָך אַלעמען איז דער גן־עדן גאָר נישט אַזוי געוואַלדיק, ווי דער וועג, וואָס פירט צום גן־עדן. א סברה, אַז איידער מען טרעט צו צו אַזאַ גביר, מוז מען דורכגיין פריער אַלע שבעה מדורי גיהנום. ביי אַזאַ „מאַגנאַט“ איז פאַראַן דריי זאַכן, וואָס מען מוז פריער דורכמאַכן, איידער מען איז זוכה צו זען זיין פּנים. און אַפילו, אז איר האָט שוין דורכגעמאַכט אַלע דריי זאַכן, זענט איר נאָך אַלץ נישט פאַרטיק. איר קאָנט גיין און גיין און אַוועקגיין מיט דעם, מיט וואָס איז זענט געקומען. וואָס זענען די דריי זאַכן? — 1) א סטרוזש, אַ הויכער טרוקענער ערל מיט קרומע פיס. אַז ער גייט, קאַטשעט ער זיך. זיין נאָמען איז פאַנטאַליי און זיין עובחה — ער זיצט ביים טויער, אַזוי ווי, להבדיל, מרדכי דער ייד ביים קעניג אחשורוש. 2) אַ שוואַרצער כלב, א בלינדער אויף איין אויג, אַזוי ווי בלעם. זיין נאָמען איז זשוק. דעם דאָזיקן כלב

שבכּלבים האָט מען צוגעבונדן צו אַ בוים אויף אַן אייזערנער קייט — אַנישט וואָלט ער דורס געווען מענטשן. און 3) אַ יונג אַ משרת, וואָס טראָגט אַ קורטקע מאַנישקע, אַ גאָלדענעם רינג און גייט פּאַרקעמט מיט אַ שרונט אַקוראַט אין מיטן קאָפּ. די שוואַרצע האָר שטאַרק אָנגעשמירט מיט פעטן און שמעקן מיט אַ ריח פון אָדעקאָלאָן, געמישט מיט ציבעלעס, נאָר די אויערן זענען פול מיט בלאָטע און די נעגל אַרומגעברעמט מיט שוואַרצן. דורכגיין אָט די דריי אינסטאַנציעס איז נישט פון די קלייניקייטן. קודם־כּל דאַרפט איר זיך באַקענען מיטן סטרויש פאַנטאַליי, וואָרעם אַז ער דערזעט אַ פרעמדן מענטשן, טוט ער אים אַ פרעג: „שטאָ נאַדאָ?“ גייט דערציילט פאַנטאַלייען אַ מעשה וועגן אַ בריוו און וועגן אַ שטעלע. איז אָבער פאַנטאַליי נישט קיין שלעכטער גוי. אַ „פּיאַטאַקל“ איז ביי אים אַ מטבע. אַוועקגעשוווּמען דאָס אייניציקע, דאָס לעצטע פּיאַטאַקל!... דערפאַר איז פאַנטאַליי אַ גוטער ברודער. אַ סך ערגער פון דעם ערל איז זשוק. דער כּלב איז טאַקע אויף אַ קייט. נאָר אַ הונט בלייבט אַ הונט. ער בילט און שפּרינגט און רייסט זיך, דער כּלב שבכּלבים, מיט אַלע כּוחות. אַ גליק, וואָס פאַנטאַליי איז דאָ ביי דער זייט. שרייט ער אָן אויף אים, שעלט אים מיט טויטע קללות און זאָגט אים מוסר — אַ גאַנצע דרשה. נאָר שווערער פון אַלץ איז די דריטע אינסטאַנציע — דער משרת. דער האַלט זיך גאָר פאַר אַ גאַנץ קנעפּל, פרעגט אויס ביי אייך איטלעכעס ברעקל, נעמט אָפּ אַן עקזאַמען: ווער איר זענט? פון וואַנען איר קומט? און וואָס איר דאַרפט? אַ יונג אַ בלאָזן. מיט אים איז גלייכער איר זאָלט זיך האַלטן פונדערווייטנס, קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ. אַנישט וועט ער אייך קריכן אויפן קאָפּ. דער העלד פון דער געשיכטע ווייסט עס פון זיין אייגענער דערפאַרונג. דער משרת האָט אים אַ נעם געגעבן אויפן צימבל: פון וועמען איז דער בריוו? וואָס שטייט אין בריוו? און וואָס פאַר אַ געשעפט ער האָט? אַ שטעלע? וואָס פאַר אַ שטעלע? אין „זאַוואָד“? אָדער אין די „עקאָנאָמיעס“? אויב אין „זאַוואָד“ — זענען אַלע שטעלעס פאַרנומען. און אויב אין די „עקאָנאָמיעס“ — זענען אויך אַלע שטעלעס באַזעצט, סיידן אַ לערער־שטעלע? זענען אָבער דאָ בעלנים איבער־גענוג. אָט גייט נאָך איינער מיט אַ העננקאָלנער, זייער אַ וואַזשנער לערער — האָט ער אָבער אַ חסרון: ער איז אַ שוטה, כאָטש בראָקט אים אין קרויט. דערפאַר האָט ער אַ מעלה, וואָס ער איז מיט אַ באָרד, וועלן די פאַניטשלעך מיט די באַרישניעס פאַר אים האָבן חדר־ארץ.

— פאַר אייך נישט, ווייל איר זענט נאָך צו יונג, וועלן זיי אייך אָפּ=

דרייען דעם קאָפּ... אונדזערע פּאַניטשלעך מיט אונדזערע באַרישניעס — עס וואָלט געמעגט קומען אויף זיי א כאָליערע אין איין טאָג!...

אַזוי לאָזט אוים דער משרת און פאַרבייסט מיט א שיינעם יברכך, נעמט צו ביים בחור דעם בריוו, לייגט אים אַרויף אויף א זילבערן טעצל און ווערט פאַרשוואונדן אין די ווייטע אַפּאַרטאַמענטן. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער משרת געקומען צוריק מיט ליידיקע הענט און אָן א שום רעזולטאַט. דעם בריוו האָט, זאָגט ער, דער „מאַגנאַט" געעפנט, א קוק געגעבן, און נישט געלייענטערהייט, אַוועקגעלייגט.

וואָס איז די מעשה? — דאָס וועלן מיר זען ווייטער.

65

# אין חלום און אויף דער וואָר

אויף דער סטאַנציע אינעם קליינעם שטעטעלע. — „בערל דער רויטער“ טאַפּט ביי אים וועדטער. — דער העלד לייגט זיך שלאָפן אַ הונגעריקער און גייט אַוועק אין עולם־הדמיון אַריין. — ווידער אמאָל דער „אוצר“. — ער באַגעגנט זיך מיט א טאָכטער פונעם „מאַגנאַט“ און פון זיינע חלומות לאָזט זיך אויס א טייך.

באַקומען ביים „מאַגנאַט“ פון ט. אַזאַ קאַלטן ברוך־הבא, האָט אונ־דזער העלד פונדעסטוועגן נאָך נישט פאַרלוירן זיין קוראַזש און זיין האָ־פענונג האָט ער נישט אויפגעגעבן. ער האָט זיך געטראַכט: „וואָס א גביר א מאַגנאַט קאָן זיך פאַרגינען! אפשר איז אים דער קאָפּ נישט דערביי? נישט היינט — איז מאָרגן“... הערוויייל די צייט שטייט נישט. עס הייבט אָן צו ווערן שטאָק־נאַכט. מען באַדאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן נאַכטלעגער, אויסזוכן אַ סטאַנציע. ער האָט זיך געלאָזט זוכן און האָט אויסגעזוכט די איינציקע סטאַנציע אינעם שטעטל ט. — אַ שטיבל אויף הינערשע פיס־לעך. דער בעל־הבית איז נאָך אַ יונגערמאַן, טאַקע דעם „מאַגנאַטס“ אַ נאָענטער קרוב. א ייד א רויטער, מיט א רויט־פייערדיקער באָרד. זיין נאָמען איז „בערל דער רויטער“. אַז ער רעדט, פאַרמאַכט ער די אויגן און שמייכלט. א מאָדנער ייד. ער אינטערעסירט זיך אייך מיט איטלע־כעם ברעקעלע. ער דאַרף אַלצדינג וויסן, וואָס ביי אייך טוט זיך און איז גרייט צו יעדער צייט אייך בייהילפיק זיין מיט וואָס ס'איז נאָר מעגלעך. אַזוי זאָגט ער. ער קאָן אייך געבן אַן עצה, פאָלגן אַ גאַנג, זאָגן א גוט וואָרט פאַר אייך ביי זיין רייכן קרוב אין הויף און טאַקע אונטערשטיצן מיט אַ באַשיידענעם וואַרעמעס, מיט א גלעזל טיי, עס שטייט במילא אַ גרויסער סאַמאָוואַר מיט אַ טשיינ יק. טיי טרינקט ווער עס וויל און ווער עס וויל נישט.

אויסגעטאַפּט בײַם יונגן אורח, ווער ער איז און ווער זײַן טאַטע איז, לאָזט זיך אויס, אַז ער קען אים זייער גוט. ער איז נישט איינמאָל געשטאַנען בײַ זײַן פֿאָטער אין דער אכסניה. איז ער בײַ אים נאָך טײַערער געוואָרן. גאָר אַן אָנגעלייגטער גאַסט! ווײַבאַלד אַזוי מעג ער זיך וואַשן און גיין צום טיש גלײַך מיט אַלעמען, געפֿעלט נישט דעם גאַסט, וואָס מען קוקט אויף אים ווי אויף אַן אָרעמען בחור... ער איז נאָך געווען גרויס בײַ זיך, ער זאָל נישט וועלן עסן לאַסקאַווע ברויט בײַ אַ ייִדן אַן אָרעמאַן, וועלכער לעבט מסתּמא פֿון די ברעקלעך, וואָס פֿאַלן אַראָפּ פֿון דעם רײַכן קרובֿס טיש... און ער טראַכט אויס אַ ליגן, אַז ער איז גאָרנישט הונגעריק, אַז ער איז שוין אַ געגעסענער...

ווײַפּל דער בעל־הבית, בערל דער רויטער, מוטשעט אים נישט, ער זאָל אים זאָגן, וואָס פֿאַר אַ געשעפֿט ער האָט צו זײַן רײַכן קרובֿ, טאָמער קאָן ער אים אַ טובֿה טאָן — וויל ער אים נישט זאָגן. עס שטייט אים נישט אָן, אַז אַ זייטיקער ייִד, און נאָך דערצו אַ רויטער, זאָל זיך אַרײַנמישן אין זײַנע געשעפֿטן.

בערל דער רויטער טאַפּט ווערטער. דער בחור מאַכט זיך תּמעוואַטע, גלײַך ווי ער פֿאַרשטייט נישט, וואָס דער ייִד מיינט. לאָזט זיך אויס, אַז דער ייִד ווייסט גאַנץ גוט, וואָס דער בחור האַרף צו זײַן רײַכן קרובֿ. נאָר ער וויל דאָס הערן פֿון אים אַליין. און ער דערציילט אים אַ מעשׂה, באשר אַזוי ווי דער קרובֿ זײַנער, דער „מאַגנאַט“, זוכט אַ לערער צו די קינדער, האָט ער אויסגעפּויקט איבער דער גאָרער וועלט, און עס האָבן זיך אַ לאָז געגעבן צו אים לערערס, יונגע און אַלטע, מיט פּראָטעקציעס און רעקאָמענדאַציעס פֿון באָהסלאַוו, פֿון קאָניעוו און פֿון טאַראַשטשע — „ייִדן זוכן פּרנסה, ווילן אַ שטיקל ברויט“... אַזוי לאָזט אויס בערל דער רויטער און די ווערטער „פּרנסה“ און אַ „שטיקל ברויט“ קלינגען פֿאַר אונדזער יונגן העלד, ווי אַ באַליידיקונג. און טאָמער איז קאַרג, גיסט אונטער דער רויטער ייִד בוימל אויפֿן פֿײַער און זאָגט, אַז ס'איז אַ גאָטס רחמנות אויף די קאַנדידאַטן, „וואָרעם זיי זענען נעבעך הונגעריק“... עס ווײַזט זיך אים אויס, אַז אָט דער רויטער ייִד צילט דאָס גראָד אין אים... דער ייִד ווייסט, אַפּנים, אַז דער העלד לייגט זיך שלאָפֿן אַ הונגעריקער.

— — — — — — — — — — — — — —

ער ווייסט נישט, צי עס חלומט זיך אים, אָדער ער פֿאַנטאַזירט עס וואַכנדיק, נאָר עס שטעלט זיך אים פֿאָר אַזאַ משונה־מאָדנער אומגעלומ=

פּערטער געדאַנק: אַז ער האָט גאָר קיין שום בריוו צום „מאַגנאַט“ נישט איבערגעגעבן, נאָר ער איז גלאַט אַזוי אַריינגעטרעטן צו אים אַלס באַ־דינער... און אַז ער איז ביי אים אַ „מענטש“, ווי אַלע „מענטשן“... נאָר ער געפעלט זייער דעם „מאַגנאַט“... און דער „מאַגנאַט“ רופט אים אַריין צו זיך און פרעגט אים, ווער ער איז און פון וואַנען ער איז?... און אַז ער דערזעט, מיט וועמען ער האָט צו טאָן, הייבט ער אים אויף און גיט אים אַ העכערע שטעלע... און עס גייט אַוועק אַ קורצע צייט, ווערט ער ביי אים כל־ולך איבער אַלע „מענטשן“ און איבערן גאַנצן „הויף“... און דער סטרוזש פאַנטאַליי, און דער הונט זשוק, און דער בלאָנדע משרת — אַלע ציטערן פאַרן אים ואימת־מות... און ער שרייבט אַ בריוו צום טאַטן אַהיים, מיט אַ שיינער מליצה, אויף העברעיִש געווינטלעך, און נישט גלאַט אַ פּוסטן בריוו, נאָר מיט עטלעכע פרישע קנאַקנדיקע הונ־דערטער — אַ מתנה דעם טאַטן אויף יום־טוב... אינעם בריוו שרייבט ער אַרויס דעם טאַטן רוב גדלו ורוב עשרו, מאָלט אים אַ בילד, ווי אַזוי ער פאָרט אַרויס מיט דריי פאָר פערד נאָך שפּיץ... פרעגט מען איינס דאָס אַנדערע: „ווער פאָרט דאָס?“ ענטפערט מען: „איר ווייסט נישט, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך דער גלאַוונע אופּראַוולי‏אַיושטשע“... „אַזאַ יונ־גערמאַן!“...

עס איז שוין גרויסער טאָג. פון בערל דעם רויטנס קיך לאָזט זיך הערן אַ קלאַפּעריי און עס טראָגט זיך פון האָרטן אַ ריח פון פרישן, נאָר וואָס אויסגעבאַקענעם ברויט און געפּראַזשעטער מילך. דער העלד כאַפּט אויף זיך גיך דאָס אָנטון און לאָזט זיך אין „הויף“ אַריין, באַקומט אַז אוידיענץ ביים משרת און ווערט געוווּיר, אַז דער „מאַגנאַט“ האָט דעם בריוו נאָך נישט געלייענט... גייט ער מיט אַ פאַרביטערט האַרץ צוריק אויף דער אכסניה, באַגעגנט זיך מיטן רויטן בעל־הבית. מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי זיין שטייגער איז, טוט אים בערל דער רויטער אַ פרעג גלאַט אַזוי פון יוצא וועגן: „וואָס הערט מען גייעס?“... „דערווייל נאָך גאָר־נישט“. — ענטפערט אים דער יונגער אורח און גליטשט זיך אויס פונעם רויטנס הענט און גייט אַוועק צו זיך אין חדרל אַריין, ציט זיך אויס אויפן בעטל און פאַרשטעקט זיך די נאָז, ער זאָל נישט הערן דעם ריח פון מאַרענירטן הערינג מיט אָנגעבראָקטע ציבעלעס, וואָס קיצלען דעם חוש־הריח און רייצן דעם אַפּעטיט מיט סכנות־נפשות!... און בכדי אָפּצו־טרייבן פון זיך דעם יצר־הרע, מאַכט ער צו די אויגן און פאַרטיפט זיך אין מחשבות און געדאַנקען, וועלכע כאַפּן אים אויף און טראָגן אים

אַוועק אויף די פֿליגלען פֿון דער היציקער פֿאַנטאַזיע און עולם־הדמיון, אין דער צויבער־וועלט פֿון זיסע גאָלדענע חלומות. אַהין האָט ער ליב צו פֿאַרקלייבן זיך אַלעמאָל, ווען ער בלייבט אַליין מיט זיך. קיינער האָט אַהין קיין שליטה ניט. אַפֿילו זיינע סאַמע נאָענטסטע חברים. דאָס איז יענע בישופֿדיקע וועלט, וואָס איז אים פֿאַרבליבן פֿון זיין אַמאָליקן חבר שמואליק. אַ וועלט פֿון אוצרות און פֿון וווּנדער־שטיינער, וואָס איינער פֿון זיי הייסט „ישפֿה“ און דער אַנדערער — „כדכד“. אַ רייב מיטן ערשטן שטיין: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין!“... באַווייזט זיך אַן אָנבייסן, הייסע שמעקנדיקע פֿרעגנדזלעך מיט פֿוטערקיכלעך, וואָס צעגייען זיך אין מויל, און אַ ריח פֿון הייסער קאַווע מיט מילך צעגייט זיך אין אַלע ווינקעלעך — איידער ער רירט זיך נאָך צו צו דער קאַווע, איז שוין אויסגעוואָקסן אַ פֿעטע יויך מיט מאַנדלען און אַ פֿערטל עוף, און געבראָטענע קאַטשקע מיט מערעלעך, און אַ קוגעלע פֿון מצה־מעל מיט גענדזנשמאַלץ, און ווײַן — צווייערליי סאָרטן: 1) רויטוויין „צערקאָווגע כשר לפּסח“, 2) ווייסער וויין, פֿונעם „ווימאַראַזיג ווישנאַהאַ בערעגאַ“... דאָס זענען די ווייַנען, וואָס זיין טאַטע האָט געהאַלטן אויף פּסח נאָר פֿאַר יחידי־סגולה, פֿאַר די אמתע מבֿינים.

אָפּגעפּאַטיקט זיך מיטן דאָזיקן גרויסאַרטיקן אָנבייסן, פֿילט ער, אַז ער באַדאַרף האָבן ירו. טוט ער אַ רייב מיטן צווייטן שטיינדעלע: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין!“... און נאָך איידער ער רעדט עס אַרויס, דערזעט ער זיך שוין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ פֿון צוועלף חדרים. די ווענט זענען אויסגעקלעפּט מיט אַסיגנאַציעס פֿון סאַמע הונדערטער. די ערד איז אויסגעפֿלאַסטערט פֿון זילבערנע מטבעות, באַצירט מיט גאָלדענע רענדלעך. דאָס גאַנצע מעבל איז פֿון ווייסן עלפֿאַנט־ביין, מיט סאַמעט אויסגעבעט. וווּ מען טוט זיך אַ ריר, איז גאָלד און זילבער און די בעסטע טייערסטע שטיינער. אַרום און אַרום איז אַ גאָרטן פֿון די בעסטע פּירות. און אַ טייכל לויפֿט פֿאַרביי מיט גאָלדענע פֿישעלעך. און אַ געטלעכע מוזיק הערט מען דאָרטן שפּילן — די בעסטע פֿידלשפּילער פֿון דער וועלט. און ער אַליין, דער העלד, טוט גאָרנישט, נאָר ער טיילט צדקה פֿון דער ברייטער האַנט, פֿולע זשמעניעס. וועמען גאָלד, וועמען זילבער, וועמען שטיינער און וועמען אַ מזומנע מטבע, וועמען עסנוואַרג און וועמען קליידער — ער לאָזט ניט דורך קיינעם, דעם גרעסטן שונא אַפֿילו. פֿאַרקערט, די שונאים גיט ער נאָך מער, ווי די גוטע פֿרײַנד, בכדי זיי זאָלן פֿילן....

---

א פאַרחלומטער, א הונגעריקער, כאַפּט זיך אויף דער יונגער טרוימער און מיט א פאַרחלשט האַרץ לאָזט ער זיך אַוועק ווידער אין „הויף" פון דעם „מאַגנאַט". ער איז שוין האָרט א היימישער. דאָס הייסט, דער סטרוזש פאַנטאַליי לאָזט אים דורך. דער הונט זשוק טשעפּעט אים נישט. און דער משרת איז מיט אים זאַ פּאַנ=בראַט. ער פּאַטשט דעם יונגן בחור איבער דער פּלייצע און זאָגט אים אָן א בשורה, אַז ער האָט שוין גערעדט פון אים, נישט מיטן בעל=הבית, נאָר מיט זיינע טעכטער... און אַזוי ווי ער רעדט — באַווייזט זיך איינע פון די טעכטער, א גראָבע מויד, אַ רויטע, אין אַ קורץ קליידעלע, מיט גראָבע פּולקעס און מיט א פּאַרריסן נעזל: „אָט דאָס איז ער!" — ווייזט אָן אויף אים דער משרת און די גראָבע מויד באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז פיס, באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט, שיסט אויס א געלעכטער און אַנטלויפט.

66

# אַ מעשה מיט אַ זייגער

ער זוכט מיטלען קעגן הונגער. — אַ זייגער מיט אַ געשיכטע. — דער דיאַלאָג צווישן בחור מיט דעם אַלטן זייגערמאַכער. — די קאָמבינאַציעס העלפן נישט און דער הונגער וואַקסט.

און דעם בריוו האָט דער „מאַגנאַט“ נאָך אַלץ נישט געלייענט. דאָס רירט שוין אָן דעם העלדס אַמביציע און ער גייט אַרויס פון דאָרטן אַ צעקאָכטער. ס'טייטש, זיין טאַטנס בריוו וואַלגערט זיך אַרום — דאָס אַרט אים מער פון אַלצדינג. נאָך מער פון דעם, וואָס ער איז הונגעריק. הונגעריק, ווי אַ הונט! ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. עס טראָגט אים אין דער לופטן. עס ציט אים דאָס האַרץ, און דער בויך איז אים ווי איינגעשרומפּן. אַ קאַלטער שווייס טרעט אַרויס און ער זוכט אין זיינע געדאַנקען, וועלכע פון זיינע זאַכן ער וואָלט געקאָנט פאַרקויפן, מאַכן דערפון קליינגעלט און עפּעס קויפן צו שטילן דעם הונגער... וואָלט דאָס געווען אין אַ גרויסער שטאָט — פאַרזעצט מען דעם איבערראָק און מען שלאָגט צונויף אַ פּאָר גראָשנס...

ער טאַפּט זיך אין אַלע קעשענעס און זיינע געדאַנקען שטעלן זיך אָפּ אויפן זייגער. נאָר וואָס טוט מען מיטן זייגער? פאַרזעצן אין משכון — איז נישטאָ ביי וועמען. סיידן פאַרקויפן? דערמאָנט ער זיך, אַז אין דער פרי האָט ער געזען אויפן מאַרק אַן אויפשריפט מיט אַ גרויסן ציפערבלאַט: „טשאַסאָוויך דיעל מאַסטער“. דאָ וועט ער קאָנען פאַרהאַנדלען זיין זייגער. קיין סך קאַפּיטאַלן — ווייסט ער — וועט ער פון דעם נישט שלאָגן. נאָר עס וועט זיין גענוג, וויפל ער וועט קריגן, אַבי צו שטילן דעם הונגער.

אַ מיאוסע זאַך — הונגערן. אַ חוץ, וואָס עס ציט דאָס האַרץ, און עס ציטערן הענט און פיס — איז דער בזיון, דער בזיון!... מען דאַרף פאַרשטעקן דעם זייגער... איז אָבער דער זייגער, וואָס דער בחור פאַרמאָגט, ניט גלאַט אַ זייגער, נאָר דאָס איז אַ זייגער מיט אַ געשיכטע, מיט אַ היסטאָריע. אַ היסטאָרישער זייגער... מוז מען דעריבער פריער אייך באַקענען מיט דער געשיכטע פונעם זייגער.

---

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען דער מחבר פון די דאָזיקע זכרונות האָט געהאַלטן אין רעכטן גלאַנץ פון זיבן שטונדן. אין זיין געבורטס=שטאָט האָט ער געהאַט שטונדן אַ סך מער, ווי אַ יונגער לערער קאָן זיך ווינטשן. נאָר איין זאַך האָט אים געפעלט צו די שטונדן — אַ זייגער. האָט ער זיך צונויפגעשלאָגן פון די שטונדן אַ שטיקל קאַפּיטאַל אויף צו באַזאָרגן זיך מיט אַ זייגער. די בעסטע צייט אויף צו קויפן אַ זייגער איז „ספּאַס=יאַריד“. דעמלט פאָרן זיך צונויף אין פּערעיאַסלאַוו סוחרים, קרעמער פון דער גאָרער וועלט. וואָס אַז אויג קאָן זען און וואָס אַ מויל קאָן רעדן קריגט איר אויף דעם יאַריד.

אויפגעשטאַנען איינמאָל אינדערפרי, גענומען דאָס שטעקעלע, האָט זיך אונדזער העלד געלאָזט צום יאַריד צו די שאַלאַשן און קראָמען, ווו גאָלדענע און אַנדערע טייערע זאַכן זענען אויסגעשטעלט. ספּאַס=יאַריד שטעלט זיך סוף זומער, אין חודש אויגוסט. דעמלט קומען אויף די קאַווענעס מיט די דיניעס. עפּל און באַרן ליגן קופּעסווייז אויף די וועגן און אויף דער ערד. ייִדן לויפן אַרום, ווי פאַרסמטע מייז, פאַרטאַרעראַמט און פאַרשוויצט. מען מאַכט געשעפטן. מען לייזט געלט. ציגיינער שווערן זיך, פערד הירזשען, שאָף מעקען, חזירימלעך קוויטשען פון די זעק אַרויס. אַ בלינדער בעטלער שפּילט אויף אַ באַנדורע. אַ ייִדענע פאַרקויפט בייגל. אַ ייִנגל טראָגט אַרום קוואַס. אַלץ רעדט, אַלץ שרייט. מען קאָן טויב ווערן.

גייענדיק אַזוי איבערן יאַריד פאַרטראַכט, שלאָגט ער זיך אָן אויף אַ ייִדל מיט אַ רויט פּרישטשעוואַטע פּנים, מיט אַ קורציקער מאַנישקע און מיט מאָדנע לויפנדיקע אויגן. שטעלט אים אָפּ דער ייִד, רעדט שטיל, הייזעריקלעך און ווינקט מיט די ממזרישע אויגעלעך אויף אַ הויכן דאַרן פּריץ מיט אַ פּוילישן היטל, מיט לאַנגע פאַרדרייטע וואָנסעס אַרויף.

— אָט דער אדון האָט צו פאַרקויפן אַ זאַך בחצי חנם... טוט אַ קוק, וואָס'ט אייך אַרן?

און באַלד נאָך דעם רוקט זיך צו דער פּריץ, ציט אַרויס פון קעשענע אַ פּאַפּיר, קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן, וויקלט אויף דאָס פּאַפּיר און עס טוט מיט אַ מאָל אַ בלישטשע אין די אויגן אַ שפּאָגל-נייער, אַ גלאַנצעדיקער גאָלדענער זייגער. אַ ווייז געגעבן דעם זייגער פונדערווייטנס, וויקלט אים דער אדון איין אין פּאַפּיר און באַהאַלט אים צוריק אין קעשענע, אָן ווערטער. רעדן רעדט דאָס יידל.

— אַ מציאה פון אַ גנבֿ!... ער באַדאַרף האָבן נייטיק געלט. אויף דעם זייגער איז דאָ גאָלד אַליין אפשר אויף אַ הונדערטער...

— וויפל זשע וויל ער פאַרן זייגער?

— איך מיין, ער'ט נעמען אַ האַלב, אַ פופציקער. אַ מציאה פון אַ גנבֿ!... איך אַליין וואָלט אַ בעלן געווען, האָב איך נישט אַזוי פיל געלט ביי זיך. — זאָגט דאָס יידל.

— איך האָב אויך נישט. — זאָגט דער בחור און כאַפּט זיך צו דער קעשענע.

— וויפל דען האָט איר? — פרעגט אים דער פרישטשעוואַטער ייד.

— איך פאַרמאָג אינגאַנצן אַ פינף-און-צוואַנציקער...

דער ייד טוט אַ בלישטשע מיט די ממזרישע אויגן, ציט אויס די האַנט:

— מיט מזל-ברכה!...

אין איין אויגנבליק ווערט איינגעצאָלט דאָס געלט און דער גאָלדענער זייגער ווערט איבערגעגעבן צום קונה אין די הענט אַריין. עס טוט אים אַ טיאַכקע דאָס האַרץ — „טאָמער איז דער זייגער אַ געגנבעטער?“... עס גייט אים נישט אין די מציאה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט און עס שטעלן זיך איך פאָר אַלערליי טונקעלע מחשבות און טרויעריקע געדאַנקען: „טאָמער דערקענט מען ביי אים דעם זייגער?“... האַנדלען אַ גנבֿה איז ערגער פון אַ גנבֿה אַליין... קורץ, ער האָט שוין חרטה. נאָר ס'איז פאַרפאַלן. ער נעמט אַרויס דעם זייגער פון קעשענע, באַטראַכט אים פון אַלע זייטן — אַ שפּאָגל-נייער זייגער און קלאַפּט ווי אַ באַנדאַר! קאָפּערטעס גינגאָלדענע, שווערע. אַ ציפערבלאַט, ווי געפאַלענער שניי. ווייזערס, ווי ־יטער. עס בלייבט נאָר צו באַווייזן דעם זייגער עפּעס פאַר אַ רעכטן מבין, ער זאָל אים באַטראַכטן און אָפּשאַצן. דער טאַטע איז אַפילו אַ מבין אויף זייגערס. פּאַסט אים אָבער נישט צו ווייזן אים דעם טאַטן. און דערציילן דעם אמת, אַז ער האָט אים געהאַנדלט אויף דער גאַס — וויל

ער אויך גישט. הקיצור, דאָס בעסטע וועט זיין אַרייַנטראָגן דעם זייגער צו הענזל דעם זייגערמאַכער.

הענזל דער זייגערמאַכער איז נאָך גאָר א יונגערמאַן, גאָר אַ גרוי־סער קאָפּ־מענטש. אין שטאָט זאָגט מען, אז הענזל האָט צוגעטראַכט אַן אייגענעם זייגער נאָך דעם סיסטעם פון דער זון. אויפן פנים ביי אים זעט מען אַפילו קיין באַזונדערע חכמה נישט אַרויס. אַ גאַנץ געווייגלעכער ייד מיט אַ ברייטער נאָז, פאַרמאָגט א גראָבן ברייטן פּלאַטשיקן פינגער מיט א גרויסן נאָגל. מיט דעם נאָגל טוט ער אָן עפן אויף דעם זייגער, זאָטלט אָן דאָס אויג מיט אַ שפּאַקטיוו, טוט א קוק אַריין אין געווערקל און זאָגט אייך באַלד, וואָס דער זייגער האָט, וואָס אים פעלט און וואָס ער איז ווערט.

באַטראַכט די מציאה, דעם גאָלדענעם זייגער, האָט הענזל אים צי־געמאַכט מיט אַ קנאַק און אַ זאָג געגעבן:

— אַ פּראָסטער צילינדער, נישט קיין אַנקער. ווערט אַ פינפערל עובר לסוחר...

— נו, און דאָס גאָלד?

— וואָסער גאָלד? ס'איז אַזוי גאָלד, אַזוי ווי איך בין א מיניסטער.

— וואָס דען איז דאָס?

— טאמבעקע.

— וואָס הייסט דאָס טאמבעקע?

— טאמבעקע איז טאמבעקע; נישט קיין מעש און נישט קיין קופּער, נאָר טאמבעקע...

און הענזל טוט אוים די שפּאַקטיוו, נעמט זיך צו דער אַרבעט און רעדט נישט מער.

---

אָט דעם דאָזיקן זייגער האָט דאָס דער יונגער וואַנדערער געוואָלט פאַרהאַנדלען צום זייגערמאַכער פונעם קליינעם שטעטעלע ט. אריינגע־קומען איז ער צום זייגערמאַכער, צו אַן אַלטן ייד אַ טויבלעכן, מיט וואַטע אין די אויערן, גאַנץ ברייטלעך, מעשה סוחר. און צווישן בחור מיטן אלטן זייגערמאַכער קומט פאָר אַזאַ מין דיאַלאָג:

ד ע ר ב ח ו ר: גוט מאָרגן, הער זייגערמייסטער! האָט איר עפּעם גוטע זייגערס?

דער זייגערמאַכער: וויפל זייגערס דאַרף עס אַ בחורל?

דער בחור: איין זייגער...

דער זייגערמייסטער: וואָסער אַ זייגער ווילט איר — אַ זילבערנעם? אַ גאָלדענעם?

דער בחור: אַ גאָלדענעם זייגער וועל איך בײַ אײַך קויפן אַ ביסל שפּעטער... דערווײַל וועט זײַן גענוג אַ זילבערנער, אַבי ער זאָל גיין ווי עס געהער צו זײַן.

דער זייגערמאַכער: וועגן דעם איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן! — און דער אַלטער זייגערמאַכער שיט אויס פֿאַרן קונה אַקעגן אַ האַלב טוץ נײַע זייגערס. דער בחור שטעלט זיך אָפּ אויף איינעם פֿון זיי און גיט צו פֿאַרשטיין דעם אַלטן, אַז ער וויל, איינגעטלעך, מאַכן מיט אים אַ בײַט. דאָס הייסט, ער וועט בײַ אים נעמען דעם דאָזיקן נײַעם זילבערנעם זייגער און וועט אים געבן זײַן אַלטן זייגער... „אין וויפל וועט איר אים אָננעמען?“... דער אַלטער באַטראַכט דעם בחורס זייגער פֿון אַלע זײַטן, טראַכט אַ ווײַלע, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. דערנאָך נעמט ער אַרויס די וואַטע פֿון די אויערן און לייגט איבער פֿון איין אויער אינעם אַנ= אַרוים די וואַטע... גלײַך ווי דאָס האָט אַ שייכות צו די זייגערס. און קוים וואָס ע־ דערן, שטעלט זיך איין אַרויסצוזאָגן, אַז ער קאָן אָננעמען בײַ אים זײַן זייגער מער נישט, ווי אין צוויי קאַרבן. און אַזוי ווי זײַן זילבערנעם זייגער רעכנט ער אין נײַן קאַרבן, קומט אויס, אַז דער בחור באַדאַרף אים צוצאָלן אַזוי גרויס, ווי זיבן קאַרבן, און דאָס געשעפֿט איז געמאַכט. דעם בחור איז די קאָמבינאַציע געפֿעלן און ער לייגט פֿאָר דעם זייגערמאַכער אַ נײַע קאָמבינאַציע: אַז ער זאָל דערווײַל נעמען בײַ אים דעם אַלטן זייגער און געבן צוויי קאַרבן, און שפּעטער מיט אַ טאָג אָדער צוויי וועט ער אַרײַנקומען און וועט זיך אויסקלײַבן אַ נײַעם זייגער... געפֿעלט נישט דעם אַלטן די דאָזיקע קאָמבינאַציע. פֿאַרוואָס? אַזוי. דערפֿאַר, ווײַל ער קויפֿט נישט קיין זייגערס. ער פֿאַרקויפֿט זייגערס... פּרוווט זיך דער בחור פֿאָרלייגן אַ נײַעם פּראָיעקט. דהיינו: ער גיט אים אַוועק זײַן אַלטן זייגער פֿאַר איין קאַרב — אַן עק! נישט צוליב געלט, נאָר ווײַל דער זייגער איז אים נמאס געוואָרן, ער קאָן אויף אים נישט קוקן... זאָגט דער אַלטער, אַז אויב ס'איז אים נמאס געוואָרן דער זייגער, קאָן ער אים אַרויסוואַרפֿן אין בלאָטע. גיט אים דער בחור צו פֿאַרשטיין, אַז ער קאָן איצט דאָס געשעפֿט מיט אים נישט מאַכן, מחמת ער איז איצטער קורץ אין געלט. דאָס הייסט, פּשוט, ער איז איצטער נישט בײַ געלט... גיט אים דער זייגערמאַכער

אַז עצה, ער זאָל אַריינקומען אַז אַנדערש מאָל, דעמלט ווען ער וועט זיין ביי געלט. און אַזוי עטלעכע מאָל. ער זאָגט אים דאָס און יענער עגטפערט אים בויבעריק. זינט גאָט האנדלט מיט נודניקעס, האָט ער נאָך אַזאַ נודניק נישט געהאַט!... דער בחור באַהאַלט צוריק זיין אלטן טאַמבעקענעם זייגער און בעט דעם אלטן, ער זאָל אָפּלייגן אָט א יעגעם זילבערנעם זייגער אויף א זייט. ער וועט נאָך אפשר היינט אַריינקומען צו אים נאָך א מאָל. עס דאַרף אים אָנקומען געלט מיט דער פּאָסט. ער זאָל נאָר קיין פּאַראיבל נישט האָבן, וואָס טאָמער האָט ער ביי אים צוגענומען צייט. זאָגט דער אַלטער, אַז עס מאַכט נישט אוי׳ס, נאָר נאָך זיין בלאס פּנים, נאָך זיין בייזן קוק און נאָכן ציטערן פון זיינע אלטע פינגער איז צו זען, אַז עס מאַכט שוין דווקא יאָ אוים...

דער בחור — קוים וואָס ער טרעפט צו דער טיר. מיט אַ פאַרחלשט הארץ לאָזט ער זיך אַוועק צו בערל דעם רויטן אויף דער סטאַנציע און בעט גאָט, ער זאָל כאָטש נישט באַגעגענען זיך מיטן רויטן בעל־הבית.

„וואָרעם אָט דער רויטער ייד — טראַכט זיך דער בחור אין האַרצן — איז דער איינציקער, וואָס שטויסט זיך אָן, אַז ער הונגערט“...

67

# א מלאך פון גאָט אינעם געשטאַלט פון א מענטשן

ער פאַרקליבט זיך אין בית־המדרש פון שטעטל און ווייַנט זיך גוט אויס. — א מלאך פון גאָט באַווייזט זיך און דאָס מזל טוט אים א שיין. — ער ווערט איינגעלאַדן אַלס לערער אין א דאָרף און ווייסט נישט, אַז דערמיט איז אים פאַרזיגלט געוואָרן דאָס גליק אויף זיין גאַנצן לעבן.

דאָס צווייטע הויז פון בערל דעם רויטנס אכסניה איז געווען דאָס בית־המדרש פונעם שטעטל. אַהין האָט זיך דער העלד פון דער ביאָגראַפיע פאַרקליבן אויף מאָרגן אינדערפרי און, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט ער אַוועקגעשטעלט זיך דאַווענען. און געדאַוונט האָט ער ביחידות, איינער אַליין. ווארעם דאָס ביסל יידן, וואָס אין שטעטל ט., האָבן זיך געפעדערט גאַנץ פרי, אָפּגעדאַוונט מיט א מנין און צעגאַנגען זיך זוכן פרנסה, ווי דער שטייגער איז. געבליבן איז נאָר דער שמש, א ייד אַ שוסטער. נאָר ווייל ער האָט ווינציק אַרבעט, איז ער אין איינוועגס אויך א שמש אין שול. דערזען אַ פרעמדן בחור מיט אַ תפילין־זעקל, איז דער שמש־שוסטער צוגעגאַנגען צו אים און א פרעג געגעבן, צי ער האָט נישט קיין יאָרצייט? אויב אַ יאָרצייט, וועט ער אַ לויף טאָן צונויפשלעפּן אַ מנין.

— ניין, נישט קיין יאָרצייט, נאָר איך וויל גלאַט אַזוי דאַווענען. — האָט אים דער בחור באַרואיקט, און באַקומט אַן ענטפער פונעם שמש:

— געזונטערהייט. אָט האָט איר אַ סידור. — זאָגט צו אים דער שמש, לאָזט אים אַליין און פאַרקליבט זיך אין פּאָליש און זעצט זיך אַוועק פאַריכטן אַן אַלטע פּאָר שיך.

שוין לאַנג האָט דער יונגער העלד אַזוי געשמאַק און אַזוי האַרציק נישט געדאַוונט, ווי אין יענעם פרימאָרגן. ער איז שוין דערמאָלט בכלל געווען ווייט פון פרומקייט. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון השכלה, ווען פרום זיין איז געווען אַ בזיון, ווען אַ פאַנאַטיקער איז געווען ערגער פון א הולטיי

און אפשר ערגער, ווי היינט אַ משומד... גאָר דער חשק צו דאַווענען איז געקומען פון זיך אַליין. אַ מין רעליגיעזער עקסטאַז איז אויף אים אָנגעקומען מיט אַ מאָל און ער האָט זיך צעלאָזט, צעזונגען אויף אַ קול, גאָר מעשה חזן, און צו דער שמונה־עשרה האָט ער זיך צעוויינט. לאַנג געוויינט, מיט האַרץ געוויינט. און אַז ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט ער זיך געפילט אַ סך גרינגער, גלייך ווי ס'איז אים אַראָפּ אַ שווערע משא פון האַרצן. וואָס דאָס דאָזיקע געוויין האָט באַדייט, קאָן ער אויף אַ ראַציאָנעלן אופן נישט געבן צו פאַרשטיין. עס האָט זיך געוויינט גיכער פון זיך אַליין און די נשמה האָט זיך ווי אָפּגערייניקט. אפשר איז דאָס געקומען פון דעם פאַסטן?... ער האָט באַשטימט ביי זיך דעם תענית היינט איבערצורייסן — ס'זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. גענוג פאַסטן!... און ער לייגט צונויף די תפילין, נעמט דאָס שטעקעלע און גייט אַהיים אויף דער סטאַנציע און באַגעגנט אויף דער שוועל בערל דעם רויטן, וועלכער זאָגט אים אָן אַ בשורה, אַז היינט איינדערפרי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אים אַ יונגערמאַן אַ גביר, אַן אדיר, פון נישט ווייט, פון אַ דאָרף. ער איז, האַלט זיך, אים אַ נאָענטער קרוב.

— וועמענס אַ קרוב?

— אייערער אַ קרוב. דאָס הייסט, נישט קיין קרוב, נאָר אַ שטיקל מחותן... — און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט אים בערל דער רויטער אָן פאַר אַ האַנט און פירט אים אַריין אין אַ באַזונדערן חדר, וואָס איז צוגעקליבן פאַר פּריצים, און שטעלט אים פאָר פאַר אַ יונגנמאַן, וואָס זיצט ביי אַ סאַמאָוואַר און טרינקט טיי.

דער יונגערמאַן, אַ סימפּאַטישער פאַרשוין מיט גוטע בלויע אויגן, אַ הויכן ווייסן שטערן און אַ שיין קיילעכיק בערדל, איז העפלעך אויפגעשטאַנען, זיך אָנגערופן ביים נאָמען יהושע לאַיעוו און געבעטן דעם גאַסט זיך זעצן צום סאַמאָוואַר, אַ ווונק געגעבן צום בעל־הבית, מען זאָל דערלאַנגען נאָך אַ גלאָז, און גאָר נישט וואַרטנדיק, האָט ער אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז טיי, צוגערוקט בייגעלעך, קיכלעך און אַנדערע פאַרבייסעכצן, און דער יונגערמאַן לאַיעוו האָט זיך געווענדט צום אַריינגעקומענעם בזה הלשון:

— דער בעל־הבית האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט פון פּערעיאַסלאַוו, נחום ראַבינאָוויטשעס אַ זון. אויב אַזוי, זענען מיר שטיקלעך אייגענע... עסט, איך בעט אייך, און טרינקט טיי.

קיינמאָל אין לעבן, נישט פריער און נישט נאָכדעם, איז אַ גלאָז טיי נישט געווען אַזוי אָנגעלייגט ביי אים, ווי אַצינד און קיין שום מאכל אין




שלום=עליכם אויפן טויטנבעט

דער וועלט האָט קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ טעם, ווי עס האָבן געהאַט אָט די פרישע בייגעלעך, די קיכעלעך און די אַנדערע פאַרבייסעכטסן, וועלכע זענען גיך פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם טיש, נישט געבליבן פון זיי אַ זכר אַפילו אויף דרך־ארץ. דער גאַסט האָט דאָס אַלץ איינגעשלונגען, ווי אַ הונגעריקע גאַנדז און האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז עס איז נישט שיין, וואָס ע־ האָט דאָס אַלץ אויפגערוימט, נאָר ס'איז שוין געווען נאָך אַלעמען... דער יונגערמאַן האָט דערווייל אויסגערעכנט דעם יחוס, ווי אַזוי זיי זענען קרובים:

— אייער פאָטער האָט אַ מחותן אברהם־יהושע. אָט דער אברהם־יהושע האָט געהאַט דאָס ערשטע ווייב, וועלכע האָט מיר אָנגעקערט אַ מומע, מיין געשטאָרבענער מוטערס אַ שוועסטער. פאַרשטייט איר שוין? ווייטלעכע מחותנים, און דאָך מחותנים... איצינד זאָגט מיר: פונוואַנען פאָרט איר? וווּהין פאָרט איר? און וואָס איז אייער טועכץ?

אויסגעפרעגט זיך ביים העלד אַלצדינג און געוווירגעוואָרן, אַז ע־ איז געקומען אהער צו פאַרנעמען אַ לערער־שטעלע, האָט דער יונגערמאַן אַ פרעג געגעבן, אויב דער בחור וויל דווקא בלייבן דאָ, ביים היגן גביר ק.., אָדער עס מאַכט אים נישט אוים צו פאָרן אַ ביסל ווייטער? אויב עס מאַכט אים נישט אויס, וואָלט ער אים פאַרגעלייגט, ער זאָל פאָרן מיט אים צו זיין פאָטער לאיעוו און דאָרף אַריין, פאַרנעמען דאָרט אַ לערער־שטעלע ביי זיין שוועסטערל — זיין פאָטער איז אימשטאַנד אויך גוט צו באַצאָלן, אַזוי ווי דער היגער גביר, אויב נישט שענער נאָך... אויף די האָזיקע ווערטער האָט זיך אָפגערופן בערל דער רויטער און צוגעווינטשעוועט זיך: „אַ חוץ זיין שאָדן, אויף אים געזאָגט געוואָרן כאָטש אַ צענט־חלק". און גאָרנישט פרעגנדיק ביים בחור, צי ער וויל נישט, האָט בערל דער רויטער צוגעגעבן, אַז דער בחור וועט מיט פאַרגעניגן זיך דורכפאָרן מיטן יונגנמאַן צו זיין פאָטער לאיעוו אין דאָרף אַריין און וועט מיט פאַרגעניגן פאַרנעמען דאָרט די לערער־שטעלע.

אַ מאָדנער ייד אָט דער בערל דער רויטער! עפעס גלייך ווי עמעצער וואָלט אים געבעטן, ער זאָל זיך אַרויסשטעלן פאַר אַן אפוטרופס, אָדער ווייניקסטנס, פאַר אַ פאַרמיטלער. ער האָט נישט קיינעם געלאָזט קומען צום וואָרט און האָט בעסער אַליין גערעדט. דער בחור איז געווען איבערראַשט פון דער גאַנצער געשיכטע אַרום און אַרום. ער האָט כמעט נישט געגלויבט זיינע אויערן. נישט אַנדערש, אַז דאָס איז אָדער אַ חלום, אָדער אַ מין האַלוצינאַציע, אָדער דער יונגערמאַן — דאָס איז אַ

מלאך פון הימל אַראָפּ אויף דער ערד אינעם געשטאַלט פון אַ מענטשן... נאָר אַרויסוווייזן זיין פרייד, פונדעסטוועגן, שטייט אים נישט אָן. ער הערט אויס דעם געשפּרעך גאַנץ גלייכגילטיק, באַטראַכט פריער וואָס צו ענטפערן און רופט זיך אָן צום יונגנמאַן מיט האַלבע ווערטער:

— אייער פאָרשלאַג איז אפשר נישט קיין שלעכטער פּלאַן... די מעשה איז אָבער, פאַרשטייט איר, וואָס איך האָב געבראַכט צום היגן גביר אַ רעקאָמענדאַציע, אַ בריוו, טאַקע פון מיין טאַטן... וואָס וועט זיין, טאָמער...

— אין וואָסער שפּראַך איז געשריבן אייער טאַטנס בריוו? — מישט זיך אַריין בערל דער רויטער.

— וואָס הייסט אין וואָסער שפּראַך? אין העברעיש.

— לשון קודש? — פרעגט איבער בערל דער רויטער און כאַפּט זיך אָן מיטביידע הענט ביי די זייטן און צעלאַכט זיך אַזוי שטאַרק, גלייך ווי אַכצן שדים קיצלען אים אונטער די פּאַכוועס! — איר וועט דאַרפן, יונגערמאַן, אַ ביסל צווואַרטן, ביז מיין קרוב וועט זיך פריער אויסלערנען איבערצולייענען אַ לשון קודשדיקן בריוו. איר וועט אָבער, האָב איך מורא, באַדאַרפן לאַנג וואַרטן!... — און ביידע צעלאַכן זיי זיך אין לאַכן לאַנג און געשמאַק.

עס האָט נישט גענומען קיין האַלבע שעה צייט און צווישן דעם יונגנמאַן יהושע לאַיעוו און זיין יונגן פּראָטעזשירטן איז געשלאָסן געוואָרן אַ גוטפריינדשאַפט, וואָס איז געוואָקסן אַלע מינוט שטאַרקער און גרע־בער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דער יהושע קאַיעוו איז אַ יונגער־מאַן אַ משכיל פון דעם טיפּ משכילים, וואָס יענער דור האָט פּראָדוצירט. אַ שיינער בעל־תנך, אַ בעל־גמרא, קקאָר אין אַקע מליצה־ספרים, קען גאַנצע שטיקער מאַפּו אויף אויסנווייניק, קאָן מיט אייך רעדן פון אַ „מורה־נבוכים“, פון אַ „כוזרי“, האָט אַ שיין הענטל צום שרייבן. ער איז נאָר אַ ביסל שוואַכלעך אויף דקדוק. ווייטער וועט ער זיך מיט אייך אויסגלייכן אומעטום. און צו דעם אַלעמען איז ער גלאַט אַ ליבער מענטש, האָט ליב מענטשן. זיי אַלע האָבן ליב מענטשן. און מחמת זיי זיצן אין אַ דאָרף, זענען זיי ממש ושעדנע, גייען אויס נאָך אַ מענטשן... וואָס איז זייער געשעפט? זיי האַלטן פּאַסעסיעס אין דער אַרענדע ביים גראַף בראַניצקי און ביים גראַף מאַלאַדעצקי. זיי לעבן ווי פּאָמיעשטשיקעס, האָבן אייגענע פערד און קאַרעטעס, פאַרהאַלטן זיך זייער גוט מיט די פּריצים וואָס אַרום און אַרום, און די גויים זענען נאָך זיי די כפּרה.

מיט זיין רעדן האָט דער יהושע לאיעוו אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אמת וואָס ער זאָגט, אַז זיי זענען זשעדנע אין דאָרף אַ מענטשן. דאָס מויל האָט זיך אים די גאַנצע צייט נישט צוגעמאַכט, גלייך ווי ער וואָלט וועלן אַרויסרעדן אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ביי אים פֿאַר אַ לאַנגער צייט אין דאָרף. ער האָט גערעדט אין שטוב, ער האָט גערעדט אינדרויסן, ער האָט גערעדט שוין זיצנדיק אין פֿאַעטאָן און פֿאָרנדיק מיטן נייעם לערער אין זיינע אייגענע ברענענדיקע פֿערד פֿון דער פּאָסעסיע.

— געפֿעלט אייך אַ פּאָר סוסים? — האָט אַ זאָג געגעבן בערל דער רויטער צום לערער, בעת דער יונגערמאַן יהושע לאיעוו איז געגאַנגען זאָגן, מען זאָל שפּאַנען. און בערל האָט גענומען דערציילן גרויסקייטן פֿון דעם יונגנמאַנס פֿאָטער, וואָס פֿאַר אַ גביר, אַן אַדיר דאָס איז, וואָס פֿאַר אַן אָריגינעלער מענטש דאָס איז.

— איר האָפֿט גאָט דאַנקען, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט...

עס האָט זיך אים אַרויסגעוויזן, אַז דער ייִד וויל, איינגעטליעד, מען זאָל אים זאָגן אַ דאַנק. נאָר אַ מכה! דאָס וועט ער ביי אים נישט פֿועלן, ער זאָל מיינען, ער האָט געראַטעוועט אַ מענטשן פֿון הונגער... עס איז גאָרנישט אָנגענעם, זייער נישט אָנגענעם, וואָס ער קען אים נישט באַצאָלן פֿאַר סטאַנציע. ער איז איצט זייער פֿאַרענגט אין געלט...

— איר זאָגט מיר בעסער, רב ייִד, וויפֿל... קומט אייך?

בערל דער רויטער מאַכט צו די אויגן:

— פֿאַר וואָס?

— פֿאַר... פֿאַר סטאַנציע, פֿאַר אַלצדינג... וועל איך אייך אָפּשיקן פֿונעם אָרט... באַלד ווי איך וועל קומען...

— גייט שוין גייט, מען וועט לאַכן פֿון אייך! — זאָגט בערל מיט אַ געלעכטער און שטופּט אים אָפּ פֿון זיך. און אין דעם קומט אַריין אַ הויכער גוי מיט ווייסע ברעמען, מיט אונטערטעניק־שמייכלענדיקע אויגן. ער הייסט אַנדריי. ער פֿרעגט זיך נאָך אויפֿן באַגאַזש פֿונעם „פּאַניטש", וואָס פֿאָרט מיטן „באַרין". שעמט זיך דער לערער פֿאַרן גוי, פֿאַר אַנדרייען, וואָס ער האָט נישט קיין באַגאַזש און זאָגט, אַז זיין באַגאַזש גייט נאָך... ער וועט אָנקומען נאָכדעם... דערווייל האָט ער נאָר אָט דאָס פּעקעלע, וואָס ער וועט דאָס אַליין נעמען מיט זיך אין וואָגן אַריין. אַנדריי וויל אָבער נישט אַוועקגיין מיט ליידיקע הענט. אַ פּעקעלע — לאָז זיין אַ פּעקעלע. און ער טוט אַ נעם דאָס פּעקעלע מיט צוויי פֿינגער און אַ טראָג אַוועק, ווי אַ פֿעדערל. אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין געזעסן מיט זיין

יונגן פּאַטראָן אין אַ גרויסאַרטיקן ווייכן פּאַעטאָן. אַנדריי האָט געגעבן א קנאַק מיט דער בייטש און צוויי גרויע פּערדלעך מיט אונטערגעבויגענע עקן האָבן אים געטראָגן איבער פּעלדער און וועלדער, אין א נײַ אָרט, צווישן נײַע מענטשן, און עס איז אים גאָר אויף די געדאַנקען נישט געקומען, אַז אָט דאָ, אויף דעם אָרט, וווהין ער פּאָרט אַצינד, ווערט דאָס פּאַרזיגלט זײַן גליק אויפֿן גאַנצן, גאַנצן לעבן...

68

# אַן אומגעריכטער עקזאַמען

אין באָהסלאַוו אויף דער סטאַנציע. — דער אַלטער לאַיעוו. — א מיידל מיט קאַוואַלירן. — שפּילהאַגען, אויערבאַך און „טשטאָ דיעלאַט“. — וואָס וויל רש״י פון די בנות צלפחד און ווי אַזוי שרייבט מען א בריוו צו א דירעקטאָר פון א צוקער־פאַבריק? — ער האַלט אויס דעם עקזאַמען און פאָרט אין דאָרף אַריין.

עס איז שוין געווען אַרום פאַרנאַכטלעך, ווען דער יונגער משכיל יהושע לאַיעוו מיט זיין פּראָטעגירטן לערער זענען אַריינגעפאָרן אין דער שטאָט באָהסלאַוו. אויף דער סטאַנציע, וו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן זיי געטראָפן דעם פאָטער פונעם יונגן משכיל, דעם אַלטן לאַיעוו, וואַרטן אויף זיין זון.

דער איינדרוק, וואָס דער אַלטער לאַיעוו האָט געמאַכט אויפן לערער, איז געווען אויסערגעוויינלעך. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז א ייד זאָל האָבן אַזאַ אויסזען. אַן אויסזען פון א גענעראַל, א פעלדמאַרשאַל, מיט א קול פון א לייב. אין קורצע ווערטער האָט דער זון איבערגעגעבן דעם פאָטער, ווער דער בחור איז, וואָס איז מיט אים געקומען, און וו און ווי אַזוי ער האָט זיך מיט אים באַקאַנט. אויסגעהערט דעם זון, האָט דער אַלטער אָנגעזאָגט די נאָז מיט א פּאָר ווייסע זילבערנע ברילן און האָט ערנסט באַטראַכט דעם בחור, אַן איבעריקע צערעמאָניעס, מיט אַזאַ פּנים, למשל, ווי מען באַטראַכט אַ געקויפטן פיש פונעם מאַרק... דערנאָך האָט ער אים אויסגעצויגן אַ וואַרעמע האַנט און מיט א פריינדלעכער מינע, אויף וויפל ס׳איז נאָר געווען מעגלעך פאַר אַזאַ פעלדמאַרשאַל, האָט ער אים אָפּגעשטעקט אַ שלום עליכם און אָן צערעמאָניעס, און מיטן לשון „דו“, אַ פרעג געטאָן:

— ווי אַזוי רופֿט מען דיך?

געווויר געוואָרן פֿונעם בחור, אַז מען רופֿט אים שלום, האָט ער זיך אָנגערופֿן ווייך, ווי ווייט ס'איז מעגלעך געווען פֿאַר זיין לייבנשטים:

— הער=זשע אויס, שלום סערדצע, גיי זיי מוחל אהין אין צווייטן חדר אַריין. איך וועל האָ מיט מיין זון אָפּרעדן געשעפֿט. דערנאָך וועל איך דיך אַריינרופֿן און מיר וועלן א ביסל שמועסן.

---

דער צווייטער צימער איז געווען א זאל, אייראָפּעיש גערעדט, א מין וועסטיבול פֿאַר געסט. האָרט איז געווען דער בעל=הבית פֿון דער סטאַנציע, אַ געוועזענער שניט=קרעמער, איצט אויף דער עלטער אַ בעל=אכסניה, מיטן נאָמען בערעלע עטלס, אַ ייד מיט אַ בלויער נאָז, מיט רויטע דינע שלענגעלעך אויף דער נאָז; ער שטייט צונויפֿגעלייגט די הענט, טוט גאָרנישט, נאָר ער רעדט. רעדט פֿון די אורחים, פֿון זייערע געשעפֿטן און פֿון זיך אַליין, אַז „גאָט האָט אים געשטראָפֿט, ער דאַרף אויף דער עלטער האַנדלען מיט לאָקשן=ווייך“... זיין ייִדענע, אַ קורצינקע, א דאַרינקע, מיט א „מושקע“ אויפֿן קאָפּ און מיט געלע פּערעלעך אויפֿן האַלדז, דרייט זיך אַרום אין שטוב און שעלט די קינדער זיינע (זי איז ביי אים די צווייטע פֿרוי), שעלט די דינסט, שעלט די קאַץ, ווייזט אויס, נישט צופֿרידן מיט דער וועלט — אַ גרויסע פּעסימיסטקע! ביים פֿענצטער, איבער א ביכל, אַ ראָמאַן פֿון שפּילהאַגען, זיצט זייער מוזיקעלע, שווקע בערעלע עטלס, א טעכטערל א יפֿת תואר מיט אַ ווייס קיילעכיק פּנים, א מוראדיקע קאָקעטקע. צו איר זענען געקומען מיט א באַזוך אַ צוויי=דריי יונגעלייט מיט אונטערגעשווירענע בערדלעך — דער סאַמע צימעס פֿון דער באַהסלאַווער אינטעליגענץ. מען פֿירט א געשפּרעך פֿון „ליטעראַטור“. דער בעל=הבית מיט דער בלויער נאָז פֿירט צו דעם יונגן לערער צו דער קאָמפּאַניע און שטעלט אים פֿאָר. פֿונוואַנען ווייסט דער אַלטער, ווער דער לערער איז? — בלייבט אַ סוד. בכדי ס'זאָל אים נישט זיין לאַנגווייליק, ווענדט זיך צו אים דאָס מיידל די יפֿת תואר מיט אַ ליבלעך שמייכעלע: צי האָט ער געלייענט „נאַ דיונאַך“ פֿון שפּילהאַגען? לאָזט זיך אויס, אַז ער איז קלאָר אין גאַנץ שפּילהאַגען. נו, און אויערבאַך? „אויערבאַך אויך“, נו, און „זאַפּיסקי יעווריעיאַ“ פֿון באַגראָוו?, „ער קען אים אויף אויסנווייניק“. און דעם ראָמאַן „משטאַ דיעלאַט?“, „ווער האָט דאָס נישט גע=

ליענט טשערנישעווסקי?“... „ווי געפעלט אייך די הויפּט-העלדין?“, „וויערא פּאַוולאָוונאַ? וואָס איז פאַר א שאלה!“...

דאָס מיידל, די יפת תואר און אירע קאַוואַלירן זענען אַנטציקט. איינער פון זיי, א „טשאַסטנע פּאָוויערענע“ מיט אַ קלינגענדיקן נאָמען מענדעלסאָן, שטשיפּעט זיך ביי די וואָנצעלעך, וואָס האַלטן ערשט אין שפּראָצן. עס ווייזט אויס, אַז ער איז פאַרליבט אין דעם מיידל, ווי אַ קאַץ, און איז העריבער מלא גזלן אויף דעם יונגן אורח, וואָס איז קלאָר אומעטום ווי אַ וואַסער. וואַרפט ער אויף אים מיט בייזע אויגן און ווינטשט אים מסתמא ביי זיך אין האַרצן, ער זאָל ברעכן רוק-און-לענד אויפן גלייכן וועג... דאָס גיט צו דעם העלד נאָך מער מוט און ער שיט מיט פראַזן, ציטירט גאַנצע שטיקער אויף אויסנווייניק, מישט גאָר אַריין אַזעלכע נעמען ווי באָקל — „די געשיכטע פון ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד“, און דזשאָן סטיוארד מילל — „וועגן פרייהייט“... א בחורל אַ משכיל פון א פרעמדער שטאָט קומט צווישן מענטשן, באַראַרף ער אויסלייגן וואָס ער האָט, באַווייזן וואָס ער ווייסט און וואָס ער קען... און אקוראַט סאַמע אין דער רעכטער היץ קומט אָן דער אַלטער לאַיעוו מיטן זון יהושע לאַיעוו און ווערן גישט ווילנדיק צוהערער פון דער לעקציע, וואָס דער יונגער לערער פון פערעיאַסלאַוו ליענט דאָ פאַרן יונגוואַרג. זיי קוקן זיך איבער צווישן זיך און האָבן הנאה, זעט אויס. דערנאָך טוט אים א רוף דער אַלטער לאַיעוו:

— הער נאָר אויס, חברהמאַן, וואָס איכ'ל ביי דיר פרעגן. מיין זון זאָגט מיר, אַז דו ביסט אין אונדזערע יידישע ספרים נישט ווינציקער קלאָר, ווי אין זייערע ביכער. איך האָב געוואָלט הערן פון דיר, צי געדענקסט דו נאָך, וואָס רש״י וויל האָבן פון די בנות צלפחד?...

און עס גייט אַוועק א שמועס פון רש״י. פון רש״י קומט מען אַריף אויף דער גמרא. און עס גייט אַוועק אַ פּלפּול פון לומדות און פון קענטעניש און פון השכלה, ווי געווייגלעך צווישן יידן, וואָס זעען הייליש אין די קליינע אותיות...

דאָס רופט אַרויס אַ סענסאַציע. דער פּוראור איז אַזוי גרויס, אַז דער אַלטער לאַיעוו לייגט אַרויף אויף אים די האַנט און זאָגט צו אים:

— פון די אַלע לערנעכטצן און קענטענישן האָבן מיר שוין געזען. אַז עס קומט צו עפּעס, למשל, אַ קוויטל אָנשרייבן, איז נישטאָ קיין לשון... אַ סימן — אָט שטייט טינט און פען; נעם, זיי מוחל, שרייב מיר אָן א בריוו אויף רוסיש אין דער צוקער-פאַבריק צום דירעקטאָר, אז מען וועט

אים נישט צושטעלן מער קיין בוחאַקעס, ביז ער וועט נישט צושיקן אַזויפיל און אַזויפיל געלט...

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס בריוול איז געווען נישט מער ווי אַן אָנשטעל, אַן אויסרייד, אַ מין עקזאַמען. דאָס אָנגעשריבענע בריוול איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און אַלע האָבן באַוווּנדערט די זעלטענע האַנטשריפט, די קאַליגראַפיע פונעם בחור. דאָ איז אים בייגעשטאַנען דער זכות פון זיין רבין מאָגיש פון פּערעיאַסלאַוו. דער מלמד רב מאָגיש וואָלאָזין, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין „ביינדל“, איז געווען אַ זעלטענער קאַליגראַף, אַ מין קינסטלער פון דער נאַטור. אַ גאָלדענע האַנט. מיט זיין געשריפטס האָט מען זיך אַרומגעטראָגן איבער דער שטאָט. ער האָט געמאָלט, נישט געשריבן. געווען אַ ייד אַ כשרער, אַ גרויסער ירא שמים, און נישט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט רוסיש, האָט ער קאָנקורירט מיטן שרייב־לערער פון דער „אויעזדנע“. עס איז געווען נישט צו גלויבן, אַז אַ האַנט, נישט אַ מאַשין, זאָל אַזוי קאָנען שרייבן! די תלמידים, און צווישן זיי אויך ראַבינאָוויטשעס קינדער, האָבן נעבעך גענוג געליטן פונעם רבינ׳ס מאָגישעס „ביינדעלע“. זיי האָבן אָבער אַ סך געכאַפּט פון זיין קאַליגראַפיע, פון זיין שיין רוסיש שרייבן, וועלכעס האָט זיי מיט דער צייט געבראַכט גרויס נוצן...

דערמיט אַליין האָט זיך דער עקזאַמען נאָך נישט געענדיקט. דער אַלטער לאַיעוו האָט פאַרלאַנגט פונעם יונגן לערער, ער זאָל זיך מטריח זיין דאָס אייגענע בריוועלע איבערזעצן אין העברעיש. „ווייל דער דירעקטאָר פון דער צוקער־פאַבריק איז אַ ייד“... אַזוי האָט דער אַלטער מאָטיווירט זיין פאַרלאַנג. און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אויך געווען שייך צום עקזאַמען... און נישט לאַנג געטראַכט, האָט דער לערער דאָס בריוול איבערגעזעצט אין העברעיש, מליצהדיג, אַזוי געפּלייסט זיך, אַז דאָס כתב זאָל זיין וואָס שענער, געקינצלט און געצוקט, די שורות געדיכט, אויסגעמאָסטן, פערלדיק און צאַצקעדיק. דאָ האָט זיך שוין געמיט דער זכות אבות פון נאָך אַ פריערדיקן מלמד, פון רב זרחן. דאָס וואָס דער רבי מאָגיש איז געווען אין רוסיש איז דער רבי זרח געווען אין יידיש.

בקיצור, דער לערער האָט דעם אימפּראָוויזירטן עקזאַמען אויסגעהאַלטן גלענצנדיק. פאַר קוראַזש דרייט זיך אים אַזש דער קאָפּ. ער פילט, אַז עס פלאַמט אים אַן אויער. די פאַנטאַזיע כאַפּט אים אַרויף אויף אירע פליגלען און טראָגט אים אַוועק אין דער וועלט פון זיסע חלומות און כישופדיקע געדאַנקען. ער זעט זיך אַ גליקלעכן, אַ שיינענדיקן. יענער חלום

פונעם „אוצר“ הייבט אָן מקוים צו ווערן און גאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן: ער קומט צו פאָרן אויפן אָרט, אַזוי שטעלט ער זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע, באַקענט זיך מיטן אלטן לאַיעווס טאָכטער... זיי פאַרליבן זיך איינס אין דאָס אַנדערע און דעקן אויף זייער סוד פאַרן אלטן... דער אַלטער לייגט אַרויף אויף זייערע קעפּ זיינע הענט און בענטשט זיי: „זייט גליקלעך, ליבע קינדער!“... שרייבט דער בחור אַוועק אַ בריוו צו זיין טאַטן קיין פערעיאסלאַוו: „אַזוי און אַזוי, ליבער פאָטער, קום צו פאָרן“... און מען שיקט אַרויס נאָך אים א פאַיעטאָן מיט ברענענדיקע פערד... און סאמע אין רעכטן חלום שלאָגט מען אים איבער. דער אלטער לאַיעוו גייט צו צו אים, רופט אָפּ דעם בחור אויף א זייט און הייבט אָן צו רעדן מיט אים מכוח „אבצן און הרייצן“. דאָס הייסט, וועגן געהאַלט. „אָדער אפשר וועלן מיר דאָס איבערלאָזן אויף אַן אנדערש מאָל, אויף שפּעטער?“, „לאָז זיין אויף אַן אַנדערש מאָל, אויף שפּעטער“... און ער פילט זיך, ווי אַ מענטש, וואָס האָט נאָר וואָס זיך איינגעדרימלט און געפּלאָנטעט חלומות — פּלוצים איז מען געקומען און מען האָט אים אויפגעוועקט!... ווי אַ רויך זענען זיך צעגאַנגען די זיסע חלומות. ווי אַ שאָטן האָט זיך אויפגעהויבן די צעוואָרעמטע פאַנטאַזיע און דער גאַנצער כּישוף מיטן אוצר, מיט אלע גוטע זיסע געדאַנקען, זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערווייל ווערט נאַכט און מען האָרף שוין פאָרן. פון דער שטאָט באַהסלאַוו ביזן דאָרף איז נאָך דאָ א פּאָר מייל. צוויי שעה פאָרן. די פערד שטייען שוין געשפּאַנט. אַנדריי דער קוטשער טראָגט א גאַנצע וואַליזע אין פאַעטאָן אַריין. איינדרויסן איז קילבלעך.

— אָט אַזוי וועסטו פאָרן? — זאָגט דער אַלטער לאַיעוו צום לערער. — דו גייסט דאָך אדם־נאַקעט; וועסט דערפרוירן ווערן, צו אַלדע גוטע יאָר! אַנדריי! אַהער די בורקע!

אַנדריי שלעפּט אַרויס פון אונטער זיך אַ וואַרעמע וואָלענע בורקע. דער אַלטער אַליין העלפט דעם לערער די בורקע אָנטאָן אויף די אַרבל. די בורקע איז רעכט וואַרעם און עס איז איינגענעם אין איר צו זיצן. נאָר עס גייט אים נישט איין. וואָרעם דאָס מיידל, שיינקע בערעלע עטלס, מיט אירע קאַוואַלירן שטייען ביים פענצטער און זעען, ווי דער אלטער טוט אים אָן די בורקע. עס דאַכט זיך אים אויס, אז זיי לאַכן... און פאַרן קוטשער, פאַר אַנדרייען, איז אויך אַ בזיון. וואָס טראַכט זיך וועגן אים אָט דער גוי?...

## 69

# א ייד אַ פּאָמיעשטשיק

א יידיש=פּריציש הויז. — ער לערנט זיך דעם שלחן=ערוך פון עטיקעט. — דעם אלטן לאיעווס ביבליאָטעק. — א זעלטענער טיפּ פון אַ יידישן גוטבאַזיצער.

עס איז שוין געווען רעכט נאַכט, אַז זיי זענען אַריינגעפאָרן אין דאָרף אין איין אַלע דריי: דער אַלטער לאיעוו, זיין זון דער משכיל יהושע און דער יונגער לערער פון פּערעיאַסלאַוו. דורכגעפאָרן פאַרביי א סך גידעריקע פינצטערע גוישע הייזלעך און דורכגעלאָזט א גרויס גרין פעלד — א „וויגאָן" ווערט דאָס אָנגערופן אין דאָרף — און א גרויסן „טויק" מיט הויכע סטערטעס שטרוי און היי און נאָך נישט געדרעשענעם ברויט, האָט זיך דער פאַעטאָן אָפּגעשטעלט ביי אַ גרויסן ברייטן פּריצישן הויף. דער קוטשער אַנדריי האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצושטעלן די פערד, האָט זיך דער הילצערנער טויער ווי פון זיך אַליין ברייט צעעפנט. ביים טויער איז געשטאַנען אַ גוי אָן אַ היטל. דער גוי האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַרן בעל=הבית און דורכגעלאָזט דעם פאַעטאָן, וועלכער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געקייקלט ווי אויף א ווייכן טאַפּעט און איז צוגעפאָרן צו אַ גרוי=סער, ברייטער, נישט קיין הויכער, ווייסער פּריצישער שטוב, דעווקא מיט שטרוי געדעקט, און מיט צוויי גרויסע גאַנקעס ביי די זייטן. פון יענער זייט שטוב — אַ גאָרטן. אינעווייניק אין דער שטוב, ווי אויסנווייניק, גע=קאַלכט מיט ווייסן. פראָסט מעבלירט, א סך פענצטער. חדרים — אָן א שיעור. אין שטוב דרייען זיך ארום דינסטן מיט שטילע טריט, אַזוי ווי שאָטנס. אויף די פיס ביי זיי — ווייכע שיך, ס'זאָל נישט קלאַפּן. קיינער וואגט נישט אַ וואָרט אַרויסצורעדן, בעת דער אלטער איז אין דער היים. אַ שטרענגע דיסציפּלין. רעדן הערט מען נאָר אים אַליין, דעם בעל=הבית. זיין לייבנשטים קלינגט ווי אַ גלאָק. אינעם ערשטן גרויסן חדר, ביי א לאַנגן שיין געדעקטן טיש, איז געזעסן א פרוי, א יונגע, אַ הויכע, א שיינע. דאָס איז דעם אַלטנס ווייב, די צווייטע פרוי. נעבן איר איז געזעסן אַ

מיידל פֿון אַ יאָר דרייצן=פֿערצן, זייער איינציקע טאָכטער, אַ קאָפּיע פֿון דער מוטער. דער אַלטער האָט זיי פֿאָרגעשטעלט דעם יונגן לערער און מען האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער העלד פֿון דער ביאָגראַפֿיע האָט זיך געפֿונען ביי אַן אַריסטאָקראַטישן טיש, ווו דאָס עסן קומט פֿאָר מיט דער גאַנצער צערעמאָניע, סערווירט פֿון אַ לאַקיי מיט ווייסע הענטשקעס. דער לאַקיי איז אַפֿילו אַ פּראָסטער שייגעץ מיטן נאָמען „וואַניקאַ“, נאָר דער אַלטער האָט אים אויסגעקליידט און אויסדרעסירט אויפֿן פֿריצישן שטייגער. פֿאַר אַ מענטשן, וואָס איז נישט געוווינט געווען צו אַ סך טעלער און טעלערלעך, לעפֿל און לעפֿעלעך, גלעזער און גלעזלעך, איז שווערלעך אויסצוהאַלטן אַזאַ אַריסטאָקראַטישן טיש און נישט פֿאַרזינדיקן זיך קעגן אַלע פֿאָדערונגען פֿון עטיקעט. מען דאַרף זיין אויף דער וואַך, האַלטן קאָפּ... מען מוז זיך מודה זיין, אַז דער בחור האָט ביז דעמאָלט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז מען זיצט ביים עסן, באַדאַרף מען אָפּהיטן דעם גאַנצן שלחן=ערוך פֿון עטיקעט, וואָס אין אַ געוויינלעכער יידישער שטוב איז מען אויף דעם נישט מקפּיד. אין אַ געוויינלעכער יידישער שטוב עסן אַלע פֿון איין טעלער, טונקען איין די פֿרישע חלה אינעם פֿעטן סאָוס, אָדער עסן גאָר מיט די הענט. אין אַ בעל=הבתישער יידישער שטוב ווייסט מען נישט פֿון קיין באַזונדערע דינים און מנהגים, ווי אַזוי צו זיצן ביים טיש און צו באַדינען זיך מיטן לעפֿל, מיטן מעסער און מיטן גאָפּל. אין אַ בעל=הבתישער יידישער שטוב איז גענוג, אַז מען ווייסט, אַז מען באַדאַרף איבערלאָזן אין אַ טעלערל אַ שטיקל פֿיש אָדער פֿלייש, „אויף דרך=ארץ“. ווייטער מעג מען זיצן ווי אַזוי מען וויל, עסן וויפֿל מען וויל, און רייניקן די ציין מיטן גאָפּל איז אויך אָן אַ סכּנה. ווער זאָגט עס דען, אַז ס'איז פֿאַראַן ערגעץ אַ מין עטיקעט אויף דער וועלט? ווער און ווו האָט דאָס אַזאַ שלחן=ערוך אַמאָל געשריבן? ניין, די אַלע דינים און מנהגים פֿון עטיקעט האָט דער יונגער רעפּעטיטאָר אין ערגעץ נישט אויסגעלייענט. ער האָט נאָר אין זינען געהאַט איין זאַך: אַז מען דאַרף נאָכקוקן, *וואָס אַנדערע טוען* — נישט מער. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין הנאה פֿונעם עסן קען מען נישט האָבן, אַז מען דאַרף תּמיד זיין אויף דער וואַך, שטענדיק אַכטונג געבן, טאָמער האָב איך געכאַפּט אַן איבעריקן ביסן, אָדער טאָמער האָב איך דאָס מעסער מיטן גאָפּל נישט געהאַלטן ווי עס געהער צו זיין, אָדער טאָמער האָב איך אַ צו שטאַרקן זופּ געטאָן, אָדער טאָמער האָט עמעצער געהערט ווי איך קיי...

דאַנקען גאָט, דעם עקזאַמען פון עטיקעט האָט דער לערער אויך אויסגעהאַלטן גלענצנד, נאָר פונעם טיש איז ער די ערשטע עטלעכע מאָל אַוועקגעגאַנגען א הונגעריקער. נאָך די אַלע שיינע צערעמאָניעס, פילע פּאַטראַוועס און אויסגעצייכנטע מאכלים האָט זיך שטאַרק געבענקט נאָך א שטיקל פריש ברויט מיט הערינג און ציבעלע, און נאָך הייסע זאַמדיקע קאַרטאָפל אין די העמדלעך, און נאָך אַ גוטע קרויט, וואָס לאָזט זיך הערן דערנאָך א גאַנצן מעת לעת... עס האָט געמוזט אַדורכגיין צייט, ביז ער האָט זיך צוגעוווינט צו דעם רעזשים, פון צייערלעך-מאַניערלעך. דערווייל האָט דער בחור געמוזט, ווי עס רעדט זיך, נאָכשטופּן די קאַרעטע, „האַלטן שטאַט“, נישט אַרויסגעבן זיך חלילה מיט זיינע דעמאָקראַטישע גענג און פּראָלעטאַרישע געוווינהייטן. מיט איין וואָרט — זיין ג ל יי ך מ י ט אַ ל ע. און דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז מען האָט דאָ געקוקט אויף אים פון דעם ערשטן טאָג אָן נישט ווי אויף א פרעמדן, נאָר ווי אויף אַ גלייכן, אן אייגענעם. פאָרט א „מאַטנס אַ קינד“. אַזוי האָט געפּסקנט דער אַלטער און האָט גאַנץ אָפנטלעך ארויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דעם לערער אים אין די אויגן, אַז ער, דער לערער, איז א „מאַטנס א קינד“. און אַ „מאַטנס א קינד“ באַדאַרף מען אנדערש באַהאַנדלען.

קודם כל האָט מען אים אָפּגעגעבן א באַזונדער חדר, צוגעקליבן פּראָסט, נאָר מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און מיט דער בעסטער באַדינונג. דאָרט האָט ער געהאַט גענוג צייט און גענוג פרייהייט צו טאָן וואָס ער וויל. לערנען מיט דער שילערין איז גענוג געווען אַוועלכע צוויי-דריי שעה אין טאָג. די איבעריקע צייט האָט ער געקאָנט אויסנוצן פאַר זיך — לייענען ביכער אָדער שרייבן. און געלייענט האָט ער אַלץ, וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט. דער אַלטער אליין האָט ליב געהאַט צו לייענען און האָט נישט געזשאַלעוועט קיין געלט אויף צו קויפן אלע מאָל נייע ביכער. און אַזוי ווי קיין אנדער שפּראַך, אחוץ העברעיש, האָט דער אַלטער נישט געלייענט, איז זיין ביבליאָטעק באַשטאַנען מער פון העברעישע ביכער (יידיש איז דעמלט נאָך נישט געווען אין דער מאָדע). קלמן שולמאַן, מאַפּו, סמאָלענסקין, מאַנדעלקערן, גאָטלאָבער, יהל"ל, יצחק בער לעווינזאָן, מרדכי אהרן גינזבורג, יצחק ערטער, דאָקטאָר קאַמינער, חיים זעליג סלאָנימסקי — אָט דאָס זענען געווען די נעמען פון די שרייבערס, וואָס האָבן באַשיינט די ביבליאָטעק פון דעם האָרפּישן מאַגנאַט, דעם פּאַסעסאָר לאָיעוו. אין די אַלע אויסגערעכנטע ביכער איז דער אַלטער לאָיעוו געווען קלאָר כמעט אויף אויסנווייניק און האָט ליב געהאַט זיי ציטירן און דער=

ציילן פון זיי אַלע מאָל אויפסניי. עס איז זעלטן געווען צו באַגעגענען אַ מענטשן מיט אַזאַ זכרון און מיט אַזאַ כוח הדיבור, ווי דער אַלטער לאַיעוו. ער האָט געהאַט אַן אמתן טאַלאַנט אויף איבערצודערציילן אַ זאַך מיט זיין אייגענעם לשון. איך וואָלט געזאָגט, אַז ער איז געווען אַן אָראַטאָר. ער האָט געהאַט אין זיך אַ גוזמא הומאָר. זיינע מעשיות זענען געווען שפּאַנענדיק. אַ מענטש פון גרויסע דערפאַרונגען און אַ סך איבערלעבענישן, האָט ער געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן און אַלע מאָל מיט אַ גרויסן אינטערעס. ער האָט נישט נאָר דערציילט — ער האָט געדיכטעט, געשאַפן, געמאָלן בילדער מיט אַלערליי פאַרבן. דאָרט וווּ ער האָט זיך געפונען, האָבן געמעגט זיין ווער ווייסט וויפל מענטשן, האָט מען געהערט נאָר אים און ווייטער קיינעם נישט.

בכלל איז דאָס געווען אַ זעלטענער טיפּ, אַ גרויסער אָריגינאַל, אַ ייִד נישט ווי אַלע ייִדן. אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ פרומער ייִדישער שטוב, אין אַ ייִדישער שטאָט, אין באָהסלאַוו, איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי איז דאָס אַרויסגעוואַקסן פון דאָרטן אַזאַ מין עקזעמפּליאַר? ווי קומט צו אַ באָהסלאַווער ייִדן גאָר אַ השגה צו פירן אַ פריצישן שטאַט, ליב האָבן ערד און אָפּגעבן זיך אינגאַנצן צו פעלד-אַרבעט? עס איז ווערט געווען אָנצוקוקן אים אין אַ פרימאָרגן, אָנגעטאָן אין הויכע גלאַנצנדיקע באַטפאָרטעס און אין אַ קורץ סאַמעטן רעקל ביז די קני, שטיין אויפן טייך ביי דער דרעשמאַשין, קאָמאַנדעווען מיט די אַרבעטער און וואַרפן די סנאָפּעס אין קאַסטן אַריין, אָדער דרייען די „ווייעלקע“, אָדער וואַרפן מיט דער „רעשעטע“. אומעטום איז ער געווען אַליין: ביים אַקערן, ביים זייען, ביים פאָלען, ביים גראָבן, ביים שניידן, ביים אַריינפירן און אַרויספירן די תבואה, ביי די פערד, ביי די אָקסן, ביי די בהמות — אומעטום אַליין. איך מיין, אַז אויב עס וואָלט ווען אַמאָל געווען נייטיק צו באַווייזן פאַר פרעמדע פעלקער אַ מוסטער פון אַ ייִדן אַ פּאָמיעשטשיק, אַ גוטסבאַזיצער און אַן אמתן פעלדאַרבעטער, וואָלט דער אַלטער לאַיעוו געווען דער בעסטער מוסטער. קריסטן האָבן זיך אָפן אַרויסגעזאָגט, אַז ביי דעם ייִדן באַדאַרף מען זיך גיין לערנען, ווי צו פירן בעל-הבתישקייט, ווי צו באַאַרבעטן די ערד אויפן בעסטן שטייגער און ווי צו באַגיין זיך מיט די אָרעמע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן זיין צופרידן. אַלע מוזשיקעס פון דאָרף, אָן אַ שום אויסנאַם, זענען געווען נאָך אים די כפּרה. נישט נאָר זיי האָבן געציטערט פאַר אים און געהאַט דרך ארץ — זיי האָבן אים ליב געהאַט, פשוט ליב געהאַט. דערפאַר, וואָס ער איז זיך

באַגאַנגען מיט זיי, ווי אַ מענטש, ווי אַ פֿריינד און ווי אַ פֿאָטער. אַזאַ מין באַנעמונג האָבן די גויים קיינמאָל נישט געזען פֿון די פֿריערדיקע בעל־הבתים, פֿון די פּוילישע פּריצים. מען האָט געדענקט, אַז דער עלטערער דור מוזשיקעס האָבן נאָך נישט פֿאַרגעסן דעם טעם פֿון „פּאַנשטשיזנע“. אויף זייערע לייבער האָבן זיי נאָך געטראָגן סימנים פֿון שמיץ. און דאָ באַגייט מען זיך מיט זיי ווי מיט מענטשן, נישט ווי מיט „סקאָט“. הײַנט דער צוטרוי, וואָס זיי האָבן געהאַט צום בעל־הבית. זעלטן ווער פֿון זיי אינעם גאַנצן דאָרף האָט געקאָנט צונויפֿרעכענען, וויפֿל עס באַטרעפֿט צוויי מאָל צוויי. בײַם חשבון האָבן זיי זיך אינגאַנצן פֿאַרלאָזט אויפֿן אלטן. זיי זענען געווען זיכער, אַז ער וועט זיי נישט אָפּנאַרן אויף קיין פּרוטה אַפֿילו.

עס איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַ ווענדונג וואָלט אָנגענומען די היסטאָריע פֿונעם יידישן פֿאָלק און וואָס פֿאַר אַ ראָלע מיר וואָלטן געשפּילט אין דעם עקאָנאָמישן און אין דעם פּאָליטישן לעבן פֿונעם לאַנד, ווען נישט די געוויסע „ווערעמענע פּראַווילעס“, וואָס דער מיניסטער איגנאַטיעוו האָט אָנגעכמאַרעט אויף יידן, אַז זיי זאָלן נישט טאָרן זיצן אין די דערפֿער און נישט קויפֿן און נישט דינגען קיין ערד אויף צו באַאַרבעטן. איך זאָג עס דערפֿאַר, ווײַל אַזעלכע פֿעלד־בעל־הבתים, ווי דער אַלטער לאַיעוו, זענען אין יענער געגנט, ווי אויך אין אַנדערע געגנטן פֿון דער געבענטשטער „טשערטאַ“, געווען נישט קיין זעלטנהייט. באָהסלאַווער, קאַניווער, שפּאָלער, רזשישטשעווער, טאַראַשטשער, זלאַטאָפּאָליער, אומענער און נאָך אַ סך אַנדערע יידן האָבן זיך אַ לאָז געגעבן פֿון די קליינע שטעטלעך אין דאָרף אַרײַן, אָפּגעדונגען גרויסע און קליינע פּאַסעסיעס, גענומען אין דער אַרענדע פּריצישע פֿאָלוואַרקן, באַוויזן וווּנדער, געמאַכט פֿון שלעכטע ערד, פֿון פֿאַרלאָזענע חורבות אַן אמתן גן־עדן. דאָס איז נישט קיין איבערטרײַבונג, קיין גוזמא־זאַך. די הויזיקע ווערטער האָט דער פֿאַרפֿאַסער פֿון די דאָזיקע כתבים אַליין געהערט פֿון אַ באַרימטן רוסישן פּאָמיעשטשיק, אַ קריסט, מיטן נאָמען וואַסילי פּיאָדאָראָוויטש סימערעניקאָ, מיט וועלכן דער אַלטער לאַיעוו איז געשטאַנען אין נאָענטע געשעפֿטס־פֿאַרבינדונגען, און מיט וועלכן מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען. מיט איין וואָרט — איר האָט פֿאַר זיך אַ טיפּ פֿון אַ יידן אַ פּריץ, אַ ייד אַ פּאָמיעשטשיק, וואָס איז, ליידער, דורך אַ בייזער האַנט אַרויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל און איז אָפּגעשטאָרבן פֿאַר דער היסטאָריע אפֿשר אויף לאַנגע־לאַנגע יאָרן.

70

# דאָס לעבן אין דאָרף

דאָס דאָרף „סאָפּיעווקאַ“. — דער מחבר פון די באַשרייבונגען באַקענט זיך מיט דער דרויסנדיקער וועלט. — דריי גוטע יאָרן. — דער לערער מיט דער שילערין ווערן נאָענט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. — ביי די ביכער, אויפן פעלד און ביי שכנים.

דאָס דאָרף, וווּ דער פּראָפעסאָר פון די האָזיקער געשיכטעס איז געבראַכט געוואָרן, האָט געהערט צום גראַף בראַניצקי און האָט זיך גערופן „סאָפּיעווקאַ“. געבראַכט איז ער געוואָרן אַהער אַלס אַנגעשטעלטער, אַלס לערער, אויף אַ קורצער צייט. און ער איז שוין פאַרבליבן דאָ אויף שטענדיק. דאָ האָט ער געפונען זיין צווייטע היים. דאָ האָט זיך פאַרזיגלט, ווי מיר ווילן דאָס זען ווייטער, זיין גליק און זיין לעבן אויף אייביק... דערווייל האָט ער אַלס לערער פאַרבראַכט אין דעם דאָרף עטוואָס קאַרגער פון דריי יאָר. די האָזיקע דריי יאָר מעגן פאַרצייכנט ווערן אַלס די בעסטע, די שענסטע און די גליקלעכסטע פון זיינע יאָרן. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז געווען באמת דער פרילינג פון זיין לעבן. דער פרילינג אין אַלע אופנים. דאָ האָט ער געהאַט די בעסטע געלעגנהייט נעענטער זיך צו באַקענען מיט דער נאַטור, מיט גאַנץ וועלט, מיט גאָנץ ערד. מיט דער ערד, פונוואַנען מיר זענען אַלע געקומען און וווהין מיר אַלע זענען אָנגעברייט אַוועקצוגיין. דאָ האָט ער דערזען, פאַרשטאַנען און דערפילט, אַז אונדזער אָרט איז דאָ, אויף דער נאַטור, און נישט נאָר אָט דאָרטן, אין דער שטאָט. דאָ איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר זענען אַ טייל פון דער גרויסער, דרויסנדיקער וועלט, און אַז מיר האָבן אַלע מאָל געבענקט און ווילן תמיד בענקען נאָך דער מוטער־ערד. אַז מיר האָבן אַלע מאָל ליב געהאַט און ווילן תמיד ליב האָבן די נאַטור. אַז עס האָט אונדז אַלע מאָל געצויגן

און עס וועט אונדז תמיד ציען אין האָרף אַריין. איך וויל האָפֿן, אַז דער גוטהאַרציקער לייענער וועט מיר איצטיקס מאָל מוחל זיין פֿאַר מיין קורצער הקדמה. איך קאָן מיך נישט דערמאָנען אין דעם האָרף און נישט אַרויסזאָגן די געפֿילן, וועלכע זענען מיט דעם פֿאַרבונדן. און איך האָב שוין אַרויסגעזאָגט, קאָנען מיר שוין איבערגיין צום האָרף גופֿא און געבן אַ געטרייע באַשרייבונג פֿונעם האָרפֿישן גליקלעכן לעבן.

---

געשלאָפֿן אין אַ גרויס ליכטיק צימער ביי פֿאַרמאַכטע לאָדן, כאַפּט זיך אויף דער לערער אינדעריחפֿרי, טוט אַ שטופּ מיט דער האַנט פֿון זיך — עפֿנט זיך אויף דאָס פֿענצטער מיטן לאָדן אינאיינעם און עס רייסט זיך אַריין אַ סנאָפּ ליכט, מיט אַ וואַרעמקייט פֿון דער זון, מיט אַן אַראָמאַט פֿון דער רעזעדאַ, אויסגעמישט מיט אַ ריח פֿון מיענטע און פֿון פֿאָלין, מיט נאָך פֿאַרשידענע מינים ריחות פֿון גראָז, וואָס מען ווייסט נישט זייערע נעמען. די גראָזן זענען, זאָגט מען, דאָ געווען אַמאָל פֿאַרזעצט פֿונעם גראַף בראַניצקי. נאָר איצט וואַקסן זיי אַליין פֿון זיך, אינאיינעם מיטן פּראָסטן בוריאַן, שטעכלקעס און קראָפּיווע. אין מיטן זומער זענען די גראָזן אַזוי הויך געוואַקסן, אַז דער לערער מיט דער שילערין זענען נישט איין מאָל געגאַנגען ביז איבערן האַלדז און האָבן זיך געקאָנט באַהאַלטן איינס פֿון דאָס אַנדערע און זיך נאָכרעם לאַנג זוכן און — געפֿינען. פֿונעם אויפֿעפֿענען דאָס פֿענצטער מיטן לאָדן האָט אַ קוואַקעדיקע הון מיט איר משפּחה זיך ספּאַלאָשעט און אַ ביסל אָפּגעטרעטן אויף אַ זייט. זי האָט זיך אָבער באַלד אומגעקערט צוריק, געשאַרט און געפּיקט אין מיסט און געלערנט אויך די קליינע הינדלעך, ווי אַזוי צו שאַרן און צו פּיקן.

דאָס אויפֿשטיין, דאָס אָנטאָן זיך מיטן אָפּוואַשן זיך נעמט נישט צו קיין סך צייט און עס איז נאָך גאָרנישט אַזוי שפּעט. נאָר אַז דער לערער קומט אַרויס, טרעפֿט ער שוין קיינעם נישט אין שטוב. דער אַלטער לאַקיי איז שוין לאַנג ביי דער אַרבעט אויפֿן „טויק“, פֿונוואַנען עס לאָזט זיך הערן דאָס גרעגערן פֿון דער דרעש־מאַשין. דעם אַלטנס פֿרוי איז ביי די אינדיקעס, ביי די גענדז מיט די קאַטשקעס און די איבעריקע עופֿות — אַ גאַנצע מלוכה פֿון עופֿות! פֿון די ברייטע פֿעלדער ציען זיך פֿאַוואָליע גרויסע אָקסן־פֿורן מיטן אָפּגעשניטענעם ברויט. פֿונדערווייטנס קאָן מען

כאַפּן מיטן אויג דעם לאַן מיט ווייץ. אַ סך איז שוין אָפּגעשניטן און צונויפגעלייגט קופּעסווייז אין די סנאָפּעס. און אַ סך שטייען נאָך אין די געלע צייטיקע זאַנגען, רירט זיך און שאָקלט זיך כוואַליעסווייז פון אַ גרינג ווינטעלע, וואָס לויפט פאַרביי. אויף יענער זייט לאַן, דאָרט וווּ עס ענדיקט זיך דאָס ברויט, הייבן זיך אָן די גרויסע גרינע בלעטער פון די בוראַקעס, וואָס וואַקסן גלייכע שורות־ווייז. צווישן זייערע רייען, גאַנץ שיטער, שטייען, ווי סאָלדאַטן אויף דער וואַך, די הויכע „סאָנישניקעס“ מיט די גרויסע געלע קוטשמעס. פייגעלעך האָבן ליב צו קלייבן זיך אַרום די סאָנישניקעס און אַרויספּיקן פון זיי איינציקווייז די נאָך ווייסע, נאָר שוין זיסע, סעמעטשקעס. נאָך ווייטער גייט דאָס דעמבענע געדיכטע וועלדל, מיטן נאָמען די „טורטשינאַ“. דעמלט, ווען פּריצים זענען דאָ געזעסן, איז מען געגאַנגען אַהער שיסן, „נאַ פּאָלאָוואַניע“. איצט, אַז די פּאַסעסיע האַלט אַ ייִד, קאָנען די אומשולדיקע האָזן און גאָט די נשמה שולדיקע פייגעלעך זיין גאַנץ רואיק. ייִדן שיסן נישט. ייִדן קאָנען באַשטיין צו ציען אַנדערע נוצן פון וואַלד. פון דעם וואַלד האָט דער אַלטער לאַיעזו אַרויסגעפירט אַ היפּש ביסל געהילץ און האָט אָנגעבויט שטאַלן מיט שטעלעכלעך, קאַמערן מיט קעמערלעך, אַמבאַרן פאַר תבואה און סאַראַיען מיט סטאַנים פאַר אָקסן און פערד, און וועגן און שליטנס און נאָך זאַכן, וואָס ווערן אָנגערופן מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען „רעמאַנענט“.

נאָכן ערשטן אָנבייסן און נאָך דער ערשטער שטונדע מיט דער שילערין נעמט דער לערער אַ שפּאַציר אין גאָרטן. אַמאָל אַליין און אַמאָל אינצווייען, טאַקע מיט דער שילערין. עס איז שווער צו זאָגן, ווען איז דער גאָרטן שענער: צי אַרום שבועות צייט, ווען די בוימער האַלטן אין רעכטן בליִען? צי דעמלט, ווען עס האָבן זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן צו רויטלען די וויימפּערלעך מיט די אַגרעסן? צי העט שפּעט, שוין סוף זומער, ווען די עפּל הייבן אָן אַליין צו פאַלן און עס בלייבן די פאַרשפּעטיקטע קיילעכיקע שוואַרצע פלוימען, וואָס מען רופט זיי „משערקוסן“? אין יעדער צייט האָט זיך דער גאָרטן זיין רייץ מיט זיין חן. אין יעדער צייט געפינען די שפּאַצירנדיקע, דער לערער מיט דער שילערין, עפּעס נייעס. מעגן זיין די אַגרעסן נאָך גרין ווי גראָז און זויער ווי עסיק — מאַכט נישט אויס. מען צעשטעכט זיך די הענט און מען רייסט אַרויס די גרעסטע פון זיי, די וואָס הענגען אַראָפּ און לייכטן זיך דורך אויף דער זון. און ווער שמועסט אַ ביסעלע שפּעטער, ווען די וויימפּערלעך גיסן זיך אָן מיט רויטן ווין און בלישטשען אויף דער זון — דעמלט בעטן זיי זיך, מען זאָל

פאַרזוכן נאָך אַ בינטל און נאָך אַ בינטל. מען פאַרזוכט אַזוי לאַנג, ביז עס ווערן היילעק די ציין. דאָס אייגענע איז מיט די ווייַנשל און מיט די קאַרשן און מיט די אַלע איבעריקע אויבסטן און פירות, וואָס קומען אויף און ווערן צייטיק נישט אַלע אויף איין מאָל. אמת, דאָס זענען אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס מען קריגט עס אין שטאָט אויך, וואָס מען קאָן עס קויפן פאַר געלט. עס האָט אָבער נישט דעם טעם מיט דעם ריח, ווי בעת איר רייסט דאָס אַראָפּ אַליין פונעם בוים. ובפרט אַז איר זענט נישט אַליין, נאָר אינצווייען מיט אַ מיידל, וואָס איז אייך ליב און טייער, מיט אַ מיידל, וואָס איר זענט איר ליב און טייער, ווי אַן אייגענער, ווי אַ ברודער...

ווי דען האָט די שילערין אַנדערש געקאָנט באַציען זיך צום לערער, אַז נישט ווי צו אַ ברודער, ווען אירע פאָטער און מוטער האָבן זיך באַ-צויגן צו אים, ווי צו אַ קינד? עס איז נישט געווען קיין שום אונטערשייד ביי זיי צווישן אים און צווישן זייערע אייגענע קינדער. אַזוי ווי די אייגענע קינדער, אַזוי האָט דער לערער זיך געבאָדן אין גוטס, נישט געוווּסט פון קיין נויט און פון קיין זאָרג און פון דעם, וואָס געהער זיך אַן מיט געלט דאָס מין געלט האָט אין יענער שטוב בכלל נישט עקזיסטירט. דאָס הייסט, געלט איז געווען אַ סך, גאָר אַ סך. נאָר קיינער, אויסער דעם אַלטן, האָט נישט געוווּסט די ווערט פון דעם און נישט געפילט, אַז עס פעלט. אַלץ איז געווען גרייט און אַלץ פון דער פולער ברייטער האַנט. דאָס עסן, דאָס טרינקען, דאָס קליידן זיך און שוכן זיך און דאָס אַרויספאָרן מיטן גלאַנץ און מיטן קנאַק. אויף יעדן טריט אַ באַדינער. מענטשן און פערד וויפל איר ווילט און ווען איר ווילט. און באַוויזט איר זיך אין דאָרף, בייגן זיך פאַר אייך אַלע גויים, נעמען אַראָפּ דאָס היטל. געבוירענע גראַפן האָבן זיך נישט פילן בעסער, פרייער און בכבודער.

---

געקומען דער אַלטער פון דער אַרבעט, באַדעקט פון קאָפּ ביז פיס מיט שטויב, מיט שטרוי און מיט זאַנגען. ער וואַרפט אַראָפּ די לאַנגע שטיוול, וואַשט זיך אָפּ, טוט זיך איבער און באַקומט אַן אַנדער אויסזען. ער זעצט זיך אַוועק צום שרייב-טיש, נעמט זיך צו דער פּאָסט, וואָס אַ שייגעצל האָט געבראַכט צו פירן פון דער סטאַנציע „באַראַניעפּאָליע“, דייטנדיק אויף אַ פערד מיט אַ טאָרבע איבער די פּלייצעס. איבערגעקוקט די פּאָסט, רופט ער צו דעם לערער, ער זאָל שרייבן ענטפערס אויף די



דער פילטויזנט=קעפיקער עולם ביים באַגלייטן דעם ארון (ביי דער אוהב=צדק=שול אין ניו=יאָרק)

בריוו. דער לערער טוט די אַרבעט געשיקט, וואָרעם ער פֿאַרשטייט דעם אַלטן אויפֿן קוק און קען די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ אויף אויסנווייניק. דער אַלטער האָט פֿײַנט איבערצוחזרן אַ זאַך צוויי מאָל און האָט ליב, מען זאָל אים פֿאַרשטיין וואָס ער וויל, נאָך איידער ער האָט עס אַרויסגעזאָגט. אַליין אַ פֿלינקער אַרבעטער, האָט ער ליב צו זען, אַז די אַרבעט זאָל ברענען אונטער די הענט. פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַלע אַרבעטן, זעצט מען זיך עסן. זעלטן עס זאָלן נישט זײַן עטלעכע זײַטיקע, פֿרעמדע מענטשן בײַם טיש. דאָס זענען מערסטנטייל געסט, שכנים, פּאַסעכאָרס אָדער סוחרים, וואָס זענען געקומען קויפֿן ווייץ, האָבער, גערשטן, אָדער אַנדערע תּבֿואות. בײַם טיש הערשט, ווי איך האָב שוין פֿריער באַשריבן, אַ שטרענגע דיסציפּלין. קיינער וואַגט נישט אַ הויך וואָרט אַרויסצורעדן, נאָר דער אַלטער קלינגט ווי אַ גלאָק. בײַ אים לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויס קיין שטאָף. ער האָט אײַך אויף אַלצדינג אַ מעשה, אַ משל און אַ גלײַכוואָרט, וואָס צווינגט אײַך צום דענקען און צו לאַכן. וואָרעם איר האָט נישט געזען אַ צווייטן, וואָס וואָלט אײַך קאָנען אַזוי אינטערעסאַנט דערציילן און קאָפּירן, נאָכמאַכן יעדן אייגנציקן מיט אַלע פּליטערלעך — אַן אמתער טאַלאַנט, כאָטש בײַ דער וועלט, צווישן ייִדן, האָט ער געהייסן אַ מאָדנער ייִד, אַ „טשודאַק“ און אַ „שגעון“. און דאַך האָבן סוחרים ליב געהאַט מיט אים האַנדלען, ווײַל דאָס וואָרט איז בײַ אים געווען הייליק, און אַז ער האָט אײַך עפּעס פֿאַרקויפֿט, האָט דאָס געמעגט ווערן ווי טײַערער, האָט איר געקענט זײַן זיכער, אַז קיין חרטה וועט נישט זײַן. דאָס איז געווען אָן אַ שום פּרינציפּן און פּרעטענזיעס, נאָר פּראָסט און פּשוט די נאַטירלעכע אָרנטלעכקייט, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין דריידלעך און האָט פֿײַנט פֿאַלשע קרומע וועגן. אין דער סוחרישער וועלט הייסט אַפֿילו אַזאַ נפֿש, הינטער די אויגן געוויינטלעך, אַ „משוגענער מענטש“, נאָר מען האָט בעסער ליב געהאַט מיט אַזאַ משוגענעם צו האָבן געשעפֿטן, ווי מיט אַן אַנדערן אַ קלאָרן.

נאָכן טיש לאָזט מען איבער דעם אַלטן מיט די געסט, זיי זאָלן זיך דאָרטן שמועסן און מאַכן געשעפֿטן, און דער לערער מיט דער שילערין זעצן זיך אַוועק לערנען, שטודירן, לייענען. איבערהויפּט לייענען. מען לייענט אַליין, וואָס עס קומט אונטער דער האַנט, אָן קאָנטראָל, אָן אַ סיסטעם און אָן אָן איבערקלײַבן. צום מײנסטן ראָמאַנען, די גרעסטע קלאַסיקער, ווי שעקספּיר, דיקענס, טאָלסטאָי, געטהע, שילער, גאָגאָל, אויסגעמישט מיט די ערגסטע שונד־ראָמאַנען פֿון אייזשען סו, קסאַוויע דע

מאַנטעפּעו, אשאר, פּאַן באַדן און נאָך אַזעלכע פּוסטע שמירער פונעם
פּראַנצויזישן בולוואַר. אָנגעלייענט זיך, ווי די פּויקן, גייט מען זיך דורך
צו דער מאַשין, זען ווי מען דרעשט, אָדער אין פעלד אַרויס, צוקוקן ווי
מען שנייַדט דאָס ברויט, ווי מען נעמט עס צונויף און מען בינדט עס אין
סנאָפּעס. און עס נעמט אָן אַ חשק צו פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך גע=
מען צו דער אַרבעט. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז שטיין ביי דער זייט
און קוקן, ווי מען שנייַדט ברויט און מען בינדט סנאָפּעס איז אַ סך
לייַכטער, ווי אַליין אָנבייגן זיך און שנייַדן ברויט און סנאָפּעס. וואָרעם
פון קוקן ווערט מען נישט דערשוויצט און אויף די הענט לויפן נישט אויף
קיין בלאָטערן... דערפאַר אָבער — וואָס פאַר אַ אַפּעטיט האָט מען דערנאָך!
מען קומט אהיים און מען עסט זויערמילך מיט שוואַרץ ברויט און מען
מאַכט א שפּאַציר אין גאָרטן. אָדער מען הייסט איינשפּאַנען דאָס פּאַ=
עטאָגל און מען פאָרט זיך דורך מיט אַנהרייען אין די איבעריקע פּאַ=
סעסיעס אָדער עקאָנאָמיעס: אין גוזיפּקע, אין קריטאַהאַרבע, אין זאַקו=
טעניץ. אָדער מען פאָרט אַריבער קיין באַראַניעפּאָליע צום פּאָסטמייסטער
מאַלינאָווסקי. און אומעטום ווערט מען אויפגענומען ווי זייער אָנגעלייגטע,
פיל געליבטע געסט. מען ווייסט גאָרנישט, מיט וואָס זיי מכבד צו זיין.
שטעלט מען דעם סאַמאָוואַר און מען דערלאַנגט איינגעמאַכטס. ביים
פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי ווערט באַשאַפן אַ פלעשל בראָנפן, וואָס ער
אַליין טאַקע טרינקט עס אויס גלעזלעכווייז ביזן סוף, וואָרעם מאַלינאָווסקי
איז א גוי, וואָס האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן. און אַז נישט, כאַפּט מען
זיך גאָר אַריין צו האָדי דעם עקאָנאָם, וואָס זיצט נישט ווייט, טאַקע אויף
איין הויף מיט די בעלי=בתים. דאָרטן, ביי האָדין, אין קליינעם שטיבל, איז
פריילעכער ווי ביי זיי אין דער גרויסער שטוב. און דאָס, וואָס מען קריגט
ביי האָדין, קאָן מען אין דער היים נישט אויספירן. א שטייגער, ווי וועלן
זיי זיך דערלויבן צו עסן גרינע קנאָבלעך מיט שטשאַוו, אויב נישט ביי
האָדים ווייב? אָדער געזאַלצענע אוגערקעלעך גלייך פון סלאָי מיט הייסע
קאַרטאָפל אין די מונדירן? אָדער זיסע קאַשטענעס פון קרויט, וואָס האָ=
דיכע שאַטקעוועט אויף צו זייערן? אָדער אָנטרינקען זיך מיט עפּל=קוואַס,
וואָס איז טעם גן=עדן? פון דעם באַזוך קען מען זען, אַז האָדיכע שעצט זיך
גליקלעך, און ווער שמועסט האָדי — דער איז אויפן זיבעטן הימל! נאָר
האָדי דער עקאָנאָם איז אַ טיפּ פאַר זיך און ער פאַרדינט באַשריבן צו
ווערן אין א באַזונדער קאַפּיטל.

71

# דאָדי דער עקאָנאָם

אַ כאַטור=מענטש. — דער אַלטער לייענט די געשיכטע פון פעטער דעם גרויסן און דאָדי ווערט אַנטשלאָפן. — ביי דאָדיכען אין שטיבל. — דער העלד שרייבט ראָמאַנען און טראַגעדיעס און טראַכט נישט פון זיין אייגענעם „ראָמאַן“.

דאָדי דער עקאָנאָם איז געווען אַ מענטש אַ גבר, אַ גבור. נישט אַזוי הויך געוואַקסן און נישט אַזוי גראָב געפּאַקט, ווי גוט געבויט און שטאַרק פאַרפונדעוועט. אַ בולאַנער מיט קליינע אויגן. אַ ביסל קאַסאָקע. די פלייצע — שטאָל, די ברוסט — אייזן, אַ האַנט — אַ האַמער. נישט איטלעכס פערד האָט געקאָנט אים ליידן אויף זיך. און האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן פערד, איז ער געווען ווי צוגעוואַקסן, און איר האָט נישט געוווּסט, וווּ לאָזט זיך אויס דאָדי און וווּ הייבט זיך אָן דאָס פערד. פאַר דאָדין האָבן אַלע גויים געהאַט דאָס קדחת, געציטערט אימת=המות פאַר זיין האַנט, כאָטש געשלאָגן האָט ער זיך זייער זעלטן. סיידן בשעת אַ נויט. דעמלט, ווען ווערטער זענען נישט בכוח צו טאָן גאָרנישט. עס איז גענוג געווען, איינער זאָל אַ זאָג טאָן: „אָט גייט דאָדי“, אַז אַלע גויים, גויעס און שיקסעס, וואָס זענען געשטאַנען און געפּלאַפּלט, זאָלן זיך אַ נעם טאָן מיט חשק צו דער אַרבעט. צוגעקומען צו די אַרבעטער, האָט דאָדי פיינט געהאַט יוצא צו זיין מיט ווערטער. ער האָט זיך גענומען צום אַקער, צום סערפּ, צו דער לאָפּאַטע אָדער צום זאַסטופּ און האָט מיט זיינע הענט באַוויזן אַ ביישפּיל, ווי אַזוי מען באַדאַרף אַרבעטן. אָפּנאַרן דאָדין איז געווען שווערלעך, און גנבענען ביי אים — אוממעגלעך. פאַר אַ גנבה איז די גרעסטע שטראָף געווען ווינציק, אויך פאַר שכורן איז ער געווען אש להבה. אויסטרינקען אַ גלעזל בראָנפן — דאָס מאַכט נישט אויס. נאָר פאַרשכורן זיך און מאַכן סקאַנדאַלן — דאָס נישט. חיות נישט זיכער!

ווינט שטעלט איך פֿאַר, אַז אָט דער האַדי, דער גבר, וואָס פֿאַר אים האָט געציטערט אַ גאַנץ דאָרף מיט גויים, אַז ער איז געשטאַנען פֿאַרן אַלטן לאַיעוו, איז געווען אים ניט צו דערקענען. קלענער פֿון אַ קינד, שטילער פֿון אַ שעפּעלע. די הענט אַראָפּגעלאָזט. דעם אָטעם פֿאַרהאַלטן. אַ סאָלדאַט פֿאַר אַ גענעראַל אַ פֿעלדמאַרשאַל באַדאַרף ניט שטיין מיט מער רעספּעקט און מיט מער מורא און דרך־ארץ, ווי האַדי איז געשטאַנען פֿאַרן אַלטן בעל־הבית. אָנגעקומען אין דאָרף אַריין אַלס יונגל, איז ער שוין פֿאַרבליבן דאָרטן אויף שטענדיק. געוואַקסן און געגאַנגען אַלץ העכער און העכער, ביז דער אַלטער האָט אים געקרוינט מיטן נאָמען עקאָנאָם, דאָס הייסט, ער האָט אים געמאַכט פֿאַר אויפֿזעער איבער אַלע עקאָנאָמיעס. דאָ אין דאָרף האָט האַדי חתונה געהאַט, באַקומען זיין געהאַלט, אַ באַזונדער שטיבל מיט אַ באַזונדערן גאָרטן, מיט מעל, מיט שטרוי, מיט האָלץ, מיט אַ פּאָר מעלקעדיקע בהמהלעך—געוואָרן אַ שטיק בעל־הבית און אַ טאַטע פֿון קינדער. און דאָך האָט ער קיינמאָל ניט געוואַגט פֿאַרן אַלטן בעל־הבית זיך צוזעצן אַפֿילו אויף אַ מינוט. נאָר איין מאָל אין זיין גאַנצן לעבן איז ער געזעסן פֿאַרן בעל־הבית, האָט זיך געטראָפֿן אַן אינצידענט, וואָס האַדי האָט אים געהאַט צו געדענקען דאָס גאַנצע לעבן.

איך האָב שוין, דאַכט מיר, אויבן באַמערקט, אַז דער אַלטער לאַיעוו האָט ליב געהאַט אויפֿצוקלערן, לערנען יעדן איינציקן, טיילן זיך מיט דעם, וואָס ער ווייסט. איינמאָל, אין אַ לאַנגער ווינטערנאַכט איז דאָס געווען, האָט האַדי אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט פֿון די עקאָנאָמיעס, שטייענדיק פֿאַרן אַלטן אויסגעצויגן, ווי דער שטייגער איז. געענדיקט דעם ראַפּאָרט, האָט האַדי געוואַרט, מען זאָל אים הייסן גיין. איז אָבער דער אַלטער געווען אויפֿגעלייגט און געוואָלט נאָך אַ ביסל שמועסן, שוין ניט פֿון די עקאָנאָמיעס, נאָר פֿון זייטיקע זאַכן, וועגן די שכנים די פּאָליאַקן — ביז ער איז אַרויף אויף אַ געשפּרעך וועגן פּוילן און וועגן דעם פּוילישן מיאַטעזש, דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד. פֿון די פּאָליאַקן איז ער אַרויף אויף די רוסן, אויף דער רוסישער היסטאָריע פֿאַר פּיאָטר דעם גרויסן... און אַזוי ווי אויפֿן טיש איז געלעגן די רוסישע היסטאָריע אין דער העברעישער איבערזעצונג פֿון מאַנדעלקערן, האָט ער גענומען לייענען און פֿאַרטייטשן אויף יידיש פֿאַר האַדין די גאַנצע געשיכטע פֿון פּיאָטר דעם גרויסן. לייענענדיק די געשיכטע, האָט ער געהייסן האַדין צוזעצן זיך אויף אַ שטול. האָט האַדי ניט געוואַגט. האָט דער אַלטער געהייסן נאָך אַ מאָל. האָט

ער שוין געמוזט זיך אַוועקזעצן. און אַוועקגעזעצט האָט ער זיך בײַ דער טיר, אונטערן אַלטן וואַנטזייגער. האָדיס קאָפּ איז נישט געווינט געווען צו אַזעלכע לעקציעס און דערצו איז ער נאָך געזעסן אויך, האָט ער ביםלעכווײַז אָנגעהויבן צו דרימלען. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט, ביז ער איז אונטערן אַלטנס קול פּאַוואָליִנקע גאַנץ געשמאַק אַנטשלאָפן געוואָרן. אַצינד ווען מיר לאָזן האָדין, ער זאָל זיך שלאָפן, און ווען דערווײַל זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם האָדפּישן וואַנטזייגער.

דאָס איז געווען אַן אַלטער אינוואַליד, וואָס האָט שוין לאַנג אָפּגעדינט זײַנע יאָרן און וואָלט שוין לאַנג געמעגט רוען אויפֿן בוידעם צווישן אַלטע אָפּגעלעבטע שמאַטעס. האָט אָבער דער אַלטער לאַיעוו געהאַט אַ מאָדנע ליבשאַפֿט, אַ מין טראַדיציע, הווקא צו אַלטע זאַכן. אַ שטייגער, צו אַן אַלטן אָפּגעריבענעם שפּיגל, וואָס באַווײַזט צווײ פּנימער, צו אַן אַלטער האַלבצעפּאַלענער קאָמאָדע, וואָס אַרויסציען אַ שופֿלאָד קומט אָן שווער, בקריעת ים־סוף און נאָך אַזעלכע אַלטע זאַכן. צום בײַשפּיל, בײַ אים אויפֿן שרײַבטיש איז כל ימיו געשטאַנען אַן אַלט־מאָדיש טינטערל — אַ גלעזערן שטיוועלע אין אַ שוואַרץ הילצערן שיסעלע, אָנגעשאָטן מיט זאַמד. פֿאַר קיין געלט האָט מען נישט געקאָנט פּועלן בײַם אַלטן, ער זאָל אַרויסוואַרפֿן דאָס האָזיקע טינטערל און אײַנפֿירן אַ נײַעם, אַ לײַטישן טינטער. דאָס איז געווען נישט מחמת קאַרגשאַפֿט. דער אַלטער איז שוין גאָר נישט געווען קיין קאַרגער. אַדרבה, האָט ער שוין געקויפֿט אַ זאַך, האָט דאָס באַדאַרפֿט זײַן דאָס בעסטע און דאָס טײַערסטע. עס איז אים גאָר שווער געווען צו שיידן זיך מיט אַן אַלטער זאַך. דאָס אײגענע איז געווען אויך מיטן זייגער, וואָס פֿאַר אַלטקייט האָט ער זיך גענייטיקט אין וואָג. אַלע מאָל איז צוגעקומען צו אים אַ נײַע געוויכט. איידער דער דאָזיקער זייגער האָט באַדאַרפֿט שלאָגן, איז ער זיך פֿאַרגאַנגען מיט הייזעריקן כריפּען, ווי אַן אַלטער מאַז אַ זקן, וואָס לײַדט פֿון אַסטמאַ, אַז ער באַדאַרף זיך אויסהוסטן. דערפֿאַר אָבער, אַז ס'איז געקומען צום שלאָגן, האָט ער געשלאָגן ווי אַ קלויסטער־גלאָק: באָם! באָם! — מען האָט געהערט אין דרויסן, ווי דער זייגער קלינגט אין שטוב.

אַצינד קערן מיר זיך אום צוריק צו האָדין. האָדי שלאָפֿט, און דער אַלטער לייענט די היסטאָריע פֿון פּיאָטר דעם גרויסן און פֿון זײַן ווײַב אַנאַסטאַזיע. פּלוצים פֿאַרגלוסט זיך דעם זייגער קלינגען צען. האָט האָדי זיכער געמיינט, אַז ס'איז אַ שׂרפֿה, דער „טויק“ ברענט. האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף מיט אַן אימפּעט און מיט אַ געשריי: „וואַסער!...“

„דער אַלטער האָט זיך דערשראָקן, האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך מיט דער היסטאָריע פון פּיאָטר דעם גרויסן און גענומען קוקן אויף האַדין דורך די ברילן. אָט אַ יענעם קוק, זאָגט האַדי, וועט ער געדענקען, אַז ער וועט ליגן אויפן טויטן בעט...

דער לערער האָט ליב געהאַט האַדין פאַר זיין נאַטירלעכקייט און פאַר זיין גוטסקייט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אָט דער נאַטור־מענטש האָט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין ליגן נישט געזאָגט. זיין געטרײַשאַפט און זיין צוגעבונדנקייט צו זיין בעל־הבית און צו זיין משפּחה האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. און ווייל דער לערער איז דאָרט געווען ווי אַן אייגענער, איז ער בײַ האַדין געווען פאַררעכנט אין דער משפּחה און האַדי איז גרייט געווען פאַר אים גיין אין פייער און וואַסער אַריין. בײַ האַדין אין די אויגן איז אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקערט מיט דער פאַמיליע לאַיעוו, געווען פון אַ העכערער מדרגה. יעדנפאַלס, נישט גלייך מיט אַלע איבעריקע מענטשן. ער האָט פשוט פאַרגעטערט די האָזיקע פאַמיליע. אין איר זכות האָט אויך געגאָסן דער לערער. אין די הייסע זומערדיקע טעג, אָדער אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט האָט דער לערער מיט דער שילערין ליב געהאַט זיך אַריינכאַפּן צו האַדין און צו האַדיכען. דאָרטן, אין דעם קליינעם שטיבעלע מיט דער נידעריקער סטעליע, וואָס מען קאָן דערלאַנגען מיט דער האַנט, האָבן זיי זיך געפילט אַלע מאָל בעסער, ווי אין דער היים. עסן בײַ האַדין זומער אַ זויערן שטשאַוו מיט יונגן קנאָבל און ווינטער הייסע קאַרטאָפל אין די העמדלעך מיט געזאַלצענע אוגערקעלעך, אָדער געפּרוּוערענע געזויערטע קרויט, האָט געהאַט זיבן טעמים און איז געווען טויזנט מאָל בעסער פון די טייערסטע מאכלים ביים טיש. און ווער שמועסט, אַז האַדיס ווייב פעסי האָט געבאַקן לעקעך, אָדער געפּרעגלט שמאַלץ — דעמאָלט איז געווען פאַר די יונגע לײַט אַ יום־טוב. אַ קליינקייט — הייסער לעקעך, נאָר וואָס פונעם אויוון? אָדער פרישע פעטע גריוון, וואָס צעגייען זיך אין מויל, אַזוי ווי דער מן, וואָס די ייִדן האָבן געגעסן אין דער מדבר!

מערסטנטייל זענען זיי געווען געסט בײַ האַדין און בײַ האַדיכען ווינטער. דעמאָלט, ווען די ביימער ווערן איינגעהילט אין ווייסן, זעען אויס ווי די איבערגעפּרוּווערענע מתים אין תכריכים. דאָס האָרף פאַרלירט דעמאָלט דעם זומערדיקן רייץ און עס פראַכט און עס בלײַבט איבער מער נישט ווי אַרײַנכאַפּן זיך צו האַדין אינעם וואַרעם אָנגעהייצטן שטיבל און קוויקן זיך מיט פעסים מאכלים. ס'איז מוראדיק שטיל. דער שניי איז טיף. קיינער קומט נישט. ס'איז טרויעריקלעך אויפן האַרצן. אומעטיקלעך אויף דער

נשמה. סיידן מען הייסט אמאָל אנדרייען איינשפּאַנען די פערד אין א ברייטן שליטן. מען פּעלצט זיך אָן, מען דעקט זיך צו מיט א וואַרעמער „באַראַניצע“ און מען פאָרט זיך דורך פון איין פאָלוואַרק אינעם צווייטן. דאָרט שטעלט מען דעם סאַמאָוואַר, מען טרינקט זיך אָן מיט טיי און מען פאָרט צוריק.

דער ווינטער האָט אָבער זיינע גוטע מעלות — ס'איז דאָ צייט גענוג אויף צו לעזן און אויף צו שרייבן. אין די כמעט דריי יאָר, וואָס דער העלד האָט פאַרבראַכט אין דאָרף, האָט ער אָנגעשריבן א סך מער, ווי ער האָט געשריבן נאָכדעם, ווען ער איז שוין געווען א שרייבער און געהייסן „שלום עליכם“, אין צען יאָר. עס האָט זיך אים קיינמאָל אַזוי גרינג נישט געשריבן, ווי אין יענער צייט. און געשריבן האָט ער גאַנצע בענד — גרויסע, האַרצרייסנדיקע ראָמאַנען, שרייענדיקע דראַמעס, פאַרפּלאָנטערטע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. עס האָבן זיך געגאָסן די געדאַנקען, ווי פון א פאַס. עס האָט געשפּרודלט די פאַנטאַזיע, ווי א פאָנטאַן. צוליב וואָס דאָס אַלץ איז געשריבן געוואָרן — האָט ער זיך קיינמאָל נישט געפרעגט. קוים איז פאַרטיק געוואָרן ביי אים א „זאַך“, האָט ער דאָס איבערגעלייענט פאַר זיין שילערין — און ביידע זענען געווען אַנטציקט. ביידע זענען געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז א מייסטערווערק — אָבער נישט אויף לאַנג. קוים איז ער פאַרטיק געוואָרן מיט אן אַנדער ווערק, אַזוי איז שוין דאָס צווייטע געווען א מייסטערווערק און דאָס ערשטע איז געוואָרן בלאַס, אָפּגעבליאַקעוועט. דאָס בעסטע אָרט פאַר דעם איז געווען דער אויוון. און אַזוי איז אַוועק מיטן פייער נישט איין טוץ ראָמאַנען און נישט איין צענדליק דראַמעס...

אַז דער בחור איז געבוירן געוואָרן צו זיין א שרייבער — אין דעם איז ביי זיי ביידן נישט געווען קיין שום ספק. דער לערער מיט דער שילערין האָבן דערפון גערעדט, געפאַנטאַזירט, געבויט די שענסטע לופטשלעסער. רעדנדיק פון פאַרשידענע פּלאַנען פון פאַרשידענע ווערק, האָבן זיי פאַרגעסן פון זייערע אייגענע פּלאַנען... וועגן דעם איז איבערהויפּט נישט געווען ביי זיי קיינמאָל קיין שום רייד. עס איז זיי קיינמאָל נישט געקומען אויף די געדאַנקען צו דערקלערן זיך איינס דאָס אַנדערע און זייערע געפילן, אָדער צו פאַרטראַכטן זיך אויפן גורל פון זייער אייגענעם ראָמאַן... דער נאָמען „ראָמאַן“ איז, אַפּנים, געווען צו שאַבלאָן, דאָס וואָרט „ליבע“ איז געווען צו באַנאַל פאַר די געפילן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן צווישן די צוויי יונגעלייטלעך. זיי זענען ביידע געווען

אַזוי געפּטירלעך איינס פאַר דאָס אַנדערע, אַז ס'האָט גאָרנישט געקאָנט זיין מעגלעך, ס'זאָל זיין אַנדערש. וועט דען קומען אַמאָל אויף די געדאַנקען אַ ברודער, ער זאָל זיך דערקלערן אין ליבע צו זיין שוועסטער? איך האָב מורא, אַז מיר וועלן זיין נישט ווייט פונעם אמת, אויב איך וועל זאָגן, אַז זייטיקע פאַרשויגנע, מענטשן מן הצד, האָבן אַ סך מער געוווּסט און גאָר אין ערך מער געטראַכט פונעם ראָמאַן פון די יונגע העלדן, ווי די העלדן אַליין. צו יונג זענען זיי געווען ביידע, צו נאַיוו און צו גליקלעך. אויף זייער הימל איז נישט געווען קיין שפּרינקעלע. זיי האָבן נישט אַרויסגעזען פון ערגעץ נישט קיין ווידערשטאַנד. און וואָס איז דער עיקר — זיי האָבן קיינמאָל נישט געדענקט דערפון. אין דער צייט פון די קאַרגע דריי יאָר פון זייער באַקאַנטשאַפט האָבן זיי ביידע נישט געקלערט אַפילו איין מינוט פון צעשיידן זיך. און דאָך איז געקומען דער טאָג, ווען זיי האָבן געמוזט זיך צעשיידן. דערווייל נישט אויף שטענדיק, נאָר אויף אַ קורצע צייט.

דאָס איז געווען די צייט, וואָס דער העלד האָט זיך באַדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו“.

# דער פריזיוו

מען רעדט שטאַרק פון „פריזיוו“. — ער געזעגנט זיך מיט דער שילערין און פירמע פון סאפיעווקע א בריוו צום „פרעדוואדיטעל“. — די פאַנטאַזיעס אויפן וועג. — דער בריוו ווירקט און עס דערגייט נישט צו זיין נומער. — א מעשה מיט א זון אַ קאַליקע. — ער קערט זיך אום צוריק אין דאָרף, נאָר די חלומות ווערן נאָך אַלץ נישט מקוים.

מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אז כמעט אין דער גאַנצער צייט פון די אויבן באַשריבענע דריי יאָר איז נישט אַוועקגעגאַנגען אין סאָפּיעווקע קיין טאָג, אז מען זאָל נישט הערן דאָס וואָרט „פריזיוו“. פאַרן אַלטן לאַיעוו איז דער פריזיוו געווען א קראַנקהייט, א מאַגיע אַזעלכע, וואָס האָט אים נישט געלאָזט רוען בייטאָג און שלאָפן ביינאַכט. א גאַנץ פאַר־מעגן האָט דאָס אים אָפּגעקאָסט. וואָס איז די מעשה? זיין זון יהושע האָט באַדאַרפט שטיין צום פריזיוו, האָט דער פאָטער קודם זיך אַוועקגעלאָזט אין טשערניגעווער גובערניע, האָט זיך דאָרט אָפּגעוואַלגערט א צייט, אויסגעריסן געוואָרן און האָט איינגעהאַנדלט א „קוויטאַנציע“. דאָס איז געווען איינע פון די געצייל טע עטלעכע „זאַטשאָטנע קוויטאַנציעס“, וואָס דורך זיי איז מען אויסגעלייזט געוואָרן פונעם פריזיוו. דאָס הייסט, אז ווער עס האָט געקאָנט צושטעלן אַזאַ „קוויטאַנציע“, דער איז געווען פריי פון גיין דינען און ער האָט זיך גערעכנט נאָר אין דער „אָפּאָלטשעניע“ (רעזערוו). וואָס אַזאַ „קוויטאַנציע“ האָט אָפּגעקאָסט, וואָלט אן אַנדערער געקאָנט זיין א גרויסער נגיד. פאַרן אַלטן לאַיעוו איז אָבער צוליב א קינד קיין זאך נישט געווען צו טייער.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער „קוויטאַנציע“, האָט זיך אָנגעהויבן א נייע חתונה. עס איז אויסגעבראָכן די רוסיש־טערקישע מלחמה און מען האָט געשמועסט, אַז עס וועט דערגיין צו די „אָפּאָלטשענצעס“ (רעזערוויסטן). וויבאַלד אַזוי, באַדאַרף מען דעם זון באַוואָרענען מיט א „ווייסן בילעט“

באַצייטנס. דאָס האָט געהייסן: מען באַדאַרף דעם אָפּאָלטשעניעץ שטעלן צום „פּריאָם“, אונטערזוכן זיין געזונט, אויף וויפל ער טויג פאַר אַ סאָלדאַט. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן מן הסתם, אַז פאַר אַ סאָלדאַט טויג ער נישט און מען האָט אים געגעבן אַ ווייסן בילעט, דאָס הייסט, מען האָט אים, דאַנקען גאָט, „פאַרבראַקעוועט“... מען האָט אים נישט נאָר „פאַרבראַקעוועט“ פון פריזיוו; מען האָט אים געמוזט דערנאָך אַוועקשיקן אין די וואַרעמע לענדער, קיין מענטאָן און קיין ניצע, ער זאָל זיך קורירן, וואָרעם ער איז געווען ערנסט קראַנק אויפן האַרצן, פון וועלכער קראַנקהייט ער איז אין עטלעכע יאָר אַרום, ווי מיר וועלן דאָס זען אַ ביסל ווייטער, טאַקע געשטאָרבן... אָבער דערווייל האָט זיך געטאָן חושך: מען איז געפאָרן קיין קאָניעוו, מען האָט זיך באַקענט מיטן איספּראַווניק, מיטן פּרעוואָדיטעל, מיט די דאָקטוירים. די טשינאָווניקעס פון דער „פּריסוטסטוויע“ האָבן געשלעפּט גמילות חסדים. ייִדן, גוטע פריינד און בעלי־עצות האָבן אָפּגעלעקט אַ ביינדל. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט געפּאָמפּעט געלט. הכלל, עס איז געווען פול די שטוב מיט פריזיוו, פריזיוו און פריזיוו...

און אַז ס'איז געקומען די צייט, ווען דער העלד פון דער ביאָגראַפיע האָט באַדאַרפט זיך שטעלן צום „פריזיוו“, איז דער אַלטער לאַיעוו געוואָרן נערוועז. קודם כל האָט ער זיך אַ סטאַרעווע געטאָן און האָט געזען, מען זאָל דעם לערער באַצייטנס אַריבערפירן פון זיין געבורטשטאָט, פון פערעיאַסלאַוו, קיין קאָניעוו און צושרייבן צו דער קאָניעווער „פּריסוטסטוויע“, דאָרט ווו לאַיעוו האָט אַ האַנט און קאָן עפּעס טאָן... מיר דאַכט, אַז אַן אייגענער פאָטער באַדאַרף אַזוי נישט טראָגן אויפן קאָפּ זיין זון, ווי דער אַלטער לאַיעוו האָט געטראָגן דעם לערער. נאָך מער: דער לערער אַליין האָט ווינציקער מורא געהאַט פאַרן „פריזיוו“, ווי די פאַמיליע לאַיעוו. ביים בחור אַליין איז דאָס פאָרן קיין קאָניעוו און זיך שטעלן צום פריזיוו געווען אַ גאַנצער יום־טוב. ער האָט זיך באַשטעלט אַ פּאָר גרויסע שטיוול, אַ סאָלדאַטסקע באַשליק און איז געווען מוכן ומזומן „אַריינצוטרעטן אין דער דינסט“. איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט אין דער דינסט אויסנעמען, נושא חן זיין ביי „נאַטשאַלסטוואָ“ און ווערן אינגיכן אַן אונטעראָפיציר אָדער אַ פעלדפעבל. העכער דערפון קאָן דאָך אַ ייִד נישט גרייכן... נאָר אַז ס'איז געקומען צום רעכטן שפּיץ, אַז ער האָט שוין טאַקע באַדאַרפט זיך זעצן פאָרן, האָט ער מיט אַ מאָל פאַרלוירן דעם גאַנצן קוראַזש. עס איז אים אַ חרפּה, א בזיון, נאָר ער

מוז זיך מודה זיין, אַז ס'איז אים געקומען צום געזעגענען זיך מיט דער פֿאַמיליע לאיעוו, אפֿשר אויף שטענדיק, האָט אים פֿאַרפּרעסט דאָס האַרץ מיט אַ מאָדנע בענקעניש און ער האָט זיך באַהאַלטן ביי זיך אין חדר, פֿאַרגראָבן דאָס פּנים אין קישן און געוויינט מיט ביטערע=ביטערע טרערן...

נאָר ער איז געווען נישט דער איינציקער און דער דאָזיקער שטוב, וואָס האָט ביטער געוויינט. ביי זיך אין איר חדר האָט זיין שילערין נאָך מער געוויינט. אירע אויגן זענען געווען געשוואָלן פֿון געוויין און זי האָט אין יענעם טאָג נישט געקאָנט באַווייזן זיך צום טיש אַפֿילו... אונטער אַן אויסרייד פֿון אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק איז זי געבליבן דעם גאַנצן טאָג ביי זיך, נישט געוואָלט זען קיינעם.

טרויעריק, זייער טרויעריק איז געווען דאָס געזעגענען זיך. תשעה באב איז געווען אין שטוב. און אויפֿן האַרצן ווייסט און פֿינצטער. שוין אַז דער העלד איז געזעסן אין פֿאַיעטאָן און אַנדריי דער קוטשער איז גרייט געווען זיך אַ נעם טאָן צו דער בייטש, האָט דער יונגער העלד צום לעצטן מאָל אַ קוק געגעבן אין די פֿענצטער און דערזען צוויי פֿאַרוויינטע אויגן, וואָס האָבן גערעדט אָן ווערטער, נאָר קלאָרע דבורים: „פֿאָר געזונט, טייערער. טייערער, נאָר קום צוריק וואָס גיכער, וואָרעם איך קאָן אָן דיר נישט לעבן!“...

די דאָזיקע ווערטער האָט דער בחור געהערט מיט אַלע זיינע חושים און זיינע אויגן האָבן איר געענטפֿערט: „זיי געזונט, טייערע, טייערע, איך קום צוריק צו דיר, וואָרעם איך קאָן אָן דיר נישט לעבן!“... און ערשט אַצינד האָט ער דערפֿילט, ווי שטאַרק ער איז צוגעבונדן צו דער דאָזיקער שטוב און ס'איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ כוח, וואָס זאָל אים קאָנען אָפּרייסן פֿון דאַנען, סיידן דער טויט... און די געדאַנקען צעשפּילן זיך, און די היציקע פֿאַנטאַזיע כאַפּט אים אונטער אויף זיינע פֿליגלען, און ער הייבט אָן צו חלומען, ווי אַזוי ער וועט קומען צוריק, וועט ער פֿריער זיך אַנטדעקן פֿאַר איר, דערנאָך פֿאַר איר פֿאָטער און מוטער. ווי אַזוי ער וועט זיך ווענדן צום אַלטן און וועט אים זאָגן דעם פּסוק: „א ה ב ת י — איך האָב ליב אייער טאָכטער, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט!“... ווי אַזוי דער אַלטער וועט אים ארומנעמען און וועט אים זאָגן: „גוט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט — איך קוק שוין לאַנג אַרויס דערויף“... דערנאָך הייבט מען זיך אָן גרייטן צו דער חתונה. מען ברענגט אַראָפּ שניידערס פֿון באָהסלאָוו און פֿון טאַראַשטשע, וואָס נייען מלבושים פֿאַר חתן=כלה... מען באַקט לעקעכער און

מען פרעגלט אײַנגעמאַכטס... נאָך התנים צד שיקט מען אַרויס די גרויסע קאַרעטע וואָס אין שטאָל, וואָס ווערט געניצט נאָר אויף אַן עקסטרע זאַך. און עס קומען צו פאָרן דער טאַטע, דער פעטער פיניע און די איבעריקע משפחות.: מען ווייסט נישט פונוואַנען, נאָר עס וואַקסט אויס אויף דער חתונה שמואליק... אָט אָ יענער חבר שמואליק דעם רבס, „שמואליק דער יתום", וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזעלכע שיינע מעשיות... ער צעקושט זיך מיטן חתן און זאָגט צו אים: „נו, שלום? האָב איך דיר געזאָגט, אַז דער אוצר איז דיינער?"...

. . . . . . . . . . . . .

די האָזיקע קינדערשע זיסע חלומות און די יינגלשע גאָלדענע פאַנטאַזיעס וועבן זיך ביי אים אין דער מחשבה דעם גאַנצן וועג — ביז ער קומט צו פליען קיין קאָניעוו. אָפּגעשטעלט זיך ביי דעם אלטן לאיעוום אַ קרוב, א ייד א הויקער, נאָר אַ נגיד, וואָס האַלט א וויינשענק פאַר פריצים — זיין נאָמען איז ברוך פערטשיק — פאַלט ער אַריין אין די עסקים פון „פריזיוו" און גיט איבער דעם אדון דעם פרעדוואָדיטעל אַ בריוו. אינעם בריוו שרייבט דער אלטער לאיעוו, אז ער שיקט צום „פרי־זיוו" זיין לערער און וויל האָבן, אז נישט שפעטער ווי אין א וואָך אַרום זאָל ער אים האָבן צוריק אַ באַפרייטן... דער אדון דער פרעדוואָדיטעל האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און געענטפערט נאָר איין וואָרט: „באַ־ראָ־שאָ"... און דאָס איז גענוג געווען, אז דער בחור זאָל זיין רואיק. ער איז געגאַנגען צום „פריזיוו", געצויגן א גורל און אַרויסגענומען א נומער 285. מען קאָן נישט זאָגן, אז דאָס זאָל זיין אַזאַ הויכער נומער. נאָר ביי נומער 284 האָט זיך דער „פריזיוו" געשלאָסן... און דער לערער איז אַרויס פריי. אין זיין זכות זענען באַפרייט געוואָרן נאָך עטלעכע יידישע קינדער מיט העכערע נומערן, און די שמחה איז געווען יענעם יאָר אין קאָניעוו זייער גרויס!...

צו דער שמחה פונעם „פריזיוו" איז געקומען צו פאָרן קיין קאָניעוו פון פערעיאַסלאַוו אויך דער פאָטער פונעם בעל־הפריזיוו און, אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דער פעטער פיניע אויך געקומען — ער האָט געהאַט אין קאָניעוו אַ מחותן — און די שמחה איז געווען טאָפּלט. ברוך פערטשיק האָט געלייזט פאַר וויין און דער בעל־שמחה האָט אַוועק־געשיקט אַ דעפּעשע קיין סאָפּיעווקע דורך סטאַנציע באַראַניעפּאָליע: „מ ז ל ט ו ב, צ ו מ י ר נ י ש ט ד ע ר ג ר י י כ ט. ב י ן

פ ר י י. כ׳פ אָ ר אַ ר ו י ס מ אָ ר ג ן פ ר י צ ו ר י ק“.

נישט איין מאָרגן איז אָבער אַוועקגעגאַנגען, ביז דער העלד האָט געקאָנט ארויספאָרן פון קאַניעוו. וואָרעם עס קאָן דען זיין, אַ יידישע שמחה זאָל נישט פאַרשטערט ווערן? עס האָט זיך געפונען איינער, ווישינסקי אָדער ווישניעווסקי, אַ ייד אַ שרייער מיט אַ קול פון אַ גרעגער. האָט ער געהאַט אַ זון אַ קאַליקע, וואָס איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַרויס פריי. צום סוף האָט מען אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. האָט דאָס דעם פאָטער פאַרבאַקט ביים האַרצן און ער האָט גענומען שרייבן און גרעגערן: „ס׳טייטש, זיין זון, דער קאַליקע, וועט גיין דינען פאַר די מיוחסים, וואָס האָבן זיך געלאָזט קאָסטן געלט?“ בעט מען אים, ער זאָל אַזוי נישט שרייען. זאָגט ער: „איך שריי דען? איך רעד, דאַכט מיר, שטיל“. און ער הייבט אָן צו גרעגערן נאָך שטאַרקער, אַז „ער ווייסט פון דעם שכל, פאַרוואָס דער אדון דער „פּרעדוואָדיטעל“ האָט צוגענומען קאַליקעס“... און ער דערציילט יעדן אייניציקן דעם „שכל“ בסוד סודות, גאָר אַזוי הויך, אַז עס ווייסט שוין דערפון די גאַנצע שטאָט מיט אַלע סימנים, און אפילו מיטן לשון פונעם בריוו, וואָס דער אַלטער לאַיעוו האָט געשריבן צום „פּרעדוואָדיטעל“ (פאַר אַ יידן איז נישטאָ קיין סוד). און דער ייד האָט געגעבן צו וויסן, אַז ער וועט דאָס נישט פאַרשווייגן. ער וועט אַוועקגעבן, זאָגט ער, „פאָד סוד“ (צום געריכט) דעם פּרעדוואָדיטעל, מיט די דאָקטוירים, מיט דער גאַנצער „פּריסוטסטוויע“!... רופט מען אָפּ דעם יידן אויף אַ זייט און מען זאָגט אים צו, אַז מען וועט זיך צונויפלייגן און מען וועט אַרויסנעמען זיין זון דעם קאַליקע פון פאָלק... וויל ער נישט הערן פון צוזאָגעכצן, פון „וכך היה אומר“ ביז „וכך היה מונה“ פאַלט מען, זאָגט ער, זיבן מאָל כורעים. ער וויל, זאָגט ער, זיך זען מיט דער מטבע. און ער הייבט שוין גאָר אָן צו רעדן אויף רוסיש: „כאָטשו, זאָגט ער, ווידיעט דיענגי!“... און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. עס האָבן זיך אַריינגעלייגט מענטשן. מען האָט געמאַכט איין אסיפה און נאָך איין אסיפה און נאָך צוויי אסיפות און די באַפרייטע פּריזיוווניקעס האָבן זיך צונויפגעלייגט און באַשטייערט, ווער מיט אַ פופציקער און ווער מיט אַ הונדערטער, און מען האָט די צונויפגעזאַמלטע סומע פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די אָפּגעגעבענע יידן. דעם גרעסטן חלק האָט גענומען, פאַרשטייט זיך, דער ייד דער שרייער. ער האָט געמיינט, אַז אים קומט מער פון אַלע, דערפאַר, ווייל זיין זון איז מער קאַליקע פון אַלע. דער שכל הישר האָט אפילו געזאָגט פאַרקערט: אַדרבה,

ווייל ער איז אַ קאַליקע, באַראַך זיין גרינגער אים צו באַפרייען! נאָר וואָס וועט איר מאַכן מיט אַ ייִדן אַ שרייער, וואָס האָט אַ קול פון אַ גרעגער? דערזען, אַז מען גיט אים נאָך, ווי אַ בן יחיד, האָט ער זיך פאַרמאָסטן אַלע מאָל צו רעדן העכער און העכער. ער האָט געהאַנדלט, ווי צו אַמתער נאַפּאַמישטשיק... אַ גליק, וואָס דער וויבנדערמאַגטער קרוב ברוך פערטשיק האָט געהאַט אַ באַפעל פון דעם אַלטן לאַיעוו: „קאַרט בלאַנש“, דאָס הייסט, מען זאָל דעם בחור דעם פּריזיוניק געבן געלט, וויפל ער וועט באַדאַרפן. ווער האָט געקוקט דעמלט אויף געלט? פרייהייט — דאָס איז געווען דער איינציקער פּונקט, דער איינציקער לייכטדיקער שטערן. אַ באַפרייטער האָט ער זיך געפילט ערשט דעמלט, ווען ער איז שוין געזעסן אין פאַעטאָן, וואָס מען האָט אים אַרויסגעשיקט אויף דער סטאַנציע קיין מיראָנאָווקע, און אַנדריי, דער קוטשער, האָט אים איבערגעגעבן אַ גרוס פון דער היים, אַז אַלע זענען, דאַנקען גאָט, געזונט און אַלץ איז אין אָרדנונג. „וויאָ בלאַהאָפּאָלוטשנאַ“ — לאָזט אויס אַנדריי און שמיצט זיך דורך מיט די פערדלעך אויף זייער לשון. און די פערדלעך פאַרשטייען אים און טראָגן דאָס פאַעטאָנדל כמעט אין דער לופטן. ס'איז אַ וואַרעמער, ווייבער אָסיענדיקער טאָג. די זון בראָט נישט, ברוט נישט, נאָר זי גלעט און צערטלט. און עס שליסן זיך די אויגן. און עס וועבן זיך חלומות, זיידענע חלומות. און עס בויען זיך לופטשלעסער, גאָלדענע לופטשלעסער. אָט באַלד איז ער אין דער היים. און קומט ער צו פאָרן אַ היים, אַזוי דעקט ער אויף פאַרן אַלטן לאַיעוו די קאָרטן: „הנה, זייט וויסן, אַז איך האָב ליב אייער טאָכטער און אייער טאָכטער האָט ליב מיך“.. אָט באַלד, נאָך אַ האַלבע שעה, נאָך אַ פערטל שעה. אָט איז שוין דאָס באַקאַנטע באַראַניעפּאָליע, דער וואַלד, דער לאַן, די „קלאַדבישטשע“, די ווינטמילן, וואָס זעען אויס פונדערווייטן ווי ריזן, וואָס מאַכן מיט די הענט: „אַהערצוצו! אַהערצוצו!... נאָך עטלעכע מינוט—און אָט איז שוין דער הויף, די גרויסע ווייסע שטוב מיט צוויי גאַנעקעס. ניין. עס איז אַ ספק, אויב עס קאָן זיין אַ גרעסערע שמחה, ווען אַן אייגן קינד קומט אַ באַפרייטער אַהיים צו די פאָטער און מוטער. דער העלד האָט געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן נסים ונפלאות פונעם „פּריזיוו“ — יציאת מצרים! נאָר דאָס סאַמע וויכטיקסטע, ווי ער האָט זיך געהאַט געגרייט, האָט ער נ י ש ט דערציילט, און די קאָרטן האָט ער פאַרן אַלטן לאַיעוו נ י ש ט אויפגעדעקט... דאָס האָט ער אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, אויף שפּעטער... און דערווייל איז פאַרביי-

געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך. ביז עס איז געקומען אַ קאַטאַסטראָפע גאָר אומגעריכט, דורך אַ זייטיקן פּאַרשוין, וואָס האָט דעם אַלטן געעפנט די אויגן אויף דעם ראָמאַן...

דאָס איז געווען אַ יידענע אַ חכמה מיט אַ ווייטן קוק, דעם אַלטנס אַ קרובה פון בערדיטשעוו, מיטן נאָמען טויבע. מיר רופן זי די „מומע טויבע פון בערדיטשעוו“. אַז איר וועט זיך באַקענען מיט איר, וועט איר זען, אַז דער נאָמען פּאַסט איר. נאָר וועגן איר — אַ באַזונדער קאַפּיטל.

## 73

# די מומע טויבע פון בערדיטשעוו

די מומע טויבע קוקט נאָך די וונגעליוט. — דער אַלטער לאָיעוו ווערט געוויר פונעם סוד. — די קאַטאַסטראָפע. — דער העלד לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין אַ באַלייִדיקטער. — מען כאַפּט איבער זײַנע בריוו און ער בלאָנדזשעט אין דער פינצטערער נאַכט.

אין דער אמתן האָט זי דאָרט קיינעם נישט אָנגעקערט קיין מומע. סך הכל איז זי געווען דעם אַלטן לאָיעווס אַ קוזינע. נאָר, ווי געזאָגט, דער נאָמען „מומע" האָט איר געפּאַסט צום פּנים. אַ ייִדענע נישט קיין שיינע, מיט אַ ראַבעטיני געפינטלט פּנים און מיט אַ לאַנגער נאָז, האָט זי פאַרמאָגט אַ פּאָר זייער קלוגע אויגן, וואָס אַז זיי קוקן אויף אייך, נעמען זיי אייך דורך און דורך. ביי איר מאַן, זאָגט מען, גייט זי אין ספּאָדעק, פירט אַלע געשעפטן, איז גאַנץ רייך, און געקומען איז זי אַהער צו גאַסט נאָך אַ סך יאָרן, וואָס מען האָט זי נישט געזען.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַזאַ מומע, וואָס איז געקומען אַזש פון בערדיטשעוו, האָט דאָס פריצישע לעבן אין דאָרף אויסגעזען גענוג גיי און ווילד און זי האָט אויף יעדע זאַך געקוקט מיט אירע בערדיטשעווער אויגן און האָט יעדע זאַך באַוואונדערט. מיט דעם אַלטן לאָיעוו איז זי געווען אויף „דו" און האָט אים אַלצדינג אַרויסגעזאָגט, וואָס זי דענקט און וואָס איר געפעלט און וואָס נישט.

למשל, איר איז געפעלן דאָס לעבן אין דאָרף, די לופט, די קי, די פערד, די פרישע מילך, וואָס עס הערט זיך פון דעם די פּאַשע, דאָס ברויט פון די אייגענע ווייצן. אַלץ שמעקט מיט ערד, אייגענע האָרעוואַניע — אַלצדינג גוט, אויסגעצייכנט גוט. אפילו דאָדי דער נאַטור־מענטש איז איר געפעלן. איז זי אָבער נישט איינפאַרשטאַנען מיט איר קוזינס דימציפלין, וואָס ער פירט זיך שוין צופיל מעשה פּריץ. אַ ייִד אַ פּאָמיעשטשיק, לויט איר פאַרשטאַנד, קלעפּט זיך עפּעס נישט... אָדער, אַ שטייגער, לאָמיר זאָגן דאָס, וואָס ער איז אַ גומער פּאָסעסאָר, אַ ליבהאָבער

פֿון ערד — מחיה־מתיתי, אבי גאָט העלפֿט, מען קאָן מאַכן געלט, ווערן אַ גביר, פֿאַרוואָס נישט? זי וואָלט זיך אפֿשר אויך נישט אָפּגעזאָגט דערפֿון... נאָר צו וואָס דאַרף מען זיך אַזוי דערהווייטערן פֿון ייִדן? — אָט וואָס זי פֿאַרשטייט נישט. פֿאַרוואָס פֿאָרט ער נישט אַרויס קיין באַכלאַוו, אַז עס קומט אַ ייִדישער יום־טוב? און ווידער האַלט זי אים פֿאָר, למאי ער לאַכט אָפּ פֿון אַן ערלעכן ייִדן, אַז „אייניקל“ מיט אַ גרינגעם שאַל, וואָס פֿאַרבלאָנדזשעט צו אים נאָך אַ נדבֿה? אַ נדבֿה גיט ער און נאָך מיט אַ ברייטער האַנט, נאָר ער מאַכט חוזק פֿונעם ייִדן. „אַמער גיב נישט און מאַך נישט חוזק“... אַזוי טענהט מיט אים די מומע טויבע פֿון בערדיטשעוו.

און נאָך אַ זאַך. דער מומע טויבע איז געפֿעלן דער לערער. אַ גאַנץ פֿיינער בחור — מען קאָן נישט זאָגן. און אַ קענער. און דערצו נאָך אַ „טאַטנס אַ קינד“ — איז דאָך אוודאי גוט. נאָר ווי שטייט דאָס געשריבן, אַז אַ לערער דאַרף זיין אַ נאָענטער מחותן מיט זיין שילערין. און לויט איר מיינונג איז דער האָזיקער לערער שוין אַ צו נאָענטער מחותן מיט זיין שילערין. פֿונוואַנען ווייסט זי דאָס? — די מומע טויבע ווייסט. די מומע טויבע האָט אַן אויג. די מומע טויבע האָט זיך געגעבן די מי נאָכצוקוקן דעם יונגן פּאָר אויף טריט און שריט און זי האָט אַליין געזען מיט אירע אויגן, ווי זיי האָבן געגעסן פֿון איין טעלער. ווו איז דאָס געווען? ביי דאָרין. די מומע טויבע פֿון בערדיטשעוו האָט שוין באַלד פֿונעם ערשטן טאָג באַמערקט, אַז דאָס מיידל „גייט אויס נאָכן בחור“ און אַז דער בחור „איז די כּפּרה נאָכן מיידל“... דאָס זעט אַרויס, האָט זי געזאָגט, יעדער מענטש, סיידן אפֿשר דער, וואָס איז אָדער אַ בלינדער אויף ביידע אויגן, אָדער ער וויל נישט זען וואָס ביי אים אונטער דער נאָז טוט זיך... ס'איז גאַנץ גענוג, האָט די מומע טויבע געזאָגט, מען זאָל זיך צוקוקן, ווי די צוויי זיצן ביים טיש און וואַרפֿן זיך דורך מיט אַ קוק, רעדן זיך איבער מיט די אויגן... פֿון דעמלט אָן, זאָגט זי, האָט זי פֿון זיי קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. די מומע טויבע האָט זיך נישט געפֿוילט נאָכקוקן נאָך זיי, בעת זיי זיצן און לערנען, בעת זיי גייען שפּאַצירן, אָדער בעת מען זעצט זיך פֿאָרן.

איינמאָל — אַזוי האָט די מומע דערציילט פֿאַרן אַלטן — האָט זי זיי באַמערקט אַריינשפּאַצירן צו דאָדי, דעם עקאָנאָם, אין שטיבעלע אַריין. איז איר די מעשׂה באַלד נישט געפֿעלן: „וואָס האָבן אַזעלכע קינדער

צו טאָן ביים עקאָנאָם אינעם אָרעמען שטיבל?" פֿילט זי זיך נישט, די מומע טויבע פֿון בערדיטשעוו, און כאַפּט אַ קוק אַריין צו דאָדין דעם עקאָנאָם דורכן פֿענצטער און דערזעט, ווי דאָס פּאָרל עסט פֿון איין טעלער. וואָס זיי האָבן געגעסן — ווייסט זי נישט. נאָר געזען האָט זי, זי זאָל אַזוי זען אַלהאָם גוטס, ווי מען עסט און מען רעדט און מען לאַכט...

„איז דאָך ממה נפשך: איז דאָס אַ שידוך — איז מהיכא תיתי. באַדאַרפֿן דאָך טאַטע־מאַמע וויסן. אַלאַ וואָס דען — ס'איז אַ ליבע? אַ ראָמאַן? באַדאַרפֿן דאָך אוודאי טאַטע־מאַמע וויסן דערפֿון... וואָרעם ס'איז אַ סך געזינטער און בעסער און שענער געבן דער טאָכטער פֿאַר אַ חתן אַן אָרעמען לערער, וואָס פֿאַרמאָגט אינגאַנצן איין פּאָר העמדער, איידער וואַרטן, ביז דער דאָזיקער לערער וועט אַנטלויפֿן מיט דער טאָכטער אין אַ פֿינצטערער נאַכט קיין באָהסלאַוו, אָדער קיין טאַראַשטשע, אָדער קיין קאָרסון און דאָרטן שטעלן אַ שטילע חופּה"...

אָט דאָס זענען געווען די טענות פֿון דער מומע טויבע, ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן. און אַנטדעקט האָט זי דאָס איר קוזין בסוד־סודות, אַ האַלבע שעה פֿאַר איר אַוועקפֿאָרן. און אירע ווערטער האָבן געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין האַרצן פֿונעם אַלטן לאַיעוו, וואָרעם אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיין קרובה זי צו באַגלייטן, איז ער געווען אַ צעקאָכטער און האָט דעם גאַנצן טאָג נאָכדעם נישט אויסגערעדט מיט קיינעם אַ וואָרט אפֿילו. ער האָט זיך פֿאַרשפּאַרט ביי זיך אין חדר און האָט זיך שוין מער יענעם טאָג נישט באַוויזן.

אויף דער נאַכט איז געקומען צו פֿאָרן דער זון דער משכיל, יהושע, און איז שוין געבליבן נעכטיקן אין סאָפּיעווקע. עפּעס האָט זיך דאָרטן געטאָן. עפּעס האָט זיך געקאָכט. מען האָט זיך פֿאַרשלאָסן מיטן אַלטן אין די אַלקערס און מען האָט זיך געסודעט. מען האָט געהאַלטן, אפֿנים, אַ פֿאַמיליענראַט. די שילערין האָט זיך געקליבן גיין אויפֿן שפּאַציר מיטן לערער — האָט מען זי אָפּגעהאַלטן. צום טיש איז מען נישט געגאַנגען אַלע אינאיינעם, ווי אַלע טאָג, נאָר יעדער באַזונדער איז געקומען אין אַן אַנדער צייט, אָפּגעגעסן, אויפֿגעשטאַנען און אַוועק צו זיך. עס איז פֿאָרגעקומען אין דער דאָזיקער שטוב עפּעס אומגעוויינלעכס. אַ מאָדנע שטילקייט. די גרויזאַמע שטילקייט, וואָס טרעט אַרויס פֿאַר אַ שטורעם... ווער וואָלט זיך דאָס געקאָנט ריכטן, אַז אַ פּאָר פֿילדייטיקע ווערטער, וואָס די מומע טויבע פֿון בערדיטשעוו האָט אַריינגעוואָרפֿן, זאָל אָנאַרבעטן אַזאַ חתונה און ברענגען אַן איבערקערעניש אין אַ שטוב? עס




שלום-עליכמס מצבה אויפן „הר כרמל“-בית-עולם, קרקע פון אַרבעטער-רינג, ברוקלין

קאָן זיין, אַז ווען די מומע טויבע זאָל געווען וויסן פריער, אַז אירם אַ וואָרט וועט ברענגען אַזעלכע רעזולטאַטן, וואָלט זי זיך נישט אַריינגעמישט אַהין, ווו מען דאַרף נישט. ערשט העט שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז די מומע טויבע פון בערדיטשעוו האָט באַלד חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה און האָט געוואָלט כאַפּן צוריק, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט. האָט זי פאַרקערעוועט דעם דישעל און גענומען איינטענהן מיטן אַלטן, אַז דאָס אומגליק איז, אייגנטלעך, גאָרנישט אַזוי גרויס און אַז זי זעט נישט, וואָס מען האָט זיך דאָ אַזוי צו ערגערן. וואָס איז שולדיק דער בחור, וואָס ער איז אָרעם? „אָרעם איז קיין שאַנדע“, און „גליק איז ביי גאָט“. און נאָך אַזעלכע ווערטער האָט זי אין אים אַריינגערעדט. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן שוין קיין ווערטער. די גאַנצע טענה פונעם אַלטן איז געווען, אַז צום בחור, אייגנטלעך, האָט ער גאָרנישט. נאָר ווי אַזוי האָט מען געוואַגט פירן אַ ראָמאַן ביי אים אין שטוב אָן זיין וויסן? און אַז זיין טאָכטער זאָל נעמען אַ חתן אַן אָרעמען בחור אַרט אים אויך נישט. נאָר וואָס דען? ווען ער, איר פאָטער, זאָל אים געבן. נישט זי זאָל אַליין זיך אויסקלייבן, גאָרנישט האָבן אָנגעפרעגט זיך ביי אים! אָט דאָס האָט אים געקרענקט מער פון אַלץ.

די אַלע טענות מיט די רייד איז מען געוווּיר געוואָרן ערשט נאָכדעם, אין אַ צייט אַרום. דעמאָלט אָבער האָט דאָס פאַרפאָלק, ווי די כשרע לעמעלעך, נישט געוווּסט, ווער עס האָט זיי געשלייערט. זיי האָבן נאָר געפילט, אַז עפּעס קאָכט זיך. וואָס וועט זיך אויסקאָכן — וועלן זיי זען מאָרגן. דער פרימאָרגן וועט זאָגן...

און אַז ס'איז געקומען דער פרימאָרגן און אונדזער העלד איז אויפגעשטאַנען, האָט ער שוין נישט געטראָפן קיינעם. נישט דעם אַלטן, נישט זיין פרוי, נישט דעם זון, נישט זייער טאָכטער. ווו זענען זיי אַלע? אַוועקגעפאָרן. וווהין? מען ווייסט נישט... פון די מענטשן אין הויף קאָן קיינער נישט זאָגן. אויפן טיש איז געווען אָנגעגרייט פון זייןטוועגן אַ פּאַקעט. געעפנט דעם פּאַקעט, האָט ער געהאָפט צו געפינען אַ בריוו, אַ דערקלערונג. צום סוף איז אינעם פּאַקעט נישט געווען קיין איין וואָרט אפילו. האָרט איז געלעגן נאָר געלט — די שכירות, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן פאַר דער גאַנצער צייט — און מער גאָרנישט. אין הויף איז געשטאַנען גרייט פונעם לערערס וועגן אַ שליטן (אין מיטן ווינטער איז געווען די געשיכטע) און אַ וואַרעמע „באַראַניצע“ אויף איינ=

צוהערקן די פּיס. פון די מענטשן איז נישט געווען אַרויסצובאַקומען קיין איינציק וואָרט. אפילו דאָדי דער עקאָנאָם, וואָס וואָלט זיך פאַרן לערער און פאַר דער שילערין געלאָזט שניידן די הענט, האָט אויף אַלע נאָכפרעגענישן געענטפערט נאָר מיט אַ קנייטש מיט די פּלייצעס און מיט אַ זיפץ. די מורא פאַרן אַלטן איז בײַ אים געווען שטאַרקער פון אַלץ... דערפון איז דער באַליידיקטער לערער געוואָרן נאָך מער אויפגערעגט. ער האָט זיך פאַרלוירן, נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל גענומען שרייבן אַ בריוו, פריער צום אַלטן, דערנאָך צום זון, צום „משכיל“, דערנאָך — צו דער שילערין. עס האָט זיך אָבער נישט געשריבן. אַ קאַטאַסטראָפע איז דאָס געווען אַ גרויסע. נאָר אויף אַזאַ פּאַטש אין פּנים האָט ער זיך נישט געריכט... עס איז אים געווען אַ בזיון, אַ בזיון פאַר זיך אַליין און פאַר די מענטשן. ער האָט דעריבער נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און האָט זיך אויפגעזעצט אויפן שליטן און האָט זיך געלאָזט פירן צו דער סטאַנציע, בכדי צו פאָרן פון דאָרטן — וווהין? ער ווייסט נאָך אַליין נישט וווהין. ווו די אויגן וועלן טראָגן... נאָר דערווייל, איידער ער קומט צו דער באַן־סטאַנציע, האָט ער געהייסן דעם קוטשער זיך אָפּשטעלן אין באַראַניעפּאָליע — די פּאָסט־סטאַנציע, פונוואַנען סאָפּיעווקע באַקומט איר קאָרעספּאָנדענץ. אין באַראַניעפּאָליע האָט דער העלד פון דער ביאָגראַפיע געהאַט אַ פריינד. איר קענט אים. דאָס איז געווען דער סמאָטריטעל פון דער סטאַנציע אָדער דער פּאָסטמייסטער, מאַלינאָווסקי.

בטבע איז מאַלינאָווסקי, דער פּאָסטמייסטער, געווען אַ גוי אַ כאַבאַרניק און האָט ליב געהאַט, ווי מיר ווייסן שוין, דעם טרונק. פונעם אַלטן לאַיעווס פּאָסעסיעס האָט ער געהאַט אָפטע מתנות: אַ זעקל ווייץ, אַ וואָגן שטרוי, אַמאָל אונטער אַ יום טוב אַ מזומנע מטבע. מיטן לערער און מיט דער שילערין האָט ער געשלאָגן בלאַט, און בכלל געווען אַ גוטער גוי.

בײַ אים האָט זיך דאָס דער לערער אָפּגעשטעלט און פאַר אים האָט ער אַ ביסל אַנטפּלעקט זיין האַרץ. ער האָט געהאַט אַ מיין דערבײַ, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ער, מאַלינאָווסקי, זאָל זיין דער שליח אויף איבערצופּעקלען קאָנטראַבאַנד — אַ בריוו צו לאַיעווס טאָכטער און איבערשיקן פון איר, אויב ס'וועט זיין, אַן ענטפער. אויסגעהערט די בקשה, האָט דער פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי אויסגעצויגן אַ האַנט און געשווירן בײַ גאָט, און טאָמער גלויבט מען אים נישט, האָט ער

זיך איבערגעצלמט, אַז ער וועט אויספֿירן אַלץ אויפֿן בעסטן אַרט. און אַזוי ווי עס איז, הייסט עס, געשלאָסן געוואָרן צווישן גוטע פֿרײַנד אַ געשעפֿט, באַדאַרף מען דעם אָפּמאַך באַנעצן מיט אַ ביסל בראָנפֿן און פֿאַרבײַסן מיט אַ הערינג. עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין שום תּירוץ. מען האָט זיך אַוועקגעזעצט ביידע און מען איז נישט אויפֿגעשטאַנען, ביז דאָס פֿלעשל איז געוואָרן ליידיק און מאַלינאָווסקי איז געוואָרן מלא און האָט זיך אַרומגעכאַפּט קושן מיטן לערער און האָט זיך געשווירן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל זיך איבערגעצלמט, אַז ער וועט זײַנע בריוו איבערגעבן צו לאַיעווס טאָכטער גלײַך אין די הענט אַרײַן — ער מעג שוין זײַן רואיק. וואָרעם מאַלינאָווסקי, אַז ער זאָגט אַ וואָרט, איז הייליק...

און כּך הווה: די ערשטע עטלעכע הייסע פֿלאַמפֿייערדיקע ליבעס־בריוו, וואָס דער העלד האָט אים צוגעשיקט איינס נאָך דאָס אַנדערע, האָט דער פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָכדעם, איבערגעגעבן אַקוראַט צום אַלטן לאַיעוון אין די הענט אַרײַן... עס איז דעריבער גרינג צו פֿאַרשטיין, אַז קיין ענטפֿער האָט ער אויף זײַנע הייסע פֿלאַמפֿייערדיקע בריוו נישט באַקומען. און עס איז דעריבער גרינג צו פֿאַרשטיין, אַז ער האָט אַזוי לאַנג געשריבן בריוולעך ביז — ער האָט אויפֿגעהערט צו שרײַבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס באַדײַטן די דאָזיקע פּינטעלעך? זיי באַדײַטן אַ לאַנגע פֿינצטערע נאַכט. אַלץ איז אײַנגעוויקלט אין אַ געדיכטן נעפּל. דער עלנטער וואַנדערער טאַפּט דעם וועג. ער שלאָגט זיך אָן אַלע מאָל אויף אַן אַנדערן שטיין, אָדער ער פֿאַלט אַרײַן אין אַ גרוב... ער פֿאַלט, ער כאַפּט זיך אויף, גייט ווײַטער און שלאָגט זיך אָן אויף אַ פֿרישן שטיין און פֿאַלט אין אַ נײַעם גרוב... נישט זעענדיק פֿאַר זיך די ליכטיקע וועלט, טוט ער נאַרישקייטן, באַגייט פֿעלערן, איין פֿעלער גרעסער פֿונעם אַנדערן... מען קאָן נישט אַרויסשלאָגן זיך מיט פֿאַרבונדענע אויגן אויפֿן גלײַכן וועג. מיט פֿאַרבונדענע אויגן מוז מען בלאָנדזשען... און ער האָט געבלאָנדזשעט. לאַנג געבלאָנדזשעט. ביז ער האָט זיך אַרויסגעשלאָגן אויפֿן ריכטיקן וועג. ביז ער האָט זיך אַליין געפֿונען.

74

# דער ערשטער אַרויספאָר

ער קומט צו פאָרן קיין קיעוו און ציט זיך צו די גרויסע שטערן פון „השכלה“. — די „אָבלאַווע“ אויף דער אכסניה. — ער פרעגט זיך נאָך אויפן העברעישן משורר יהל״ל. — דער מחבר פון „זאַפּיסקי יעווריעיאַ“ און אַ פּרעפעראַנסל. — ער דערשלאָגט זיך צום משורר יהל״ל און קריגט אַ קאַלטע אויפנאַמע.

וווהין פאָרט אַ בחור'ל, וואָס האָט נישט קיין היים און וויל עפּעס דערגרייכן? אין דער גרויסער שטאָט אַריין. די גרויסע שטאָט — דאָס איז דער הויפּט-פּונקט, דער צענטער, וווהין עס ציט יעדן איינציקן, וואָס זוכט עפּעס אַ באַשעפטיקונג, אַ פּראָפעסיע, אָדער אַ שטעלע. אַ יונגערמאַן האָט פאַרלוירן דעם נדן, אָדער ער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויפן ווייבל, אָדער ער האָט זיך צעקריגט מיט זיין שווער און שוויגער, מיט זיינע עלטערן, אָדער צעגאַנגען זיך מיט זיינע שותפים — וווהין לאָזט ער זיך אַוועק? — אין דער גרויסער שטאָט אַריין. איינער האָט געהערט, אַז אויף דער בערזע מאַכט מען פון שניי גאָמעלקעס און מען שיט אָן זעק מיט געלט — וואָס טוט ער? — פאָרט ער אין דער גרויסער שטאָט אַריין זוכן גליק. די גרויסע שטאָט, דער צענטער, האָט אין זיך אַ מאַגנעטישע קראַפט, וואָס ציט צו, וואָס לאָזט נישט אָפּ. אַהינצו שלעפּט דאָס אייך, ווי אַ זומפּ. דאָרטן האָפט איר, אַז איר וועט געפינען דאָס, וואָס איר זוכט.

די גרויסע שטאָט אין יענער געגנט, וווּ אונדזער העלד האָט זיך געפונען, איז די באַרימטע הייליקע שטאָט קיעוו. אַהין האָט ער געשטרעבט און אַהין איז ער געקומען. צו וואָס האָט ער, אייגנטלעך, געשטרעבט? און וואָס האָט ער געזוכט? — דאָס לאָזט זיך נישט זאָגן קלאָר, וואָרעם קאָנקרעט האָט ער גאָר אַליין נישט געוווסט, נאָך וואָס

עס לעבצט זיין נשמה. עס האָט אים געצויגן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, ווי עס ציט אַ קינד צו דער שיין פון דער לבנה. אין אַ גרויסער שטאָט זענען פאַראַן גרויסע מענטשן. דאָס זענען די ליכטיקע שטערן, וואָס שיינען אַראָפּ צו אונדז אויף דער ערד מיט זייער העלער ליכטי־קייט פונעם גרויסן אומענדלעכן הימלרוים. דאָס זענען די גרויסע משכי־לים, באַרימטע שרייבער און פון גאָט געבענטשטע פּאָעטן, וואָס זייערע נעמען האָבן אַזוי שיין געקלונגען אין די אויערן פון די — ווי אַזוי זאָל איך זיי אָנרופן? — נו, „פּרחי ההשכלה“, די יונגיטשקע משכילימ־לעך, נאַיווע, אומשולדיקע בחורימלעך. דאָס איז געווען דער ערשטער אַרויספאָר פון אונדזער יונגן העלד אין דער גרויסער וועלט און זיין ערשטער אַריינפאָר אין דער גרויסער שטאָט. און אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אין אַ ייִדישער אכסניה מיטן נאָמען „רב אַלטער קאַניעווערס סטאַנ־ציע“, אין דעם אונטערשטן טייל פון דער שטאָט, וואָס טראָגט דעם נאָ־מען „פּאַדאָל“ און וו ייִדן מעגן זיצן. איך זאָג, אַז ייִדן מעגן דאָרטן זיצן, איך מוז מיך אָבער באַלד פאַרכאַפּן, מען זאָל נישט מיינען, אַז חלילה אַלע ייִדן מעגן דאָרטן זיין. דאָס נישט. דאָרט מעגן זיין נאָר יענע ייִדן, וועלכע האָבן דערצו ווינרעכט — „פּראַוואָזשיטעלסטווע“. למשל: בעלי־מלאכות, פּריקאַזשטשיקעס פון ערשטער גילדיע, ניקאָלאַ־יעווסקע סאָלדאַטן און אַזעלכע, וואָס האָבן קינדער אין גימנאַזיע. די אַלע איבריקע ייִדן כאַפּן זיך אַהין אַריבער, ווי קאָנטראַבאַנד, אויף אַ קור־צער צייט און לעבן אין גרויס פּחד, נאָר מיטן חסד פון דעם דווֹאָרניק און פונעם אדון דעם גאַדזיראַטעל, אָדער פונעם אדון דעם פּריסטאַוו. און דאָס אויך נאָר ביז אַ צייט. ביז עס מאַכט זיך אַז „אָבלאַווע“ — מען פאַלט איבער אויף די ייִדישע אכסניות אין מיטן האַלבער נאַכט מיט זשאַנדאַר־מען און מיט סאָלדאַטן. אויף זייער לשון ווערט דאָס אָנגערופן: „מען מאַכט אַ רעוויזיע“... און אַז מען געפינט אַזעלכע מינים קאָנטראַבאַנ־דע־סחורה, דאָס הייסט, ייִדן אָן פּראַוואָזשיטעלסטווע, פאַרנעמט מען זיי, ווי בהמות, אין פּאָליציי און מען באַגלייט זיי אַרויס מיט גרויס פּאַראַד, דאָס הייסט, מען שיקט זיי אָפּ מיטן עטאַפּ גלייך מיט אַלע גנבים אַהיים אין זייערע שטעט, וווּהין זיי זענען צוגעשריבן.

דאָס האַלט אָבער קיינעם נישט אָפּ פון פאָרן קיין קיעוו. ווי זאָגט דער רוס: „וואָלקאַ באָיאַטסאַ, וו ליעס ניע כאָדיט“. מען האָט טאַקע מורא פאַר „אָבלאַוועס“, נאָר מען פאָרט. ווען דעם זאָרגט שוין דער בעל־הבית פון דער סטאַנציע, אַז די „רעוויזיע“ זאָל אָפּלויפן גלאַט,

בשלום און מען זאָל, חס וחלילה, קיין טריפֿענע סחורה ביי אים נישט כאַפּן. ווי אַזוי? גאַנץ פּשוט: דער בעל־אכסניה שמירט אונטער דאָרט, ווו מען דאַרף. ער ווייסט שוין פֿריער, ווען סע דאַרף זיין די „רעוויזיע" און מען גיט זיך שוין אַן עצה: מען פֿאַרשטופּט די פּסולע סחורה — ווען אויף אַ בוידעם, ווען אין אַ קעלער, ווען אין אַ קליידער־שאַנק, ווען אין אַ קאַסטן און ווען אין אַזאַ מין אָרט, וואָס ווער גאָר קיינעם נישט איינפֿאַלן, אַז דאָרטן זאָל קאָנען זיין באַהאַלטן אַ לע־בעדיקער מענטש... און דאָס שענסטע דערביי איז, וואָס די זעלבע לייט, וואָס זענען געלעגן אין אַזאַ מין פֿאַרבאָרגעניש, אַז זיי קריכן אַרויס אויף גאָטס וועלט, מאַכן זיי חוזק פֿון דער גאַנצער מעשה, גלייך ווי קינדער האָבן זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש, און אויפֿן ערגסטן פֿאַל, טרייסט מען זיך מיט אַ זיפֿץ: „עט, מיר האָבן איבערגעלעבט ערגערע צייטן און גרעסערע המנס!"...

דער מחבר פֿון די מאָזיקע באַשרייבונגען האָט אויף זיין ערשטן אַרויספֿאָר אין דער גרויסער הייליקער שטאָט קיעוו געהאַט די ערע און דאָס פֿאַרגעניגן צו ליגן מיט נאָך אַ פּאָר ייִדן ביי רב אַלטער קאַניעווער אויף דער סטאַנציע אויף אַ בוידעם און כאַפּן אַ ציטער. געווען איז דאָס אין אַ ווינטערדיקער פֿינצטערער נאַכט. און אַזוי ווי די רעוויזיע איז גע־ווען אַ פּלוצלונגע, אַן אומגעריכטע, האָבן די זכרים נישט באַוויזן צו כאַפּן אויף זיך, איך בעט איבער אייער כבוד, די תחתונים, און די ווייַ־בער — זייערע אונטערשטע קליידלעך. אַ גליק, וואָס די „רעוויזיע" האָט זיך דאָס מאָל גיך געענדיקט, אויב נישט וואָלטן זיי אויפֿן בוידעם אוים־געגאַנגען פֿון קעלט. דערפֿאַר אָבער — וואָס פֿאַר אַ גדולה איז געוואָרן, ווען דער בעל־אכסניה, רב אַלטער קאַניעווער, אַ שיינער ייִד מיט אַ ווייַ־סער באָרד, האָט זיי אַראָפּגערופֿן פֿונעם בוידעם מיט אַ מאָדנער שפּראַך, צום גראַם:

— יהודים בלאָ! קריכט אַרויס פֿון שטרוי! געפּטרט די שדים, אַראָפּ פֿונעם בוידעם!...

געענדיקט האָט זיך די שרעק מיט אַ גרויסער שמחה. מען האָט דער־לאַנגט דעם סאַמאָוואַר און מען האָט געטרונקען טיי מיט טרוקענע ביי־געלעך און מען האָט דערציילט נסים ונפֿלאות — יציאת מצרים! די שמחה איז אָבער באַלד פֿאַרשטערט געוואָרן דורך דעם, וואָס דער בעל־אכסניה, רב אַלטער קאַניעווער, האָט אַרויסגעלייגט אויף אַלע זיינע אורחים אַ מין קאָנטריבוציע, צו אונדערהאַלטן קאַרבונים אויף אַ קאָפּ, כדי צו

דעקן די הוצאות, וואָס די רעוויזיע האָט געקאָסט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום פּראָטעסטן פון די ווייבער. זיי האָבן געבעטן, געטענהט, אַז זיי באַדאַרפן נישט צאָלן גאָרנישט, ווייל זיי זענען געקומען אַהער נישט צוליב פאַרגעניגן און נישט צו מאַכן געשעפטן און צו פאַרדינען געלט. זיי זענען נאָר געקומען צום פּראָפעסאָר זיך קורירן...

און עס גייט אַוועק ביי זיי אַ סדרה דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן. יעדע פון זיי דערציילט וועגן איר קראַנקהייט און צו וואָסער פּראָפעסאָר זי איז געקומען. לאָזט זיך אויס, אַז אַלע זענען געקומען צו איין פּראָפעסאָר און אַלע האָבן איין און די זעלבע קראַנקהייט. וואָרעם וואָס פאַר אַ פעלער איינע זאָל נישט האָבן, האָבן אַלע ווייבער אַקוראַט דאָס אייגענע... נאָך מער הידוש פון אַלצדינג איז דאָס, וואָס אַלע ווייבער, וויפל זיי זענען דאָ, רעדן זיי אינאיינעם און מען הערט זיך פונדעסטוועגן איינס דאָס אַנדערע! אייניקע שטריכן פון יענער נאַכט האָט דער מחבר פון די דאָזיקע זכרונות אויסגענוצט דערנאָך אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק מיטן נאָמען „דער ערשטער אַרויספאָר“ (אַ מעשה, ווי אַזוי צוויי יונגע פייגעלעך פליען אַרויס דאָס ערשטע מאָל אויף גאָטס וועלט).

אָט אַזוי האָט אונדזער העלד פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט אין דער גרויסער הייליקער שטאָט קיעוו. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער זיך געלאָזט דערקענען צו די גרויסע ליכטיקע שטערן, וואָס שיינען אַראָפּ צו אונדז פון זייער הימל־הויך. דאָס הייסט, צו אונדזערע באַרימטע גרויסע לייט, צו אונדזערע משכילים און פּאָעטן, צווישן וועלכע ער האָט געקענט אין קיעוו דערווייל נאָר איינעם. דאָס איז געווען דער העברעישער דיכטער, וואָס איז באַרימט אונטערן נאָמען י ה ל״ל. אַהין האָט ער זיך געשלאָגן און דערשלאָגן זיך. אָבער נישט אַזוי גרינג, ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן אויפן ערשטן בליק. גענומען זיך נאָכפרעגן אויפן דיכטער, איז ער געוווויר געוואָרן, אַז אין קיעוו איז דאָ אַ מיליאָנער בראָדסקי. און אַז דער בראָדסקי האָט אויף פאַדאָל אַ מיל. און אַז אין מיל איז דאָ אַ קאַנטאָר. און אַז אין דער קאַנטאָר דינען אַלערליי מענטשן. און אַז צווישן די מענטשן איז דאָ איינער אַ קאַסירער, הייסט ער י. ל. לעווין. און אָט דער י. ל. לעווין איז דאָס דער באַרימטער דיכטער יהל״ל. און דאָ הייבט זיך ערשט אָן אַ געשיכטע.

נישט יעדער קאָן האָבן אַ פרייען צוטריט אין בראָדסקיס מיל. אַהין קאָן צוגעלאָזט ווערן נאָר אַזעלכער, וואָס האָט אַ שייכות צו ווייץ אָדער מעל. „צו וועמען דאַרפט איר?“ — „צום באַרימטן דיכטער יהל״ל. —

„האָ איז נישט דאָ אַזעלכער“... איינער אַ ייד, אַ מעקלער פון ווייץ, האָט נאָך געפונען דערביי אויסצוברענגען אַ פוילן ווייץ. ער האָט אַ פרעג געגעבן ביים בחור: „וואָס איז היינט — ראש חודש, וואָס איר זאָגט הלל?“

גאָט האָט געטאָן אַ נס — ס'איז אָנגעקומען אַ לאַנגער ייד און אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער נאָז, מיט אַ געקנייטשט פנים און מיט עטלעכע געלע פּיענקעס און מויל אַנשטאָט ציין. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ צעריסענעם בגד, און מיטן גרויסן רענגשירעם פון גרויע פּאַרוסינע און מיטן אָפּגעבאַרעטן קעפּעלישל, וואָס אויפן קאָפּ, האָט ער געכאַפּט דעם אָנבליק פונעם וועלט־באַרימטן דיכטער יהל"ל ביי בראָדסקין אין דער מיל. געווויר געוואָרן, צו וועמען דער בחור פרעגט זיך נאָך, האָט אים דער לאַנגער אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אָן ווערטער איז ער אַריין מיט אים אינעווייניק. דאָרט האָט דאָן קישאָט אַוועקגעשטעלט דעם גרויסן רענגשירעם, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אויבערשטן בגד און איז געבליבן אין אַ קורץ ווייטיקל מיט אויסגעריבענע עלנבויגנס און מיט אויסגעבויגענע פיס, וואָס ווען נישט דאָס, וואָלט דער לאַנגער בוכהאַלטער געווען נאָך לענגער. נאָך די ערשטע עטלעכע סקאַרבאָווע ווערטער, וואָס אומבאַקאַנטע באַקענען זיך דורך זיי, איז דער לאַנגער בוכהאַלטער אויסגעוואָקסן אין די אויגן פונעם בחור מיט צוויי קעפּ העכער, וואָס איז די מעשה? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דער דאָן קישאָט קען זיך פערזענלעך מיט אַ מאַן, וואָס אין יענער צייט האָט ער אויסגעזען ביים בחור ווי אַ מלאך פון גאָט. דאָס איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער, ווי ב אָ ג ר אָ וו. דער מחבר פונעם בוך „זאַפּיסקי יעווריאַ“! מיט אים האָט דאָס אָט דער לאַנגער בוכהאַלטער זיך געקענט פערזענלעך, געאַרבעט אין איין באַנק אין סימפעראָפּאָל.

— אַזוי? אַזוי? האָט איר אים, הייסט עס, געקענט, דעם גרויסן באָגראָוו, ליטשנאָ? — פרעגט זיך נאָך ביי אים דער משעקאָווער בחור מיט גרויס התפעלות.

— מענטש! מען זאָגט אייך, אַז מיר האָבן ביידע געאַרבעט אין איין באַנק, אין סימפעראָפּאָל, זאָגט איר גאָר דאָס!

— און איר אַליין האָט גערעדט מיט אים?

— אַזוי ווי איך רעד מיט אייך. נישט נאָר גערעדט, נאָר געשפּילט מיט אים אין קאָרטן, אין פּרעפעראַנס. אַ קערטל האָט ער ליב, גריגאָרי איסאַקאָוויטש, איי האָט ער ליב, איי האָט ער ליב אַ קערטל! דאָס הייסט,

נישט קיין קאַרטיאָזשניק, נאָר אַזוי גלאַט אַ קערטל, אַ פּרעפּעראַנסל — פאַרוואָס נישט? איי אַ פּרעפּעראַנסל! איי־איי־אַיי!...

ער הייבט אויף זיין טרוקענע ביינעריקע האַנט אינעם אויסגעריבענעם עלנבויגן, פאַרקנייטשט נאָך מער דאָס פאַרקנייטשטע פּנים, טוט אַ פיר מיט דער שפּיץ נאָז אין דער לופטן האַלבקייַלעכיק און באַווייזט די געלע פּיענקעס פון זיינע אַמאָליקע ציין. ביי אים הייסט עס געשמייכלט. נאָר באַלד ווערט ער צוריק ערנסט, קוקט ערגעץ ווייט־ווייט דורך זיינע שאַרפע ברילן, קראַצט זיך אונטערן קאָלנער און רעדט מיט רעספּעקט וועגן באַגראָוון:

— אַ גרויסער מענטש גריגאָרי איסאַקאָוויטש! אַ ווערטעלע אויסצורעדן — גריגאָרי איסאַקאָוויטש! פּססס! אָבער טאַקע גאָר אַ גרויסער! אַ סך גרעסער פון אייער באַרימטן דיכטער יהל׳ל. דער איז אַ קלייניטשקער... אָט אַזאַ קלייניטשקער... אָבער טאַקע גאָר־גאָר אַ קלייניטשקער!... און ער האָט אַ ווייַז געגעבן מיט דער האַנט אויף דער ערד, ווי קליין יהל׳ל איז. און אַקוראַט אויף די רייד עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ קליין מענטשל, נאָר גוט געפּאַקט, מיט אַ פיין בייכל און מיט קאָסאָקע אויגן. אויפן ערשטן קוק האָט ער אָנגעקוקט דעם לאַנגן און טרוקענעם דאָן קישאָט און אויסגעזען ווי ס אַ ג ט ש אָ פּ אַ נ ש אָ, דאָן קישאָטס פליגל־אַדיוטאַנט. אָן אַ גוט מאָרגן איז סאַנטשאָ פּאַנשאָ דורכגעלאָפן פאַרביי און איז פאַרשוונדן געוואָרן אויף יענער זייט גראַטעס אין אַ צווייטן חדרל.

— אָט דאָס איז ער דאָך, אייער דיכטער יהל״ל. איר קאָנט אַריינגיין צו אים, אויב איר ווילט. נישט אַזאַ גרויסער פּריץ.

פון די ווערטער, ווי אויך פון דעם פריערדיקן פאַרגלייכן אים צום גרויסן באָגראָוון, איז געווען צו זען, אַז דער בוכהאַלטער מיטן קאַסירער לעבן בשלום, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. דערמיט האָט נאָך אָבער דער דיכטער ביי זיין פאַרברענטן הסיד אין די אויגן גאָרנישט פאַרלוירן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט אַ פאַרצאַפּלטער נשמה איז ער אַריבערגעטרעטן די שוועל און אַריין מיט גרויס דרך ארץ אין צווייטן חדרל אַריין. דאָרט האָט ער געטראָפן דעם באַרימטן דיכטער אין אַ פאָטישער פּאָזע, צונויפגעלייגט די הענט אויפן האַרצן, ווי אַלעקסאַנדער פּושקין, אָדער, לכל הפּחות, ווי מיכה יוסף לעבנזאָן. דער דיכטער איז געווען, ווייזט אויס, אין זייער אַ הויכער, פּאָעטישער שטימונג, וואָרעם ער האָט אַרומגעשפּאַנט אַהין און צוריק איבערן חדרל מיט די צו־

נויטגעלייגטע הענט אויפֿן האַרצן און האָט אויף זיין יונגן פֿאַרערער כמעט גאָרנישט געקוקט און קוים־קוים געענטפֿערט אויפֿן גוט מאָרגן מער נישט ווי מיט אַ ביזן קוק פֿון זיינע קאַסאָקע אויגן. פֿון בעטן זיצן, אָדער פֿון נאָכפֿרעגן זיך, וואָס־וואָס־וועמען — איז גאָר קיין רייד נישט געווען. דער נאַיווער פֿאַרערער איז געווען זיכער, אַז אַלע פּאָעטן זענען אַזוי. אַז אַלעקסאַנדער פּושקין ענטפֿערט אויך נישט אויף אַ גוט מאָרגן... דעם בחור איז אפֿילו געווען נישט אַזוי פֿויגלדיק דאָס שטיין, ווי אַ באַלוואַן, ביי דער טיר. נאָר מען קאָן זיך נישט העלפֿן. און פֿאַראיבל האָבן איז דאָך נישט שייך — פֿאָרט נישט קיין געוויינלעכער בשר ודם! פֿאָרט אַ דיכטער!... דערפֿאַר אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום, אַז דער נאַיווער פֿאַרערער איז אַליין געוואָרן אַ שרייבער, און נישט נאָר אַ שרייבער ער איז גאָר געוואָרן אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ יאָר־בוך („די יידישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק“) און דער פּאָעט יהל״ל האָט אים געבראַכט אַ פּעליעטאָן, האָט אים דער אַמאָליקער פֿאַרערער און דער איצטיקער רעדאַקטאָר שלום־עליכם דערמאָנט זייער ערשטע באַגעגעניש און איבערגעגעבן די אויבן־באַשריבענע סצענע. דער דיכטער האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פֿאַר געלעכטער.

העמלט האָט זיך אָבער דעם בחור נישט געלאַכט. מיט וואָס פֿאַר אַ האַרץ ער איז אַרויס פֿונעם באַרימטן דיכטער — קאָן מען זיך פֿאָרשטעלן. דערמיט האָט זיך אָבער זיין ערשטער אַרויספֿאָר נאָך נישט געענדיקט. דאָס רעכטע בינטל צרות, וואָס איז אים באַשערט געווען אויסצושטיין אין זיין ערשטער גרויסער נסיעה, הייבט זיך ערשט אָן.

.75

# פּראָטעקציעס

דער בעל־אכסניה שמועסט פון פּראָטעקציעס. — ער שטאַט אָפּ אַ וויזיט דעם קיִעווער ראַבינער. — מען שיקט אים אָפּ צום „אָטשאַני יעוורעי“ ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר. — אַ צעטראָגענער נפש. — ער באַקומט אַ פּראָטעקציע צום באַרימטן אַדוואָקאַט קופּערניק.

אַ פרעמדער מענטש אין אַ גרויסער שטאָט איז אין אַ וואַלד. אין ערגעץ פילט איר זיך נישט אַזוי עלנט, ווי אין אַ וואַלד. קיינמאָל, אין ערגעץ נישט האָט זיך דער העלד פון די דאָזיקע באַשרייבונגען נישט געפילט אַזוי עלנט, ווי ער האָט זיך געפילט אין יענער צייט אין קיעוו. די מענטשן פון דער דאָזיקער גרויסער שיינער שטאָט האָבן זיך ווי צונויפגערעדט. אַז מען זאָל פאַר דעם יונגן אורח נישט אַרויסווייזן קיין סימן פון גאַסטפריינדלעכקייט, קיין וואַרעמע מינע. אַלע פּנימער זענען אָנגעכמורעט. אַלע טירן זענען פאַר אים געשלאָסן. און וואָלטן כאָטש די אַלע מענטשן, וואָס שווימלען און ווימלען פאַר די אויגן, נישט געווען אָנגעפּעלצט ווי מאַגנאַטן און נישט געפלויגן אויף די גרויסאַרטיקע שליטלעך מיט ברענענדיקע פערדלעך־ריסאַקעס! און וואָלטן כאָטש די הייזער נישט געווען אויסגעפּוצט מיט אַזאַ שיק און מיט אַזאַ גלאַנץ! און וואָלטן כאָטש די שווייצאַרן מיט די לאָקייען, וואָס ביי דער טיר, נישט געקוקט אַזוי פרעך און נישט געלאַכט אייך גלייך אין פּנים אַריין! אַלצדינג וואָלט ער אייך מוחל געווען, נאָר אַבי מען זאָל נישט לאַכן פון אים. און ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלע מאַכן פון אים חוזק. — אַלע — אפילו דער בעל־הבית פון דער אכסניה, רב אַלטער קאַניעווער, וואָס איז שוין געווען ביי אונדז באַשריבן אויבן. אַ ייד, וואָס צוליב דעם, וואָס זיינע געסט האָבן נישט קיין „פּראַוואָזשיטעלסטווע“ און

מאָרן נישט זיין אין דעם הייליקן קיעוו, איז ער אַ חשוב ביי „גאַטשאַל־סמוו ע".

אַ מבע האָט אָט דער ייד, אַז ער רעדט צו אייך, קוקט ער אייך נישט אין די אויגן אַריין, נאָר ערגעץ ווייט אַהין, און אַ גרינג שמייכעלע שפּילט ביי אים אונטער די גרויע וואָנצעס. מיטן יונגן אורח רעדט ער נישט אויף „איר" און נישט אויף „דו". נאָר ער דרייט זיך קונציק, ווי אַן אַקראָבאַט, און באַגייט זיך אָן אַן „איר" און אָן אַ „דו". איך גיב דאָ איבער אַ שמועס צווישן די צוויי, דאָס הייסט, צווישן דעם אַלטן גרייז־גרויען בעל־אכסניה און זיין יונגן אורח. דער ייד שמייכלט, קוקט אַראָפּ און דרייט אַ פּאַפּיראָס, רעדט מיט אַ קוויטשל, צוקער זיס:

בעל אכסניה: ס'הערט זיך?

אורח: וואָס זאָל זיך הערן?

בעל־אכסניה: וואָס מאַכט מען?

אורח: וואָס זאָל מען מאַכן?

בעל־אכסניה: איך מיין, וואָס טוט מען אין קיעוו?

אורח: וואָס זאָל מען טאָן אין קיעוו?

בעל־אכסניה: מסתמא זוכט מען דאָך עפּעס אין קיעוו?

אורח: וואָס זאָל מען זוכן אין קיעוו?

בעל־אכסניה: אַרבעט אָדער אַ סלוזשבע?

אורח: וואָסער סלוזשבע?

בעל־אכסניה: דורך אַ רעקאָמענדאַציע? אַ פּראָטעקציע? איך ווייס?

אורח: צו וועמען אַ פּראָטעקציע?

בעל־אכסניה: איך ווייס צו וועמען? צום רב.

אורח: וואָס עפּעס צום רב?

בעל־אכסניה: לאָז זיין צו דער רביצין.

דאָ האָט דער בעל־אכסניה פאַר דער גאַנצער צייט איין מאָל אויפגעהויבן די אויגן אויפן יונגן אורח און איז געבליבן שטיל. האָט אים אָבער דער יונגער אורח נישט אָפּגעלאָזט.

אורח: ניין. וואָס איז אייך עפּעס געפעלן צום רב?

בעל־אכסניה: איך ווייס? אַ בחורל פון היינטיקע בחורים־לעך קומט קיין קיעוו, באַדאַרף ער האָבן מסתמא אַ בריוו צום רב, צום ראַבינער מיין איך, און דורך דעם ראַבינער קאָן מען שוין האָבן אַ פּראָ־

טעקציע... אַזוי פֿירט זיך די וועלט. און אפֿשר האָב איך אַ טעות, איז לא פֿדלתי — טאַק יאַ ניע טאַנצעוואַל סמעדוויעדיעם!...

איז אים שוין גאָר געפֿעלן דאָס יידישע ווערטל: „האָב איך נישט געטאַנצט מיטן בער“ איבערזעצן אויף רוסיש. דעם בחור זענען אָבער די לעצטע ווערטער פֿונעם בעל־אכסניה וועגן אַ פּראָטעקציע בײַם ראַבינער, אַריין, ווי מען זאָגט, אין נאָז אַריין און ער האָט באַשלאָסן, אַז ס'איז אפֿשר נישט אַזוי קרום. אַ פּראָטעקציע נישט קיין פּראָטעקציע, נאָר מאַכן דעם ראַבינער אַ וויזיט קאָן נישט שאַטן. און אפֿשר טאַקע עפּעס ברענגען אויך. פֿאָרט אַ ראַבינער. און נאָך וואָסער ראַבינער! אַ „גובערנסקי“ ראַבינער — אַ קלייניקייט!... וואָס ווייטער צעוואַקסט זיך בײַ אים די פֿאַנטאַזיע, און דער פּלאַן געהאָלפֿן צו ווערן דורכן קיעווער ראַבינער באַקומט בײַ אים מער חן און רעאַלע פֿאָרמען. און ער זעט אַרויס בחוש, אַז ס'איז געווען אַ באַשערטע זאַך, אַז דורך דעם, וואָס אַ יידן, רב אַלטער קאַניעווער, איז געפֿעלן צו מאַכן חוזק, אָדער גלאַט אַזוי אַ ביסל פֿלאַפּלען, איז בײַ אים געבוירן געוואָרן אַ אידעע, אַ גליקלעכע, אַ גלענצנדיקע אידעע, און מיט אַ אידעע איז אַלע מאָל אַזוי. דורך אַ צופֿאַל, דורך אַ קלייניקייט, קומען אַמאָל אַרויס די גרעסטע געשעענישן אין דער וועלט. די היסטאָריע פֿון די נוצלעכסטע דערפֿינדונגען ווייסט פֿון דעם סוד — ס'איז גאָר קיין נײַעס נישט.

געקליבן זיך עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד און געוויר געוואָרן, ווו דער ראַבינער זיצט, האָט ער איינמאָל אין אַ קאַלטן פֿרימאָרגן אָנגעקלונגען רעכטס, האָט זיך געעפֿנט די טיר און אַ האַנט האָט אים אַ וויז געגעבן, אַז ער זאָל קלינגען לינקס, אין דער קאַנצעלאַריע. האָט ער אָנגעקלונגען לינקס, אין דער קאַנצעלאַריע. עפֿנט זיך די טיר און ער קומט אַרײַן אין דער קאַנצעלאַריע, טרעפֿט ער דאָרט עטלעכע יידן, פֿאַרשידענע טיפּן פֿון אַלערליי פּראָפֿעסיעס, צום מיינסטן — בעלי־מלאכות, אָרעמע, דערשלאָגענע, אָפּגעריסענע. אויך ווײַבער אַ פּאָר פֿאַרשלומפּערטע, מיט פֿאַרוויסטע פּנימער, און אַ געשוואָלן יינגל מיט גרויסע צעריסענע שטיוולעטן, פֿון וואַנען עס קוקן אַרויס די פֿינגער פֿון די פֿיס. דערפֿאַר איז אָבער דעם יינגלס האַלדז אַרומגעוויקלט מיט צוויי שאַלן, ער זאָל זיך חלילה נישט פֿאַרקילן. אויף די ווענט הענגט אַ צעריסענע מאַפּע פֿון ארץ ישראל און אַ שלעכטער קייזערלעכער פּאָרטרעט. די קאַנצעלאַריע, די אָפּגעריסענע יידן, די פֿאַרשלומפּערטע ווײַבער, דאָס געשוואָלענע האַלב־באָרוועסע יונגל, די אָפּגעריסענע מאַפּע פֿון ארץ ישראל מיטן שלעכטן קייזערלעכן פּאָר־

טרעט וואַרפן אָן אויף אייך אַ מאָדנע מרה=שחורה. און טאָמער איז קאַרג — זיצט ביי אַן אַלטן אויסגעמוטשעטן פאַרפלעקטן שרייבטיש אַן אַלטער מאַן מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועט טויט פּנים. ווען דער אַלטער זאָל נישט האַלטן קיין פּען אין האַנט און נישט אייננטינקען זי אַלע מינוט אין טינטער, וואָלט מען געקאָנט זיכער מיינען, אַז דאָס זיצט אַ בר=מינן, וואָס איז טויט, וויניקסטנס עטלעכע און דרייסיק יאָר, נאָר מען האָט אים איינגעמאַרינירט, האַלט ער זיך. איינציקוויז פאַרטיקט זיך אָפּ דער אָפּגעבלאַקעוועטער בר=מינן מיט אַלע יידן און ווייבער און דאָס נעמט נישט צו קיין סך צייט. אַרום און אַרום אפשר אנדערהאַלבן שעה, ביז ער קומט צום געשוואָלענעם ייִנגל מיט די צוויי שאַלן. דאָס געשוואָלענע ייִנגל נעמט אייך צו אַזאַ האַלבע שעה. דאָס ייִנגל וויינט. דער איינגעמאַרינירטער בר=מינן שרייט אויף אים. דאַנקען גאָט — געפּטרט דאָס געשוואָלענע ייִנגל אייך. דעמלט טוט דער בר=מינן אַ ווונק צום העלד פון די באַשרייבונגען, ער זאָל צוגיין צום טיש. גייט ער צו. דער בר=מינן קוים וואָס מען הערט אים:

— וואָס ט׳איר זאָגן?

— איך דאַרף צום ראַבינער.

דער בר=מינן קוקט צו זיך אין ספר=הזכרונות אַריין און זיין קול גייט ווי פון יענער וועלט:

— אַ מעטריקע?

— ניין.

— אַ חתונה?

— ניין.

— אַ ייִנגל? אַ מיידל פאַרשרייבן?

— ניין.

— אַ נדבה?

— ניין.

— וואָס זשע פאָרט?

— גאָרנישט. איך האָב געוואָלט זען דעם ראַבינער.

— אָט אַזוי זשע רעד.

און דער מאַרענירטער בר=מינן הייבט זיך אויף פון טיש, גייט פּאָוואָליע, ווי אויף אונטערגעהאַקטע פיס, ווערט פאַרשוווּנדן אין אַ זייטיק חדר אויף פופצן אָדער אויף צוואַנציק מינוט און קומט צוריק מיט אַ פאַרעווע פּנים און מיט אַ טרויעריקן רעזולטאַט:

— דער ראַבינער איז נישטאָ אינדערהיים. אירט מוחל זיין קומען אַז אַנדערש מאָל.

צום קיעווער ראַבינער האָט זיך דער העלד מטריח געווען נישט איין מאָל און נישט צוויי מאָל. ביז ס'איז אים געראָטן צו טרעפן אים אינ־דערהיים. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט ביי אים אַן אויפנאַמע זייער אַ פריינדלעכע און אַ הארציקע. דער אָנהייב איז אפילו געווען נישט אַזוי פריילדיק. דער ראַבינער איז אין דער ערשטער מינוט געווען ווי דער־שראָקן. ער האָט זיך אַ ביסל אָנגעשטרענגט, ביז ער האָט אַרויסבאַקומען פונעם יונגן באַזוכער, וואָס איז זיין באַגער. דער בחור האָט געמיינט, אַז אין קיעוו אַ ראַבינער באַדאַרף נאָכן ערשטן קוק אַליין פאַרשטיין, וואָס יענער וויל און וואָס יענער באַדאַרף. צום סוף קוקט ער גאָר ווי אַ זינדי־קער מענטש אין די אויגן און מען דאַרף אים צעקייען איטלעכעס וואָרט און אַריינלייגן אין מויל אַריין. און ערשט נאָכדעם, אַז מען האָט דאָס אים גוט צעקייט, לאָזט זיך אויס, אַז ער קאָן גאָרנישט טאָן. לחלוטין גאָרנישט. דאָס אייניציקע, וואָס ער קאָן יאָ טאָן, — איז געבן אַ רעקאָ־מענדאַציע, אַ פּראָטעקציע.

— אַ פּראָטעקציע? גאַנץ גענוג! וואָס דאַרף איך דען נאָך? איך באַ־דאַרף מער נישט, ווי אַ פּראָטעקציע.

און דער באַזוכער באַטראַכט דעם קיעווער ראַבינער און פאַרגלייכט אים מיט די ראַבינערס פון די קליינע שטעטלעך, וואָס ער האָט ווען גע־קענט. און עס גייט אים דורך פאַרביי אַ גאַנצע ריי פון ראַבינערס, „קאַ־זיאָנע" רבנים, פאַרזעענישן, טויגעניכטסן, צווישן זיי איינער מיט אַ פליך אויפן קאָפּ. אָנטקעגן די אַלע איז ער דער קיעווער — אַ מאַגנאַט, און זיי אַנטקעגן אים זענען חיות, קאַרליקעס. דער איז אַ ריז. און אַ שיינער מענטש. איין חסרון נאָר, וואָס ער איז אַ געלער און אַ ביסל אַ שווערער פאַרשוין. רעדט פאַמעלעך, טוט יעדע זאַך פּאַוואָליע, דענקט פּאַוואָליע, כמעט אַן נערוון. אַזעלכע מענטשן לעבן הונדערט יאָר. זיי כאַפּן זיך נישט שטאַרבן — זיי האָבן צייט.

— איז ווילט איר, הייסט דאָס, פון מיר אַ פּראָטעקציע? צו וועמען?

— צו וועמען? דאָס דאַרפט איר שוין אַליין באַטראַכטן...

גוט. ער וועט זיך באַטראַכטן. און דער ראַבינער צעפרעגט זיך נאָך אַמאָל ביים באַזוכער, ווער ער איז, פונוואַנען ער איז און וואָס איז זיין באַגער? דערנאָך גייט אַוועק אַ לאַנגע פּויזע פון אַ פּאָר מינוט. אַ קוועטש אַ קנעפּל — און עס באַווייזט זיך דער אַלטער אָפּגעבליאַקעוועטער און

גוט-געמאַרינירטער בר-מינן פון דער קאַנצעלאַריע, און דער ראַבינער הייסט אים אָנשרייבן אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינד — דעם נאָמען האָט ער נישט איינגעהערט — און בעטן אים, טאָמער קאָן ער עפּעס טאָן פאַר אָט דעם בחור... און צום בחור האָט דער ראַבינער אַ זאָג געגעבן, אַז דאָס שרייבט ער אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינד הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ, וועלכער איז אַ פריזיאַזשנע פּאָוויערענע און אַ „אוטשאָני יעווריי“ ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר.

אָפּגעטאָן אַזאַ שווער שטיקל אַרבעט, האָט דער ראַבינער אָפּגעאָטעמט. מען האָט געזען, אַז דעם מענטשן איז אַראָפּ אַ באַרג פון די פּלייצעס. ער האָט טאַקע אַ ביסל צוגעהאָרעוועט. דערפאַר האָט ער אָבער געטאָן אַ גוטלעכע זאַך — אויסגעאַרבעט פאַר דעם בחור אַ פּראָטעקציע, און נאָך וואָס פאַר אַ פּראָטעקציע — צום „אוטשאָני יעווריי“ ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר!... אַזוי ווייט האָט זיך דעם בחורס היציקע פאַנטאַזיע גאָר נישט פאָרגעשטעלט. די פּראָטעקציע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בוזעם-קעשענע, האָט אים געוואַרעמט דאָס לייב און געטראָגן אין דער לופטן. ער גייט פונדאַנען גלייך צום „אוטשאָני יעווריי“ וואָס ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר — דאָ וועט שוין עפּעס זיין!... און דער „אוטשאָני יעווריי“ אַליין שטעלט זיך אים אַנדערש נישט פאָר, ווי אַ פּראָפעסאָר, באַהאָנגען מיט מעדאַלן, ווי אַ גענעראַל. מיט אַ ציטערניש קלינגט ער אָן ביי דער טיר און ווערט אַריינגעלאָזן אין אַ קאַבינעט מיט ספרים און ביכער. עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום פליט אַריין אַ ייד מיט שיטערע באַקנבאַרדן און מיט זייער אַ נידריקער ראיה, און איז עפּעס מאָדנע צעטראָגן. נישט שוין זשע איז אָט דער ייד אַן „אוטשאָני יעווריי“ ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר? ער זאָל נישט גיין אויסגעגאָלט אַ שטיק באָרד אַקוראַט אין מיטן, וואָלט ער געגאַנגען שווערן, אַז ער איז אַ מלמד, אַ גמרא-מלמד. אַ טבע האָט אָט דער „אוטשאָני יעווריי“, אַז ער רעדט, שפּייט ער, און איז אַ מאָדנע צעטראָגענע בריאה. פון אים דערציילט מען אין קיעוו, ווי ער איז שוין נאָכדעם געוואָרן געוואָרן, אַלערליי מעשיות און אַנעקדאָטן. למשל: צו זיך אַהיים האָט ער קיינמאָל נישט געטראָפן, ביז ער האָט נישט איבערגעלייענט אויף דער טיר די אויפשריפט „הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ“. איינמאָל האָט זיך באַראַץ שטאַרק איינגעקוקט אין זיין נאָמען און האָט דערזען פון אונטן אָנגעוויזן די שפּרעכשטונדן פון דריי ביז פינף. אַ קוק געגעבן אויפן זייגער, אַז ס׳איז ערשט צוויי, האָט זיך באַראַץ באַטראַכט, אַז מסתמא

איז בּאַראַץ נישטאָ אינדערהיים. און ווײַבּאַלד בּאַראַץ איז נישטאָ אינ־דערהיים, הײַנט וואָס האָט דאָ בּאַראַץ צו טאָן? איז זיך בּאַראַץ דער־ווײַל געגאַנגען אין גאָרטן שפּאַצירן... מיט איין וואָרט, אויף בּאַראַצן זאָגט מען אין קיעוו, אַז בּאַראַץ זוכט בּאַראַצן און קאָן אים נישט גע־פינען... אין דעם דאָזיקן פּרימאָרגן איז בּאַראַץ געווען גאָר בּאַזונדער צעטראָגן און נישט גוט געשטימט. ער האָט זיך געאײַלט ערגעץ גיין, געוואָרפן זיך און געשפּיגן און געשפּריצט. דערנאָך, אַז ער האָט איבער־געלייענט דעם בּריוו פונעם ראַבּינער, וואָס רעקאָמענדירט פאַר אים דעם בּחור, האָט זיך דער „אוטשאָני יעווריי“ אַ כאַפּ געגעבן בּיים קאָפּ, גענומען אַרומשפּאַנען אין חדר אַהין און צוריק, רעדן און שפּײַען און בּעטן זיך רחמים, מען זאָל אים לאָזן צו רו, וואָרעם ער ווייסט גאָרנישט און קאָן גאָרנישט און וועט גאָרנישט טאָן! אַ גאַנץ רחמנות געווען צו קוקן אויפן „אוטשאָני יעווריי“! דער בּחור האָט זיך גענומען פאַרענט־פערן, אַז ער מיינט נישט קיין בּייז. אַז זײַן גאַנצער מיין איז געווען, טאָמער... אַ פּראָטעקציע... נאָר בּאַראַץ לאָזט אים נישט רעדן. ער זאָגט, אַז ער ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. און אַז אים בּרענגט נאָר אויפן ראַ־בּינער, וואָס אַלע טאָג, אַלע טאָג שיקט ער צו אים יונגע מענטשן. וואָס קאָן ער טאָן פאַר זיי? וואָס ווייסט ער? ווער איז ער? וואָס איז ער? ער איז דאָך נישט בּראָדסקי!...

מיט אַ צעבּראָכן האַרץ און מיט אַ שווער געמיט האָט זיך דער בּחור אַרויסגעגליטשט פונעם „אוטשאָני יעווריי“. נאָר אַז ער איז שוין געווען גאַנץ אונטן אויף די טרעפּ, האָט ער דערהערט, אַז מען רופט אים צוריק, טאַקע דער זעלבּער „אוטשאָני יעווריי“. בּאַראַץ האָט זיך בּאַ־טראַכט, אַז ער אַליין קאָן טאַקע נישט טאָן פאַר אים גאָרנישט. ער קאָן אָבער געבן אַ רעקאָמענדאַציע צו זײַנעם אַ פרײַנד און אַ קאָלעגע, צו קופּערניקן. קופּערניק, ער זאָל וועלן, קאָן ער טאָן אַ סך, זייער אַ סך! אַ קלייניקייט קופּערניק? מיט אַזאַ פּראָטעקציע קאָן מען דורכבּרעכן מויערן! בּאַוועגן די גרעסטע לײַט! און נישט לאַנג געטראַכט, זעצט זיך אַוועק דער „אוטשאָני יעווריי“ און שרײַבּט אַ קאַרטל צו זײַן בּעסטן פרײַנד און קאָלעגע, צום בּאַרימטן אַדוואָקאַט לעוו אַבּראַמאָוויטש קו־פּערניק.

76

# קופּערניק

ער זוכט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט אויפן „קרעשטשאַטיק“. — „מיעניאַלנאַיאַ קאַנטאָראַ קופּערניקאַ“. — אין אָקרוזשנע סוד. — ער געפינט ענדלעך וועמען
ער זוכט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט אויפן „קרעשטשאַטיק“. — „מיעניאַלנאַיאַ
נאָך משה עפּלבוים פון ביעלאַצערקאָוו.

דער נאָמען קופּערניק, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן צווישן ייִדן, „ק א פּ ע ר נ י ק וו אָ“, איז געווען כמעט אַזוי באַרימט און פּאָפּולער, ווי אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט אין איראָפּע, אָדער ווי קאָלומבוס אין אַמעריקע. דער פּראָצעס פון קוטאַאיס, דער באַרימטער בלוט=בלבול, וואָס קופּערניק האָט פאַרטיידיקט און ריינגעוואַשן, האָט אים געמאַכט אַזוי באַרימט, ווי אין אַ סך יאָרן אַרום האָט באַרימט געמאַכט אַן אַנדערן אַדוואָקאַט, א. א. גרוזענבערגן, דער פּראָצעס פון מענדל בייליס. און אַזוי ווי פון גרוזענבערגן, אַזוי האָט מען פון קופּערניקן אין זיין צייט דערציילט נסים ונפלאות, אַרומגערינגלט אים מיט לעגענדעס.

האָבנדיק אַ פּראָטעקציע צו אַזאַ מאַן, ווי קופּערניק, מעג מען זיך שוין דערלויבן צו טרוימען, פאַנטאַזירן און חלומען די בעסטע חלומות. כאַפּן זיך שטאַרק איז אויך נישטאָ וואָס. ובפרט, אַז ער ווייסט נאָך גאָר נישט, ווו קופּערניקס אַדרעס איז. האָט ער זיך פּאַוואָליע אַרויפגעדראַפּעט אויפן הויכן „קרעשטשאַטיק“, די שענסטע גאַס אין קיעוו, און האָרט איז אונדזער העלד נישט שווער געווען צו דערפרעגן זיך, ווו קופּערניק זיצט. אַריין אין הויף אַנטקעגן האָטעל „יעווראָפּאַ“, האָט ער איבערגעלייענט אויף רוסיש: „מיעניאַלנאַיאַ קאַנטאָראַ קופּערניקאַ“. איז אים אפילו געווען אַ חידוש, ווי קומט צו קופּערניק דעם אַדוואָקאַט אַ „מיעניאַלנאַ קאַנטאָראַ“? נאָר עס איז באַלד פאַרענטפערט געוואָרן די קשיה.

אַרײַנגעקומען אינעווייניק אין קופּערניקס קאַנטאָר, האָט ער געטראָפֿן אַ יונגנמאַן מיט בלויע ברילן און אַ ייִדענע אַ ליטוואַטשקע אין אַ ווײַסן פֿאַרוק.

— צו וועמען דאַרפֿט איר?

— צו קופּערניקן.

— פֿון וועמען?

— פֿונעם „אוטשאָני יעוורעי“, פֿון הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ אַ קאַרטל.

— פֿון באַראַצן אַ קאַרטל? ווײַזט אַהער.

דער יונגערמאַן מיט די בלויע ברילן נעמט דאָס קאַרטל און טראָגט דאָס צו דער ליטוואַטשקע אינעם ווײַסן פֿאַרוק. די ליטוואַטשקע נעמט דאָס קאַרטל, טוט אָן די ברילן, לייענט דורך און טוט אַ שמייך דאָס קאַרטל פֿון זיך.

— ס'איז נישט צו מיר. ס'איז גאָר צו מײַן זון.

— וווּ געפֿינט ער זיך?

— ווער?

— אײַער זון.

— מײַן זון וווּ געפֿינט זיך? וואָס הייסט וווּ? אין אָקרוזשנע סוד אַרײַן גייט, וועט איר אים געפֿינען.

זוכן אַן אַדוואָקאַט אין אָקרוזשנע סוד איז פּונקט אַזאַ שכל, ווי מען זאָל זוכן אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי. דער אָקרוזשנע סוד איז אַן אומגעהויער גרויסע אַלטע געבײַדע מיט אײַזערנע טרעפּ און מיט אַזוי פֿיל הדרים, זאַלן און אָפּטיילונגען, אַז אַ פֿרעמדער קאָן דאָרט פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן אין פֿאַרלירן דעם קאָפּ. צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט אונדזער העלד דערזען אַזוי פֿיל מענטשן אין שוואַרצע פֿראַקן מיט גרויסע פּאָרטפֿעלן. דאָס זענען לויטער געשווירענע אַדוואָקאַטן. גייט טרעפֿט, ווער פֿון זיי איז דאָ קופּערניק? אָפּשטעלן איינעם פֿון זיי און אַ פֿרעג טאָן — איז אַ זאַך, וואָס איז אוממעגלעך, אַז אַלע זענען זיי פֿאַרטראָגן. אַלע לויפֿן מיט פּאָרטפֿעלן, דער אַהין, דער אַהער, ווי די משוגעים. איינעם, אַ מאַן אין אַ שוואַרצן פֿראַק, נאָר מיט אַ גרויסן געלן פּאָרטפֿעל און מיט אַ זייער סימפּאַטיש פּנים, האָט ער געוואַגט אָפּצושטעלן און אַ פֿרעג טאָן: „וווּ איז דאָ קופּערניק?“ האָט ער באַקומען פֿונעם מאַן אַן ענטפֿער: „צו וואָס דאַרפֿט איר קופּערניקן?“ „איך האָב צו אים אַ קאַרטל פֿונעם אוטשאָני יעוורעי הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ“. „אַ? פֿון באַראַצן? זיצט אַ ווײַלע —

איבל באַלד קומען“. און דער מאַן באַווייזט אים אויף אַ לאַנגער פּאָלירטער באַנק, טוט זיך אַ גליטש און ווערט נעלם. דער בחור זעצט זיך אַוועק אויף דער לאַנגער פּאָלירטער באַנק און זיצט אַ האַלבע שעה, אַ שעה, אַנדערהאַלבן שעה — נישטאָ קיין מאַן, נישטאָ קופּערניק. שטייט ער אויף פון דער פּאָלירטער באַנק און לאָזט זיך גיין. דער עולם איז שוין געוואָרן אַ סך שיטערער. ווו־נישט־ווו וואַרפט זיך נאָך דורך אַ שוואַרצער פראַק. ער דערזעט דעם מאַן, וואָס מיטן געלן פּאָרטפעל.

— אַ? איר זענט נאָך דאָ? וואָס, אייגנטלעך, דאַרפט איר צו קופּערניקן?

דערציילט אים דער בחור נאָך אַ מאָל:

— אַ קאַרטל פון הערמאַן מאַרקאָוויטש בעראַץ.

— און ווו איז דאָס קאַרטל?

באַווייזט ער אים דאָס קאַרטל. דער מאַן לייענט דורך דאָס קאַרטל.

— וואָס אייגנטלעך, האָט איר געוואָלט פון קופּערניקן?

— איך ווייס נאָך אַליין נישט אַקוראַט... אפשר וועל איך קריגן ביי אים אַ שטעלע?

— וואָס קענט איר?

— איך קאָן שיין שרייבן, יידיש און רוסיש.

— רוסיש אויך? קומט מיט מיר.

באַדאַרף ער נאָך זיין אין ספק, אויב דאָס איז קופּערניק?... אַרויסגעגאַנגען מיטן בחור פון אָקרוזשנע סוד, האָט ער, קופּערניק הייסט דאָס, געכאַפּט אַ „ליכאַטש“ — אַ דראָזשקע אויף גומי־לאַסטיקענע רעדלעך, און האָט אַ זאָג געגעבן: „גאָסטיניצאַ ראָססיאַ“. פֿייל אויסן בויגן האָט זיי דער ליכאַטש געבראַכט צו פירן צו אַ האָטעל, וואָס זיין נאָמען איז „ראָססיאַ“. אַרייַנגעקומען אין אַ שטאַרק אָנגערויכערט צימער, האָט קופּערניק באַזעצט דעם גאַסט ביים טיש, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דערלאַנגט אים אַ בויגן פּאַפּיר מיט אַ טינטער און פעדער און פאָרגעלייגט, ער זאָל אָנשרייבן אַ פּאָר שורות. דער בחור האָט איינגעטונקען די פען אין טינט און איידער ער האָט זיך צוגעקליבן שרייבן, האָט ער אַ פרעג געגעבן ביי קופּערניקן, ווי אַזוי וויל ער, זאָל מען אים שרייבן — אויף יידיש אָדער אויף רוסיש? פאַרשטייט זיך, אַז אויף רוסיש! דער בחור האָט זיך צוגעפּלייסט. דער זכות פונעם רבין מאָניש מיט זיין גאָלדענער האַנט איז אים ביישטאַנען, און נאָך דער ערשטער שורה האָט אים קופּערניק

איבערגעשלאָגן און אַ זאָג געגעבן, אַז ער איז צופרידן מיט זיין האַנט־שריפט, און האָט אים פאָרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס. פונעם פּאַפּיראָס האָט זיך דער בחור אָפּגעזאָגט:

— האָט קיין פאַראיבל נישט, פּאַניע קופּערניק, איך רויכער נישט.

— האָט קיין פאַראיבל נישט, יונגערמאַן, איך בין נישט קופּערניק. מיין נאָמען איז גאָר עפּלבוים.

— עפּלבוים?

— נו־יאָ, עפּלבוים. משה עפּלבוים פון ביעלאָצערקאָוו... פּריסיאַזשני פּאָווערעני...

אַ באַשערטע זאַך. גייט זייט אַ נביא, אַז פון אַ קיעווער קופּערניק וועט זיך גאָר אויסלאָזן אַ משה עפּלבוים פון ביעלאַצערקאָוו! דער משה עפּלבוים פון ביעלאַצערקאָוו האָט זיך אַרויסבאַוויזן פאַר אַן אמתן דזשענ־טעלמען. ער האָט זיך לאַנג נישט געדונגען פאַרן פּריז. מסכים געווען אויף אַלצדינג. ער האָט נאָך צוגעזאָגט דעם בחור, אַז ער וועט אים צולערנען און וועט אים נאָכדעם געבן רעקאָמענדאַציעס נישט נאָר צו קופּערניקן — צו נאָך אַ סך גרעסערע מענטשן פון קופּערניקן, וואָרעם ער קען זיך מיט אַלע גרעסטע לייט אין קיעוו, אין מאָסקווע און אין פּעטערבורג, אויס־געבונדן מיט אַלע מיניסטאָרן. אויב דער בחור וויל, קאָנען זיי נאָך היינט פאָרן קיין ביעלאצערקאָוו. ער, עפּלבוים, באַדאַרף זיך גאָר אַראָפּכאַפּן אויף אַ מינוט צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. און וויבאַלד צום גענעראַל־גובערנאַ־טאָר, מוז ער שוין זיין מיט אַ וויזיט ביים גראַזשדאַנסקי גובערנאַטאָר. וואָרעם די היינט זענען שרעקלעך מקנא איינער דעם אַנדערן. ער האָט אפילו באַדאַרפט זיך זען מיטן קיעווער פּאָליציימייסטער אויך. נאָר ער קאָן באַ־שטיין, אַז דער פּאָליציימייסטער זאָל קומען צו אים — ער איז נישט קראַנק...

דער פּריסיאַזשני פּאָווערעני עפּלבוים האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, איבערגעלאָזט אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן בחור אויף גאָטס באַראָט. די אַוואַנטורע איז דעם יונגן רייזנדער דווקא געפעלן. און פון דער פּערזענ־לעכקייט פון דעם עפּלבוים איז ער גאָר געווען אַנטציקט. ער האָט גאָך קיין צייט נישט געהאַט רעכט צו באַטראַכטן די לאַגע, האָט זיך עפּלבוים אומגעקערט צוריק, צוגעפאָרן ברייט אויף אַ ליכאַטש, אָנגעלאָדן מיט פילע פּעק און מיט פּעקלעך. דאָרט איז געווען פון כל טוב: הערינג און פיש, און באַליק, און איקרע, און פרוכטן, און פּאַפּיראָסן.

— איר מיינט, ס׳איז געקויפט? ס׳איז לויטער מתנות. געשענקט פון דער גענעראַל־גובערנאַטאָרשע, פון דער גובערנאַטאָרשע און פון נעם פּאָליצמייסטערס ווייב.

— איר זענט דען געווען ביים פּאָליצמייסטער אויך? איר האָט דאָך געזאָגט, אַז...

— חס וחלילה! נישט פון זיין ווייב, נאָר פון זיין פּאָלובאָווניצע... איך בין איר אַדוואָקאַט. איך פיר איר אַ פּראָצעס אין פּאַלאַטע אויף אַ האַלבן מיליאָן. זי איז אַ פּילפאַכע מיליאָנערשע, נאָר אַ קאַרגע. פאַר אַ גראָשן וועט זי זיך אויפהענגען! פאַר מיר איז אָבער נישטאָ צו טייער. פאַר מיר זענען זיי אַלע די כפּרה!... פאָרן מיר, הייסט דאָס, קיין ביעלאָצערקאָוו?

— פאָרן מיר, הייסט דאָס, קיין ביעלאָצערקאָוו.

# אַ שטעלע פון אַ סעקרעטאַר

ער פאָרט מיט זיין נייעם פאַטראָן קיין ביעלאצערקאָוו. — מען נעמט אים אויף, ווי אַ טייערן גאַסט. — פאַמיליען=אידיליעס. — „רב לוי“. — דער בעל=הבית לערנט מיטן סעקרעטאַר הלכות אַדוואָקאַט. — מיאוס אָפּגענאַרט. — ער שרייבט אַ מליצה=בריוו צום פאָטער און באַקומט נייע האָפענונגען.

פאָרנדיק פון קיעוו קיין ביעלאַצערקאָוו, האָט זיך דער „פּריסיאַזשני פּאָווערעני“ עפּלבוים געשטעלט גאַנץ ברייט, אויפגעפירט זיך ווי אַ ריכטיקער פּאָמיעשטשיק, נישט געזשאַלעוועט קויפן בילעטן ערשטע קלאַס. אויפן וואָקזאַל, אין פּאַסטאָוו, געגעבן שיין צו לייזן געלט דעם בופעט. דעם מענטשן, וואָס האָט זיי באַדינט, האָט ער אויך גאַנץ פיין באַהאַנדלט. אונדזער יונגן העלד האָט ער פאַר זיינע באַקאַנטע פאָרגעשטעלט אַלס „סעקרעטאַר“. און וואָס ער האָט אַזעלכעס דערציילט אויף זיין „סעקרעטאַר“ ביי זיך אינדערהיים — ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל... נאָר מען האָט זיך פאָרשטעלן, אַז מסתמא האָט דער „פּריסיאַזשני פּאָווערעני“ אויסגעמאָלט פאַר זיינע היימישע זיין „סעקרעטאַר“ מיט די רייכסטע און שיינסטע פאַרבן. וואָרעם ער האָט געהאַט אַזאַ גרויסאַרטיקע וואַרעמע אויפנאַמע, וואָס נאָר אַ לאַנג=דערוואַרטענער גאַסט, אָדער אַ רייכער קרוב פון אַמעריקע, קאָן זיך ווינטשן; אַזאַ קרוב, וואָס מען קוקט אַרויס אויף זיין ירושה... משה עפּלבוימס ווייב, אַ ייִדענע, אַ צדיקות און אַ זעלטענע ווירטין, האָט זיך אָנגעטאָן שבתדיק און אויסגעוואַשן די קינדער. דערנאָך האָט זי אָפּגעקאָכט אויף וועטשערע אַ מאָלצייט, וואָס אים וואָלט געמעגט עסן דער קייסער. עפּלבוימס עלטערער בחור לוי, אַ חכם אַ יונגעמעגט — אין שטוב האָט מען אים גערופן „רב לוי“ — האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון התפּעלות און האָט אַ בורקע געגעבן, אויפשטייענדיק פון טיש און גלעטנדיק זיך דאָס בייכל, אַז עס וואָלט גאָר=

נישט געשאַדט, אַז אַלע טאָג זאָלן זיין אַזעלכע געסט און מען זאָל קאָנען אַזעלכע גוטע מאָלצייטן. האָט אים משה עפּלבוים געשענקט אַ פּאַטש און האָט אים אַ זאָג געגעבן, אַז ס'וואָלט נישט געשאַדט, אַז ער, רב לוי, זאָל זיין אַ ביסעלע קליגער און זאָל נישט האָבן אַזאַ לאַנגע צונג. און צום „סעקרעטאַר" האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— ווי געפעלט אייך, מיין קדיש, רב לוי? אַ פיינער תכשיט! קיין עין הרע אַ מושלם! מיין קאָפּ מעג שוין דעמלט ליגן אין דער ערד, ווען ער וועט קאָנען זאָגן נאָך מיר קדיש...

פונעם וויץ האָבן זיך אַלע צעלאַכט און רב לוי אויך בתוכם. פונדעסטוועגן האָט די מוטער געפונען פאַר נייטיק זיך אָננעמען די קריוודע פון איר זון — פאָרט אַ מאַמע! נאָר איר אַריינמישן זיך האָט שיעור נישט אַרויסגערופן אַ קאָנפליקט. די פרוי עפּלבוים איז געווען זיכער, — און זי האָט דאָס גאַנץ אָפן אַרויסגעזאָגט — אַז איר „קדיש" וועט קומען אין זיין מאַטנס יאָרן, וועט ער האָבן פונקט אַזוי פיל שכל, וויפל דער טאַטע זיינער.

— און אפשר נאָך מער ווי דער טאַטע! — האָט אונטערגעכאַפּט רב לוי אַליין און דער פאָטער איז געוואָרן אָנגעצונדן. אַ גליק, וואָס רב לוי האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן, אַ נישט וואָלט געקאָנט זיין זייער גישט שיין. משה עפּלבוים האָט זיך מודה געווען, אַז כאָטש ער איז אַ קענער פון „לייב-שטראָף" און כאָטש ער האַלט, אַז שמייסן איז אַ באַרבאַרישער מנהג, וואָס שטימט נישט איין מיט די „פּרינציפּן פון ציוויליזאַציע", פונדעסטוועגן געפינט ער, אַז ס'איז זייער נייטיק, אַז אַזאַ פאַרשייטער בחור, ווי זיין רב לוי, זאָל פאַרזוכן שמיץ, כאָטש איין מאָל אין דער וואָך. דאָס אַליין, זאָגט משה עפּלבוים, איז ביי אים אַ פּרינציפּ. און עס לאָזט זיך דענקען, אַז רב לוין איז באַקאַנט דער דאָזיקער פּרינציפּ, וואָרעם רב לוי האָט זיך זיין פּרינציפּ, אַז קוים וויל אים דער פאָטער מקיים פסק זיין, טראָגט ער זיך אָפּ און והילד איננו — גייט זוכט אים!

רב לויס אָפּטראָגן זיך האָט אָבער נישט באַרואיקט דעם אויפגעהויבענעם קאָנפליקט. דער קאַמף האָט זיך נאָר אַריבערגעטראָגן, ליטעראַריש גערעדט, אויף אַן אַנדער באָדן. אָנשטאָט דעם, וואָס פריער מיט אַ מינוט איז ער געווען צווישן פאָטער און זון, האָט די מלחמה אַצינד אויסגעבראָכן צווישן מאַן און ווייב. משה עפּלבוים האָט אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע באָד אויפן ווייב, אַז שולדיק איז אינגאַנצן זי, זיין ליבע געטרייע פרוי, זאָל געזונט זיין, דערמיט, וואָס זי שטעלט זיך איין

פאַר איר שייגעם קדיש. און דאָס ווייב, מאַדאַם עפּלבוים, האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע און האָט דערמאָנט איר ליבן געטרייען מאַן זאָל לעבן, אַז ווען ער איז געווען אין זיין זונס יאָרן, איז ער געווען אַ סך מער באָסיאַק, ווי איר „קדיש" איז אַציגנד און אויב ער, איר טייערער משה עפּלבוים, האָט אַ גוטן זכרון, באַדאַרף ער געדענקען, אַז מען האָט אים אַמאָל, נישט היינט געדאַכט, גערופן נישט משה עפּלבוים, נאָר „משה פּלעצל"...

מען קאָן נישט זאָגן, אַז פאַר אַ גאַסט זאָל עס זיין שטאַרק אָנגענעם צו זיין אַן אומגעריכטער עדות ביי אַ פאַמיליען־דראַמע און צוקוקן, ווי די ליבע און געטרייע מאַן און ווייב וואַשן דאָס קוטיקע גרעט פאַר אַלעם אין די אויגן. איין זאַך האָט דער גאַסט באַמערקט און באַוואונדערט, ווי אַזוי ביידע קעמפנדיקע צדדים, נישט דער מאַן און נישט דאָס ווייב, האָבן זיך דערביי נישט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ. אדרבה, עס האָט אויסגעזען גלייך, ווי דאָס פאַרפאַלק איז נאָר וואָס נאָך דער חתונה אויף זייער ערשטער האָכצייט־רייזע, און נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, ביים מען זיך מיט זיסע קאָמפּלימענטן. אַלערליי מענטשן זענען פאַראַן אויף גאָטס וועלט און אַלערליי אידיליעס!...

נאָך דער גרויסאַרטיקער וועטשערע האָט דער „פּריסיאַזשני פּאָווערעני" עפּלבוים אָוועקגעזעצט זיין גאַסט און זיין „סעקרעטאַר" צום שרייבטיש, געגעבן אים איבערשרייבן אַ פּאַפּיר, און אַליין האָט ער זיך צוגעשפּאַרט כאַפּן אַ דרימל. איבערגעדרימלט זיך, האָט ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און האָט פאַרבונדן אַ שמועס מיט זיין יונגן „סעקרעטאַר". דער שמועס איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט, אַז ס'וואָלט געווען, כ'לעבן, אַן עבירה פאַר גאָט אים דורכצולאָזן אומבאַמערקט. עס איז שווער אים איבערצוגעבן נאָך אַזוי פיל יאָרן בוכשטעבלעך. נאָר דער אינהאַלט, דער תמצית פון אים, איז געווען לערך אָט אויף דעם שטייגער:

— הערט־זשע אויס, יונגערמאַן, די מעשה דערפון איז אַזוי: איר זענט אַ יינגל, זע איך, נישט קיין גרויסער נאַר און איר האָט אַ שיין הענטל צום שרייבן, און אַ צינגל אויף צו רעדן רוסיש האָט איר אויך — אַלע סימנים, אַז אייער באַגער קאָן דערפילט ווערן. דאָס הייסט, איר זענט אַ געבוירענער אַדוואָקאַט. דאַרפט איר אָבער זען איין זאַך — איר זאָלט וועלן. אַז איר'ט וועלן, וועט איר זיין. קענטעניש איז אַ בייזאַך. דער עיקר — איר טאָרט נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, טאָמער קאָן יענער

בעסער פון אייך. איר באַדאַרפט מיט אייער ציגל צעקלאַפּן יענעמס קעגנטעניש. איר טאָרט נישט באַווייזן איין מינוט, איין רגע, אַז איר האָט דרך ארץ פאַר אַ גרעסערן, וואָרעם איר זענט דער גרעסטער. איר דאַרפט האַלטן אין איין שיטן מיט ווערטער. די צונג דאַרף אַרבעטן מער ווי דער קאָפּ. איר דאַרפט פאַרשיטן יענעם מיט אַזוי פיל ווערטער, אַז יענער זאָל ווערן צעטומלט און זאָל פאַרלירן יעדן געדאַנק און יעדן פאַרשטאַנד. דעמלט קאָנט איר יענעם פאַרוואַרפן מיט טויזנטער גראַנאַטן פונעם „סוואָד זאַקאָנאָוו" און פון „קאַסאַציאָנע דעפּאַרטאַמענט", וואָס נישט געשטויגן נישט געפלויגן. דאָס איז פאַר די ריכטער. און פון די קליענטן רעדט מען נישט. קליענטן זענען שאָף, וואָס לאָזן זיך שערן. בהמות, וואָס לאָזן זיך מעלקן. פערד, וואָס האָבן ליב, אַז מען פאָרט אויף זיי רייטנדיק. מיט זיי איז אוודאי נישטאָ וואָס צו צערעמאָניען זיך. זיי האַלטן נישט פון אַ צעוויקעלטער לעמעשקע, וואָס פרעדיקט מאָראַל. זיי האָבן מער דרך ארץ פאַר אַ נאַבאַל, איידער פאַר אַ געלערנטן פראָפעסאָר, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט זאַקאָנעס, ווי אַ זאַק מיט פּאַלאָווע. אויף דער גאַס טאָרט איר זיך נישט באַווייזן אָן אַ גרויסן פּאָרטפעל — איר מעגט דאָרט האַלטן אַלטע גאַזעטן, אָדער קוויטיקע קעלנער מיט מאַנזשעטן. און אין דער שטוב ביי זיך מעגט איר זיך שפּילן מיט דער קאַץ גאַנצע טעג. נאָר אַז איר דערהערט אַ קלונג, דאַרפט איר זיך פאַרטיפן אין אַ גראָבן בוך און זיך רייבן דעם שטערן. אַ קליענט טאָרט איר נישט אַרויסלאָזן פון די הענט, ביז איר'ט אים נישט אויסזויגן ביזן סוף און עס טאָר נישט זיין אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס איר זאָלט זאָגן „איך ווייס נישט" — וואָרעם איר ווייסט אַלץ!...

נאָך אַזאַ שיינער לעקציע וואָלט דער פאַרפאַסער פון דער האָזיקער ביאָגראַפיע, דאַכט זיך, געמעגט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ מין נפש אָט דער „פּריסיאַזשני פּאָווערעני" משה עפּלבוים איז. האָט אָבער דער עפּלבוים געהאַט אַזאַ קלוג, סימפּאַטיש פּנים, אַז ער האָט אייך פאַרכשופט מיט זיינע אויגן און אונטערגעקויפט מיט זיין רעדן, און נישט ווילנדיק זענט איר געוואָרן זייגער מיט לייב און לעבן. דעם זעלבן אויפדערנאַכט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערגעדרימלט, האָט ער גענומען דאָס שטעקל מיטן פּאָרטפעל און האָט זיך געקליבן ערגעץ גיין. און דאָ איז אַרויסגעשפּרונגען ווידער אַ קאָנפליקט צווישן די ליבע און געטרייע מאַן און ווייב. דאָס ווייב האָט אַ פרעג געגעבן ביי איר מאַן, וווהין ער גייט. דער מאַן האָט געענטפערט, אַז אין קלוב אַריין אויף אַ האַל=

בער שעה. ער דאַרף זיך דאָרטן זען מיט אַ מענטשן. האָט אים דערויף דאָס ווייב באַמערקט, אַז איר איז באַקאַנט זיין האַלבע שעה; הלוואי ער זאָל קומען באַטש מאָרגן צו וואַרעמעס... און דער מענטש, וואָס דאַרף זיך מיט אים זען, איז איר אויך גאַנץ גוט באַקאַנט. דאָס איז נישט קיין מענטש, זאָגט זי, נאָר מענטשעלעך, לויטער מלכים און מלכות און וואַלעטן...

—און טייז האָסטו, אַפּנים, פאַרגעסן רעכענען, מיין טייערע, טייז!... וואָס פאַר אַ שפּיל איז עס אָן טייז?...

דאָס ווייב ענטפערט אים דערויף גאָרנישט. נאָר זי גיט אויף אים אַזאַ קוק, אַז אַן אַנדערער מאַן אויף זיין אָרט וואָלט בעסער אַריין אין דער ערד אַ לעבעדיקער. נאָר משה עפּלבוים מאַכט זיך נישט דערפון. ער גייט צו צו זיין יונגן „סעקרעטאַר", בייגט זיך אָן צו אים, ווי ער שרייבט, און טוט אים שטילערהייט אַ פרעג, וויפל ער האָט ביי זיך געלט. טוט זיך דער „סעקרעטאַר" אַ כאַפּ ביי דער קעשענע און באַווייזט, וויפל געלט ער האָט. טוט עפּלבוים אַ ווייַלע אַ טראַכט, דערנאָך ציט ער אויס די האַנט צום „סעקרעטאַר".

— אפשר קאָנט איר מיר דאָס אויסלייען אויף אַ פּאָר מינוט? איבל דאָס אייך היינט נאָך אָפּגעבן, צוריקקומענדיק פון קלוב.

— אַך! מיטן גרעסטן כבוד! — האָט אים געענטפערט דער „סעקרעטאַר" און אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע ביסל מזומנים.

נאָך דעם אַוועקגיין פון משה עפּלבוים, האָט די מאַדאַם עפּלבוים גענומען דעם „סעקרעטאַר" אויסצופרעגן, ווי אַזוי ער קומט צו איר מאַן אַלס סעקרעטאַר? און וואָס געהערט ער זיך אָן מיט בראָדסקין? — „מיט וואָסער בראָדסקין?" — „מיטן קיעווער מיליאָנער בראָדסקי"... — „וואָס פאַר אַ מחותן איז דאָ בראָדסקי?"... — „איז בראָדסקי נישט אייער פעטער?" — „וואָס איז אייך עפּעס געפעלן, אַז בראָדסקי דאַרף מיר זיין אַ פעטער?"... — „וואָס רעדן קערט ער אייך אָן?"... — „ווער?"... „בראָדסקי". — „וואָס, ווילט איר, זאָל ער מיר אָנקערן?..."

אַ קורצע פּויזע.ביידע קוקן זיך אָן איינס דאָס אַנדערע פאַרוווּנדערט. יעדער מיט זיינע געדאַנקען. אין אַ מינוט אַרום פרעגט די פרוי עפּלבוים ביים „סעקרעטאַר" ווידער אַמאָל: „אַזוי? איר האָט נישט געדינט אויך ביי בראָדסקין?" — „וואָס פאַלט אייך איין, אַז איך האָב באַדאַרפט דינען ביי בראָדסקין?" — „און איר קענט אים גאָר אַפילו נישט?" — „ווען?" — „שפּו זאָל דאָס ווערן! מען רעדט און מען

רעדט — און מען קאָן זיך נישט דערדערן! זאָגט מיר כאָטש, ווער זענט איר און ווי קומט איר אַהער?...“

אויפן צווייטן טאָג האָט אויף אונדזער נאַיוון העלד געוואַרט אַ נייער סורפּריז: זיין פּאַטראָן משה עפּלבוים האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט פון קלוב. „רב לוי“ האָט געהאַט אַן אַרבעט — גיין אין קלוב אַריין רופן דעם טאַטן אַהיים עסן וואַרעמס. האָט רב לוי אָבער קיין השק נישט געהאַט צו כאַפּן אומזיסטע פּעטש אויפן ניכטערן האַרצן. האָט אים די מוטער געמוזט באַצאָלן „שכר פּעטש“ מיט אַן אַוואַנסל. און רב לוי האָט געבראַכט אַ ידיעה, אַז דער טאַטע זיינער איז אינדערפרי אָפּגעפאָרן פון קלוב גלייך צום וואָקזאַל, און פון דאָרטן — קיין קיעוו.

פאַר אונדזער העלד איז דאָס געווען אַן איבעראַשונג פון אַ דונער אין אַ שיינעם זונענטאָג מיט אַ בלויען הימל. עס איז געווען ביידע זאַכן: אַ קרענק אין בויך און אַ שאַנד אין פּנים. ערשט דערמלט האָט ער זיך גענומען צעפּרעגן זיך אויף זיין פּאַטראָן און איז געוויר געוואָרן, אַז עפּלבוים איז נאָך הערווייל קיינמאָל נישט געווען קיין „פּריסיאַזשני פּאָווערני“. ער איז גאָר אַ „כאָדאַטײ“, אַ טיפּ פון יענעם מין, וואָס מען רופט זיי „ווינקל-אַדוואָקאַטן“, און אַז מען דערמאָנט דעם נאָמען עפּלבוים אין ביעלאצערקאָוו, דערמאָנט מען אים נישט אַנדערש, ווי מיט אַ שמייכל... דערווייל האָט די לאַגע פון אונדזער יונגן העלד אָנגעהויבן צו ווערן טרויעריק. עס איז געגאַנגען דערצו, אַז ער זאָל אינגיכן ווידער אַמאָל פאַרזוכן דעם טעם פון הונגער... מיט אַ פאַרביטערט האַרץ האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן צום טאַטן קיין פּערעיאַסלאַוו אַ לאַנגן בריוו מיט אַ שיינער מליצה-שפּראַך. די מליצה, קאָן מען זאָגן, האָט אים אַרויסגעראַטעוועט. מיט מליצה קאָן מען אַ סך שרייבן און ווייניק זאָגן... ערשט צום סוף בריוו האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער, אַז ער וואָלט זיך דורכגעפאָרן אַהיים, ער זאָל האָבן גענוג קליינגעלט אויף הוצאות-הדרך... און גאָר נישט לאַנג געוואַרט, קומט אָן פון פאָטער אַ געלט-בריוו אויף עטלעכע רובל מיט אַ באַפעל, ער זאָל זיך צואיילן און קומען וואָס גיכער, וואָרעם עס האָט זיך געעפנט אַ וואַקאַנס אויף אַ ראַבינער אין אַ שטאָט נישט ווייט פון פּערעיאַסלאַוו און אַז ער האָט גוטע שאַנסן צו פאַרנעמען די שטעלע. און אויסגעלאָזט האָט ער זיין בריוו צום זון אויך מיט אַ מליצה: „ע ו ש ה! ‚ח ו ש ה!

עופה כחץ מקשת כעל כנפי נשרים! מהר אל תביט אחריך! עלה והצליח!“... דאָס וועט הייסן אויף אונדזער יידיש לשון: „אייל זיך! כאַפּ זיך! פלי פייל אויס בויגן, ווי אויף די פליגלען פון אַן אָדלער! גיכער! זאָלסט זיך נאָרנישט אַרומקוקן! קום און זיי מצליח!“...

78

# די „וויבאָרעס״

וויאַזוי מען קלייבט אַ ראַבינער. — דער פריערדיקער ראַבינער אין לובען — אַן אַלטער באַקאַנטער. — רב נחמן כהנא פּראָטעזשירט דעם יונגן קאַנדידאַט. — ער האַלט אַ דרשה און נעמט שטאַרק אויס ביים עולם. — „מזל טוב, איזבראַן יעדינאָגלאַסנאָ“. — אַ מופת פאַר גויים. — ער קומט קיין פּערעיאַסלאַוו און די שמחה ווערט אים דאָרט פאַרשטערט. — ער גיט זיך דאָס וואָרט, אַז ער וועט נישט זיין ווי אַלע.

לובען — דאָס איז דער נאָמען פון דער שטאָט, וואו מען האָט פאַרלאַנגט אַ נייעם ראַבינער.

דאָס וואָרט „פאַרלאַנגט“ איז, מאָלט זיך אויס, נישט מער ווי אַ מליצה. אַ שטאָט פאַרלאַנגט אַ ראַבינער, ווי אַ שטייגער, מען פאַרלאַנגט אַ קברות=מאַן. די גאַנצע אינסטיטוציע פון „קאַזיאָנע רבנים“ איז, אייגנטלעך, אַן איבעריקע, אַן אָנגעהאָנגענע פון דער רעגירונג אויף די רוסישע יידן און זיי האַלטן זיך מיט אים, ווי מיט עפּעס רעכטס. שענער פון אַלץ איז דאָס, וואָס אַ „קאַזיאָנע רב“ ווערט נישט געשיקט דירעקט פון דער רעגירונג צו געוועלטיקן איבער די יידן, נאָר די יידן אַליין דאַרפן אים אויסקלייבן דורך וואַלן („וויבאָרעס“) פון קהל. נאָר די וואַלן גופא זענען בעל=כרחם, געצווינגען פון אויבן. דאָס הייסט, „נאַטשאַלסטוואָ“ שרייבט אַריין צו קהל אַ פּאַפּיר, אַז דעמלט און דעמלט זאָלן זיך די יידן צונויפזאַמלען דאָרטן און דאָרטן און זאָלן זיך אויסקלייבן אַ ראַבינער. און עס טוען זיך אַ לאָז קאַנדידאַטן. יעדער קאַנדידאַט האָט זיך זיין צד, און יעדער צד האָט זיינע כלי=זין מיט זיינע מיטלען, מיט וואָס צו נעמען דעם עולם. איינער האָט אַ שיינע פּראָטעקציע. דער אַנדערער אַרבעט מיט געלט. דער דריטער — מיט אַ געזונט מישקה.

שלאָפֿן שלאָפֿט קיינער ניט. אין שטאָט קאָכט עס און עס רעדלט זיך. חברה היצן זיך, עס איז אַ גדולה אויף דער יידישער גאַס, אַ שמחה — מען קלייבט אַ ראַבינער. מען באַלאָטירט. מען וואַרפֿט גאַלקעס. עס איז הי געלעבט! אַמאָל ציט זיך עס אַזוי אַוועק וואָכן. אַמאָל — חדשים. כדי די „וויבאָרעס" זאָלן צוגיין כשר, ווערט צוגעשיקט אַ „קנעפּל", וואָס גיט אַכטונג, אַז ס'זאָל ניט פֿאָרקומען חלילה קיין שום פֿאַלשקייטן ביים ציילן די גאַלקעס. און ערשט נאָך די וואַלן הייבט זיך אָן די רעכטע חתונה. אַזוי ווי דער גובערנאַטאָר באַדאַרף דעם אויסוואַל באַשטעטיקן, הייבן אָן צו גיין אין דער גובערנסקי פּראַוולעניע מסירות מיט קאַסאַציעס פֿון די ניט אויסגעקליבענע קאַנדידאַטן און אויב די „וויבאָרעס" ווערן קאַסירט, הייבט זיך אָן די שמחה נאָך אַ מאָל פֿון אָנהייב. נייע קאַנדידאַטן, נייע צדדים, נייע „וויבאָרעס", נייע מסירות מיט נייע קאַסאַציעס...

צווישן די פּאַרשוינען, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט זייער קאַנדידאַטור אויף רבנות אין לובען, איז געווען אויך דער פֿריערדיקער ראַבינער. אויב איר געדענקט, איז דאָס געווען משה-דוד דעם מלמדס זון, שמעון רודערמאַן, אָט דער, וואָס האָט געהאַלטן אין פּעריאַסלאַוו ביי שמדן זיך און יידן האָבן אים אַרויסגעראַטעוועט און אָפּגעשיקט אין דער ראַבינער-שול אין זשיטאָמיר. דער דאָזיקער ראַבינער האָט, אַפּנים, ניט שטאַרק אויסגענומען אין לובען. דער עולם האָט אַרויסגעקוקט אויף די „וויבאָרעס", ווי אויף משיחן. די לובאַנער יידן ווייסן ניט פֿון קיין פּאָליטיק און פֿון קיין חכמות. זיי, אַז עס געפֿעלט אַ מענטש, זאָגן זיי אים: „ביזט אונדז געפֿעלן". און אַז עס געפֿעלט זיי ניט, זאָגן זיי: „גיי געזונטערהייט, דו ביזט אונדז ניט געפֿעלן". דעם ראַבינער רודערמאַן האָבן זיי שוין לאַנג געזאָגט און דווקא ניט זייער פֿאַרשטעלט, אַז ער מעג זיך זוכן אַן אַנדערע שטאָט. און טאָמער וועט ער מיינען, אַז זיי טרייבן מיט אים קאַטאָוועס, האָבן זיי זיין אָרט אין בית-המדרש פֿאַרדונגען צו אַ בעל-הבית, אַזוי אַז דער ראַבינער איז געקומען שבת אין שול אַריין, האָט ער ניט געהאַט ווו צו זיצן און האָט געמוזט אויסשטיין די גאַנצע צייט אויף די פֿיס. דעם צווייטן שבת איז ער שוין דערפֿאַר געקומען מיט „פּאָליציע" און האָט מיט תקופֿות און מיט גבורה איינגענומען זיין שטאָט אויבנאָן אין מזרח-וואַנט — און מען קאָן זיך גרינג פֿאָרשטעלן דעם עפֿעקט מיטן חן, וואָס ער האָט געהאַט. די גאַנצע וועלט האָט געוווסט פֿון דעם פֿאַקט. וואָרעם אַחוץ, וואָס די גאַנצע מעשה איז געווען באַשריבן אין „המליץ", האָט נאָך דער רעדאַקטאָר

צעדערבוים צוגעגעבן פון זיך מיט גאַנץ קליינע אותיותלעך אַ „הערת המו״ל" — אַ באַמערקונג פונעם רעדאַקטאָר, וואָס פאַרנעמט דריי מאָל אַזוי פיל, ווי די קאָרעספּאָנדענץ. דאָרט גיט ער אַוועק אַ גאַב סיי דעם ראַבינער, סיי דעם איבעריקן עולם, און מוסרט זיי פאַרן חלול־השם, וואָס זיי האָבן דערלאָזט פּאָליציע אין אַ מקום קדוש. און לאָזן לאָזט ער אוים מיט אַ „וכן לא יעשה" — אַזוי טוט מען נישט, און פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר מדרשים, מיט אַ פּסוק און מיט אַ מליצה פון דער מגילה: „וכדי בזיון וקצף". צעדערבוים, עליו השלום, איז דערויף געווען אַ מייס־טער!

פונדעסטוועגן האָט רודערמאַן נישט אויפגעגעבן זיין קאַנדידאַטור אויף לובענער רבנות. און אויך די איבעריקע קאַנדידאַטן האָבן געאַרבעט יעדער מיט זיין צד, און יעדער צד אויף זיינע כלים, און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן. נאָר שוין כמעט גאָר צו לעצט, אַ פּאָר טעג פאַר די „וויבאָרעס", איז ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן דער העלד פון דער דאָזי־קער ביאָגראַפיע מיט אַ בריוול פונעם פעטער פיניע צו זיינעם אַ מחותן, איינעם פון די פיינסטע בעלי־בתים אין לובען, מיטן נאָמען רב נחמן כהנא. דאָס איז געווען אַ זקן, אַ מיוחס און אַ נגיד. אַזאַ ייד פאַרנעמט אין שול דעם אויבנאָן. דער חזן וואַגט נישט גיין ווייטער, ביז רב נחמן שטייט נישט אוים שמונה־עשרה — עס מעג זיך ציען אייביק. אַז עס מאַכט זיך, רב נחמן פאַרשפּעטיקט זיך קומען אין שול אַריין (און דאָס טרעפט זיך מיט אים כמעט אַלע שבת), שיקט ער אַ שליח, מען זאָל אויף אים נישט וואַרטן. דער עולם פאַרשטייט אָבער דרך־ארץ, אַז ער מיינט מסתמא, אַז מען זאָל אויף אים יאָ וואַרטן מיטן דאַווענען. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען אַ ייד אַ צאַציקע, וואָס מען מעג זאָגן אויף אים „תורה וגדולה במקום אחד".

געטראָפן האָט אים דער יונגער קאַנדידאַט זיצן איבער אַ משניות. איבערגעלייענט דעם פעטער פיניעס בריוול, האָט דער אַלטער כהנא צורעכט געמאַכט די ברילן און גענומען באַטראַכטן דעם בחור פון קאָפּ ביז פיס. עס האָט אויסגעזען, אַז דער חברה־מאַן האָט מיט זיין קורץ וויטיקל נישט אַזוי שטאַרק נושא חן געווען ביי דעם שיינעם ייִדן. נאָר דער זכות פונעם פעטער פיניע איז אים ביי געשטאַנען און ער האָט אים געבעטן זיצן. צערעדט זיך מיטן גאַסט און דערזען, אַז דער בחור איז נישט קיין עם־הארץ אין די קליינע אותיות, נישט שטאַרק ווייט פון אַ פּרק משניות, און אַז ער רעדט, וואַרפט ער גאָר אַריין אַ לשון קודש

וואָרט, האָט זיך דער אַלטער צעשמייכלט און האָט אַ זאָג געגעבן, מען זאָל דערלאַנגען עפּעס פאַרבייסן. און עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ טעצל. אויפן טעצל איז געשטאַנען אַ שעלעכל, און אינעם שעלעכל איז געלעגן, איינס אַליין, ווי אַ יתומהלע, אַ צוקער־לעקעכל. און אינעם צוקער־לעקעכל האָט געשטעקט אַ ראָזשינקע.

— מאַכט מזונות! — רופט זיך אָן דער אַלטער גביר און צעפרעגט זיך בײַם יונגן קאַנדידאַט אויף דער שטאָט פּרעיאַסלאַוו, ווו ער איז געווען אַמאָל מיט אַ יאָר עטלעכע און זעכציק צוריק. דערמלט איז דאָס געווען אַ יידישע שטאָט — ווי האַלט עס דאָרט איצט מיט יידישקייט?

— עס האַלט זייער גוט! — ענטפערט אים דער גאַסט און זאָגט זיך אָפּ פונעם לעקעכל, נישט אַזוי איבערן „מזונות“, ווי איבער דעם, וואָס נאָכדעם וועט מען מסתמא הייסן אים מאַכן די „ברכה אחרונה“ — און ער האָט זי קיינמאָל נישט געקענט אויסנווייניק... פאַרן אַוועקגיין האָט אים דער אַלטער כהנא געבענטשט, ער זאָל מצליח זיין. און ער וועט, אם ירצה השם, געוויס מצליח זיין, וואָרעם ער, אַז ער בענטשט — אַזוי האָט אים דער אַלטער פאַרזיכערט — ווערט מקוים, וואָרעם ער איז אַ כהן...

דעם זעלבן טאָג איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז ס'איז צוגעקומען נאָך אַ קאַנדידאַט אויף אַ ראַבינער. גאָר גאָר אַ יונגער, אַ בחורל, נאָר אַ חברה־מאַן מיט אַלע מעלות. ערשטנס, אַ „מאַמעס אַ קינד“. רב נחמן כהנאס אַן אייגענער. היינט אַ בעל־תנך, און אַ כתבא רבה, און איז קלאָר אין ש"ס און פוסקים. און אַזוי ווי די פאַנטאַזיע האָט זיך שוין צעהיצט, האָבן אייניקע צוגעלייגט, אַז ער האָט סמיכות אויף רבנות, און אַז ער קאָן פּסקענען שאלות, און אַז ער וועט אייך פאַרשטעקן אין אַ גאַרטל דעם רב מיט נאָך הריי אַזעלכע, ווי דער רב.—הכלל, עפּעס טאַקע אַ פויגל פון פויגללאַנד! אַז ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, צווישן די לייטן, האָט מען אויף אים געטייטלט מיט די פינגער, און ער האָט געהערט הינטער זיינע פּלייצעס רעדן:

— אָט דאָס איז ער?

— ווער?

— דער נייער ראַבינער.

— אַזאַ צוציק?

— דער מאַמעס מילך נאָך נישט אויסגעטריקנט.

— און וואָסערע לאַנגע האָר ער טראָגט!

—לאַנגע האָר, קורצער שכל...

בונדעסטוועגן האָט ער געהאַט גענוג שכל אין איין טאָג אָפּשטאַטן אַ האַלבן טוץ וויזיטן צו די „פּני“, צו דעם סאַמע צימעס פון דער שטאָט — צו די באַכמוצקיס, צו די קאַניעווסקיס, צו די ראָגאַטשעווסקיס און צו די אַלע איבריקע פאָרשטייער פון דער לובאַנער בורזשואַזיע. און טאָמער איז קאַרג, איז ער דעם שבת וואָס פאַר די „וויבאָרעס“ געווען אין שול. האָט מען אים אַוועקגעזעצט אויבנאָן, גוט אָנגעקוקט זיך, אָפּגעשמועסט אים אַ פּאָר הונדערט שלום־עליכמס און אויפגערופן מפטיר.

דאָס איז געווען אַ מין עקזאַמען. און דער חברה־מאַן האָט אַוועקגעלייגט אַ הפטורה, איז דאָס שוין געווען איינמאָל אַ הפטורה! נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט אַנטקעגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי די „וויבאָרעס“. און אָפּגעטאָן האָט זיך אָט וואָס: דער זאַל פון דער „אופּראַווע“ איז געווען פול מיט יידן און מען האָט שוין באַדאַרפט צוטרעטן צו די וואַלן, קומט אַרויס דער יינגסטער פון די קאַנדידאַטן מיט אַ רעדעניש, און דווקא אויף רוסיש, אויסגעמישט מיט פסוקים פון תנ"ך און מיט אַ משל און מיט אַ מדרש, וואָס האָבן זיך געקלעפּט צום ענין, פונקט ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. נאָר די „דרשה“ האָט אַזוי אויסגענומען, אַז דער יונגער קאַנדידאַט איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר ראַבינער פונעם גאַנצן עולם גאָר אָן גאַלקעס. באַלד איז אַוועק אַ דעפּעשע אַהיים: „מזל־טוב, איזבראַן יעדינאָגלאַסנאָ“. און אַליין איז דער אויסדערוויילטער יונגער ראַבינער אַוועק צום אַלטן רב נחמן כהנא אָפּדאַנקען זיך. דער אַלטער איז באמת געווען גערירט, וואָס זיין פּראָטעקציע האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג. ער איז אַ בעלן געווען בעטן דעם ראַבינער, ער זאָל אים איבערדערציילן די דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרן עולם. האָט אים דער ראַבינער געענטפערט, אַז ער וואָלט דאָס אים מיט פאַרגעניגן איבערדערציילט, איז נישטאָ וואָס צו הערן.

—וואָס־זשע זאָגט מען, אַז דער עולם האָט געלעקט די פינגער?

— אויב אירט קיין פאַראיבל נישט האָבן, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה.

— מהיכא תיתי. אַבי עס האָט אַ שייכות אַהער. — האָט דער אַלטער כהנא זיך צוגערייט הערן, אָנגעטאָן די ברילן און דער ראַבינער האָט אָנגעהויבן בזה הלשון:

די מעשה, וואָס איך וועל אייך דערציילן, איז מיט, להבדיל, אַ גלח. אַ יונגער גלח, נאָר וואָס פון דער נאָדל אַראָפּ, איז געקומען צום מעטראָפּאָליט, ער זאָל אים בענטשן און זאָגן, וואָס ער האָט צו רעדן חגא פאַר די גויים אין קלויסטער. האָט אים דער מעטראָפּאָליט געבענטשט און געזאָגט, אַז ער זאָל די גויים דערציילן מופתים פון די הייליקע. למשל, דעם מופת פון די פערציק הייליקע, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט אין וואַלד דריי טעג מיט דריי נעכט, שיעור נישט אויסגעגאַנגען פון הונגער. האָט גאָט באַוויזן אַ מופת — זיי האָבן געפונען אַ ברויט. האָבן זיך אַלע פערציק הייליקע אַוועקגעזעצט עסן דאָס ברויט. האָבן זיי געגעסן, געגעסן און געגעסן — און ס'איז נאָך איבערגעבליבן אויף מאָרגן... אַז ס'איז געקומען חגא, האָט דער יונגער גלח אין קלויסטער פאַר די גויים איבערדערציילט דעם מופת, נאָר אַ ביסל אַנדערש. איינער אַ הייליקער האָט געבלאָנדזשעט אין וואַלד דריי טעג און נעכט, שיעור נישט אויסגעגאַנגען פון הונגער, האָט גאָט באַוויזן אַ מופת — ער האָט געפונען פערציק ברויט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט עסן, האָט ער געגעסן און געגעסן, געגעסן און געגעסן — און ס'איז נאָך געבליבן אויף מאָרגן... שפּעטער, אַז דער מעטראָפּאָליט האָט אים פאַרגעהאַלטן, ווי אַזוי מאַכט דאָס אַ גלח אַזאַ מיאוסן טעות? האָט אים דער יונגער גלח געענטפערט:

— פאַר אָט די גויים איז דאָס אויך אַ מופת...

דער אַלטער כהנא איז צעשמאָלצן געוואָרן פאַר געלעכטער. ער האָט זיך משמח געווען מיטן ראַבינער, געקליבן תענוג, טאַקע ווי אַן אייגענער. נישט לאַנג האָט עס אָבער געדויערט. עס איז אים גלייך פאַרשטערט געוואָרן די שמחה, ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען. דערווייל פאָרן מיר זיך דורך מיטן יונגן ראַבינער אין זיין געבורטשטאָט, אין פערעיאַסלאַוו.

פאַרגעשטעלט האָט זיך אונדזער העלד, אַז פערעיאַסלאַוו וועט גיין כאָדראָם מיט זיינע „וויבאָרעס“. אַ קלייניקייט — אַזאַ דערפאָלג, און אָט ביי די יאָרן! צום סוף — גאָרנישט מיט גאָרנישט. געפרייט האָט זיך גאָר די משפחה. און אויך נישט אינגאַנצן. די שמחה וועט ערשט זיין, אַז דער גובערנאַטאָר וועט די „וויבאָרעס“ באַשטעטיקן. דערווייל הענגט דאָס נאָך אין דער לופטן. מען דאַרף זיך דורכפאָרן אין דער גובערניע, קיין פּאָלטאַווע — כלאָפּאָטשען, שמירן... דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג אויף אָפּצוקילן די געהויבענע שטימונג. און טאָמער איז קאַרג, באַדאַרף זיך דער העלד באַגעגענען מיט חייטע רודערמאַן, דעם לובע-

נער ראַבינערס ייִנגערן ברודער. חייִמע גייט זיך אַזוי ברייטלעך, מיט די הענט אַרונטער, דאָס געלע אויבערדעקל אויף די אַקסלען און די אַרבל. נישט פֿילנדיק זיך אין קיין זאַך שולדיק, ציט אים אונדזער העלד אויס די האַנט. יענער ריכט זיך נישט מיט קיין האַנט, טרעט אָפּ אויף אַ זײַט און גייט דורך פֿאַרבײַ, ווי אַן אומבאַקאַנטער... „אַ ברודער פֿאַר אַ ברודער“ — טראַכט זיך דער באַליידיקטער, געפֿינט אַ זכות אויף זײַן חבר דעם באַליידיקער און לויפֿט אַוועק אויסגיסן זײַן האַרץ פֿאַר אַן אַנדערן חבר, פֿאַר אברהמל זאַלאַטושקינען. לאָזט זיך אויס, אַז זאַלאַטושקין, כאָטש ער איז מיט חייִמע רודערמאַן אויף מעסער שטעך, דאָך גיט ער גערעכט חייִמען און זאָגט דעם העלד אין די אויגן, אַז אַ רעכטער מענטש טאָר אים איצט די האַנט נישט געבן. איבער צוויי טעמים: ערשטנס — דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ ראַבינער, און אַ ראַבינער איז אַ צבֿועק, אַ היפּאָקריט, אַ טעלערלעקער בײַ די נגידים און אַ טשינאָווניק בײַ דער רעגירונג. און צווייטנס — אַן אָרנטלעכער מענטש גייט נישט צונעמען יענעמס פּרנסה, רײַסט נישט ווי אַ הונט בײַם אַנדערן דעם ביין פֿון די ציין...

קורץ, נאָך שאַרפֿע הבורים, אונדזער העלד פֿילט, אַז אין די ווערטער ליגט אַ שטיק אמת. און ער דערמאָנט זיך אַ בילד, ווי אַזוי ער האָט דעם טאָג פֿון די „ווײַבאָרעס“ באַגעגנט זיך מיטן לובענער עקס=ראַבינער שמעון רודערמאַן, ווי אַזוי יענער איז געוואָרן בלאַס, די אויגן צעשראָקן, גלײַך ווי זיי וואָלטן פֿרעגן: „וואָס האָסטו געהאַט צו מיר?“... אַזוי טראַגיש זעט אויס אַ הונט, וואָס איז פֿון אַנדערע הינט צעריסן און אַרויסגעיאָגט געוואָרן אויף אַלע פֿיר עקן פֿון דער וועלט. עס האָט אים פֿון דער באַגעגעניש פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. עס איז געווען אַזאַ מינוט, ווען ער איז גרייט געווען פֿאַלן דעם אומגליקלעכן שמעון רודערמאַן אויפֿן האַלדז, בעטן אים מחילה און אָפּטרעטן די שטאָט לובען מיט אירע שיינע בעלי=בתים און מיט דער קאַנדידאַטור אויף רבנות... דאָס וואָלט געווען מענטשלעך, שוין צו מענטשלעך... האָט עס אָבער מער נישט געדויערט ווי איין מינוט. באַלד איז אַרויס דער עגאָיסט, דער „איך“ — און דער „איך“ האָט גובר געווען...

מיט וואָס פֿאַר אַ האַרץ דער העלד איז אַוועק פֿון זײַן חבר זאַלאַטושקין — קאָן מען זיך משער זײַן. וואָס קאָן זײַן ערגער פֿון דעם, אַז איך ווייס, אַז יענער איז גערעכט און איך בין אומגערעכט?... בײַ טשעכאָוון איז פֿאַראַן דערויף דער ריכטיקער אויסדרוק: „ע ר ה אָ ט

זיך געפילט, ווי אײנער, וואָס האָט געגעסן זייף"... אײן זאַך נאָר האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטײן: פאַרוואָס מוז אַ ראַבינער זײן דווקא אַ היפּאָקריט, און דווקא אַ טעלערלעקער בײ די נגידים און אַ טשינאָווניק בײ דער רעגירונג?... און ער גיט זיך דאָס וואָרט, אַז ער וועט דאָס נישט זײן! אַז ער וועט זײן אַ ראַבינער נישט ווי אַלע... אַ מענטש איז דאָס, וואָס ער וויל זײן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיטן קאַפּיטל „די וויבאָרעס" ווערט איבערגעריסן אין רעכטן מיטן דאָס וווּנדערלעכע בוך פון שלום עליכמס לעבנס־געשיכטע, אין וועלכן ער האָט אַרײנגעגעבן די בעסטע קרעפטן זײנע אין די לעצטע יאָרן און האָט עס גערעכנט פאַר זײן „שיר השירים" — דער געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. ווי עס שײנט, איז דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געשריבן געוואָרן שוין אין די לעצטע טעג פון זײן לעבן.

נאָכזוכנדיק אין די איבערגעבליבענע שריפטן פון שלום־עליכם אַלצדינג, וואָס האָט אַ וועלכע עס איז שײכות מיטן בוך „פונעם יאַריד", האָט זײן פאַמיליע כמעט קײן גענצלעך באַאַרבעטע קאַפּיטלעך פון דער אויטאָביאָגראַפיע נישט געפונען, אויסער אַ קורצע לעבנס־באַשרײבונג פון שלום־עליכם, געשריבן מיט יאָרן צוריק פון אים אַלײן אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו אַ פרײנד. און אויסער אַ קלײנער הקדמה צום בוך „פונעם יאַריד", אין וועלכער דער פאַרפאַסער דערציילט, ווי אַזוי ער איז געקומען צום געדאַנק צו שרײבן זײן לעבנס־געשיכטע. אַנשטאָט דעם האָט מען געפונען נישט קײן באַאַרבעטע אויטאָביאָגראַפישע מאַטעריאַלן און רשימות, וואָס האָבן געזאָלט דינען בײם מײַסטער אין די הענט אַלס לײם און ציגל פאַר אַ גרויסן פּראַכטפולן בנין — פאַר אַ קאָלאָסאַלן בוך, וואָס האָט אפשר געקענט דערגרײכן ביז צען בענדער, וועלכע וואָלטן אַרומגענומען, צוזאַמען מיטן פערזענלעכן לעבן פונעם דיכטער, אַ גאַנצע עפּאָכע פונעם ייִדישן לעבן אין אײראָפּע און אַמעריקע.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט אָבער קײן מזל נישט געהאַט — און דער דאָזיקער גרויס־געפּלאַנטער בנין וועט אַזוי בלײבן דערפירט נאָר ביז זײן דריטן שטאָק און וועט אַזוי בלײבן שטײן אין אונדזער אָרעמער גאַס נישט קײן געענדיקטער, אָן אַ דאַך. דער מײַסטער איז אין רעכטן מיטן פון זײן אַרבעט אַוועקגערופן געוואָרן.

איניקע מיטגלידער פון שלום=עליכמס פאמיליע האָפן דאָך די ביאָגראַפיע פון דעם פאָלקס=דיכטער — אויב נישט אין דער זעלטענער דיכטערישער פאָרם, צו וועלכער נאָר ער אַליין איז געווען באַרופן, איז כאָטש אין דעם א מ ת ן ל י כ ט פון די ווירקליכע פאַקטן און לעבנס=פאַסירונגען — דערפירן ביזן סוף. צו דעם האָזיקן צוועק וועלן אויסגענוצט ווערן אַלע די מאַטעריאַלן און רשימות, וואָס שלום=עליכם האָט געזאַמלט פאַר זיין לעבן און האָט זיי איבער=געלאָזט אין גרויסער אַרדענונג צווישן זיין ליטעראַרישער ירושה.

באַמערקונגען פון

י. ד. בערקאָוויטש

# צו מײן ביאגראפיע

(געשריבן אין יאָר 1903 צו מײן אינטימסטן פרײנט י. ח. ראַווניצקי)

# צו מיין ביאָגראַפיע

ליבסטער חבר, טייערסטער פריינט ראַווניצקי!

איר ווילט, איך זאָל אייך געבן כאָטש אַ ביסל רשימות צו מיין ביאָגראַפיע? איך האָב זייער מורא, צי איז בכלל נישט קיין איבעריקע זאַך די ביאָגראַפיע מיינע? אפשר איז נאָך אַ ביסל צו פרי? דאָס איז נומער איינס. והשנית, האָב איך חשק אַליין אָנשרייבן די געשיכטע פון מיין לעבן — אַ גאַנצן ספר*. און דריטנס, בין איך איצט, לא עליכם, שטאַרק פאַרטאָן אין עסק. טאַקע אין ליטעראַטור. זינט איך שרייב בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו, אַזוי פרוכטבאַר, ווי אַצינד. צי גוט, צי שלעכט — נאָר סע שרייבט זיך אַ סך. און איר ווייסט דאָך, ווי אַזוי איך בין מסוגל צו שרייבן — אפילו אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל און אויף אַ שאַרף פון אַ שווערד!... אַ חסרון — די צייט איז נישט גוט, און ביי אונדזער פאָלק אינדרויסן איז כמורנע, גלוסט זיך נישט לאַכן, און אַז סע לאַכט זיך — לאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס... הייַנט דאָס איבערשרייבן זיך מיט אונדזערע גדולים, די יידן און, להבדיל, די גוים — נעמט צו ביי מיר אַ גוזמא צייט. און דאָך האָב איך זיך אָפּגעריסן פון אייערטוועגן אַ גאַנצע שעה (רוצח!), און נאָט אייך נאָך אַ ביסל רשימות. אפשר וועלן זיי אייך צונוץ קומען ביי אייער אַרבעט? און גאָט לאָז אייך זיין צו הילף!

אייער איבערגעגעבנסטער חבר

שלום-עליכם

...אין אַ קליין שטעטל וואָרנאַקאַ ווי אַ טל-ומטר די גרויס, נישט ווייט פון דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו (וווּ איך בין אין יאָר 1859 געבוירן) — דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע גילדענע יאָרן, מיינע ערשטע גוטע נאַרישע קינדערישע יאָרן. אין דעם דאָזיקן קליינעם וואָראָנקאַ איז מיין טאַטער געווען דער מיוחס, דער גביר, דער גבאי ראשון פון אַלע חברות — „רב נחום וועוויקס“! און מיר, רב נחום וועוויקס קינדער — אויך נישט קיין קליניקייט! אַלע שבת-צו-נאַכטס איז געווען ביי אונדז אַ מלוה-מלכה פאַר דעם גאַנצן שטעטל;

---

* דעם ספר האָב איך טאַקע אָנגעהויבן נאָכדעם צו שרייבן אין איטאַליע מיטן נאָמען „שלום-עליכמס ביאָגראַפיע, פון אים אַליין געשריבן“.

אָנגעמערקט (פון שלום-עליכם) אין 1913.

אַלע יום=טוב איז מען געקומען צו אונדז אויף קידוש; אַלע נייעס האָט מען געבראַכט צו אונדז און אַרויסגעטראָגן פון אונדז; אַ גלעזל ווײַן האָט מען געטרונקען בײַ אונדז; פונעם רבין האָט מען גערעדט בײַ אונדז, פון פּאָליטיק — בײַ אונדז, אַלצדינג — בײַ אונדז. און אונדז, נחום וועוויקס קינדער, האָט מען געהאַלטן חשוב, געפירט בדרך=הישר, אָפּגעגעבן צום בעסטן מלמד, צו רב זרחן און פרום זענען מיר געווען באמת.

איך געדענק נאָך אַצינד דעם זיסן טעם פון די טרערן, וואָס מיר האָבן פאַרגאָסן פון אונדזער רבינס מוסר. אַלע טאָג פלעגט אונדז דער רבי רב זרח זאָגן אַ ביסל מוסר און מיר פלעגן זיך נאָכדעם, בײַם דאַווענען, שלאָגן „אשמנו“ אויף אונדזערע גרויסע זינד, וואָרעם אינאיינעם מיטן פרומקייט זענען מיר געווען אויך גרויסע=גרויסע בעל=עבירות: ליגנערס, נאַשערס, נישט געפּאָלגט דעם טאַטן, געהיפּט אינעם דאַווענען, געגנבעט געלט פון דער צדקה=פּושקע (זע „דאָס מעסערל“). הײַנט הרהורים, מחשבות זרות, געדאַנקען!... איינער איז געווען צווישן אונדז אַ חבר, אַן עלטערער, אלי האָט ער געהייסן, אלי קײליס, אַ יינגל אַ חתן — האָט ער אונדז דערציילט מעשׂיות, געוועקט בײַ אונדז דעם יצר=הרע, פאַרדאָרבן, געמאַכט אונדז פאַר גרויסע... און נאָכדעם האָט דער רבי געזאָגט מוסר, און מיר האָבן געוויינט, געגאָסן מיט טרערן און גערדאַוונט ערלעך, נישט געהיפּט, געשלאָגן זיך „אָשמנו“ און געוויינט, געוויינט און תשובה געטאָן.

די פאַנטאַזיע איז בײַ מיר געווען פון קינדווייז=אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הײַזער האָבן בײַ מיר אויסגעזען ווי שטעט, הויפן — מדינות, ביימער — מענטשן, מיידלעך — בת=מלכּהס, רײַכע יונגעלײַט — פּרינצן, גראָז — חיל, שטעבלקעס און קראָפּיווע — פּלשתּים, אדום און מואָב, און איך פלעג גיין אויף זיי מיט מלחמה (זע „גרינס אויף שבועות“).

אויפכאַפּן דאָס לעבעדיקע פון יעדער זאַך און פון יעדן מענטשן — דאָס איז געווען בײַ מיר כּמעט אַ חולאת. איך פלעג, נישט ווילנדיק, נאָכמאַכן איטלעכן באַזונדער. פונעם רבין רב זרח מיט זרחלעכן מיט אַלע חברים מיט זייערע טאַטע=מאַמע ביז ברוך דעם שכּור און, להבדיל, אַניסקאַ דעם סטרוזש מיט די אויסגעדרייטע פיס — און פאַר אָט דעם נאָכמאַכן האָב איך געכאַפּט פעטש, ווי האָלץ. אין חדר בין איך געווען די „פאַרשלעפּטע קרענק“ (דער קאָמיקער). אַלע פלעגן לאַכן, ביזן טויט לאַכן, אַ חוץ מיר. נאָר אין דער היים האָט די מאַמע באַמערקט מײַנע שטיק און פון דעמלט אָן האָט זי גענומען אויסקאָרעניען אין מיר די דאָזיקע תּנועות.

נאָך איינער איז געווען מיט מיר אַ גלײַכער אויף מאַכן אָנשטעלן, זיך פאַרשטעלן, „שפּילן“, „זיך גרימירן“ און בשעת מעשׂה זינגען שיינע, וווּנדער=שיינע לידער. דאָס איז געווען מאירל דעם רבס, אָדער מאירל מעדוועדיעוו, דער געוויסער נאָכדעם באַרימטער אַרטיסט מ ע ד װ ע ד י ע װ. די קונץ פון „שפּילן“ איז געווען אַנטפּלעקט פאַר אים נאָך דעמלט, ווען ער איז

געגאַנגען באָרוועס און געזונגען דאָס שענסטע ליד פֿאַר אַ גראָשן אָדער פֿאַר אַ האַלבן עפּל*.

מיר ביידע, איך און מאירל מעדוועדיעוו, האָבן געשפּילט דעם „גזלן" — אַ טעאַטער־שטיק פֿון אונדזער אייגענער פֿאַנטאַזיע. מעדוועדיעוו איז געווען דער גזלן, איך בין געווען דער ייִד, דער אָרעמאַן און די איבריקע חברים זענען שוין געווען דער וואַלד (די ביימער פֿונעם וואַלד — סטאַטיסטן). איך, דער ייִד דער אָרעמאַן, בין געשטאַנען פֿאַר אים, פֿאַרן גזלן, אויף די קני, געטענהט: „וואָס האָסטו צו מיר? איך בין אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַן אביון! האָב רחמנות אויף מײַן ווײַב און קינדער!"... און ער, דער גזלן (מעדוועדיעוו), מיט אַ קאַלאַדאַטש־מעסער אין האַנט, האָט געזונגען זייער אַ שיין לידל: אַז ער מוז, מוז אויסקוילן אַלע ייִדן!...

ווי ווײַט פֿאַרדאָרבן און שלעכט דערצויגן מיר זענען נישט געווען, איז דער געפֿיל פֿון צער בעלי־חיים געווען בײַ מיר אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פֿערד האָט מיך געקרענקט (זע „מתושלח"), אַ הונט מיט אַן איבערגעבראָכענעם פֿוס האָט אַרויסגערופֿן בײַ מיר טרערן (זע „ראַבטשיק"). און אפֿילו אַ קאַץ, וואָס איז גאָר אַ טמא, אַ שרץ, איז בײַ מיר געווען טייער און ליב. און פֿון קראַנקע אָרעמע קינדער שמועסט מען נישט (זע „באַשעפֿעניש").

דער חשק פֿון שרײַבן — מערקווירדיק! — האָט זיך גענומען בײַ מיר פֿון דעם רבין רב זרחס זעלטן שיין הענטל. פֿאַר אַ שיינעם „כתב" האָט אונדז דער טאַטע געשענקט אַ גראָשן (דער ערשטער „האָנאָראַר"), און צוליב דעם שיינעם כתב האָב איך זיך אויפֿגענייט אַ ביכל און האָב שוין אָנגעשריבן („פֿאַרפֿאַסט") אַ גאַנצן חיבור אויף תנ"ך און אויף דקדוק, און אַז איך האָב דאָס באַוויזן דעם טאַטן, איז ער נתפּעל געוואָרן פֿון מײַן „ווערק" און האָט דאָס לאַנג־לאַנג אַרומגעטראָגן בײַ זיך אין קעשענע, באַוויזן איטלעכן באַזונדער, ווי שיין זײַן זון שרײַבט (אַלט האָב איך באַדאַרפֿט זײַן דעמאָלט אַ יאָר צען), ווי קלאָר ער איז אין תנ"ך און ווי גוט ער קען דקדוק. דערויף האָט געזאָגט אונדזער שכן, אַ ייִד אַ חסיד מיט אַ צאַפּן־בערדל, רב אײַזיק, וואָס פֿלעגט קוויטשען בשעת דאַווענען, ווי אַ קעצל: „דקדוק — שמינדיק — בינדיק בלע"ז! דער עיקר איז בײַ מיר דאָס הענטל! אַ גילדן הענטל!"... (די ערשטע קריטיק).

געצויגן האָט מיך אַלץ אַהין, אין יענע עולמות פֿון רוחניות, פֿון חלומות, פֿון נגינה (זע „יוסעלע סאָלאָוויי"), פֿון שפּילן (זע „סטעמפּעניו"), און

---

* איך געדענק אַ לידל מיט דער מעלאָדיע:
„גיי איך אַרויס אין דער ווילנער גאַס,
הער איך אַ קול מיט אַ גרויס געשריי:
אוי־וויי! —
מען שרײַט אַזוי..."

איך האָב אַליין נאָך דעם בר=מצווה בגנבה זיך צוגעכאַפּט צום פידל — און איך האָב געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פון מיין טאַטן (זע „אויפן פידל“).

פאַרעאַרעמט געוואָרן, זענען מיר איבערגעפאָרן פון וואראַנקאַ צוריק קיין פּערעיאַסלאַוו. דאָרט האָט מען אונדז אויפגענייט די ערשטע מאָדנע קאַפּאָטקעלעך, מיט אַ שפּאַלט פון הינטן. און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן (פון דער כאָליערע), האָט אונדז דער טאַטע אָפּגעגעבן אין דער „שקאָלע“, און איך האָב מיך אויסגעפייַנט צווישן אַלע קינדער, באַוויזן אַ סך בריהשאַפט און נאָך דעם ערשטן ביכל, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געליייענט צו פופצן יאָר, „ר אָ ב י נ ז אָ ן ק ר ו ז אָ“, האָב איך תיכף ומיד געמאַכט אַן אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזאָ“, מיטן נאָמען: „דער יידישער ראָבינזאָן קרוזאָ“, באַוויזן דעם טאַטן און דער טאַטע האָט באַוויזן די אורחים (ביי אונדז איז געווען אַן אכסניה), און אַלע זענען אַרויס פון די כלים!

פון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַן אבן=טוב, מיך אַרויסגענומען פון דער שטיף=מאַמעס רשות, נישט געלאָזט, מען זאָל מיך שלאָגן, נישט געלאָזט מיך וויגן אירע קליינע קינדער, נישט געגעבן מיר האַקן ראָזשינקעס, ווי פריער (ביי אונדז איז געווען אויך אַ ווייַנקעלער מיטן נאָמען „יוזשני בערעג“), און פאַרווערט מיר פוצן פאַר די אורחים די שטיוול, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, לויפן אַ גאַנג, וכדומה אַזעלכע מלאכות, וואָס איך פלעג זיי טאָן ביז יענער צייט.

אין דער עפּאָכע וואָס פון זיבעצן יאָר ביז איין און צוואַנציק יאָר, ביז איך האָב גענומען שטודירן, געוואָלט זיין אַ ראַבינער, האָב איך אַ סך, אַ סך געלייענט, גאָר נאָך מער געשריבן. און געשריבן האָב איך אַלץ, וואָס איך האָב געלייענט: לידער, פּאָעמען, ראָמאַנען, דראַמען אָן אַ שיעור און גלאַט „מאמרים“ אין דער וועלט אַריין! מיינע „ווערק“ האָב איך געשיקט אין אַלע יידישע און גוייִשע רעדאַקציעס (איך האָב געשריבן אין לשון קודש און אין רוסיש), און די רעדאַקציעס האָבן, ברוך השם, געהאַט מיט וואָס צו הייצן די הרובעס... נאָר איין „המליץ“ האָט אָפּגעדרוקט אַ צוויי=דריי פון מיינע „מאמרים“ מיט אַ הערה פון דער רעדאַקציע מיט קליינטשיקע אותיותלעך: „ש פ ת ך א ת ך“ (דיין שפּראַך איז מיט דיר). ש ל ח ד ב ר י ך ו כ ב ד נ ו ם (שיק דיינע רייד, וועלן מיר זיי פאַרצוקערן)“.... און איך האָב אָנגעהויבן שרייבן לשון=קודשדיקע „מאמרים“ אויפן פוד, גאַנצע וואַגאָנעס מיט „מאמרים“, נאָר מען האָט זיי נישט געוואָלט „פאַרצוקערן“, איך ווייס נישט פאַרוואָס!...

ב ע ת ה ה י ה — אין יענער צייט (1883) האָט זיך באַוויזן אַ יידישע צייטונג, די ערשטע יידישע צייטונג אין זשאַרגאָן („פאָלקסבלאַט“ פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים), און אַזוי ווי די גוים האָבן מיינע „ראָמאַנען“ און מיינע „דראַמען“ נישט געוואָלט דרוקן, און די לשון קודשדיקע „מאמרים“ זענען אויך געלעגן נישט „פאַרצוקערטערהייט“, האָב איך געפּרוווט, אויף אַ טשעקאַוועס, אָנצושרייבן עפּעס אַ זאַך פּראָסט אויף דעם לשון, וואָס מען רעדט, אויף דעם לשון פון מענדעלע מוכר ספרים, וואָס איז דעמלט געקומען מיר אין האַנט — און שטעלט איך פאָר, אַז מען האָט דאָס אויפגעכאַפּט אין „פאָלקסבלאַט“ און דער

רעדאַקטאָר אַליין, צעדערבוים, האָט מיט זיין האַנט אָנגעשריבן מיר אַ בריוו און געבעטן (איר הערט? — ג ע ב ע ט ן!), איך זאָל שרייבן נאָך. און פון יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן געבן פעליעטאָנען אין „פאָלקסבלאַט“, און וואָס מער איך האָב געגעבן, אַזוי מער האָט מען מיר געשריבן, איך זאָל שיקן נאָך. און צו דעם האָט זיך אונטערגעכאַפט מרדכי ספּעקטאָר, אַלס מיטאַרבעטער אין „פאָלקסבלאַט“: ער האָט מיך נישט אויפגעהערט צו וואַרעמען, איך זאָל שרייבן — עד היום הזה. דאָס איז אָבער ביי מיר געווען אין יענער צייט נישט מער ווי אַ שפּילעכל, ביז עס האָט זיך געטראָפן אַ מעשה מיט אַ „מעסערל“, וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין מיין אַרט שרייבן און אויך אינעם גאַנצן לעבן ביי מיר.

יענע צייט איז געווען ביי מיר אַ צייט פון מסחר, פון געלט, פון בערזע, פון פּאַפּירן, וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען נישט שייך צו ליטעראַטור. איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט, ווי מען זאָגט, אין די פּעדערן, אין די גרויסע שווערע טויזנטער, און וואָלט אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג, ווי זיי רופן עס — דעם א מ ת ן וועג... געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַריין, אין קיעוו, וועגן פאַרשיידענע גרויסע עסקים, און אָנגעמידט זיך פונעם טאָג, האָב איך מיך געלייגט שלאָפן און האָב נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. בין איך אויפגעשטאַנען, זיך געזעצט צום שרייבטיש און אָנגעשריבן — נישט אָנגעשריבן, נאָר אויסגעגאָסן אַ זאַך, אַן ערינערונג פון מיינע חדר־יאָרן, און האָב דאָס אַ נאָמען געגעבן „דאָס מעסערל“, און האָב דאָס אַוועקגעשיקט אין דער רעדאַקציע — און פאַרגעסן.

ויהי היום, איך לייען דעם „וואָסכאָד“, טרעף איך אַן איבערבליק איבער ליטעראַטור פון „קריטיקוס“ (דובנאָוו) — איבער פאַרשיידענע שמאַטעס, ובתוכם מיין „מעסערל“. מיט אַ שרעקלעך האַרצקלאַפּעניש האָב איך איבערגעלייענט די עטלעכע וואַרעמע שורות פון דעם „קריטיקוס“, וואָס לויבט דאָס „מעסערל“ מיינס און זאָגט נביאות, אַז דער יונגער מחבר פונעם „מעסערל“ ווייזט אַרויס אַ טאַלאַנט און ער וועט נאָך אַמאָל געבן גוטע זאַכן פאַר אונדזער אָרעמער יידישער זשאַרגאָן־ליטעראַטור.

מיט טרערן פון פרייד און דאַנקבאַרקייט האָב איך איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל די דאָזיקע ווערטער פונעם ליבהאַרציקן „קריטיקוס“ און האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט, איך זאָל שרייבן אין דער אַרט נאָך און נאָך — און פון דעמלט אָן ביזן היינטיקן טאָג שטייען מיר פאַר מיינע אויגן די עטלעכע וואַרעמע גוטע געטרייע ווערטער און איטלעכס מאָל, ווען איך שרייב אַ נייע זאַך, פאַרגעס איך נישט פרעגן ביי זיך אַליין: וואָס וועט זאָגן דערויף „קריטיקוס“?... פון דעמלט אָן האָב איך דאָס געלט פאַרלוירן, נאָר מוט איז מיר געבליבן, און איך האַלט שטאַרק־שטאַרק די פּען אין האַנט! צי דאַרף איך אים זאָגן אַ דאַנק, דעם דאָזיקן קריטיקוס (דובנאָוו), צי חלילה פאַרקערט?... דערויף בין איך נישט קיין בעל־הבית. איך בין פאַרקראָכן מיט מיין חולאת (שרייבעריי) אַזוי ווייט, אַז איך הייב שוין אָן געהערן נישט צו זיך און נישט צו מיין הויזגעזינד, נאָר מער צו אונדזער ליטעראַטור און צו יענעם גרויסן געזינדל, וואָס הייסט פּובליקום...

קיעוו, חול־המועד סוכות, תרס״ד.

# די צוואה פון שלום־עליכם

איך בעט עפענען און פאַרעפנטלעכן אינעם טאָג פון מיין טויט

שלום=עליכם

י"א תשרי, התרע"ו. 19 סעפּט. 1915, ניו=יאָרק.

היינטיקן טאָג, מחרת יום=הכפורים, עס האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן אַ ניי=יאָר און אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן מיין פאַמיליע — געשטאָרבן מיין עלטערער זון מישאַ (מיכאַאיל) ראַבינאָוויטש און אַוועקגעטראָגן מיט זיך אין קבר אַ שטיק פון מיין לעבן, איז געבליבן ביי מיר, איך זאָל איבערשרייבן אויפּאַסניי מיין צוואה, וועלכע איך האָב געהאַט געשריבן אינעם יאָר 1908, ביי מיין קראַנק זיין, אין נערווי (איטאַליע).

זייענדיק געזונט און אין פולן פאַרשטאַנד, שרייב איך מיין צוואה, וואָס באַשטייט פון צען פונקטן:

א) ווו איך זאָל נישט שטאַרבן, זאָל מען מיך נישט באַהאַלטן צווישן אַריסטאָקראַטן, מיוחסים אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן אַרבעטער, מיטן אמתן פאָלק, אַזוי אַז די מצבה, וואָס מען וועט דערנאָך אַוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאָל באַשיינען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלן באַפּוצן מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט פאַר מיין לעבן באַשיינט זייער פאָלקס=שרייבער.

ב) קיין שום טיטולן מיט לויבענישן מיט מורי=מורינוס זאָל אויף מיין מצבה נישט זיין, אויסער דער נאָמען „שלום=עליכם" פון איין זייט און אויסער דעם יידישן אויפשריפט, וואָס ביי געלייגט, פון דער אַנדערער זייט.

ג) קיין שום דעבאַטן און דיסקוסיעס פון מיינע קאָלעגן וועגן פאַראייביקן מיין נאָמען, וועגן אויפשטעלן מיר אַ מאָנומענט אין ניו=יאָרק א. ד. ג. זאָל נישט זיין: איכל נישט קאָנען איינליגן רואיק אין קבר, אַז מיינע חברים וועלן זיך נאַריש מאַכן. דער בעסטער מאָנומענט וועט זיין פאַר מיר, אַז מען וועט לייענען מיינע ווערק און אַז עס וועלן זיך געפינען אין די פאַרמעגלעכע קלאַסן פון אונדזער פאָלק מעצענאַטן, וואָס וועלן זיך נעמען אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן מיינע ווערק, הן אין יידיש, הן אין אַנדערע שפּראַכן, און דערמיט געבן דעם פאָלק די מעגלעכקייט צו לייענען און מיין פאַמיליע — אַ בכבודיקע עקזיסטענץ. אויב איך האָב נישט זוכה געווען, אָדער נישט פאַרדינט קיין מעצענאַטן ביי מיין לעבן, וועל איך זיי אפשר זוכה זיין נאָכן טויט. איך גיי אַוועק פון דער וועלט מיטן פולן גלויבן, אַז דאָס פאָלק וועט נישט פאַרלאָזן מיינע יתומים.

ד) אויף מיין קבר און דערנאָך דאָס גאַנצע יאָר, און שפּעטער, אַלע מאָל צום יאָרצייט זאָל מיין איבערגעבליבענער איינציקער זון, ווי אויך מיינע איידעמס, אויב זיי וועלן וועלן, זאָגן נאָך מיר קדיש. און אויב זיי וועלן קיין חשק נישט האָבן, אָדער די צייט וועט זיי נישט דערלויבן, אָדער ס'וועט זיין קעגן זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, קאָנען זיי יוצא זיין נאָר דערמיט, וואָס זיי וועלן זיך צונויפקלייבן אַלע מיט די טעכטער מיינע און מיט די אייניקלעך און מיט גלאַט גוטע פריינד, און פאָרלייענען די דאָזיקע צוואה מיינע, און אויך אויסקלייבן אַ מעשה פון מיינע מעשהלעך, פון די סאַמע פריילעכע, און פאָרלייענען עס אין וואָסער שפּראַך ס'וועט זיין פאַר זיי מער פאַרשטענדלעך, און לאָז מיין נאָמען דערמאָנט ווערן פון זיי בעסער מיט אַ געלעכטער, איידער גאָרנישט דערמאָנט ווערן.

ה) רעליגיעזע איבערצייגונגען קאָנען מיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן וואָסערע זיי ווילן. נאָר זייער יידישע אָפּשטאַמונג בעט איך, זיי זאָלן היטן. די יעניקע פון מיינע קינדער, וואָס וועלן זיך אָפּוואַרפן פון זייער שטאַם און וועלן אַריבער אין אַן אַנדער גלויבן, האָבן זיך שוין דערמיט אַליין אָפּגעוואָרפן פון זייער שטאַם און פון זייער פאַמיליע און אַליין אויסגעמעקט זיך פון מיין צוואה — ואין להם חלק ונחלה בתוך אחיהם.

ו) אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, סיי אין מזומן — אויב דאָס מין וועט זיך געפינען אין מיין באַזיץ — סיי אין ביכער, געדרוקטע און אין מאַנוסקריפּט, סיי אין יידיש, סיי אין אַנדערע שפּראַכן (אויסער די, וואָס זענען איבערגעזעצט אין העברעיש), געהער צו מיין פרוי האָדל בת אלימלך, אָדער אָלגאַ ראַבינאָוויטש, און נאָך איר טויט גייט עס אַריבער צו מיינע קינדער גלייך אויף גלייך: צו מיין טאָכטער חיה אסתר (ערנעסטינאַ) בערקאָוויטש, צו מיין טאָכטער שרה (ליאַליאַ) קויפמאַן, צו מיין טאָכטער נעמי (עמאַ) ראַבינאָוויטש, צו מיין טאָכטער מרים (מאַרוסיאַ) ראַבינאָוויטש און צו מיין זון נחום (נומאַ) ראַבינאָוויטש. און וואָס אַנבעלאַנגט מיינע ווערק אין העברעיש געהערן זיי צום מיטערהאַפטן איבערזעצער, מיין שוויגער־זון י. ד. בערקאָוויטש, און צו זיין טאָכטער, מיין אייניקל תמר (תמרה) בערקאָוויטש — דאָס זאָל זיין איר נדן. — די טאַנטיעמען, וואָס וועלן אַריינפאַלן פאַר מיינע פיעסן, הן אין רוסלאַנד והן אין אַמעריקע, זאָל האַלב גיין צו מיינע יורשים און האַלב זאָל אָפּגעלייגט ווערן אויפן נאָמען פון מיין אייניקל בעלאַ, די טאָכטער פון מיכאַיל און שרה קויפמאַן — דאָס זאָל זיין איר נדן.

ז) פון אַלע הכנסות, וואָס זענען אויסגערעכנט אין פריערדיקן פּאַראַגראַף, זאָל אַרונטערגענומען ווערן פאַרן פאָנד פאַר יידישע שרייבערס (אין יידיש און אין העברעיש) ביז פינף טויזנט רובל אַ יאָר — פינף פּראָצענט, און אויב די הכנסה וועט זיין מער פון 5.000 רובל אַ יאָר, איז צען פּראָצענט (צום ב"ש: פון 6.000 רוב. 600, פון 7.000—700, פון 8.000 רוב. 800 רוב. א.א.וו.). אויב אין יענער צייט וועט זיין אַזאַ פאָנד, דאָ אין אַמעריקע, אָדער דאָרט אין אייראָפּע, זאָלן די פּראָצענטן אַלע יאָר איינגעצאָלט ווערן אין פאָנד אַריין, און דער פאָנד וועט מאַן לויט זיינע סטאַטוטן. בעת אָבער עס וועט ביז דאַן קיין אָפיציעלער פאָנד נישט זיין, אָדער עס וועט זיין אַזאַ פאָנד, וואָס אַנטשפּרעכט נישט מיין

ווילן, וואָס איז אויסגערעדט אין אָנהייב פונעם דאָזיקן פּאַראַגראַף, זאָלן די פּראָצענטן צעטיילט ווערן נויטבאַדערפטיקע שריפטשטעלער פון מײַנע יורשים דירעקט, לויט פאַראייניקונג צווישן זיך.

ח) אויב איך וועל נישט באַוויזן פאַר מײַן לעבן אַליין אויפֿצושטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון מײַן נאָר=וואָס פאַרשטאָרבענעם זון מיכאל (מישאַ) ראַבינאָוויטש אין קאָפּענהאַגען, זאָלן דאָס טאָן מײַנע יורשים ביד רחבה, און אינעם טאָג פון זײַן יאָרצײַט זאָל אַלע יאָר געזאָגט ווערן קדיש און צעטיילט ווערן ח"י קרוין צדקה לעניים.

ט) מײַן ווונטש איז, אַז מײַנע יורשים זאָלן זיך אײַנאָרדענען אַזוי, אַז מײַנע ווערק און מײַנע פּיעסן זאָלן לצמיתות נישט פאַרקויפט ווערן, נישט דאָ אין אַמעריקע, נישט אין אייראָפּע, נאָר זיי זאָלן באַוויזן צו לעבן פון זייער אײַנקונפט אַלע יאָרן, וואָס עס געהער צו זיי לויטן געזעץ פונעם לאַנד. סיידן עס וועט קומען אַזאַ צײַט, אָדער עס וועט זיך געפינען אַזאַ שוטה וואָס וועט אָפּצאָלן פאַרן זכות אַזאַ סומע, וועלכע זאָל קאָנען זײַן גענוג אויף אויסצוהאַלטן אַ משפּחה. דאַן זאָלן זיך אַלע יורשים צווישן זיך פאַרשטענדיקן, און אויב די מערהייט וועט צושטימען, זאָל מען זיך מיט די מזומנים צעטיילן חלק כחלק לויטן פּאַראַגראַף ו' און קודם כל זאָלן די 10% אַראָפּגענומען ווערן פאַרן יידישן ליטעראַטור=פאָנד לויטן פּאַראַגראַף ז'.

י) מײַן לעצטער ווונטש צו מײַנע נאָכפאָלגער און מײַן בקשה צו מײַנע קינדער: אָפּהיטן די מאַמע, באַשײַנען איר עלטער, פאַרזיסן איר ביטער לעבן, היילן איר געבראָכן האַרץ, נאָך מיר נישט וויינען, נאָר אדרבא דערמאָנען מיך מיט פרייד, און דער עיקר — צווישן זיך לעבן אין פרידן, נישט טראָגן קיין שנאה איינס אויף דאָס אַנדערע, אויסהעלפן זיך איינער דעם צווייטן אין אַ שלעכטער צײַט, דערמאָנען זיך אַמאָל אין דער משפּחה, רחמנות האָבן גלאַט אויף אַן אָרעמאַן, און ביי גוטע אומשטענדן צאָלן מײַנע חובות, אויב אַזעלכע וועלן זײַן. קינדער! טראָגט מיט ערע מײַן פאַרהאָרעוועטן יידישן נאָמען, און דער גאָט וואָס אין הימל זאָל אײַך זײַן צו הילף. אמן.

שלום בן מנחם נחום ראַבינאָוויטש

שלום=עליכם

# די עפּיטאפּיע פון שלום=עליכם

(געשריבן פון אים אַליין און אויסגעקריצט אויף זיין מצבה)

דאָ ליגט אַ איד אַ פּשוט'ער
געשריבן אידיש-טייטש פאַר ווייבער
און פאַר'ן פּראָסטן פאָלק האָט ער —
געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כּפּרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
און ער — אוי, וויי — געווען אויף צרות!

און דווקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקוויטשעט, און פלעגט זיך פרייען,
האָט ער געקרענקט — דאָס ווייסט נאָר גאָט —
בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זעהן.

שלום-עליכם

# אינהאַלט



## ערשטער טייל

## צווייטער טייל



## דריטער טייל

זייט